# וול. סט. ריימאנט

# פויערן

עפּאָפּיי אין פיר בענדער איבער־
זעצט מיט דער דערלויבעניש פון
מחבר: שלמה ראָזענבערג.

פאַרלאַג „אָריענט"

# וול. סט. ריימאנט

# פ ו י ע ר ן

צווייטער באַנד

## ו ו י נ ט ע ר

יידיש: שלמה ראָזענבערג

ו אַ ר ש ע, אָ ג ר אָ ד אָ ו ע 27.

הילע געצייכנט: י. טיקאָטשינסקי

געזעצט: פֿ. קרימער, פולאַוו

געדרוקט: אין דרוקעריי „רעקאָרד" וואַרשע, דזיקע 18.

---

Wł. St. REYMONT

# C H Ł O P I

Przeł. Sz. Rozenberg

---

Drukarnia „Rekord" Warszawa. Dzika N-18.

# ו ו י נ ט ע ר

## I

דער ווינטער האָט זיך צוגערוקט..

ער האָט זיך נאָך געראַנגלט מיטן האַרבסט און אַ ריטשענדיקער, פונקט ווי אַ ווילדע, הונגעריקע חיה, זיך איבער די בלויע ווייטקייטן אַרומגעשלעפּט, אַזוי, אַז מ'האָט נישט געקענט וויסן ווען ער וועט אים בייקומען און אַ שפּרונג טון און מיט די ווילדע ציין אין דער וועלט זיך איינפּרעסן...

פון צייט צו צייט האָט נאָך אַ דראָבנער, געלבלעכער שניי־געפרישעט — אַ האַרבסטיקער שניי —

עס פלעגן נאָך זיין טעג פאַרשטאַרטע, בלויע פון קרענקלעכקייט, אומעטיקע, קרעכצנדיקע, אייטערנדיקע און אינגאַנצן מיט געיאָמער דורכגענומענע, און טריפנדיקע מיט אייז־קאַלטן ליכט — טויטע טעג, אַז די פייגל זענען מיט אַ געשריי אין די פעלדער אַריין אַנטלאָפן, אימהדיקער האָבן די וואַסערן געמורמלט און פויל געפלאָסן, ווי פון שרעק פאַרשטאַרטע, די ערד האָט געדריגעט, און יעדעס באַשעפעניש האָט די וואַכזאַמע, שרעקנדיקע

אויגן אויף צפון אויפגעהויבן — צו דעם אומגעהייערן מבול פון וואלקנס —

די נעכט זענען נאך געווען הארבסטיקע; בלינדע, טויבע און פול מיט צעריסענע שטיקער נעפל און בלייכן שיין פון אפגע־שטארבענע שטערן — צעפוילטע נעכט פון ציטערדיקן שטיל־שווייגן, וואס איז דורכגעדרונגען מיט א פארשטיקט געשריי פון שרעק; פול מיט ווייטיקלעכע זיפצן, געראנגלען, פלוצלינגע שטיל־שווייגענישן, בילן פון הינט, טרייסלען פון פרירנדיקעביימלעך, יעמערלעכע קולות פון פייגל, וואס זוכן א באהעלטעניש, שרעק־לעכע אויסרופן פון די וויסטע ליידיקייטן און שיידוועגן, וואס ווערן אין דער פינסטערניש פארפאלן, געררישן פון פליגל, שאטנס, וואס ליגן הינטער די ווענט פון די פארשטארטע כאטעס באהאלטן, פארפאלן ווערנדיקע קנאלן, דערשטוינלעכע דערשיינונגען, נישט דערקענבארע אויסרופן, שרעקלעכע טשמאקערייען, דורכדרינגענדע קרעכצן —

און טיילמאל האט זיך נאך, בשעת זון־פארגאנג, פון די טרי־ביקע, בלייערנע הימל־פעלדער אויסגעשיילט א רויטע, אומגעהייערע זון און איז שווער אראפגעזונקען, פונקט ווי א פאס מיט צעגליט אייזן, פון וועלכן עס האט געזעצט א בלוטיקע זידיקייט מיט סמא־לעדיקע שווארצע רויכן, וואס האבן מיט ברענענדיקן צונטער דורכ־געשטרייפט ארויפגעשלאגן, אזוי, אז די גאנצע וועלט איז אין לאנגעס און אין א שרפה שטיין געבליבן —

און לאנג, לאנג אין דער נאכט אריין האט זיך געלאשן און געקילט די בלוטיקע צעגליטקייט אויפן הימל, אז מענטשן האבן אזש געזאגט:

— דער ווינטער וואקסט און אויף בייזע ווינטן וועט ער אנ־קומען.

און דער ווינטער איז געוואקסן, ער איז געוואקסן מיט יעדן טאג, מיט יעדער שעה, מיט יעדן אויגנבליק.

ביז ר'איז אנגעקומען.

און באלד איניכן זענען אנגעקומען די פארויסגייענדיקע בשורה־אנזאגערס.

עפּעס באַלד נאָך דער הייליקער באַרבאַראַ, דער הייליקער באַשיצערין פון גוטן טויט, זענען אין אַ שטילן, אָנמעכטיקן פרימאָרגן אַראָפּגעפאַלן די ערשטע קורצע, רייסנדיקע ווינטן; זיי זענען מיט אַ געקוויטש די ערד דורכגעלאָפן, פּונקט ווי די הינט, וואָס שמעקן דעם שפּור אויס, זיי האָבן די בייטן געגריזשעט, אין די קושאַקעס געוואָרטשעט, די שנייען צעפּרישעט, די סעדער אויפגערודערט, מיט די ווידלען די וועגן אויסגעקערט, איבער די וואַסערן זיך געטאָרגלט און שטילערהייט ווען-נישט-ווען אַן אַלטן דאַך אָדער פּלויט אַראָפּגעריסן, און אָנגעהויבן זיך איילן און מיט אַ געוואָיעריי אין די וועלדער אַריין אַנטלויפן — און נאָך זיי האָבן זיך באַלד צו אָוונט-צו אָנגעהויבן פון דער פינסטערניש לאַנגע, סווישטשענדיקע און ווי שטעכיקע צונגען פון שטורם-ווינטן אַרויסרוקן.

אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיי געבלאָזן און אַזוי געוואָיעט אין די פעלדער, פּונקט ווי אַ סטאַדע אויסגעהונגערטע וועלף; און זיי האָבן פיין אַ הוליע געטון, וואָרן אינדערפרי — נו, האָט שוין די נאַקעטע ערד פון אונטער דעם צעטראַטעוועטן און צעפּרעסענעם שניי אַרויסגעבליקט, ווו-נישט-ווו נאָר האָבן זיך איבער די גריבלעך און אַקערגראָבנס צעבראָכענע פלעטער געווייסט, און די בייטן האָבן געגלאַנצט מיט גלאָלע שטיקער, די וועגן זענען געלעגן פאַרשטיינערט און דורכגעפרוירן, וואָרן דער פראָסט האָט זיך מיט זיינע שאַרפע ווילדע ציין אין דער ערד איינגעפרעסן, אַז זי האָט אַזש ווי אייזן געקלונגען — אָבער אַזוי גיך, ווי נאָר דער טאָג האָט זיך געשטעלט, זענען זיי באַלד בילנדיק אַנטלאָפן, אין די וועלדער זיך באַהאַלטן און פון זייער באַהעלטעניש מיט אַ צאַפּל און אָנגעצויגענעם בייזן שפּרונג געלאָקערט.

און דער הימל האָט זיך וואָס אַמאָל פינסטערער אָנגעהויבן צו פאַרציִען; די וואָלקנס זענען פון אַלע לעכער אַרויסגעקראָכן, די אומגעהייערע קעפּ אויפגעהויבן, די צעקנייטשטע קערפּערס אויסגעצויגן, די גרויע גזשיוועס צעשטורעמט, מיט די גרינלעכע ווילדע ציין געגלאַנצט און געגאַנגען מיט אַ גאַנצער טשאַטע — מיט אַ דראָענדיקן, פינסטערן און שווייגנדיקן געדראַנג זיך אַ

וואָרף געטון אויפֿן הימל; — ס'האָבן געצויגן פֿון צפֿון שוואַרצע, אומגעהייערע בערג, אויסגעשטשערבעטע, צעריסענע, אויף גאַנצע שטאָקן אָנגעוואָרפֿענע, צײַן־אַרטיקע, פּונקט ווי קופּעס וועלדער צעשמעטערטע, איבערגעריסענע מיט טיפֿע אָפּגרונטן, פֿאַרשיטע מיט גריבנע לאַוועס אייז, און זיי האָבן זיך געשפּאַרט פֿאָרויס מיט אַ ווילדער קראַפֿט, מיט אַ טויב געוויש; — פֿון מערבֿ, פֿון הינטער די שוואַרצע, אומבאַוועג עכע וועלדער אַפֿער האָבן זיך פֿאַמעלעך בלויע, אָנגעשוואָלענע לאַוועס אַרויסגערוקט, וואָס האָבן זיך ווי־נישט־ווי דורכגעלויכטן מיט אַ פֿײַער, און האָבן געצויגן איינע נאָך דער אַנדער'ער, א־ן אַן אומענדלעכער רייע, אַלע מאָל מיט אַ גרעסערן צוג, פּונקט ווי די מחנות גרויסע פֿייגל; פֿון מיזרח ווידער, האָבן זיך אַרויסגעשלעפּט פֿלאַטשיקע וואָלקנס, פֿאַרייטלטע, דורות־אַלטע, פֿאַראומערטע, נאָר מיאוסע, ווי דורכגעפֿוילטע אָנזאַפּטיקע פּגרים; און אויך פֿון דרום האָבן וואָלקנס געצויגן, נאָר צעווייעטע, רויטלעכע, ענלעך צו גאָלד־פֿעדעם און טאָרפּיקע זומפּן, און פֿול מיט שטרייפֿן און בלויע רוזינען, פֿול מיט פֿלעקן און שרעקלעכן געווימל — פּונקט ווי זיי וואָלטן מיט קריכנדיקן געווירם פֿול געווען; און אויך פֿון אויבן זענען, ווי פֿון אַן אויסגעלאָשענער זון, אַראָפּגעפֿאַלן ברודיקע בינטן, דאָ האָבן זיי זיך געשיט אין קאָלירן, ווי אָפּגעקילטער אייזן־אָפּפֿאַל — און דאָס אַלץ איז געגאַנגען איינס אויפֿס אַנדערע, צונויפֿגעזאַמלט זיך אין אומגעהייערע בערג און פֿאַרגאָסן דעם הימל מיט אַ שוואַרצער בלאָטיקער זידיקייט...

די וועלט איז מיטאַמאָל שוואַרץ געוואָרן, אַ טויבע שטילקייט האָט אַרײַנגעטרעטן, די ליכטיקייט איז פֿאַרלאָשן געוואָרן, די בלויע אויגן פֿון די וואַסערן זענען ווי פֿאַרחלשט געוואָרן, אַלץ איז ווי פֿאַרשטאַרט געוואָרן און מיט דערשטוינונג שטיין געבליבן מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם, אַ פּחד האָט איבער דער ערד אַ ווייע געטון, דער פֿראָסט האָט די ביינער דורכגענומען, אַ שרעק האָט באַם האַלדז אָנגעכאַפּט, נשמות זענען אין שטויב צעפֿאַלן, אַ ווילדע שרעק האָט איבער אַלע באַשעפֿענישן אַ יאָג געטון — מ'האָט געזען, ווי אַ האָז האָט געיאָגט איבערן דאָרף

מיט אויפגעשטעלטע האָר אויף דער פעל, דאָ זענען קראָען מיט אַ דורכדרינגענדיק געשריי אין די שייערס אַריינגעפאַלן אָדער גאָר אינגאַנצן אין פעדערהויז אריין, די הינט האָבן ווי די משוגעים אויף די פריזבעס געבילן, מענטשן זענען געבויגענערהייט אין די כאַלופּעס אַריינגעלאָפן און לעבן סטאַוו איז אַ בלינדע קאָבילע מיט דער רעשט פון אַ וואָגן געלאָפן, אָנגעקלאַפּט אָן די פלעטער, אָן דיביימער, און מיט אַ ווילד געהירזשעריי די שטאַל געזוכט.

אַ מאָנטנע טונקלקייט האָט זיך צעגאָסן, אַ שטיקנדע: די וואָלקנס זענען וואָס אַמאָל נידעריקער אַראָפּגעזונקען, אַראָפּגעקאָלערט זיך פון די וועלדער מיט אַן אויפגעקאָכטער געדיכטעניש פון בלויע בעפּל-רויכן און זיך געשלעפּט איבער די בייטן, ווי אויפגעשטורמטע, צעקנאַלטע און שרעקלעכע וואַסערן, — זיי האָבן אַ שלאָג געטון אויפן דאָרף און אַלץ פאַרגאָסן מיט אַן אייזיקן, ברודיקן בעפּל; — מיטאַמאָל האָט זיך דער הימל דורכגעריסן אינדערמיט און בלוילעך אַ גלאַנץ געטון, ווי אַ ברונען-שפּיגל, אַ שאַרפער פייף האָט די פינסטערניש דורכגעשניטן, די נעפּלען האָבן זיך פלוצלינג צונויפגעקנוילט, און פון דעם געפּלאַצטן וואָלקן-מויל האָט זיך אַ לאָז געטון דער ערשטער ווינט, און באַך אים האָט זיך שוין געלאָזט דער צווייטער, דער צענטער, דער הונ-דערטסטער!

גאַנצע טשאַטעס האָבן זיי שוין געוואָיעט, זיי האָבן זיך גע-גאָסן פון דעם האַלדז אַרויס, פונקט ווי אַ טייך, וואָס איז דורך קיין שום זאַך נישט פאַרהאַלטן געוואָרן, געריסן זיך ווי פון די קייטן און מיט אַ צעקוויטשעטער, ווילדער באַנדע געשלאָגן אין די וואָלקנס, געוואָרפן זיך אויף דער טונקלקייט און צעשמעטערט זי ביזן כוף, צעפּרעסן זי דורך און דורך און צעווייעט זי, פונקט ווי דאָס אויסגעטרוקנטע שטרוי.

אַ ליאַרם איז די וועלט דורכגעגאַנגען, אַ ווירוואַר, געררויש, אַ פייפן, אַ שניי-שטורם.

די וואָלקנס זענען, צעטראַטעוועטע פון די שאַרפע קאָפּיטעס פון די ווינטן, איינגעבויגענערהייט אין די וועלדער אַנטלאָפן. דער הימל האָט זיך אויסגעלייטערט, דער טאָג האָט ווידער מיט די

בלײערנע אויגן אַ לײכט געטון, יעדנס באַשעפעניש האָט לײכטער אָפּגעאָטעמט.

אָבער די ווינטן האָבן כסדר געבלאָזן, כמעט אַ גאַנצע וואָך און אָן שום אונטערברעכונג, אָן שום אויפהער. די טעג האָט נאָך דער מענטש ווי ס'איז אויסגעהאַלטן, אַזוי, אַז נאָר די, וואָס די נויט האָט זײ אַרויסגעטריבן, האָבן זיך איבער דער וועלט אַרומגעשלעפּט, די רעשט אָבער זענען אין די כאַלופּעס געזעסן, און דעם סוף אויסגעקוקט, אָבער די נעכט זענען געווען נישט צום אויסהאַלטן, און זײ זענען גראָד אָנגעקומען העלע, אויסגעשטערנטע און אײנדערהײך שטילע, נאָר אויף דער ערד האָט דער שטורם-ווינט אַ טײוולאָנישע חתונה אָפּגעשפּילט, פּונקט ווי ס'וואָלטן זיך אויף אַמאָל הונדערט פּויערן אויפגעהאָנגען, אַז מ'האָט אפילו אײנשלאָפן נישט געקענט, וואָרן ס'האָבן זיך געטראָגן אַזעלכע ריטשן, קראַכן, ברעכן און זעצן, גלײך טויזנטער לײדיקע וועגענער וואָלטן אין גרעסטן אימפּעט אויף די גרודעס דורכגעפאָרן, און דאָס טופּעריי, פון וועלכע די ערד האָט געציטערט, און דאָס קנאַלן, גאָט ווײסט פונוואַנען, די געשרײען, דאָס וואָיען!

די כאַלופּעס האָבן געקנאַקט, וואָרן דער שטורם-ווינט האָט אַלעמאָל אַ שפּאַר געטון די ווענט מיט די פּלײצעס, אָנגעקלאַפּט זיך אָן די ווינקלען, אונטערגעהויבן די אָפּדעכער, צו די אונטערשוועלן זיך גענומען, אין די טירן ווי מיטן קאָפּ אָנגעקלאַפּט, אַז נישט אײן טיר האָט זיך אונטערגעגעבן, די שויבן אויסגעזעצט, אַז מ'האָט אַזש געדאַרפט אינמיטן דער נאַכט אויפשטײן און מיט קישנס פאַרשטעקן, וואָרן ר'האָט זיך אינעווײניק אַרײַנגעריסן מיט אַ געקוויטש, ווי אַן אָפּגעבריט חזיר, און האָט אַזוי געשרפּהט מיט דער קעלט, אַז די מענטשן, כאָטש אונטער די איבערבעטן, זענען דאָך פאַרשטאַרט געוואָרן!

וואָס די מענטשן האָבן זיך אָנגעליטן איבער דידאָזיקע טעג און נעכט, איז נישט איבערצוגעבן!

און וואָס פאַר אַ היזקות ער האָט אָנגעמאַכט, איז נישט איבערצוצײלן: ר'האָט אומגעוואָרפן די פּלעטער, אַראָפּגעריסן די שטרויענע דעכער, באַם וואָיט כמעט אַ נײע שאָפּע אומגעדרײט,

בײַ באַרטעק קאָשיאַלן דעם דאַך פֿון שײַער אַראָפּגעכאַפּט און אױף אַ גוטער האַלבער מאָרגע װײַט אין די פֿעלדער אַרײַן אַװעקגעטראָגן, בײַ װינטשאַרעקן דעם קוימען אײַנגעלײגט, אין דער מיל אַ שטיקל שינדל־דאַך אָפּגעריסן, און װיפֿיל קלענערע שאָדנס! װיפֿיל בײמער האָט ער אין די סעדער און אין די װעלדער אױסגעבראָכן! אױף דעם גרױסן װעג האָט ער עפּעסטשיס בײַ אַ צװאָנציק טאָפּאָלן אױסגעריסן, אַז זײ האָבן זיך אַזש אױסגעלײגט אין דער ברײט, װי די טױטע קערפּערס, װאָס זענען אױף אַ שרעקלעכן אופֿן דערמאָרדעט געװאָרן.

אין דידאָזיקע װײַענדיקע און טומלענדיקע טעג איז ליפּצע געװען װי אױסגעשטאָרבן; דער שטורעם־װינט האָט געהוליעט אױף די װעגן מיט אַזאַ קראַפֿט, אַז װער ס׳האָט זיך נאָר פֿון דער כאַלופּע אַרױסגעבױגן, האָט ער אים שױן אַ כאַפּ געטאָן בײַם קאָפּ און אַ שלײדער געטאָן װו ס׳האָט זיך געטראָפֿן — אין אַ ראָװ אַרײַן, אױף אַ בױם אַרױף, אױף אַ פּלױט אַ שלײדער געטאָן, און אַפֿילו יאַשעק פּזשעװראָטנין פֿון דער בריק אין סטאַװ אַרײַן אַראָפּגעיאָגט, אַז דער שגץ האָט זיך קױם מיט מי אַרױסגעג־אַבּטשעט, אין ער האָט כּסדר געבלאָזן, מיט זאַמד געשיט, און צװײַגן, שפּענער, גאַנצע סנאָפּעס פֿון די דעכער געטראָגן, טײלמאָל אױף אַ קלענערן דאַך־שפּיץ, אַזױ, אַז זײ זענען געפֿלױגן אין שטורעם, װי די פֿונאַנדערגעטריבענע פֿײגל און זיך אָן די װענט אָנגעשלאָגן, אין דער װעלט אַרײַן געיאָגט!

די עלטערע מענטשן האָבן אַזעלכע בײזע און גרױזאַמע װינטן נישט געדענקט.

האָט מען זיך טאַקע געדריקט אין די פֿאַרװיכטע כאַלופּעס און פֿון לאַנגװײליקײט זיך נישט װײניק אַרומגעקריגט, װאָרן ס׳איז שװער געװען די נאָז פֿון װינקל הױז אַפּערצושטעקן, נאָר אױף אַזױ פֿיל, װאָס אַן אומגעדולדיקע פֿױערטע האָט זיך פֿון צײַט צו צײַט אײַנגעבױגענערהײט בײַ די פֿלעטער דורכגעכאַפּט, מכּלומרשט מיט אַ בינט פֿלאַקס צו די קומעס געגאַנגען, און דער עיקרשט, כּדי מיט די צונגען אַ ביסל צו מאָלן און אױסרעדן זיך אײנע פֿאַר דער אַנדערער; די פֿױערן װידער האָבן עקשנותדיק געדרעשעט.

פון הינטער די פאַרמאַכטע טויערן פון די שייערס האָבן געקלאַפּט די צעפּעס פון דער פרי ביז אין שפּעטן אָוונט אַריין, דער פראָסט האָט די תבואה אָפּגעקאָכט, האָט זי זיך לייכטער אויסגעשיילט, נאָר ערשט קעגן אָוונט-צו, ווען דער שטורם-ווינט האָט אַ ביסל נאָכגע-לאָזט, האָט נישט איינער פון די פאַראָבקעס מיט עפּעס אַ פּערטע-לע אין קרעטשמע אַריין זיך אוועקגעשלייכט.

און די ווינטן האָבן כסדר אַלציינס געבלאָזן און וואָס אַמאָל שטאַרקער מיטן פראָסט געביסן, אַזוי, אַז פון דעם בלאָזן זענען שוין די טייכלעך און וועלעכלעך פאַרפרוירן געוואָרן, די זומפּן זענען פאַרגליווערט געוואָרן, דער סטאַוו אפילו האָט זיך מיט אַ דורכזיכטיקן, כמעט בלויען אייז באַדעקט, נאָר אויף אַזוי פיל, וואָס בײַ דער בריק, ווו ס'איז טיפער געווען, האָט דאָס וואַסער נאָך געשטי-רמט און נישט געלאָזט זיך, אָבער די ברעגן זענען שוין בעלעגן פעסט איינגעקאָוועט, אַז מען האָט געדאַרפט דאָס אייז אויפ-האַקן, כּדי די פערד אָנצופּאָיען.

ערשט פאַר דער סאַמער הייליקער לוציע, איז געקומען אַן ענדערונג.

דער פראָסט האָט געלאָזט און ס'איז אַ דזשעבעלע וואַרעמער געוואָרן, די ווינטן זענען ווי אויסגעפּגרט, וואָרן זיי האָבן נאָך פון צייט צו צייט איבער דער וועלט אַ בלאָז געטון, אָבער שוין לייכ-טע, נישט אַזעלכע בייזע, דער הימל ווידער האָט זיך אויסגעגלייכט, פונקט ווי אַ צעבראָגעוועט פעלד, וואָס איז באַדעקט געוואָרן מיט אַ גרויסער, גרויער, גראָבער פלאַכטע, און האָט זיך אַזוי נידעריק אַראָפּגעלאָזט, גלייך ער וואָלט זיך אויף די טאָפּאָלן באַם וועג אָנ-געשפּאַרט. נאָר ס'איז געווען טריב, גרוי און טויב.

אַזוי ווי מ'האָט נאָר אויף מיטאָג געקלונגען, איז עמוואָס טונקל געוואָרן און ס'האָט אָנגעהויבן פאַלן אַ שניי אין גאַנצע פלאַכ-טעס, און ס'האָט געדיכט געשיט, וואָרן ער האָט באַלד אַלע ביימער אין אַלע הויכקייטן איינגעפּעדערט.

ס'איז גיך נאַכט געוואָרן, אָבער דער שניי האָט נישט אויפ-געהערט, ר'האָט וואָס אַמאָל געדיכטער געשיט, אַ ביסל טרוקענער,

אָבער שיטנדיקער, און אַזוי איז ער שוין אַ גאַנצע נאַכט גע-
פאַלן.

פאַרטאָג איז שוין געווען אַ שניי אויף גוטע דריי שפּאַן, ער האָט איינגאַנצן די ערד ווי מיט אַ פעלץ באַדעקט און די גאַנצע וועלט אין אַ בלוילעכער ווייסקייט איינגעהילט, און איז אַלץ כסדר געפאַלן, אָן אַן אויפהער.

אַזאַ שטילקייט איז אויף דער ערד געפאַלן, אַז קיין שום מינטל האָט נישט קיין ציטער געטון, קיין שום קלאַנג האָט זיך נישט דורך דעם שיטנדיקן פון דורכגעריסן, גאָרנישט, אַלץ איז אַנטשוויגן געוואָרן, פאַרטויבט, פאַרשטומט, ווי פאַר אַ וווּנדער שטיין געבליבן, און עטוואָס איינגעבויגן, זיך פייערלעך איינגעהאָרכט אין דעם קוים אַרויסגעפילטן לייכטן גערויש, אין דעם שטילן פלי, אין דער טויטער ווייסקייט, וואָס האָט זיך צעציטערט און איז געפאַלן אומ-אויפהערלעך.

אַ ווייסע בלענדעניש האָט זיך געמאַכט, איז געוואַקסן און שטיין געבליבן; אַ ווייסע, שימערנדיקע, אומבאַפלעקטע ליכטיקייט האָט זיך געשיט, ווי די ווייסטע, ווייכסטע, הערלעכסטע חאָל; ס'האָט געשיט מיט אַן אומגעוויינטלעכער געדיכטקייט, ווי פאַרפרוירן לבנה-ליכט, גלייך ווי אַלע שטערן-ליכטיקייטן וואָלטן אין פראָסט פאַרגליווערט געוואָרן און פון פאַלן אויף שטויב צעריבן געוואָרן — ס'האָט די וועלט פאַרשיט — די וועלדער האָבן זיך שנעל איינגעהילט, די פעלדער זענען פאַרפאַלן געוואָרן, אַז מ'האָט מיטן אויג גאָרנישט געקענט דערטאַפּן, די וועגן זענען פאַרשוווּנדן, ס'גאַנצע דאָרף איז צעפלאָסן געוואָרן און איז פאַרזונקען געוואָרן אין דער ווייסקייט, אין דעם בלענדנדיקן נעפל, און ענדלעך איז פאַר די אויגן אַלץ פאַרהוילן געוואָרן, אַ חוץ די קוואַלן פון דעם שניי-שטויב, וואָס איז געפלאָסן אַזוי שטיל, אַזוי גלייך און אַזוי זיס, ווי דאָס קערשן-בליִעכץ אין אַ לבנה-נאַכט.

אויף דריי טריט ווייטער האָט מען שוין קיין כאַלופּע נישט אַרויסגעזען, נישט קיין ביימער, נישט קיין פּלויט, נישט קיין שום געשטאַלט, נאָר מענטשלעכע שטימען האָבן זיך געטראָגן אין דער דאָזיקער ווייסקייט, ווי אָפּגעשוואַכטע שמעטערלינגען, און בלאָנ-

רזשעבדיק, וואָרן מ׳האָט נישט געוווסט פונוואַנען זיי קומען, ווו=
הין זיי גייען — און זיי האָבן זיך אַלץ שוואַכער אין דער לופט
אָפּגעשלאָגן, וואָס אַמאָל שטילער. . .

און אַזוי האָט געשיט צוויי טעג און צוויי נעכט, אַזש די
כּאַלופּעס זענען לסוף פאַרשיט געוואָרן, און האָבן זיך אויפגעהויבן
ווי שניי=קופּעס, וואָס האָבן מיט ברודיקע קאָלטענעס רויך געזעצט,
די וועגן האָבן זיך מיט די פעלדער אויסגעגלייכט, די סעדער זע=
נען אַזש איבער די פּלעטער פול געווען, דער סטאַוו איז אינגאַנצן
פאַרפאַלן געוואָרן אונטער דערדאָזיקער לאַווע. אַ ווייסע, מיטן
אויג נישט אַרומצונעמען, אַ קאַלטע, נישט דורכדריגלעכע, פוכי=
קע און הערלעכע פלאַך האָט די ערד באַדעקט, און דער שניי
איז כּסדר אַלץ געפאַלן, נאָר שוין וואָס אַמאָל טרוקענער און שי=
טערער, וואָרן אין די נעכט האָט זיך שוין אַ שימערן פון שטערן
דורכגעריסן, און באַטאָג האָט זיך דער הימל ווו=נישט=ווו צווישן
די פליענדיקע ווייסע פּאַקעלעס דורכגעבלויט, און די לופט איז
שוין נישט אַזוי טויב געווען, די שטימען האָבן זיך שאַרפער, מונ=
טערער, ראַשיקער דורך דער געדיכטעניש דורכגעריסן. דאָס דאָרף
האָט ווי אויפגעוואַכט, ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג, ווער=נישט=
ווער איז מיט אַ שליטן אַרויסגעפאָרן, אָבער גיך האָט ער זיך אומ=
געקערט, וואָרן די וועגן זענען געווען נישט צום דורכקריגן זיך.
ווו=נישט=ווו האָט מען סטעזשקעס צווישן די כּאַלופּעס דורכגעקאָ=
פּעט, אָפּגעוואָרפן דעם שניי פון פאַר דער טיר, די שטאַלן אויפ=
געפּראַלט, אַ פרייד האָט אַלע אַרומגענומען, און ערשט די קינדער,
זיי זענען פּשוט משוגע געוואָרן פון פרייד, די הינט האָבן זיך צע=
בילן אומעטום, דעם שניי געלעקט און צוזאַמען מיט די שקצימלעך
זיך אַרומגעיאָגט, ס׳האָט אָנגעהויבן ווימלען אויף די וועגן, געוואַלטן
האָבן זיך פאַר די הייף אויפגעהויבן, זיי האָבן געשריגן און גע=
וואָרפן זיך מיט שניי=באַלן, און געטאָרגלט זיך אין דעם פוכיקן,
ווייכן שניי, און שרעקלעכע באַלוואַנעס אויפגעשטעלט, און אויף
שליטעלעך זיך אַרומגעשלעפּט, אַזוי, אַז זייערע פריילעכע קוויטשן
און דאָס אַרומיאָגן זיך האָט דאָס גאַנצע דאָרף אָנגעפילט, אַזש
ראָכאָ האָט דאָס לערגען דעמדאָזיקן טאָג געמוזט אָפּשטעלן.

וואָרן ר'האָט קײנעם באַם לעמענטאַרזש נישט געקענט אײנ־האַלטן.

ערשט אַרום דריטן טאָג, קעגן סאַמע אָוונט־צו, האָט אויפ־געהערט צו שנײען, ס'האָט נאָך װען עס איז אַ פרישע געטון, אָבער אַזוי, װי ס'װאָלט עמעצער אַ זאַק פון מעל איבער דער װעלט אויסגעקלאַפּט, אַז מ'האָט אפילו נישט דערקענט, צי עס שנײעט, נאָר דער הימל איז פאַרכמורעט געװאָרן, די קראָען האָבן זיך באַ די שטובן געדרײט און אויף די װעגן זיך אויסגעזעצט, און אַ נאַכט אָן שטערן איז צוגעפאַלן, אַ בלײערנע, מיט טונקעלע שנײען פאַרװײסט, און אַזאַ שטילע, פאַרגליװערטע און טויטע, װי זי װאָלט שוין פון אַלע כּוחות אויסגעזויגן געװען.

— ס'לײכטסטע װינטל לאָ נאָר אַ בלאָז טון, עט דיר באַלד אַ שנײ־שטורם זײן — האָט צומאָרגנס פאַרטאָג דער אַלטער ביליצע, אַרויסבליקנדיק דורכן פענסטער, אַ שעפּטשע געטון.

— לאָז דאָרט זײן, ס'איז מיר אַלצײנס! — האָט אַנטעק אַ בורטשע געטון, אַראָפּשלעפּנדיק זיך פון געלעגער.

האַנקע האָט אָנגעהײצט אַ פײער אין קוימען און פאַרן פּע־דערהויז אַרויסגעבליקט, ס'איז נאָך געװען פרי, די הענער האָבן איבערן דאָרף געקרײעט, אַ דיקע פינסטערניש איז נאָך געלעגן, װי עמעצער װאָלט קאַלך מיט סאַדזעס אויסגעמישט און דאָס איבער דער װעלט צעשיט, אַזוי, אַז מ'האָט נישט קײן בײמער, נישט קײן כאַלופּעס, נישט גאָרנישט אין דער װײט געקענט אונטערשײדן, נאָר װאָס אויף מזרח האָבן שטראַלן, פּונקט װי אָנגעגליטע קוילן אין אַש געטליעט, און אויף דער ערד איז אַ טיפע שטילקײט געלעגן און עס האָט אַ רויע קילקײט געבלאָזן.

אין שטוב האָט אויך געהערשט אָן אַדורכנעמענדיקע, פײכ־טע קעלט, אַזאַ פאַרכאַפּנדיקע, אַז האַנקע האָט אַזש די טרעפּעס אויף די נאַקעטע פיס אָנגעשטעקט. אין קוימען האָט קוים געטלי־עט, װאָרן דאָס פרישע יאַלאָװע־האָלץ האָט נאָר געקנאַקט און געװײכט, ביז האַנקע האָט ערשט אָפּגעשטשיביעט אַ פּאָר שפּענדלעך פון עפּעס אַ ברעט, און שטרוי אָנגעשטופּט, ביז ענדלעך די צװײגן

האָבן זיך מיטן פלאַם אַרומגעכאַפּט און אַ ביסל ליכטיקער געמאַכט.

— ס'האָט אַזוי פיל אָנגעשיט, אַ' ס'עט אַזש אויף אַ גאַנצן ווינטער סטאַרטשען — האָט דער אַלטער ווידער אָנגעהויבן רעדן, הויכנדיק אויפן שייבל, וואָס איז מיט אַ גרינלעך־גראָבן אייז פאַרפרוירן געווען, כדי אויף דער וועלט אַרויסצוקוקן.

דאָס עלטסטע שגצל, וואָס איז שוין אַלט געווען אין פערטן יאָר, האָט אָנגעהויבן אין בעט צו כליפּען, און פון דער צווייטער זייט הויז, פון די סטאַכעס שטוב, האָבן זיך דערטראָגן שווערע קולות פון אַ קריגן זיך, באַקלאָגן זיך, קינדערישע קוויטשן און אַ זעצן מיט דער טיר.

— וועראָנקאַ הייבט שוין אָן דעם טאָג מיט איר מענה־לשון! — האָט אַנטעק מיט אַ גיפּטיקן שמייכל אַ שעפּטשע געטון, אַרומוויקלענדיק זיך די פיס מיט די אָנגעוואַרעמטע אָניצעס באַם קוימען.

— ז'האָט זיך צוגעוווינט צו קלאַפּן מיטן פיסקל, איז קלאַפּט זי שוין, כאָטשביק מ'דאַרף נישט, אָבער דאָס איז נישט צוליב שלעכטיקייט, ניין... — האָט דער אַלטער שטיל געקרעכצט.

— ב'אוודאי — די קינדער הרגעט זי אויך נישט צוליב שלעכטקייט? — אָדער סטאַכן וועט זי דיר קיין גוט וואָרט נישט געבן, נאָר שטענדיק הורו־בורו, ווי אויף אַ הונט, איז עס אוודאי פאַר גוטסקייט? — האָט האַנקע געזאָגט, אַנידערקניִענדיק באַם וויגל, כדי דעם יינגערן די ברוסט צו געבן, ווייל ער האָט זיך אויך געהאַט צעוויינט און מיט די פיסלעך געוואָרפן.

— וויפיל? — שוין דריי וואָכן, ווי מיר זיצן באַ ענק אין דער כאַלופּע, איז נאָך קיין איין טאָג ס'זאָל אָפּגיין נאָך נישט אָפּגעגאַנגען אָן קיין געוואַלטן, אָן געשלעגן, אָן דעם אַרומיאַדען זיך! אַ הונט איז דאָס, נישט קיין נקבה! און סטאַכאָ, דער טשמאַיע, לאָזט זיך אַזוי קלינעס האַקן אויפן קאָפּ, אַרבעט ווי אַן אָקס, און ס'איז אים ערגער ווי אַ הונט.

דער אַלטער האָט אַ צעשראָקענעם בליק געוואָרפן ר'האָט אַפילו געוואָלט עפּעס זאָגן זי צו פאַרטיידיקן, ווי די טיר פון פעדערהויז

האָט זיך גראָד אויפגעפּנט און סטאַכאָ האָט אַרייַנגעשטעקט דעם קאָפּ צוזאַמען מיט די צעפּעס, וואָס ר'האָט אויפן אָרעם געטראָגן.

— אַנטעק, ווילסט גיין צום דרעשן? דער אָרגאַניסטער האָט געזאָגט, אַז כ'לאָז מיר עמעצן צונעמען צום גערשטן, און ר'איז טרוקן און ס'איז גוט, ר'קלאַפּט זיך גרינג אויס... — פיליפּ איז צו מיר זייער צוגעשטאַנען, נאָר אויב דו ווילסט... איז אדרבא, פאַרדין דיר...

— מוחל, נעמטס ענק פיליפּן, איך וועל דאָרט צום אָרגאַניסטער אויף קיין טאָג-אַרבעט נישט גיין.

— ס'איז דיין זאַך. כ'לאָז איבער אויף גאָטס באַראָט.

האַנקע איז אַזש אונטערגעשפּרונגען אויף אַנטעקס ענטפער, ז'האָט זיך אָבער באַלד צוגעבויגן און איינגעטוליעט דעם קאָפּ אין וויגל, כדי די טרערן און באַטריבטקייט נישט אַרויסצוווייזן!

„ב'וואָס וועט זיין, אַזאַ וויגטער, אַזאַ שוידערלעכע קעלט, אַזאַ אָרימקייט, אַז מ'לעבט נאָר איבער מיט אַ קאַרטאָפליע מיט זאַלץ, נישטאָ קיין איין גראָשן, און אַרבעטן וויל ער נישט! גאַנצע טעג זיצט ער זיך אויס אין דער כאַלופּע, רייכערט פּאַפּיראָסן און קלערט! — אָדער ער יאָגט זיך גאָר אַרום איבער דער וועלט, ווי דער משוגענער דאָרט, נאָר נאָכן ווינט נאָך אַכיבע! גאָט מיינער, גאָט דו מיינער, — האָט זי מיט ווייטיק אַרויסגעקרעכצט! אַפּילו יאַנקעל וויל שוין נישט באָרגן, ס'וועט אויסקומען די קו צו פאַרקויפן, וואָס דען, ר'האָט זיך איינגעשפּאַרט, איז וועט ער פאַרקויפן, און צו דער אַרבעט וועט ער זיך נישט נעמען... אמת, אַפּילו, אַז ס'איז אים עפּעס נישט אַזוי דאָסיק אויף טאָג-אַרבעט צו גיין, ס'איז אים מאַרקאָטנע, אָבער וואָס זאָל מען טון, וואָס? — וואָלט זי נאָר דאָס געווען אַ פויער, גאָט מיינער, וואָלט זי נישט געזשאַלעוועט די נעגל, אַפּילו אָן פּיס צו בלייבן, אַבי נאָר די קו נישט צו פאַרקויפן, אַבי נאָר ביז וויאָסנע זיך צו דערכאַפּן, דעם ווינטער איבערצוהאַלטן... אָבער וואָס וועל איך, אָרימע נעבעך, העלפן, וואָס?... די נשמה האָט זיך איר אַזוי צעפּישטשעט, אַז זי האָט זיך קיין עצה נישט געקענט געבן.

זי האָט זיך גענומען צו די געווייבטלעכע, אַלטעגלעכע באַ-

לעבאַטישע אַרבעטן, און בגנבה אַ בליק געכאַפּט אויפן מאַן, וואָס איז געזעסן פאַרן קוימען, ער האָט אַרומגעוויקלט מיט דער פּאָלע פון פּעלץ דאָס עלטסטע שגצל און אים דערוואַרעמט די פּיסלעך מיט דער אָנגעוואַרעמטער האַנט, און פאַרמרהשחורהט זיך אײַנגעקוקט אין פײַער און אָפּגעזיפּצט. דער אַלטער האָט געשײלט קאַרטאָפליעס אונטערן פענסטער.

אַן אומאָנגענעם, אומרויִק שטילשווײַגן, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט געהײמע לײדן, אָנגעפילט מיט אַ פאַרשטיקט געפיל פון נויט, האָט זיך געוועבט צווישן זײ. זײ האָבן זיך נישט געקוקט אין די אויגן אַרײַן, נישט גערעדט צווישן זיך, די ווערטער זענען אין די צרות פאַרזונקען געוואָרן, דער שמײכל פאַרלאָשן געוואָרן, אין די אויגן האָבן געגלאַנצט פאַרשטיקטע פאָרוווּרפן, און אויף די בלאַסע אויסגעפײניקטע פנימער האָט זיך געזען די פאַרביטערטקײט, אַ ווײטיק האָט געשוועבט איבער זײ און גלײַכצײַטיק אַ האַרטע, אײַזערנע עקשנות. שוין דרײַ וואָכן זענען אַדורך זינט מ'האָט זײ פון פאָטערס כאַלופּע אַרויסגעטריבן, און אַזעלכע לאַנגע טעג, אַזוי פיל נעכט, און זײ האָבן נאָך בײדע גאָרנישט פאַרגעסן, נישט דורכגעווײטיקט די עוולה, נישט אויסגעניכטערט זיך פון דער פאַרביסנקײט — אַזוי שטאַרק האָבן זײ געפילט, ווי דאָס וואָלט אָט ערשט געשען.

דאָס פײַער האָט פרײלעך געקנאַקט, אַ וואַרעמקײט האָט זיך איבער דער שטוב צעגאָסן, אַזש דאָס אײַז אויף די שויבן איז צעגאַנגען, און די שמאָלע פּאַסן שניי, וואָס זענען אין די שפּאַרעס אָנגעיאָגט געוואָרן, האָבן אונטער די שוועלן געלאָזט, און דאָס לײמענע אַרומקלעבעכץ האָט געשוויצט און איז ווי מיט טוי באַגאָסן געוואָרן.

— ז'וועלן קומען די ייִדן? — האָט זי ענדלעך אַ פרעג געטון.

— ז'האָבן געזאָגט, אַז ז'וועלן קומען.

און ווידער קײן וואָרט נישט מער. ווי דען, ווער־זשע פון זײ האָט עס געזאָלט דער ערשטער רעדן, און וואָס? האַנקע?... אַז זי האָט מורא געהאַט דאָס מויל צו עפענען, ס'זאָלן זיך איר די

הייטיקן, וואָס זענען אין האַרץ אָנגעזאַמלט געווען, נישט אַ גאַנס טון, כאַטשביק אפילו נישט ווילבדיק! — ניין, זי האָט אַלץ געשטיקט אין זיך און איינגעהאַלטן זיך, ווי גאָר זי האָט געקענט. אַנטעק? — וואָס האָט ער געהאַט צו רעדן? — אַז ס'איז אים שלעכט? מ'האָט אָן דעם אויך געוווּסט, און צו פריינטשאַפט איז ער קיינמאָל קיין גיכער נישט געווען, און צו פּלוידערן ווידער, האָט ער אפילו מיט זיין אייגן ווייב אויך קיין חשק נישט געהאַט! און ווי אַזוי האָט ער געקענט גאָר רעדן, אַז אַ שנאה האָט אים די נשמה געפרעסן, אַז בּאַ יעדער דערינערונג האָט זיך אים דאָס האַרץ פאַר ווייטיק געקאָרטשעט, און די נעגל האָבן זיך אים מיט אַזאַ כּעס צעשפּרייט, אַז כאָטשביק אויפן גאַנצן דאָרף ס'זאָל אויסקומען, איז ער גרייט געווען צו וואַרפן זיך.

ר'האָט זיך שוין נישט אַרומגעטראָגן מיט די זיסע דערינע-רונגען וועגן יאַגנען, ווי ער וואָלט זי גאָר קיינמאָל נישט געהאַט אַרומגענומען מיט דידאָזיקע הענט, מיט וועלכע ער איז איצט גרייט געווען זי צו צערייסן. אָבער קיין פאַרדרוס האָט ער נישט געהאַט אויף איר.

— „ס'איז דיר דאָ טייל נקבות, וואָס ז'איז פונקט ווי דער הונט, וואָס שלעפּט זיך אַרום, וואָס ר'וועט דיר יעדן נאָכלויפן, ווער ס'וועט אים מיט אַ גרעסער שטיק ברויט צולאָקן, אָדער גאָר מיט אַ שטעקן אָנשרעקן" — האָט ער געטראַכט וועגן איר, אָבער נישט אָפּט, וואָרן זי איז אים אינגאַנצן פון זכּרון פאַרלוירן געוואָרן אונ-טער דעם דראַנג פון די בלוטיקע, לעבעדיקע און ווייטיקלעכע באַליידיקונגען, וואָס ער האָט געפילט צום פאָטער. דער אַלטער איז שולדיק געווען, דער טאַטע איז דאָס געווען דער באַליידיקער, דער האַקן, וואָס האָט זיך אין סאַמע האַרץ אַריינגעשלאָגן און וואָס אַמאָל שטאַרקער ווי געטון, איבער אים איז דאָס אַלצדינג אַזוי, איבער אים!

און ער האָט צוזאַמענגענומען, צוזאַמענגעשאַרט אין זיך דאָס גאַנצע שלעכטס, אַלע עוולות, וואָס ער האָט געליטן, און האָט זיי ווי אַן אומפאַרגעסלעכע תּפילה איבערגעחזרט! אַ תּפילה-בוך איז דיר דאָס געווען אַ ווייטיקלעכס און אַ פאַרביטערנדיקס, אָבער ער

האָט עס זיך אין האַרץ אַרייַנגענומען, כּדי עס גוט צו געדענקען!

אין זיין עלנטקייט איז אים נישט געגאַנגען, אַ געזונטער פּויער איז ער, איז אַבי ער זאָל האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ, מער דאַרף ער נישט, װעגן די קינדער לאָז דאָס װייב זיך זאָרגן, אָבער די עװלה אַליין האָט אים געבּרענט װי אַ פֿייער און איז כּסדר אַלץ מער געװאַקסן, זי איז זיך צעװאַקסן אין אים, פּונקט װי די בריענדיקע פּאָקזשיװעס! װאָרן װי דען, ס'איז ערשט דריי װאָכן אינגאַנצן, און דאָס גאַנצע דאָרף האָט זיך שוין אָװעקגעדרייט פֿון אים, גלייך ער װאָלט עפּעס אַ שלעפּער פֿון דער גאַנצער װעלט געװען, זיי האָבן אים אויסגעמיטן װי אַ פּעסט, קיינער האָט מיט אים קיין װאָרט נישט גערעדט, אין דער כאַלופּע נישט אַריינגעבליקט, נישט באַדויערט, קיין גוט װאָרט נישט געגעבן — און װי אויף אַ רוצח עפּעס האָבן זיי געקוקט.

נישט, איז נישט, בעטן װעט ער זיך נישט, אָבער אין קיין װינקל באַהאַלטן װעט ער זיך אויך נישט, און אָפּטרעטן קיינעם פֿון װעג אויך נישט. אַז אַרומרייסן זיך, איז אַרומרייסן זיך! אָבער צוליב װאָס איז דאָס אַלץ? װייל ר'האָט זיך מיטן פֿאָטער צעהרגעט? ס'ערשטע מאָל געשעט דען דאָס אין דאָרף, צי װאָס? צי שלאָגט זיך דען נישט יוזעק װאַכניק יעדע פֿאַר טאָג?... צי האָט דען סטאַך פֿלאָשקאַ דעם אַלטן זיינעם קיין פֿוס נישט אונטערגעהאַקט? און קיינער האָט זיי קיין שלעכט װאָרט נישט געזאָגט, נאָר אים פֿאַרמערט מען דאָס לעבן, װאָרן צו װעמען גאָט טשעפּעט זיך, צו דעם טשעפּען זיך אויך שוין אַלע הייליקע. ס'איז דעם אַלטנס אַ שטיקל אַרבעט דעם אַלטנס, אָבער ער װעט פֿאַר אַלץ אָפּצאָלן, פֿאַר אַלץ.

ער האָט כּסדר נאָר געאָטעמט מיט נקמה און געטראַכט װעגן איר, און דידאָזיקע גאַנצע צייט געלעבט אין היץ און אין פֿאַרגעסנהייט: צו קיין אַרבעט זיך נישט גענומען, װעגן זיין עלנטקייט נישט געטראַכט, אין מאָרגן אַריין נישט געקוקט, נאָר כּסדר געטוליעט אין זיך דידאָזיקע שװערע ליידן און געגרימט אין זיך. טיילמאָל, באַנאַכט, איז ער פֿון בעלעבער אויפֿגעשפּרונגען, און דאָרף אַריין

אוועקגעלאָפן, אַרומגעבלאָנקעט זיך אויף די וועגן, אין טונקעלערטער זיך פאַרבאָרגן און געחלומט וועגן אַ גרויזאַמער נקמה, אָפּגעשווירן באַ זיך, אַז ער וועט זיינס נישט שענקען.

דאָס אָנבייסן האָבן זיי אין שטילשווייגן אָפּגעגעסן, און ער איז כסדר אַלץ געזעסן אַן אָנגעכמורעטער און איבערגעקייעט אין זיך די אַלע דערינערונגען, וואָס האָבן אים ווי שטעכיקע און ביטערע פּאַקזשיוועס געבריט.

ס'איז שוין געווען גרויסער טאָג, דאָס פייער האָט זיך געלאָשן, און דורך די עטוואָס פון פראָסט געלאָזטע שייבלעך האָט געשלאָגן אַ ווייסלעכע, קאַלטע ליכט פון שניי; אייזיקע, טרויעריקע שטראַלן האָבן זיך איבער די ווינקלען צעשיט און די שטוב אַנטפּלעקט, אַז ז'איז אין איר גאַנצן עלנט שטיין געבליבן.

גאָט מיינער, באַרינעס כאַלופּע האָט דאָך ווי אַ הויף אויסגעזען קעגן דעם לאָך; ווער רעדט פון דער כאַלופּע, אפילו דעם טאַטעס שטאַל איז פּאַסיקער געווען פאַר מענטשן. אַ צעפּוילטער כליוו איז דאָס, נישט קיין הויז; אַ קופּע פון מילבן-צעפרעסענע באַליעס, מושב און צעפּוילט מיסט. קיין איין ברעט נישט אויף דער ערד, אַ ליימענע פּליטע מיט בלויז לעכער, געפרוירענע בלאָטע און איינגעטרעטן מיסט, אַז זאָל זיך נאָר דער קוימען דערוואַרעמען, איז האָט געשלאָגן אַן ערגערער געשטאַנק, ווי פון אַ מיסט-הויפן, און פון דעם זומפּ אַרויס האָבן זיך אויפגעהויבן אויסגעשמירטע, פאַרשטאַרטע, צעפּוילטע ווענט, אַז אַ פייכטקייט האָט זיך פון זיי געגאָסן, און אין די ווינקלען האָט דער פראָסט מיט דער גרויער באָרד געטרייסלט; די ווענט זענען פול געווען מיט לעכער, פאַרשטאָפּטע מיט ליים, און אויף טייל ערטער שטרוי מיט מיסט! און דער נידעריקער פּולאָפּ איז געהאַנגען פּונקט ווי אַן אַלטע צעריסענע זיפּ, אַזוי, אַז ס'איז געווען מער שטרוי, מיט שפּינוועבס פאַרוועבט, ווי ברעטער. בלויז די פאַרשידענע זאַכן און שטוב-כּלים און די פּאָר הייליקע בילדער אויף די ווענט האָבן דעמדאָזיקן עלענט אַ ביסל צוגעדעקט. דער דראָנג ווידער מיט דעם צעהאָנגענעם אָנטון און דער קאַסטן האָבן פאַרשטעלט די צווייגן-פאַרצוימונג, הינטער וועלכע עס האָבן זיך געפונען די בהמות.

האַנקע האָט, כאָטש אפילו פּאַמעלעך, אָבער גאַנץ פלינק זיך אָפּגעפּאַרעט מיטן באַלעבאַטישקייט; ב'אוודאי, אַז קיין סך איז נישט געווען: אַ קו, אַ יאַלאָווקע, אַ חזירל, אַ פּאָר געגדזלעך און הינדלעך, דאָס איז די גאַנצע מעשה, און דאָס גאַנצע רייכטום. ז'האָט אָנגעטון די שקצימלעך, אַזוי, אַז ז'האָבן זיך באַלד איבערגעטראָגן אין פּעדערהויז אַריין זיך צו שפּילן מיט ווערשאָנקעס קינדער. באַלד האָט זיך טאַקע דערטראָגן פון דאָרט אַ געקוויטשעריי און געוואַלדן. זי האָט זיך אַליין אויך איבערגעטון, ווייל סוחרים האָבן געזאָלט קומען, און מ'האָט געדאַרפט גיין אין דאָרף אַריין.

זי האָט זיך טאַקע געוואָלט דורכשמועסן מיטן מאַן און ווי ס'איז זיך באַראָטן פריער וועגן דעם פאַרקויפן, אָבער זי איז נישט דרייסט געווען אָנצוהייבן, וואָרן אַנטעק איז כסדר אַלץ געזעסן פאַרן אויסגעלאָשענעם קוימען, פאַרקוקט ערגעץ, פאַרמרהשחורהט, אַז אַ פחד האָט זי דורכגענומען.

— וואָס איז אים? — ז'האָט אויסגעטון די טרעפּעס, אָבי אים נישט צו רייצן מיטן גערויש, און וואָס אַמאָל אָפּטער מיט אַ שרעקיקער פּילבאַרקייט און אומרו אַ בליק געוואָרפן אויף אים.

— ס'דריקט אים עפּעס, וואָרן ר'איז נישט אַזוי, ווי אַנדערע, ס'דריקט אים עפּעס — האָט זי געטראַכט און אַ שרעקלעכער חשק האָט זי אָנגענומען אַ רעד צו טון מיט אים, אַ פרעג טון, באַדויערן אים. זי האָט זיך שוין געהאַט אָוועקגעשטעלט אין דער זייט, שוין דאָס גוטע וואָרט אין גערירטן האַרץ געהאַט — זי איז אָבער נישט דרייסט געווען. ווי אַזוי זאָל זי דאָס צו אים אַ רעד טון, אַז ער שענקט איר נישט אפילו די מינדסטע אויפמערקזאַמקייט, גלייך ער וואָלט לחלוטין גאָרנישט געזען אַרום זיך! זי האָט מיט ווייטיק אָפּגעזיפצט; ס'איז איר נישט לייכט געווען אויף דער נשמה, ניין — נישט קיין האַניג־זיסקייט האָט זי געפילט אין האַרץ, נאָר אַ ביטערן פּיאָלון! יענעם מייבער, אַנדערש לעבן זיך אַנדערע, כאָטשביק די קאָמאָרניצעס אפילו, און דאָך בעסער. — און דאָ ליגט אַלץ אויף איר קאָפּ, זאָרג וועגן אַלעם, לויף אַרום, באַמי דיך, האָב צרות, און ס'איז נישטאָ צו וועמען אפילו קיין וואָרט אויסצו־

רעדן, נישט פאַר פרעמען צו באַקלאָגן זיך! וואָלט ער זי כאָטש אָנגעשריגן, וואָלט ער זי כאָטש אָנגעהרגעט, וואָלט זי געוווּסט, אַז אין דער כאַלופּע געפינט זיך אַ מאַנספּערשוין, וואָס פילט, נישט קיין האָלץ. און ער — גאָרנישט, טיילמאָל גיט ער דיר אַ בורטשע, ווי אַ בייזער הונט, אָדער גיט אַ קוק, איז גלייך עמעצער וואָלט מיט אַ פראָסט די נשמה אָפּגעגאָסן — נישט מ'קען אַ וואָרט צו אים אויסרעדן, נישט מיט קיין אויפריכטיק האַרץ צו אים צוטרעטן, ווי ס'פירט זיך געוויינטלעך צווישן מאַן און ווייב אָדער אפילו גאָר אין גוט פריינטשאַפט. ס'דען, וועסטן עפּעס זאָגן, וועסט דיך באַקלאָגן פאַרן, אוודאי! וואָס גייט אים אָן אַ נקבה, אַ ווייב — אַזוי פיל נאָר, זי זאָל די שטוב אָפּהיטן, עסן אָפּקאָכן און אויף די קינדערשטשיקעס אַכטונג טון. צי זאָרגט דען דאָס פאַר עפּעס? וועט עס דען דיך אַמאָל אַ צערטל טון, דיר אַ גלעט טון, מיט גוטסקייט אַרומנעמען, פעסט צודריקן, אַ פלוידער טון מיט דיר? ער שטייט נישט נאָך דעם אַלעם, ביין! נאָר ער טראָגט זיך פזדר אַרום פאַרטראַכט, האַלט זיך ווי אַ פרעמדער, אַז ער ווייסט גאָר אפילו נישט וואָס עס טוט זיך אַרום אים! און דו, מענטש, נעם אַליין אויף דיין קאָפּ אַרויף, לייד אַליין, רייס דיך אָפּ, האָב צרות, וועט מען דיר נאָך אפילו מיט קיין גוט וואָרט נישט באַצאָלן!...

זי האָט שוין נישט געקענט מער איינהאַלטן דעם ווייטיקלעכן איבערפלוס פון ביטערקייט, נישט די טרערן, איז זי אַנטלאָפן צו די בהמות, הינטער דער פאַרציִמונג, זיך אָנגעשפּאַרט אָן זשלויב און שטיל געכליפּעט, און ווען די רויטע האָט אָנגעהויבן צו סאַפּען און זי צו לעקן איבערן קאָפּ און איבער די פלייצעס, האָט זי אויפן הויכן קול מיט אַ געקלאָג אַרויסגעזעצט...

— און דו, בהמהלע, וועסט אויך באַלד פעלן, אויך דו... ז'וועלן דאָ באַלד קומען... דיך אויסהאַנדלען... אַ שטריק אויף די הערנער פאַרלייגן... ז'וועלן דיך אַוועקפירן... אין דער וועלט אַריין וועלן זיי דיך אַוועקפירן, שפּייזערין אונדזערע... אין דער ווייטער וועלט אַריין!... — האָט זי געשעפּטשעט, אַרומנעמענדיק זי באַם האַלדז און טוליענדיק די צעווייטיקטע נשמה צו דעם דאָזיקן פילבאַרן באַשעפעניש. זי האָט נישט געקענט איינהאַלטן אין

זיך די זיפצן, נישט דאָס געוויין, ווארן ס׳האָט זיך אין איר אויפ־ געהויבן אַ פּלוצלינגדיקער שטאַרקער שטורם, ניין, אַזוי קען ווי־ טער נישט זיין, די קו וועלן זיי פאַרקויפן, צו עסן איז נישטאָ וואָס, און ער זיצט, קיין אַרבעט זוכט ער נישט, צום דרעשן, כאָטש מען בעט אים, גייט ער נישט, ער וואָלט כאָטש דעם גילדן מיט צוואָנציק גראָשן אַ טאָג פאַרדינט, וואָלט אויף זאַלץ געווען, אויף שמילץ, אַציגד וועט דאָך דאָס קאָפּ מילך אפילו אויספעלן!

— זי האָט זיך אומגעקערט אין שטוב אַריין.

— אַנטעק! — האָט זי שאַרף אַ זאָג געטון, דרייסטער, גרייט אַלץ אַרויסצוזאָגן.

ער האָט אויפגעהויבן אויף איר די שטילע פאַרייטלטע אויגן און אַזוי טרויעריק אויף איר אַ קוק געטון, אַזוי פיל מיט ווייטיק, אַז די נשמה איז איר פאַרשטאַרט געוואָרן, דער כעס איז איר אָפּ־ געפאַלן, און דאָס האַרץ האָט אַ שלאָג געטון מיט רחמנות...

— האָסט געזאָגט, אַז זיי זאָלן קומען נאָך דער קו? — האָט זי שטיל און איסטערליש ווייך אַ זאָג געטון.

— זיי גייען שוין אוודאי, וואָרן די הינט דאָרט אויפן וועג וויען עפעס...

— ניין, אין שיקאַראַס הויף בילן זיי — האָט זי אַרויסקוקנ־ דיק אַ זאָג געטון.

— ז׳האָבן צוגעזאָגט פאַר מיטאָג צו קומען, איז — אָט, אָט זעט מען זיי.

— מ׳מוזן מיר טאַקע פאַרקויפן, האַ?

— ווי דען, מ׳דאַרף האָבן דעם גראָשן, קיין פאַשע פאַר צווי־ ווען סיי ווי נישט סטאַרטשען... מ׳מוז, האַנוש, וואָס קען איך העלפן... אַ שאָד די קו... אמת... אָבער ווער ס׳האָט נישט קיין פּרוטה, האָט קיין מינוט נישט קיין באַרוטע... — האָט ער שטיל געזאָגט און מיט אַזאַ גוטסקייט, אַז האַנקען איז די נשמה צעגאַנ־ גען און דאָס האַרץ האָט אַנגעהויבן צאַפּלען מיט פרייד און מיט האָפנונג; זי האָט אים, ווי אַ געטרייער און געהאַרכזאַמער הונט, אין די אויגן אַריין געקוקט, אַז ס׳איז איר שוין אין דער רגע נישט קיין שאָד געווען, נישט די קו, נישט גאָרנישט, זי האָט נאָר

אויפמערקזאַם אָן אויפהער געקוקט אין דעמדאָזיקן ליבן פּנים אַריין, און זיך צוגעהערט צו דער שטימע, וואָס האָט ווי אַ בייער איר האַרץ דורכגענומען און זי מיט אַ גוטסקייט און גערירטקייט דערוואַרעמט.

— אמת, אַז מ׳דאַרף. די יאַלאָווקע וועט איבערבלייבן, ז׳וועט זיך אָפּקעלבן אַרום האַלב פאַסט, וועלן מיר זיך נאָך ווי ס׳איז דערווארטן אויף דעם קאַפּ מילך — האָט זי איבערגעחזרט, אַבי ער זאָל ווייטער רעדן.

— און אַז ס׳וועט פאַרפעלן פאַשע, וועט מע צוקויפן.

— און האָבער־ברויט, וואָרן קאָרנס וועט ביז וויאָסנע סטאַרטשען. טאַטע, עפּנטס אויף ב׳קאָפּיעץ, מ׳דאַרף אַ קוק טון, צי די קאַרטאָפליעס זענען נישט פאַרווייעט געוואָרן.

— זיצט, ס׳אַ צו שווערע אַרבעט פאַר ענק, איך וועל אויפקאָפּען.

ר׳האָט זיך אונטערגעהויבן, אַראָפּגעוואָרפן דעם פּעלץ, מיטגענומען אַ לאָפּעטע און אַרויסגעגאַנגען פאַרן הויז.

דער שניי איז געווען כמעט גלייך מיטן דאַך, וואָרן ס׳הויז איז געשטאַנען אויפן ווינט, כמעט היגטערן דאָרף, אַ שפּאָר שטיק פון וועג, און איז נישט פאַרשטעלט געווען, נישט מיט קיין פּלויט, נישט מיט קיין סאָד. אַ פּאָר ווילדע, פאַרקרומטע קערשן־ביימלעך זענען געוואַקסן פאַר די פענסטער, אָבער זיי זענען אַזוי פאַרשיט געווען, אַז נאָר די צווייגן האָבן, ווי פאַרדרייטע פינגער נאָך אַ קרענק, פון שניי אַרויסגעשטאַרט. פון פאַר די פענסטער אַוועק האָט דער אַלטער נאָך פאַרטאָג דעם שניי אָוועקגעקאָפּעט, דעם קאָפּיעץ מיט די קאַרטאָפליעס אָבער האָט עס אַזוי פאַרשיט, אַז מ׳האָט אים פון שניי נישט אַרויסגעזען.

אַנטעק האָט זיך פעסט גענומען צו דער אַרבעט, וואָרן שניי איז געווען איבער אַ פויער די הייך, און כאָטש ער איז פריש געווען, האָט ער זיך שוין אָבער געהאַט אָפּגעלעגן און פאַרשטייפט געוואָרן, אַז מ׳האָט אים געדאַרפט ווי ציגל שניידן: ער האָט זיך טאַקע גשקשהדיק דערשוויצט, איידער ר׳האָט דעם שניי אָפּגע

וואָרפן, פונדעסטוועגן האָט ער געאַרבעט מיט חשק און איז געווען
גוט אויפגעלייגט, וואָרן ער האָט אַלע מאָל אַ וואָרף געטון אַ באַ=
לעם שניי אויף די קינדער, וואָס האָבן פאַר דער שוועל אַרומגע=
שטיפט. נאָר מאָמענטנווייז, ווען ער האָט זיך דערמאַנט אָן די
אַמאָליקע ליידן, זענען אים די הענט פאַרשטאַרט געוואָרן, ער האָט
אויפגעהערט צו אַרבעטן, אָנגעשפּאַרט זיך מיטן רוקן אָן דער וואַנט
און די אויגן איבער דער וועלט געפירט. ער האָט אָפּגעזיפצט און
ווידער מיט דער נשמה געבלאָנדזשעט, ווי דאָס פאַרלוירענע שעפּסל
אין אַ פינצטערער נאַכט. און דער טאָג איז געווען אַ פאַרכמורע=
טער, אַ גרוילעכער, און דער אָפּגעווייסטער הימל איז געהאָנגען
נידעריק, די שנייען האָבן זיך אויסגעבעט ווי אַ דיקער, פוכיקער
פעלץ און זענען געלעגן, ווי ווייט ס'אויג האָט נאָר געקענט דער=
גרייכן, אין אַ בלוילעכער און טויבער, טויטער אויסגעשפּרייטקייט;
די נעפּלדיקע און מיט פּראָסטיקן טוי דורכגענומענע לופט, האָט די
גאַנצע וועלט ווי אין אַ געוועב איינגעהילט; און ווייל ביליצעס כאַ=
לופּע איז געשטאַנען כמעט ווי אויף אַ בערגל, האָט מען דאָס גאַנ=
צע דאָרף ווי אויף דער האַנט געזען, שורות קאָפּצעס און שניי=
יקע קרעטן=בערגלעך זענען איינס לעבן ס'אַנדערע געזעסן און ווי
מיט אַ לענגלעכדיקן קראַנץ דעם מיט שניי פאַרשיטן סטאַוו אַרומ=
גענומען, קיין גאַנצע כאַלופּע האָט מען אין ערגעץ אַרום נישט גע=
זען, אַלע זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן אונטערן שניי. ווו=נישט=ווו
נאָר האָבן זיך וועגט פון שייערס געשוואַרצט, רויטלעכע, טאָרפיקע
רויכן האָבן זיך געקנוילט, ביימלעך האָבן זיך אונטער די שניי=
היטלען געגרויזט, און די שטימען האָבן זיך שאַרף איבער דער
ווייסקייט צעטראָגן, זענען געלאָפן פון איין עק דאָרף ביזן צווייט,
און אַ מאַנאָטאָן קלאַפּן פון צעפּעס האָט טויב געפּויקט, ווי פון אונ=
טער דער ערד אַפּער. די וועגן זענען געלעגן פּוסט און פאַרשיט,
און אויף די פאַרשנייטע פעלדער האָט קיין שום לעבעדיק באַ=
שעפעניש נישט קיין שימער געטון, נאָר די אומגעהייערע ווייסע
און טויטע ליידיקייט איז אין די שנייען פאַרגליווערט געווען. די
פאַרנעפּלטע ווייטקייטן זענען אַזוי פאַרטרונקען געוואָרן, אַז מען
האָט דעם הימל פון דער ערד נישט געקענט אונטערשיידן, נאָר

וואָס די וועלדער האָבן קוים פון אונטער אַ בעלמע אָפּערגעבלויט, גלייך אַ וואָלקן אָפּגעלט דאָרט געהאָנגען.

נאָר אַנטעק האָט לאַנג נישט געבלאָנקעט איבער דער שניי־יקער פוסטקייט. ער האָט ווידער די אויגן צום דאָרף געווענדט, צום פּאַטערס כאַלופּע געאיילט, האָט אָבער נישט באַוויזן אפילו אַ כראַכט צו טון, וואָרן האַנקע איז אין קאַרטאָפל־גרוב אַרייַנגעקראָכן און פון דאָרט אַרויסגעשריגן:

— זיי זענען נישט פאַרפרוירן געוואָרן! די וואַכניקס האָט דער ווינט אַזוי דורכגעפרוירן, אַז זיי האָבן געמוזט אפשר אַ האַלבן גרוב קאַרטאָפל צונעמען פאַר די חזירים צום פּאַשען, און אונדזערע זענען געזונט.

— זייער גוט. גיי נאָר אַרויס, דאַכט זיך, אַז די יידן גייען! מ'דאַרף די קו פאַרן הויז אַרויספירן.

— ב'אוודאי, אַז די יידן און נישט קיין אַנדערע. אוודאי, אַז די פאַרשטונקענע — האָט זי מיט כעס אויסגערופן.

פון דער קרעטשמע האָבן זיך טאַקע מיטן וועגל, וואָס איז אינגאַנצן פאַרשיט געוועזן מיט שניי און קוים באַצייכנט מיט סטאַכס טרעפּעס, געקאָפּעט צוויי יידן, און כמעט אַ האַלב דאָרף הינט האָבן זיך טאַקע מיט אַ גרויסער פרייד און געבילערייַ געיאָגט נאָך זיי, און אַזוי פאַרביסן זיך געוואָרפן אויף זיי, אַז אַנטעק איז זיי אַזש אַקעגן אַרויסגעגאַנגען און פאַרטיידיקט זיי.

— וואָס מאַכט עץ, נו! מ'האָבן מיר זיך פאַרשפּעטיקט, וואָרן ס'איז אַזעלכע שנייען, אַזעלכע שנייען! נישט אַדורכצוגיין, נישט אַדורכצופאָרן, צ'ווייסט? — און אין וואַלד אַרבעט מען שוין באַ שאַרוואַרק, מען קאָפּעט אַ וועג דורך.

ער האָט זיך גאָרנישט אָפּגערופן אויף זייער רעדן, נאָר אין שטוב זיי אַרייַנגעפירט, כדי זיי זאָלן זיך אַ ביסל דערוואַרעמען.

האַנקע ווידער האָט דערווייל דער קו אָפּגעריבן די אויסגעמיסטיקטע זייטן, אָפּגעמאָלקן די מילך, וואָס האָט זיך איר דאָרט פון אינדערפרי אָן געהאַט אָנגעזאַמלט און זי דורכגעפירט דורך דער שטוב אין דרויסן אַרויס. די קו האָט זיך אייַנגעשפּאַרט, איז געגאַנגען

אָן חשק, און אַריבערטרעטנדיק די שוועל, אויסגעצויגן די מאָרדע, געשמעקט, דאָ האָט זי דעם שגיי אָנגעהויבן אויסצולעקן, ביז זי האָט נישט צו וויסן פונוואַנען און פון וואָס, אַ לאַנגן ריטש געטון, שטיל און יעמערלעך, און האָט זיך אַזוי געריסן פון שטריקל, אַז דער אַלטער האָט זי קוים איינגעהאַלטן.

האַנקע האָט דאָס שוין נישט געקענט איבערטראָגן, אַ שרעקלעכע ווייטיק האָט זי דורכגענומען און אַזוי געעגבערט, אַז זי האָט אַזש אַ זעץ אַרויס געטון מיט אַ געוויין, און נאָך איר אויך די קינדער, אָנטשעפּענדיק זיך אָן דער מאַמעס וועלביאַק, האָבן אַרויסגעזעצט מיט אַ געשריי און געקלאָג. — אַנטעק איז אויך נישט פרייליך געווען, ניין, ער האָט נאָר פאַרהאַקט מיט די ציין, אָנגעשפּאַרט זיך אָן דער וואַנט און געקוקט אויף די קראָען, וואָס זענען זיך צוזאַמענגעפלויגן אויף דעם אַרויסגעקאָפּעטן שניי פון גרוב, און די האַנדלאַזשעס ווידער האָבן געפּלאַפּלט צווישן זיך און אָנגעהויבן די קו אַרומצוטאַפּן און באַטראַכטן פון אַלע זייטן.

פאַרשטייט זיך, אַז די אַנטעקס איז געוואָרן אויף די הערצער, אַזוי ווי צו אַ לוויה, אַז זיי האָבן זיך אַזש אוועקגעדרייט פון דער בהמה, וואָס האָט זיך נעבעך בחנם געוואָרפן אויפן שטריק, אומזיסט אויסגעדרייט צו די באַלעבאַטים די אַרויסגעסטאַרטשעטע און צעשראָקענע אויגן, אומזיסט טויב געריטשעט.

— יעזו... דערויף האָב איך דיך, קועלע, געפּאַשעט, דערויף האָב איך מיך געמיט, דערויף האָב איך געזאָרגט פאַר דיר... אַז מ'זאָל דיך צו דער שחיטה אָוועקפירן... אויף אומצוברענגען... — האָט האַנקע געקלאָגט, האַקנדיק מיטן קאָפּ אָן דער וואַנט, און די קינדער האָבן אויך אונטערגעהאָלפן מיט אַ געוויין.

אָבער בחנם איז דאָס יאָמערן און וויינען, אומזיסט, וואָרן דעם מענטשלעכן מוז וועסטו נישט בייקומען, דאָס מזל נישט באַזיגן, נישט דאָס וואָס, דאַרף געשען...

— חיפיל ווילט עך? — האָט ענדלעך דער עלטערער, גרויער ייד אַ פרעג געטון.

— דריי הונדערט גילדן.

— דריי הונדערט גילדן, פאַר דער שטשערוועטשיגע! עך, אַנטעק, זענט הלילה קראַנק, צי וואָס?

— ווען קיין שטשערוועס זאָלסטו מיר דאָ אויף איר נישט פּיסקעווען, זאָלסט נישט כאַפּן אַמאָל אַ כּסך! קוקסט אים אָן, אַ יונגע קו, קוים אין פינפטן יאָר ערשט, אויסגעפּאַשעט — האָט האַנ־קע געוואַלטעוועט.

— שאַ... שאַ... אין האַנדל טאָר מע נישט בייזן זיין אי־בער קיין וואָרט דאָרט... צ׳נעמט דרייסיק רובל?

— איך האָב מיר מיינס געזאָגט!

— און איך זאָג מיינס, איין און דרייסיק... נו, איין און דרייסיק און אַ האַלבס... נו, צוויי און דרייסיק — גיטס אַהער די האַנט... נו, צוויי און דרייסיק און אַ האַלבס... אָפּגע־מאַכט!

— איך האָב שוין געזאָגט.

— ס׳לעצטע וואָרט, דריי און דרייסיק! נישט, איז נישט! — האָט דער יונגערער פלעגמאַטיש געזאָגט און אַ קוק געטון אויף זיין שטעקן, און דער עלטערער האָט פאַרקנעפּלט דעם כאַלאַט.

— פאר אזא קוטשיסקאַ... טאַטש האָטס כאָטש פאַר גאָט מורא, מענטשן... אַ קו, ווי אַ שטאַל, די בלויזע פעל איז דאָך ווערט אַכשר צען רובל... פאַר אַזאַ קוטשיסקאַ... שווינדלערס, קריסטוס־מערדער... — האָט דער אַלטער געקרעכצט, פאַטשענדיק די קו, נאָר קיינער האָט קיין אכט נישט געלייגט אויף אים.

די ייִדן האָבן אָנגעהויבן עקשנותדיק זיך צו דינגען. אַנטעק אָבער האָט זיך אויף פעסט געהאַלטן באַ זיינס, ער האָט עפּעס וואָס באַכגעלאָזט, אָבער נישט צו פיל, וואָרן איבדעראַמתן, איז די קו אַ סך מער ווערט געווען, און ווען ער זאָל אַזוי אויף וויאַסנע און דערצו זי אַ באַלעבאָס פאַרקויפן, וואָלט ער פופציק רובל געקריגן ווי גאָרנישט. — אָבער ווו דער מוז טרייבט, דאָרט ציט די בויט באַ די אָרטשיקעס — די ייִדן האָבן דאָס גאַנץ גוט געוווּסט, און כאָטשיק זיי האָבן וואָס אַמאָל העכער געגעוואַלטעוועט, און וואָס אַמאָל היציקער, אין אַנטעקס האַנט אַריין אויף אַ „זגאָדע״ געקלאַפּט,

האָבן זיי דאָך אַלעמאָל פּיל־ווייניק עפּעס צוגעוואָרפֿן, העכסטנס צו האַלבע רובלס...

ס'האָט שוין געהאַלטן דערבײַ, אַז זיי זענען בײַז אַוועקגע־גאַנגען, האַנקע האָט שוין די קו צוריק הינטער דער פֿאַרצוימונג אַרונטערגעצויגן און אַפֿילו אַנטעק האָט זיך שוין געהאַט צעבייזערט און איז גרייט געווען אָפּצוהאַקן פֿון פֿאַרקויפֿן, אָבער די סוחרים האָבן זיך אומגעקערט, און ווי זיי האָבן זיך דיר דאָס אַ גאַנצן געטאָן שרייען, האַנדעליען, און שווערן זיך, אַז מער געבן קענען זיי נישט, און קלאַפּן אין דער האַנט אַריין, און די קו נאָכאַמאָל אַרומצו־נישטערן, אַזוי, אַז ס'איז אָפּגעמאַכט געוואָרן פֿאַר פֿערציק רובל און צוויי גילדן שטריק־געלד פֿאַר בילעצן.

זיי האָבן באַלד אויף דער האַנט אויסגעצאָלט; דער אַלטער האָט זיי נאָכגעפֿירט די קו ביזן שליטן, וואָס האָט געוואַרט פֿאַר דער קרעטשמע, האַנקע מיט די קינדער ווידער האָבן באַגלייט די רויטע ביז אויפֿן וועג אַרויס, און אַלעמאָל איר אַ גלעט געטאָן אי־בער דער מאָרדע, דאָ זיך אָנגעשפּאַרט אָן איר און זיך נישט גע־קענט אָפּרייסן פֿון דער בהמה, נישט בכּוח געווען אײַנצושטילן די פֿאַרביטערונג און ווייטיק אין זיך...

זי איז נאָך אויפֿן וועג שטיין געבליבן אַ קוק צו טון נאָכ־אַמאָל אויף איר, און פֿון גאַנצן האַרץ אויסגערעדט אויף די אומ־געשמדטע געלע ייִדן!

אַזאַ קו צו פֿאַרלירן, איז קיין וווּנדער נישט, וואָס דער פֿוי־ערטע האָט זיך די לעבער מיט נקמה אָנגעצונדן.

— גלייך מ'וואָלט עמעצן פֿון דער כאַלופּע אויפֿן צמענטאַרזש אַרויסגעפֿירט, אַזוי פּוסט איז — האָט זי אויסגערופֿן, ווען זי האָט זיך אומגעקערט, און אַלע ווײַלע אַרונטערגעבליקט הינטער דער ליידיקער פֿאַרצוימונג, דאָ האָט זי דורכן פֿענסטער אַרויסגעקוקט אויף דער אויסגעטרעטענער סטעזשקע, וואָס איז באַצייכנט געווען מיט צואה און סמנים פֿון די קאָפּיטעס, און פֿון צייט צו צייט אַרויסגעזעצט מיט אַ געוויין און קלאָגערײַ.

— וואָלסט שוין אַמאָל אויפֿגעהערט, און דאָס וועט דיר נישט מער נאָר ווי אַ קאַלב בעטשען און בעטשען — האָט אַנטעק אַ גע־

שריי געטון, זיצנדיק פאַרן צעלייגטן געלט אויפן טיש.

— ווען ס'קוואַרט נישט, דעם אַרט נישט. ס'האָט דיך נישט געאַרט די גויס, ווען ד'האָסט די קו געזומאַרגעוועט און די יידן אויף צו שעכטן זי אַרויסגעגעבן!

— ס'דען, נאַר כ'וועל מיך צערייסן אַוודאי, און דיר פון די קישקעס געלט אַרויסלאָזן, האַ?

— ווי די לעצטע קאָמאַרניקעס זענען מיר איבערגעבליבן, ווי די דזשאַדעס, נישט דאָס קאָפּ מילך, נישט קיין שום נחת! אָט אַזוי האָב איך מיך אַרויפגעאַרבעט אויף מיין אייגנס, אַזוי! יעזוס מייבער, מיין יעזוס! אַנדערע מיען זיך, ווי די אָקסן אַקערן זיי, און קויפן נאָך עפּעס צו גיין שטוב אַריין, און דאָס פאַרקויפט דיר די לעצטע קו, וואָס כ'האָב פון טאַטען געקריגן... אַצינד וועט שוין אינגאַנצן פון אַלעם אַ תל ווערן, אינגאַנצן אַ תל ווערן! — האָט זי צעמישט געשריגן.

— ריטשע, וועט עס דיר — נו, פון קאָפּ אָפּציען, וואָס פאַר אַ נאַר דו ביסט און האָסט נישט קיין פּיצל שכל! נאַדיר געלט, צאָל אָפּ, ווו דו ביסט שולדיק, קויף וואָס דו דאַרפסט און די רעשט באַהאַלט! — ער האָט איר אונטערגערוקט אַ קופּקעלע געלט, און אַ פאַפירענעם פינפער רובל האָט ער באַהאַלטן אין בייטל אַריין.

— נאָך וואָס טויג ד ר אַזוי פיל געלט?

— נאָך וואָס! מיטן בלויזן שטעקעלע וועל איך נישט גיין.

— וווהין קלויבסטו דיך דען דאָס!

— אין דער וועלט אַריין, כ'וועל זוכן ארבעט, פוילן דאָ וועל איך נישט!

— אין דער וועלט אַריין! אומעטום גייען די הינט באָרוועס, אומעטום האַקט דער ווינט דעם אָרימאַן אין פּנים אַריין! אַליין וועל איך דאָס בלייבן, האַ? — האָט זי, אַליין נישט ווויסנדיק, העכער דאָס קול אויפגעהויבן און דראָענדיק זיך צוגערוקט צון אים, אָבער ער האָט נישט געלייגט קיין אַכט דערויף, — האָט זיך דעם פעל אָנגעטון, מיטן פּאַסעק אַרומגעפּאַסעוועט און דאָס היטל מיטן בליק אַ זוך געטון.

— באַ קיין פויערן אַרבעטן וועל איך נישט, כ'זאָל וויסן אפילו אויסצוגיין, וועל איך נישט! — האָט ער אַ זאָג גע־טון!

— דער אָרגאַניסטער דאַרף האָבן צום דרעשן!

— ס'דען, אַ נבלה איינער, אַזאַ קאַלב, וואָס בעטשעט דיר נאָד אין כאָר, און קוקט די באַלעבאַטים אין דער גאָרשטש אַריין און לעבט נאָר פון דעם, וואָס ער בעטלט אויס, אָדער ציגיינערט אויס — צו אַזעלכן וועל איך אויף קיין אַרבעט נישט גיין.

— ווער ס'האָט קיין חשק נישט צו זייען, וויסט זיך שטענ־דיק ווי אויסצודרייען!

— דערציי̆ל מיר נישט קיין מעשיות! — האָט ער מיט כעס אַ געשריי געטון.

— כ'זאָג דיר דען אַמאָל עפּעס, כ'בין דיר שוין אַמאָל צו לאַסט געווען, טאַטש דו טוסט דאָך, וואָס דו ווילסט נאָר!

— כ'וועל גיין אין די הייף אַריין — האָט ער ווידער רויִק געזאָגט — כ'וועל מיר וועגן אַ שטעלע געוויר ווערן, אפשר וועל איך פון די חגאות אָן קריגן, אפילו אַלס אַ פעלד־אַרבעטער וועל איך אויך גיין, אַבי דאָ נישט צו שטינקען און כסדר די עוולות פאַר די אויגן צו האָבן, וואָרן כ'וועל עס נישט אויסהאַלטן. כ'האָב עס שוין גענוג, גענוג פאַר מיר דאָס מענטשלעכע רחמנות און דאָס קוקן אויף מיר, ווי אויף אַ פאַרשיווע הונט... אין דער וועלט אַריין אַוועק, ווו די אויגן וועלן טראָגן, אַבי נאָר וואָס ווייטער... אַבי נאָר וואָס גיכער!... — האָט ער אָנגעהויבן שרייען און אויפרעגן זיך.

האַנקע איז פאַר שרעק אַזש אָפּגעשטאָרבן און שטיין גע־בליבן אָן באַוועגונג; זי האָט אים פאַר אַזעלכן נאָך נישט געקענט.

— בלייב געזונט, אין אַ פאָר טעג אַרום קום איך צוריק.

— אַנטעק! — האָט זי פאַרצווייפלט אַ געשריי געטון.

— וואָסי? — פון פעדערהויז שוין האָט ער זיך אומגעקערט.

— זשאַלעוועסט אַפילו אַ גוט וואָרט... אַפילו אַ...

— וואָסי, כ'על מיך מיט דיר צעצקען, אפשר פירן אַ ליבע!

ב׳האָב נישט קיין קאָפּ דערצו — ער האָט אַ זעץ געטון מיט דער טיר און אַוועקגעגאַנגען.

ער האָט זיך אונטערגעפּײפט צווישן די ציין, אָנגעשפּאַרט זיך אויפן שטעקן און מונטער געגאַנגען, אַזש דער שניי האָט אונטער די פיס געסקריפּעט, ער האָט זיך אומגעקוקט אויף דער כאַלופּע. האַנקע איז געשטאַנען הינטער דער וואַנט און באַגאָסן זיך מיט טרערן, און דורכן צווייטן פענסטער האָט אַרויסגעקוקט ווראַנקאַ.

— אַ שטשערווע, בעטשעט און בעטשעט — צו דעם נאָר האָט זי שכל! — אין דער וועלט אַריין! אין דער וועלט אַריין! — האָט ער געשעפּטשעט און זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, געלאָפן מיט די אויגן איבער די פּאַרפּראַסטיקטע שנייִקע ווייסקייטן! ס׳האָט אים געצויגן עפּעס אַ בענקשאַפט, געשטופּט אים, געטריבן פּאָרויס, אַז ער האָט אַזש מיט אַ פרייד וועגן אַנדערע דערפער, וועגן בייַע מענטשן און וועגן אַ ניי לעבן געטראַכט. אומגעריכט איז אים דאָס געקומען, פון זיך אַליין איז עס אים אַראָפּגעפאַלן, און ס׳האָט אים פּלוצלינג אַזוי אַ ריס געטון, פונקט ווי אַ פּלייצנדיק וואַסער רייסט אַ שוואַך ביימעלע מיט, אַז מ׳קען זיך דעם גאָרנישט אַקעגנשטעלן, נישט זיך אומקערן. דער גורל האָט אים אין דער וועלט אַריין געוואָרפן.

נאָך מיט אַ שעה צוריק האָט ער נישט געטראַכט אפילו, אַז ר׳וועט גיין, נישט געוווּסט אפילו. אַליין איז עס געקומען, פון דער וועלט, מיטן ווינט אוודאי האָט דער חשק אַ ווייע געטון, און דאָס האַרץ אים צעגליט מיט אַ נישט אייַנגעהאַלטענעם פאַרלאַנג צו אַנטלויפן. יאָ טאָג־אַרבעט, נישט טאָג־אַרבעט, אַבי נאָר אַוועק פון דאַנען... העי! ער וואָלט ווי דער פויגל אַוועקגעפלויגן, אין דער ווייטער וועלט אַריין וואָלט ער זיך געטראָגן, איבער וועלדער, איבער דער אומענדלעכער ערד... ב׳אוודאי, וואָס דאַרף ער דאָ אויסגיין, וואָס וועט ער זיך דאָ דערוואַרטן? די אַלע זכרונות האָבן אים שוין דורכגעפרעסן, אַז די נשמה איז שוין ווי אַ שפּאָן אויסגעטרוקנט געוואָרן, און וואָס האָט ער דערפון?... דער גלח איז גערעכט, ער האָט אים גוט אויסגעלייגט, אַז אין אַ סאַנד מיטן טאַטע

וועט ער גאָרנישט געווינען, און ר'וועט נאָך אַ שפּאָר ביסל געלט צולייגן. און מיט דער נקמה וועט ער צווואַרטן אויף אַ פּאַסיקערער צייט, אויף אַ פּאַסיקערער ; ס'איז דיר נאָך נישטאָ דער, וועמען כ'זאָל שענקען מיינס אַן עוולה... און אַצינד איז נאָר גיין פּאָרויס, ווו ס'זאָל נישט זיין, אַבי וואָס ווייטער פון ליפּצע...

— וווהין גייט מען דאָס צו אַלעם ערשט?...

ער איז שטיין געבליבן באַם אויסבייג פון טאָפּאָלן־וועג, און עטוואָס וואַקלענדיק זיך, זיך אומגעקוקט אויף די אין נעפּל פּאַרפּאַלענע פעלדער, אַ קעלט האָט אים דורכגענומען, אַזש ר'האָט אַ צאָן אין אַ צאָן געקלאַפּט און געשוידערט אינגאַנצן.

— דורכן דאָרף און מיטן וועג הינטער דער מיל וועל איך גיין. — ער האָט זיך שנעל אַנטשלאָסן, און אָפּגעדרייט צום דאָרפצו, ער איז אָבער נאָך נישט געהאַט אָפּגעגאַנגען קיין האַלבע סטאַיע אפילו, ווי ער האָט זיך געמוזט אָפּרוקן אָן אַ זייט, אונטער די טאָפּאָלן אַרונטער — אינמיטן וועג, גלייך אויף אים אַרויף איז עפּעס אַ שליטן שנעל און מיט אַ געקלינגערײ אין אַ וואָלקן פון שניישטויב געפלויגן.

געפאָרן איז באָרינע מיט יאַגושען, ער אַליין האָט אָנגעטריבן, די פערד האָבן געריסן פון דער קאָפּיטע אַוועק, אַוועקטראָגנדיק דאָס שליטן־קעסטל ווי אַ פעדערל, און דער אַלטער האָט נאָך דערצו מיט דער בייטש אונטערגעשמירט, צוגעאײַלט און מיט אַ געלעכטער גערעדט עפּעס. יאַגוש האָט אויך הויך גערעדט, אָבער דערזעענדיק אַנטעקן, האָט זי מיטאַמאָל אָפּגעהאַקט, און זיי האָבן זיך ביידע אויף אַן אויגנבליק איינגעזויגן מיט די אויגן אייבער אין אַנדערן, אויף דעם איינעם אויגנפינקל נאָר, און האָבן זיך צעטראָגן אין צוויי פאַרשידענע זייטן. דער שליטן האָט זיך שנעל דורכגעגליטשט און דערטרונקען געוואָרן אין שניי־שטויב, אָבער אַנטעק האָט זיך פון אָרט נישט גערירט, ער איז אינגאַנצן פאַרשטיינערט געבליבן, און כסדר נאָכגעקוקט... טײלמאָל האָבן זיי אַ טויך אויף געטון פון דער שנייִקער ווייסקייט, דאָ האָט יאַגושעס וועלניאַק זיך אַ טרייסל געטון, דאָ האָבן די גלעקלעך זיך שטאַרקער צעקלונגען און זענען פאַרלוירן געגאַנגען, פאַרפאַלן געוואָרן.

ווי זיי וואָלטן איבער דער ווייסקייט געאיילט... אונטערן דאַך פון די באַפראָסטיקטע צווייגן, וואָס האָבן צונויפגעפלאָנטערטערהייט ווי אַ געוועלב געשאַפן, ווי אַ הייל אין שניי דורכגעהאַקט, און אונטערגעשפאַרט מיט די שוואַרצלעכע שטאַמען פון די טאָפאָלן, וואָס זענען פון ביידע זייטן וועג געשטאַנען איינגעבויגענערהייט, ווי זיי וואָלטן זיך געבויגן פון שווערן, מאַטערנדיקן גאַנג באַרג-אַרויף...

ער האָט כסדר זיך איינגעקוקט אין אירע אויגן, זיי זענען געשטאַנען פאַר אים, זיי האָבן געפינקלט אין שניי, ווי די בייע בלימעלעך, אויפן וועג זענען זיי אויסגעוואַקסן, אומעטום, און האָבן געקוקט צעשראָקענע און טרויעריקע, פאַרוווּנדערטע און גלייכצייטיק פריילעכע, דורכנעמענדיקע און מיט אַ ברענענדיק פייער צעגלאַנצטע.

די נשמה האָט זיך אים אויסגעלאָשן, זיך פאַרנעפלט, גלייך ווי אַ ווייסער פראָסט וואָלט אים אינגאַנצן צוגעדעקט און דורכגענומען, אַז נאָר די בלויע אויגן אַליין האָבן אין אים העל געלויכטן. ער האָט אַראָפגעהאָנגען דעם קאָפ און פאַמעלעך זיך אַוועקגעשלעפט, האָט זיך אומגעדרייט איין מאָל און ס'צווייטע מאָל, אָבער מ'האָט שוין גאָרנישט געזען אונטער די טאָפאָלן, טיילמאָל נאָר האָט אַ גלעקל אין דער ווייטקייט אָפגעקלונגען און אַ שניי-שטויב האָט אַ בלענד געטון.

ער האָט אָן אַלעם פאַרגעסן, ווי ער וואָלט פלוצלינג די נשמה פאַרלוירן, דער זכרון איז אים אָפגענומען געוואָרן, ער האָט זיך ראַטלאָז אומגעקוקט, נישט וויסנדיק וואָס אָנצוהייבן... וווהין צו גיין... וואָס איז געשען?... — גלייך ער וואָלט וואַכעדיקערהייט אין אַ חלום פאַרזונקען און נישט געקענט זיך אויפכאַפן.

כמעט נישט וויסנדיק וואָס ער טוט, האָט ער זיך אין דער קרעטשמע אַריין אָפגעדרייט, אויסמיידנדיק עטלעכע שליטנס, וואָס זענען פול געווען מיט מענטשן, אָבער ער האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעקוקט, האָט ער דאָך קיינעם נישט דערקענט.

— וווהין וואַליען זיי דאָס אַזאַ מחנה? — האָט ער אַ פרעג געטון יאַנקעלן, וואָס איז אויף דער שוועל געשטאַנען.

— אין סאָנד אַריין. די ספראַווע מיטן הויף וועגן דער קו,

ווען אָנהרגענען די פּאַסטוכער איז דאָס! מיט די עדות פאָרן זיי, און באַרינע איז געפאָרן פאָרויס.

— ז'וועלן געווינען?

— פאַרוואָס האָבן זיי צו פאַרשפּילן! דעם פּריץ פון וואָליע באַשולדיקט מען, דער פּריץ פון רודקי משפּט, טאָ איז פאַרוואָס זאָל דער פּריץ האָבן צו פאַרשפּילן? און מענשטן וועלן זיך א ביסל דורכפאָרן, דעם וועג דורכרייבן, פאַרווײַלן זיך — אין שטאָט דאַרפן דאָך אונדזערע אויך עפּעס לייזן. אַלע וועלן צו ביסלעך געווינען, אַלע.

אַנטעק האָט זיך נישט צוגעהאָרכט צו זײַנע ווײַצן, געהייסן זיך דערלאַנגען אַקעוויט, זיך אָנגעשפּאַרט אין שענקפּאַס און גע־שטאַנען אַזוי פאַרקוקט פאַר זיך, כמעט ווי אומבאַוווּסטזיניק, אפשר א גוטע שעה, נישט אָנרירנדיק אפילו דאָס גלעזל.

— ענק איז עפּעס?

— אי... וואָס זאָל מיר דאָרט זיין... — לאָזט מיך אַריין אין אַלקערזש.

— מ'קען נישט, דאָרטן זיצן סוחרים, גרויסע סוחרים, ד'האָבן דאָס צווייטע שטיק וואַלד צום האַקן פון פּריץ אָפּגעקויפט, דאָס איז אויף די וועלפן־גריבער, איז דאַרפן זיי האָבן רו, און אפשר שלאָפן זיי גאָר.

— איז וועל איך די פאַרכעס באַ די בערד אַרויסציִען און אויפן שניי אַרויסשיטן — האָט ער אַ געשריי געטון און אַ היציקער זיך צום אַלקערזש אַ וואָרף געטון, אָבער ער האָט זיך פון דער טיר אומגעקערט, צוגעצויגן דאָס פלעשל און זיך הינטערן טיש, אין דעם פינסטערן ווינקל אַריינגעזעצט.

פוסט איז געווען אין קרעטשמע און שטיל, נאָר וואָס די יידן האָבן אויף זייער לשון עפּעס פון מאָל צו מאָל אַ געשריי גע־טון, אָדער ס'איז עמעץ אויף אַ גלעזל אַריינגעקומען, אויסגעטרונ־קען און זיך אָפּגעטראָגן.

דער טאָג האָט זיך שוין אויף דער אַנדערער זייט איבער־געקאָלערט, און אַ פראָסט האָט אויך גענומען נעמען, וואָרן די שליטן־שטאַנגען האָבן געסקשיפּעט אויפן שניי, און אַ קעלט האָט אין דעו

קרעטשמע געבלאָזן. אַנטעק אָבער איז געזעסן, פּאַמעלעך געטרונקען, ווי ער האָלט זיך עפּעס איבערגעלייגט, און האָט לחלוטין נישט געוווּסט, וואָס עס איז אים און אַרום אים געשען.

ער האָט געטרונקען אַ קוואַרטירל נאָך אַ קוואַרטירל, און יענע אויגן האָבן זיך כסדר אַלץ געבלויט פאַר אים, אַזוי נאָענט געווען, אַזוי נאָנט, אַז ר'האָט זיי כמעט מיט די איגן-לעדלעך אָנגערירט; ר'האָט אויסגעטרונקען אַ דריטס... זיי זענען אַלץ העלער געוואָרן, נאָר ז'האָבן זיך אָנגעהויבן דרייען, וואַקלען זיך און איבער דער קרעטשמע זיך ווי די פייערלעך אַרומטראָגן. אַ פּראָסט האָט אים פאַר שרעק דורכגענומען, ער איז אויפגעשפּרונגען, אַ זעץ געטון מיטן פלעשל אָן טיש, אַזש ס'איז אויף פיצלעך צעשפּריצט געוואָרן און צו דער טיר זיך געלאָזט גיין.

— באַצאָלטס! — האָט יאַנקעל געשריגן, פאַרלויפנדיק אים דעם וועג. — באַצאָלטס, איך וועל ענק נישט באָרגן.

— טרעט אָפּ, הינטיש בלוט, דו ייד, וואָרן כ'וועל דיך דערמיתן! — האָט ער מיט אַזאַ קראַפט אַ ריטש געטון, אַז דער ייד איז אַזש בלאַס געוואָרן און אייליק זיך אָפּגערוקט.

אַנטעק האָט נאָר אַ זעץ געטון מיט דער טיר און איז אַרויסגעלאָפן.

---

## II

פונקט אַרום מיטאָג־צו האָט זיך דער טאָג אַ ביסל אויסגעלייטערט, אָבער נאָר אויף אַזוי פיל, ווי עמעץ וואָלט מיט אַ פלאַקערדיק קין־האָלץ איבער דער וועלט אַ פיר געטון, וואָרן באַלד האָט עס זיך פאַרלאָשן און ס'איז טונקל געוואָרן, ווי ס'וואָלט שניי אָנגעוואַקסן און זיך ווידער געגרייט צום פאַלן.

אין שטוב פון די אַנטעקס איז אויך געווען אויסטערליש טונקל, קאַלט און אומעטיק; די קינדער האָבן זיך געשפילט אויפן בעט און אין דער שטיל געגרעגערט צווישן זיך, פונקט ווי די צעשראָקענע הינטלעך, און האַנקען האָט עס מיט אַזאַ אומרויִקייט געוואָרפן, אַז זי האָט זיך נישט געקענט קיין עצה געבן. זי האָט זיך געדרייט פון איין ווינקל אין צווייטן, דורכן פענסטער אַרויסגעקוקט, דאָ פאַרן הויז געשטאַנען און מיט די צעפלאַקערטע אויגן איבערן שניי געפירט. אוודאי, מ'האָט קיין שום לעבעדיקן נפש נישט געזען אויף די וועגן, נישט אויף די פעלדער — עטלעכע שליטנס האָבן זיך פון קרעטשמע דורכגעשלעפט און אונטער די טאָפאָלן זיך פאַרלוירן, גלייך זיי וואָלטן אין דעם שניי־מבול פאַר־

פאַלן געוואָרן, אַזוי, אַז ס'איז אַפֿילו זיי קיין שום צייכן, קיין שום
קול נישט געבליבן. גאָרנישט, נאָר אַ טויטע שטילקייט און אַן אומ=
געדולדיקע פּוסטקייט!

— וואָלט עס כאָטש אַ דזשאַד אַמאָל אַרייַנגעבליקט, מיט
עמעצן כאָטש אַ וואָרט צו רעדן! — האָט זי אַ זיפֿץ גע=
טאָן.

— טשיפּושקאַ! טשיפּ, טשיפּ, טשיפּ, טשי=פּ — האָט זי אָנ=
געהויבן צו יאָגן די הינער איבערן שניי, וואָרן זיי זענען זיך צע=
קראָכן און זיך געזוכט אַן אָרט אויף די קערשן=ביימלעך. זי האָט
זיי אייַנציקווייַז אָוועקגעטראָגן אין דער הינער=שטייַג אַריין און צו=
ריקצוועגס האָט זי אַ מויל אויף ווערענקען געעפֿנט, וואָרן ווי דען,
יענע האָט אַרויסגעשטעלט אין פֿעדערהויז אַריין אַ צעבערל מיט
באָמיעס פֿאַר די פּראָשאַקלעך, האָבן עס די פֿאַרשטינקענע חזירים=
טשיסקעס צעגאָסן אויף דער ערד, אַז אַ קאַלוזשע איז הינטער דער
טיר שטיין געבליבן.

— ... איז היט אָפּ די חזירים, אַז דו האַלטסט דיך פֿאַר אַ
באַלעבאָסטע, די קינדער באַשטראָף... איך וועל דאָרט איבער דיר
נישט טאָפּטשען אין קיין בלאָטע... — האָט זי דורך דער טיר
אַרויסגעשריגן.

— ... ז'האָט פֿאַרקויפֿט די קו, וועט זי דאָ אַ דעה זאָגן,
אוודאי, די בלאָטע שטערט איר שוין, אַ גרויסע פּריצה, און אַליין
זיצט זי ווי אין אַ כּליוו...

— ... אַ זאַשע דיר, ווו איך זיץ, אין אַ זאַשע דיר צו מיין
קו!

— ... איז אויך צו מייַנע חזירימלעך אַ זאַשע דיר, דו
הערסט!

האַנקע האָט נאָר אַ זעץ געטון מיט דער טיר, וואָרן וואָס
האָט זי געהאַט אַזאַ גיהנומניצע צו ענטפֿערן — זאָגן איר עפּעס
אַ וואָרט, איז וועט זי זיך אַפֿילו מיט קיין האַלב שאָק נישט באַגנוגן
לאָזן, און יענע איז זיך גרייט צו שלאָגן אויך — האָט זי צוגע=
מאַכט די טיר אויפֿן קייטל, אַרויסגענומען דאָס געלט און אָנגעהויבן

זיך מאַטערן מיטן ציילן. זי האָט זיך נישט ווייניק אָנגעמאַטערט איבער אַזאַ קופּע געלט און האָט זיך כּסדר טועה געווען; זי איז נאָך אין כּעס געווען אויף ווערענקען און אומרויִק וועגן אַנטעקן, דאָ האָט זיך איר ווידער אָפּט געדאַכט, אַז די קראַסוליע*) סטענ־ קעט עפּעס... אָדער זכרונות פון פּאַטערס הויז האָבן איר דאָס האַרץ פאַרגאָסן.

— ... אוודאי, אַז מיר זיצן ווי אין אַ כּליוו, אוודאי! — האָט זי געשעפּטשעט, אומקוקנדיק זיך איבער דער שטוב — און דאָרט איז אפילו אַ פאַדלאָגע דאָ, פענסטער, — ווער מיר גוטס ווינטשט, געווייסטע ווענט, און וואַרעם, און ריין, און אַלץ איבערן מויל אַריבער... וואָס טוען זיי אַצינד דאָרט? ... יוזקאַ וואַשט אוודאי די כּלים נאָכן מיטאָג, און יאַגנאַ שפּינט און קוקט דורך די נישט פאַרפרוירענע שויבן אויף דער וועלט אַרויס... ס׳פעלט איר דען עפּעס! ... אַלע קרעלן האָט זי נאָך דער פאַרשטאָרבענער געקריגן, און אַזוי פיל וועלביאַקעס, אַזוי פיל קליידער, אַזוי פיל טיכער... אַרבעט זיך נישט איבער, זאָרגט נישט פאַר גאָרנישט, עסט פעט... סטאַכאַ האָט דאָך געזאָגט, אַז יאַגוסטינקע אַרבעט פאַר איר, און זי ליגט זיך אויס ביזן העלן טאָג אַריין אונטערן איבערבעט, און טרינקט זיך טיי... קיין קאַרטאָפליעס דיבען איר נישט... און דער אַלטער גיט איר אַלץ נאָך און פאָרעט זיך ווי בײַ אַ קליין קינד אַרום איר...

אַ פלוצלינגער כּעס האָט זי אַרומגענומען, אַז זי איז אַזש פון קאַסטן אויפגעשפּרונגען און מיט דער פויסט געדראָט.

— גנבֿ, שטשערווע, גנבֿ, פלאַק איינע, טליק, — האָט זי אויפן קול אויסגעשריגן, אַזש דער אַלטער, וואָס האָט אויפן פּיעקעלעק געדרעמלט, האָט זיך אַ דערשראָקענער אויפגע־ כאַפּט.

— טאַטע, פאַרשטאָפּט די קאַרטאָפליעס מיט בינטלעך שטרוי און דעם גרוב פאַרלייגט מיט היי, וואָרן ס׳פאַרנעמט זיך אויף אַ

---

*) אַ רויטע קו.

פראָסט — האָט זי רוזקער אַ מורמל געטון, פאַרגעמענדיק זיך ווי־דער צום ציילן.

דעם אַלטן איז עפּעס נישט שפּאָר געגאַנגען די אַרבעט, שניי איז געווען אַ גאַנצע קופּע, און כוח האָט ער נישט געהאַט קיין סך, און אויך האָבן אים די צוויי גילדן שטריק־געלט קיין רו נישט גע־געבן — אויפן טיש האָבן געגלאַנצט צוויי גילדנס, כמעט נייע, ער האָט גוט געדענקט.

און אפשר וועלן זיי געבן... — האָט ער געטראַכט — ווע־מען־זשע דען געהערן זיי?... אַז די האַנט איז אים פון שטריק פאַרשטאַרט געוואָרן, אַזוי האָט זיך די קראַסאָליע געריסן... אָבער ר'האָט זי איינגעהאַלטן פונדעסטוועגן... און פאַר די סוחרים האָט ער זי דען נישט געלויבט אין טאָג אַריין... ז'האָבן געהערט... ז'וועלן געבן אַ שטיק ברויט... באַלד וואָלט ער דעם עלטערן, פּיע־טרושען, אויף דעם אָטפּוסט אַן אָרגאַנקע געקויפט... דעם יינ־גערן וואָלט מען אויך געדאַרפט... וואַראָנקעס קינדער אויך... רוצחים זענען זיי און איבערדריסיקע, אָבער מ'דאַרף... און פאַר זיך טאַבאַק... נאָר שטאַרקן, אַז ס'זאָל אַזש אין דער לעבער אַ דריי טון, וואָרן סטאַכס איז שוואַך... דער מענטש גיט אפילו קיין נאָס נישט פון אים... ר'האָט געהאַלטן אין איין אויסרעכענען און אַזוי פלינק געאַרבעט, אַז ווען האַנקע האָט אין אַ שעה אַרום עפּעס אַרויסגעבליקט, איז דאָס שטרוי קוים מיט שניי באַדעקט גע־ווען.

— עסן עסט עך פאַר אַ פויער, און טוט נישט דאָס, וואָס אפילו אַ קינד וועט טון...

— כ'אייל דאָך מיך, האַנוש, נאָר כ'אָמיך פאַרקייכט אַ ביסל, האָב איך דאָרט דעם אָטעם געכאַפּט... די אותו רגע וועט עס זיין... די אותו רגע... — האָט ער אַן איבערגעשראָקענער גע־קרעכצט.

— די נאַכט קריכט שוין פון וואַלד אַרויס, אַ פראָסט נעמט, און דער גאַנצער גרוב איז צעלייגט, גלייך ווי די חזירים וואָלטן אים צעגאָרעט. גייטס אַריין אין שטוב די קינדער אָפּ־היטן.

האָט זיך אַליין גענומען צום שניי און אַזוי פעסט, אַז מ׳וואָלט קוים באַוויזן צוויי מאָל פּאַטשערוש אָפּצוזאָגן, און דער גרוב איז שוין פאַרלייגט און גלאַנט צוגעגלעט געווען.

אָבער ס׳האָט שוין אָנגעהויבן טונקלען, ווען זי האָט געענדיקט, און שטוב האָט זיך אַ שניידנדיקע קעלט אויפגעהויבן, די ליימענע, פייכטע פּאָדלאָגע איז פאַרשטאַרט געוואָרן און האָט געפויקט אונטער די טרעפּעס, ווי אַ קלעפּיסקע, ס׳האָט אַ נעם געטון אַ פראָסט און ווידער, ווי ס׳געהער צו זיין, די שייבלעך באַדעקט, די קינדער האָבן אין דער שטיל געפּישטשעט, ווי זיי וואָלטן אַ ביסל הונגעריק געווען, זי האָט זיי נישט איינגעשטילט, וואָרום ס׳איז קיין צייט נישט געווען. דאָ האָט זי געהאַט שעצקע פאַר דער יאָלאָווקע אָנצושניידן, דאָס חזירל אָנצוקאָרמען, ווייל ס׳האָט אונטערגע׳וויטשעט און געפּאַקט זיך צו דער טיר, די גענדזלעך אָנפּאָיען, און דאָ האָט זי זיך נאָכאַמאָל איבערגעחזרט, וויפיל און וועמען זי האָט אַלץ צו באַצאָלן, און ווען זי האָט זיך מיט אַלעם אָפּגעפּאָרעט, האָט זי זיך פאַרנומען צום אַרויסגיין.

— טאַטע, צינדטס אָן פייער און גיטס אַכטונג אויף די קינדער, איך קום באַלד צו גיין, און אויב אַנטעק וועט צוריקקומען, איז דאָ קרויט אין ריינדל אויף דער בלעך...

— גוט, האַנוש, כ׳על אָנצינדן, כ׳על אָפּהיטן, און ס׳קרויט אי דאָ אין ריינדל, כ׳געדענק, האַנוש, כ׳געדענק...

— און דאָס שטריק־געלט האָב איך צוגענומען, עך דאַרפט דאָך דאָס נישט; צ׳עסן האָט עך, אָנצוטון האָט עך, וואָס־זשע דאַרפט עך מער?...

— אוודאי... כ׳האָב אַלצדינג, האַנוש, אַלצדינג... — האָט ער שטילעטשקע געשעפּטשעט, ער האָט זיך שנעל צו די קינדער אויסגעדרייט, וואָרים טרערן האָבן זיך אים פון די אויגן אַ שיט געטון.

אַ פראָסט האָט זי אַ נעם אַרום געטון אויף דער לופט, אַזש זי האָט שטאַרקער די פּאַטשיילע אויפן קאָפּ אַראָפּגעצויגן, דער שניי האָט געסקזשיפּעט אונטער די פיס, אַ בלוילעכע טונקלקייט

האָט זיך אויף דער ערד אַראָפּגעשיט, אַ טרוקענע און אַן אויסטערליש דורכזיכטיקע, דער הימל איז געווען לויטער ווי גלאָז, אין די ווייטקייטן פונאַנדערגעהילט, און ווו-נישט-ווו האָט שוין אין די הויכקייטן אַ שטערנדל איינס און אַ צווייטס אויפגעציטערט.

האַנקע האָט פון צייט צו צייט אַ טאַפּ געטון זיך הינטערן בוזעם, צי זי האָט דאָס געלט, און זי האָט נאָכגעטראַכט, אַז זי וועט זיך דאָ און דאָרט נאָכפרעגן, און אפשר געפינען, אפשר אויסבעטן עפּעס אַן אַרבעט פאַר אַנטעקן, און אין דער וועלט אַריין ער זאָל גיין, וועט זי אים נישט לאָזן! אַצינד איז איר אין קאָפּ אַריין געקראָכן, וואָס ער האָט זיך געהאַט אַרויסגעכאַפּט, און ס'איז איר אַזש פינסטער געוואָרן בּאַ דער דאָזיקער דערינערונג. ניין, כּל-זמן זי וועט לעבן, וועט זי זיך אין קיין אַנדער דאָרף אַריין נישט אַריבערטראָגן, צווישן קיין פרעמדע וועט זי נישט גיין, ס'טאַטש*) זי וואָלט דאָך פון בענקשאַפט איינגעדאַרט געוואָרן!

זי האָט מיט די אויגן דעם וועג אַרומגענומען, די פאַרשיטע הייזער, די סעדער, וואָס מ'האָט קוים פון אונטער די שנייען אַרויסגעזען און די גרויענדיקע, אומענדלעכע פעלדער. דער שטילער און פראָסטיקער אָוונט איז וואָס אַמאָל גיכער צוגעפאַלן, שטערן זענען צוגעקומען, ווי עמעצער וואָלט זיי מיט דער פולער גאָרשטש צעזייעט, און איבער דער איינגעלאָשענער ערד האָבן דורך די שנייִקע ווייסקייטן, פייערלעך פון די כאַלופּעס אַרויסגעבלישטשעט, רויך האָט מען אין דער לופט געפילט, מענטשן האָבן איבער די וועגן דורכגעשוועבט, עפּעס שטימען זענען נידעריק איבער די שנייען געלאָפן.

— דאָ בין איך אויפגעוואַקסן און וויל מיך ווי דער ווינט איבער דער וועלט נישט אַרומשלעפּן, ניין! — האָט זי שנעל אַ מורמל געטון. זי האָט אָנגעהויבן פאַמעלעכער גיין, וואָרן זי איז ערטערווייז אין דעם כריפּענדיקן שניי אַזש ביז איבער די קניִען אַריינגעפאַלן, אַז מ'האָט די טרעפּעס געדאַרפט אַרויסציִען.

— דאָ האָט מיך דער פאַן יעזוס אויף דער וועלט אַראָפּגע-

---

*) ס'טייטש.

געבן, איז וועל איך דאָ שוין ביזן טויט אַריין בלייבן. אַבי נאָר ביז וויאָסנע אויסצוהאַלטן, איז וועט שוין גרינג־ר גיין, לייכטער. און וועט אַנטעק נישט וועלן אַרבעטן, וועל איך אַזוי אויך אויף קיין בעטל נישט גיין, איך וועל מיך צום שפינען נעמען, צום וועבן, צו וואָס ס'זאָל נישט זיין, אַבי נאָר באַ וואָס די נעגל צו פאַרטשעפּען און דער נויט זיך נישט אונטערצוגעבן... אמת, טאַטש וועראָנקא פאַרדינט זיך דאָך מיטן וועבן אַזוי פיל, אַז ז'האָבן נאָך דעם אָפּ־געשפּאָרטן גראָשן אַפילו... אַזוי האָט זי זיך איבערגעלייגט, אָפּ־דרייענדיק זיך אין דער קרעטשמע אַריין. זי האָט גאָט געלויבט. יאַנקעל האָט אָפּגעענטפערט: „אויף דורות״ און געשאָקלט זיך, ווי געוויינטלעך איבערן ספר, נישט אומקוקנדיק זיך אויף איר, נאָר ערשט דאַמאָלס, ווען זי האָט אַוועקגעלייגט פאַר אים דאָס געלט, האָט ער זיך פריינטלעך צעשמייכלט, העלער געמאַכט דאָס פלעמל אין הענגענדיקן לעמפל, געהאָלפן איר ציילן און אַפילו מיט בראָנפן זי מכבד געווען. וועגן אַנטקעס חוב אָבער, אויך וועגן אים אַליין האָט ער קיין וואָרט נישט גערעדט; אַ כיטרע יוכע איז דיר דאָס געווען, וואָרן וואָס וועט דיר דאָרט אַ נקבה וויסן וועגן כלאָפּסקע געשעפטן, ז'וועט עס זיך אַפילו גוט אין קאָפּ אַריין נישט נעמען, נישט פאַרשטיין, ווי עס געהער צו זיין, און קען דיר נאָר מיטן פּיסק גרייט זיין אַרויסצופאָרן. ערשט דאַמאָלס, ווען ז'האָט זיך פאַרנומען צום אַרויסגיין, האָט ער אַ זאָג געטון!

— אין ענקערער וואָס טוט?

— אַנטעק... ר'איז געגאַנגען זוכן אַרבעט!

— אין דאָרף פעלט דען — אין דער מיל שטעלט מען אַ טאַרטאַק, איך דאַרף אויך עמעצן האָבן עפּעס אַ טויגלעכן צום האָלץ אָפּפירן.

— ס'דען, אין דער קרעטשמע וועט מייַנער נישט גיין אַר־בעטן! — האָט זי אַ געשריי געטון.

— זאָל ער זיך שלאָפן, זאָל ער זיך אויסרוען, אַז ר'איז אַזאַ פריץ! ער האָט געבדז, פאַשעט זיי אַ ביסל אונטער, וועל איך קויפן אויף יום־טוב.

— כ'וואָלט דאָרט געגאַנגען ווידער פּאַרקויפֿן, כ'האָב מיר גאָר אַזוי פֿיל איבערגעלאָזט, וואָס גאָר צום האָדעווען.

— וועט עך קויפֿן אויף וויאָסנע יונגע. איך דאַרף האָבן אונטערגעפּאַשעטע. צ'ווילט, קענט עך נעמען אויף באָרג אַלדינג, און צ'וועט באַצאָלן מיט די גענדז, מ'וועט זיך שוין אָפּרעכענען...

— ניין, די גענדזלעך וועל איך נישט פּאַרקויפֿן.

— צ'וועט פּאַרקויפֿן, אַז צ'וועט די קראַסוליע אויפֿעסן, און וועט עך אַפֿילו נאָך וואָלוול פּאַרקויפֿן.

— נישט באַ דיין לעבן, פּאַרך אייגער! — האָט זי אַרויסבייענדיק, אַ שעפּטשע געטאָן.

אַ פּראָסט האָט גענומען, אַז ס'האָט אַזש אין די באָזלעכער געדרייט, דער הימל האָט שוין געפֿינקלט מיט שטערן, און פֿון די וועלדער האָט אַ צי געטאָן אַ פּראָסטיקער, בייסנדיקער ווינט, דאָך איז זי געגאַנגען פּאַמעלעך אין מיטן וועג און בייגעריק זיך צוגעקוקט צו די כאַלופּעס: באַ די וואַכניקס, אין דער לעצטער כאַלופּע פֿון דאָרף, נישט ווייט פֿון קלויסטער, האָט זיך געלויכטן; פֿון די פֿלאַשקעס הויף האָט געזעצט אַ געטומל פֿון שטימען און אַ געקוויטשעריי פֿון חזירים; אין דער פֿלעבאַניע האָבן אַלע פֿענצטער געלויכטן און עמעס פֿערד האָבן אומגעדולדיק מיט די קאָפּיטעס פּאַרן גאַניק געקלאַפּט; באַ די קלאַנבעס ווידער, וואָס זענען לעבן גלח געזעסן, האָט זיך אויך אַ ליכטקייט געהעלט און עמעצער איז לעבן די שטאַלן געגאַנגען, וואָרן ס'האָט זיך געהערט אַ סקושיפּיען פֿון שניי אונטער טרעפּעס, און ווייטער פֿון קלויסטער אַוועק, פֿונוואַנען דאָס דאָרף איז זיך צעגאַנגען פֿונקט ווי צוויי הענט, וואָס נעמען דעם סטאַוו אַרום, האָט מען שוין הייביק־וואָס דורך דער נאַכט געזען, בלויז וווּ־נישט־וווּ האָט פֿון דער פּראָסטיקער ווייסקייט אַרויס עפּעס אַ פֿייערל געשימערט, אָדער אַ הונט האָט געבילן.

האַנקע האָט אַ בליק געוואָרפֿן צום טאַטנס כאַלופּע, האָט אָפּגעזיפֿצט און זיך אָפּגעדרייט פֿון קלויסטער מיט דער לאַנגער סטעזשקע, וואָס האָט זיך געצויגן צווישן די קלאַנבעס סאַד און

דעם גלחס גאָרטן, צו די אָרגאַניסטערס־צו. דאָס וועגל איז פאַרשיט געווען, קוים־וואָס דורכגעטרעטן, שמאָל, און אַזוי פאַרשטעלט מיט די קושאַקעס, וואָס זענען מיט שניי פאַרווייעט געווען, אַז זייערע צווייגן האָבן זי אַלעמאָל מיט שניי צאַפּגעשיט, בשעת זי האָט זיך אָנגעשלאָגן אין זיי.

דאָס הויז איז געשטאַנען אין דער טיף, אין גלחס הויף, באַר אַן אַריינפאָר האָט עס געהאַט אַ באַזונדערן, עפּעס געשרייען האָבן זיך פון דאָרט געטראָגן און געוויינען, און פאַרן פעדערהויז האָט זיך געשוואַרצט אַ קעסטל, דאָ זענען געלעגן אויפן שניי צעוואָרפענע קליידער בעטגעוואַנט, עפּעס אַלטע שמאַטעס... מאַגדאַ, דעם אָרגאַניסטערס שיקסע, איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ געוויין און עד לב השמים הינטער דער וואַנט געיאָמערט.

— ז'האָבן מיך אַרויסגעטריבן! ז'האָבן מיך אַרויסגעיאָגט! ווי דעם הונט אויפן פראָסט, אין דער וועלט אַריין! און ווו וועל איך, יתומה, מיך אַהינטון איצט, ווו!

— שריי מיר דאָ נישט, דו חזיר אײנער! — האָט אַ שטימע פון, אָפּענעם פעדערהויז אַרויסגעוואַלטעוועט. — כ'על נעמען אַ שטעקן, וועסטו באַלד אַנטשטימט ווערן! זאָלסט דיך מיר אין דעם אויגנבליק אַרויסטראָגן, צו פראַנעקן גיי, דו לײדאַק אײנער!

— וואָס מאַכט עך, באַרינאָוועו! ליבע מיינע, טאַטש פון יעשען אַן האָט מען דאָך שוין דאָס געוווסט... און כ'אָ געזאָגט, כ'אָ געבעטן, באַשווירן, געהיטן — וועסטו דען אַ לײדאַק דערהיטן! אַלע לייגן זיך שלאָפן און זי לויפט אין דער וועלט אַריין, האָט זי זיך אויסגעשפּאַצירט אַזינד אַ ממזר! אײנמאָל פלעג איך דען איר זאָגן: מאַגדאַ, באַקלער דיך, מיאַרקיר דיר, ער וועט מיט דיר נישט חתונה האָבן... האָט זי מיר אין די אויגן אַריין אַלץ אָפּגעלייקנט. און ערשט, אַז כ'אָב דערזען, אַז די שיקסע ווערט וואָס אַמאָל גרעבער און וואַקסט ווי אויף הייוון, איז זי צו עמעצן אַ גוטן פריינט, זאָג איך איר: גיי, פאַרבאָרג דיך ערגעץ אין אַן אַנדער דאָרף, כל זמן ס'איז צייט, כל זמן מענטשן

באַמערקן נאָך נישט... צי האָט דאָס דען געהאָרכט... ביז ס'האָבן זי הייגט אָנגעכאַפּט די ווייען אין שטאַל באַם מעלקן... אַ גאַנצן שקאָפּיק מילך האָט זי אויסגעגאָסן... און מיין פּראַניאַ קומט צו פליען אַ דערשראָקענע און שרייט, אַז מאַגדען איז עפּעס געשען! יעזוס מאַריאַ, אין מיין הויז, אַזאַ חרפּה, און וואָס וואָלט דאָס דערויף דער גלח, דער פּראָבאָשטש געזאָגט! אַ' זאָסט דיך מיר אָפּטראָגן פון מיין הויז אַוועק, וואָרן מ'עט דיך אויף יויעג אַרויס הייסן אַרויסוואַרפן! — האָט זי באַכאַמאַל אַ קוויטש געטון, אַרויסשפּרינגענדיק פאַרן הויז.

מאַגדאַ איז אויפגעשפּרונגען פון הינטער דער וואַנט און מיט אַ געוויין און אַ באַקלאָגן זיך אָנגעהויבן צוזאַמענצונעמען די שמאַטעס און בינדן אין פּעקלעך.

— קומטס אַריין אין שטוב, וואָרן ס'איז קאַלט. אַ' ס'זאָל מיר קיין צייכן נאָך דיר נישט בלייבן! — האָט זי אַוועקגייענדיק נאָך אַ געשריי געטון.

זי האָט האַנקען דורכגעפירט דורכן לאַנגן פעדערהויז.

די גרויסע, נידעריקע שטוב איז באַלויכטן געוועזן פון פייער, וואָס האָט געברענט אויף דער קוימען-בלעך.

דער אָרגאַניסטער, אַן אויסגעטויענער, אין איין העמד נאָר און מיט אַרויפגעשאַרצטע אַרבל, אַ רויטער ווי אַ ראַק, איז געזעסן באַם פייער און געבאַקן אָפּלאַטקעס... ער האָט אַלעמאָל אָנגענומען מיטן לעפל פון דער שיסל אַ ביסל צעאַרבעט, שיטערטייג, צעגאָסן עס איבער אַן אייזערנעם פאָרם, צוגעדריקט, אַז ס'האָט אַזש געסיטשעט, און אַרויפגעשטעלט אויפן פייער, אָנגעשפּאַרנדיק אים אויפן ציגל, וואָס איז אַהעקגעשטעלט געוועזן אויף דער שמאָלער זייט, איבערגעדרייט דעם פאָרם, אַרויסגענומען דעם אָפּלאַטעק און אַ וואָרף געטון אים אויף אַ נידעריק טישל, הינטער וועלכן עס איז געזעסן אַ קליין שייגעצל און מיט אַ שערל זיי גלייך אַרומגעשוירן.

האַנקע האָט באַגריסט אַלעמען, און דער אָרגאַניסטעכע אַ קוש געטון אין דער האַנט אַריין.

— זעצטס ענק, דערוואַרעמטס ענק, וואָס־זשע הערט זיך באַן אײַך?

— ס'דען, אַזוי גיך האָט זי זיך נישט געקענט צונויפנעמען, האָס צו ענטפערן, אומקוקנדיק זיך נישט דרייסט איבער דער שטוב און כאַפּנדיק אַ בליק בגנבה אין צווייטן צימער אַרײַן, וווּ עס האָבן זיך, פּונקט אַקעגן דער טיר, געווייסט אויף אַ לאַנגן טיש בײַ דער וואַנט גאַנצע שטויסן אָפּלאַטקעס, צוגעדריקט מיט אַ ברעט, און צווײ שיקסלעך האָבן זײ אײַנגעלייגט אין פּעקלעך, אַרומוויקלענדיק זײ מיט פּאַפּירענע לאַמפּאַסן. אין דער טיף זײדער דאָרט, וווּ מ'האָט שוין נישט געקענט מיטן אויג זען, האָט מאָנאָטאָן געבאַנקעט אַ שטימע פון אַ קלאַוויר — די מוזיק האָט זיך ווי שפּינוועבס געצויגן, אַמאָל העכער, אויפן אויבערשטן טאָן געטומען, ווי אין געזאַנג, דאָ ווידער איינגעשטילטער, אַזוי, אַז מ'האָט נאָר דאָס באַמבלדיקע אַדורכגיין איבער די קלאַווישן געהערט, אָדער ס'האָט גאָר עפּעס אַ ריס געטון פּלוצלינג און שאַרף אַ פּישטש געטון, אַזש אַ ציטער האָט האַנקען אַדורכגענומען, און דער אָרגאַניסטער האָט אַ געשריי געטון:

— דע, טראָמבע, האָסט אַ fis ווי אַ גריוו אַראָפּגעשלונגען! — חזר איבער פון Laudamus pueri...

— אויף די יום־טובים שוין? — האָט זי אַ פרעג געטון, וואָרן עס איז נישט שײן געווען צו זיצן, ווי עפּעס אַ מרוק.

— יאָ, אַ גרויסע פּאַראַפיע, אַ צעוואָרפענע, און מען מוז דאָך איטלעכן די אָפּלאַטקעס צעטראָגן פאַר די יום־טובים, איז מוז איך פרי אָנהייבן.

— פון ווייך איז דאָס?

— פאַרזוכטס.

— ער האָט איר דערלאַנגט אַ הייסן אָפּלאַטעק נאָך.

— כ'וואָלט דען די העזה געהאַט אים אויפצועסן דאָרט!

זי האָט אים גענומען דורכן פאַרטוך און דורכגעקוקט קעגן ליכט מיט ערגע און ווי מיט אַ ציטער עפּעס.

— ווי ס'זענען אַזוי אָפּגעדרוקט אויף אים פאַרשידענע מעשיות, יעזוס!

— רעכטס, אין ערשטן רעדעלע, איז די הייליקע מוטער, דער הייליקער יאַן, פאַן יעזוס, אין צווייטן רעדעלע... צ'זעט... אַ זשלויב, אַ לייטער, א בהמהלע... דאָס קינד יעזוס אויפן היי דער הייליקער יוזעף, די הייליקע מוטער, און דאָ קניען דריי מלאכים...— האָט די אָרגאַניסטעכע דערקלערט.

— ריכטיק, אמת, ווי קונציק דאָס אַלץ איז פאַרגעשטעלט, אמת!

זי האָט איינגעוויקלט אין אַ טיכל דעם אָפּלאַטעק און באַהאַלטן הינטערן בוזעם, וואָרן עפּעס אַ פּויער איז אַריינגעקומען און עפּעס געזאָגט, דערויף האָט דער אָרגאַניסטער אַ געשריי געטון:

— מיכאַל! צום שמדן איז מען געקומען, נעם די שליסלען און גיי אין קלויסטער אַריין, וואָרן יאַמבראָזשי טוט דאָרט זיין עובֿדה אין דער פּלעבאַניע, דער גלח ווייסט שוין...

די מוזיק איז אַנטשוויגן געוואָרן און אין דער שטוב איז דורכגעגאַנגען אַ הויכער, בלאַסער שניץ.

— אַ יתום נאָכן ברודער, ער פּראַקטיצירט באַ מיינעם אויף אָרגאַניסטער, מיינער לערנט אים אַזוי גאָר אַלס טובה. וואָס זאָל מען טון, מ'באַדאַרף זיך אפילו אַ רעה טון, אַבי אַרויסהעלפן אַ קרוב...

האַנקע האָט זיך צערעדט, ביסלעכווייז, שטאַמלענדיק, און פרייגעלאָזט אירע ווייטיקן און עגמת־נפשן. נאָך דריי וואָכן האָט זי איצט דאָס ערשטע מאָל זיך געקענט צו דער זעם אויסרעדן.

זיי האָבן זי אויסגעהערט. געזאָגט זייערס, און כאָטש זיי האָבן זיך געהיטן, חלילה אויף באַרינען קיין וואָרט נישט אויסצורעדן, האָבן זיי זי דאָך באַדויערט, אַז זי האָט זיך אַזש צעבעטשעט, און די אָרגאַניסטעכע, ווייל זי איז געווען אַ קלוגע פּויערטע, האָט זי באַלד זיך געכאַפּט און די ערשטע אויסגערופן:

— אויב ס'וועט ענק בלייבן צייט, וואָלט עך מיר די וואָל אויסגעשפּינען. כ'האָב עס געזאָלט דער פּאַקולינע אָוועקגעבן, נאָר גענמטס עך עס; נאָר אויפן רעדל שפּינטס, וואָרן אויפן שפּין־אָקסל קומט נישט אויס אַזוי גלייך.

— לאָז גאָט באַצאָלן, טאַטש איך דאַרף דאָך האָבן אַרבעט, נאָר כ'בין נישט דרייסט צו בעטן...

— נו, נו, דאַנקטס נישט; איין מענטש דאַרף דעם אַנדערן העלפן. די וואָל איז שוין אויסגעקעמט, און ס'עט זיין באַ אַ הונ־דערט פונט.

— כ'וועל אָנשפּינען, כ'קען גוט, כ'אָב דאָך באַם טאַטן איי־נע אַליין פאַר אַלע, אי געשפּינען, אי געוועבט, אי געפאַרבט, מ'האָט נישט געקויפט אויף קיין קליידונג, ביין.

— זעטס, ד'איז טרוקן און ווייך.

— מוז זיין פון הויפישע שעפּסן, הערלעכע וואָל...

— און אויב עך וואָלט געדאַרפט מעל, קאַשע, אַרבעס, איז זאָגטס, כ'על ענק געבן, מ'עט זיך שוין אין דער אַרבעט אָפּרעכע־נען.

זי האָט זי אַריינגעפירט אין קאַמער אַריין, וואָס איז פול געווען מיט זעק און פעסער תבואה; גאַנצע פּאַכן סלאָנינע זענען געהאָנגען אויף דער וואַנט; גאַנצע פּעק גאַרן האָבן פון די בעל־קעס אַראָפּגעהאָנגען, און לייוונט איז אין גראָבע באַלן אויף אַ קוי־פּע געלעגן, און וויפיל געטרוקנטע שוואָמען, קעזן, פאַרשידענע סלאָיען, און אויף די פּאַכן גאַנצע לאַבנס ברויטן, ווי די רעדער, און אַנדער גוטס, וואָס מען וואָלט עס גאָרנישט געקענט איבער־ציילן.

— כ'וועל גלייכיטשקע שפּינען, אויף אַ רעדל, לאָז ענק פּריצה, גאָט פאַר דער דאָזיקער שטיצע באַצאָלן, אָבער מיר דאַכט זיך, אַ' כ'וועל די וואָל אַליין נישט דערטראָגן.

— כ'וועל ענק אָפּשיקן מיט אַ פאַראָבעק.

— גוט, וואָרן כ'דאַרף נאָך טאַקע אויפן דאָרף צו גיין.

זי האָט נאָכאַמאָל געדאַנקט, נאָר עפּעס שטילע, און קעל־טער — די קנאה האָט איר אין האַרץ אַ גריזשע געטון.

— דאָס פאָלק גיט אַלצדינג, טראָגט אָן, גרייט צו, איז האָבן זיי פולע קאַמערן; אָדער דאָס רייסט דיר דען נישט קיין פּראָ־צענטער! „ווער ס'האָט שעפסן פיל, דער האָט וואָס ער וויל!“ זאָלן זיי נאָר פּרוּוון דאָס אַליין אויסאַרבעטן. ס'דען!... — האָט זי זיך פאַרטראַכט, אַרויסקומענדיק אין הויף אַריין; נאָך מאַגדען איז שוין קיין סימן נישט געווען, בלויז אַן אַלטער טרעפּטשיבע האָט זיך אויפן שניי געשוואַרצט. זי האָט אָנגעהויבן שטעלן גיכערע טריט, וואָרן ס'איז שוין געווען שפּעט, זי איז זיך אַ ביסל פאַר־זעסן באַ די אָרגאַניסטערס.

— ווו דאָס, באַ וועמען פרעגט מען זיך דאָס נאָך אויף אַר־בעט פאַר אַנטעקן?

ווען זי איז געווען אַ באַלעבאָסטע, האָבן אַלע מיט איר גוט פריינטשאַפט אָנגעהאַלטן, פלעגט אָפט עמעץ אין דער כאַלופּע אַריינ־בליקן, עפּעס גערעדט, און אין די אויגן בלויז גוטס גערעדט... און איצט שטייט זי אין מיטן וועג און פּלאָגט זיך — ווו גייט מען, צו וועמען?... ניין, איינבעטן וועט זי זיך נישט באַ קיינעם, זי וואָלט נאָר צופרידן געווען מיט די פויערטעס ווי אַמאָל אַ ביסל צו פּלוידערן.

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר די קלענביס, אָפּגעשטעלט זיך פאַר שימאָנס כאַלופּע, אָבער איז נישט אַריינגעגאַנגען, זי האָט נישט געוואַגט, און ס'האָט זיך איר דערמאַנט אויך, אַז אַנטעק האָט איר פאַרזאָגט מיט מענטשן אין קיין שמועס זיך נישט אַריינ־צולאָזן. — זיי וועלן דיר קיין עצה נישט געבן, וועלן נישט העלפן, און דערבאַרעמען אויף דיר וועלן זיי זיך, פּונקט ווי אויף אַ גע־פּגרטן הונט — האָט ער געזאָגט.

— אוי ס'איז אמת, הייליק אמת! — האָט זי געשעפּטשעט, דערמאַנענדיק זיך אָן די אָרגאַניסטערס.

העי, ווען זי וואָלט נאָר אַ מאַנספּערשוין געווען, זי וואָלט זיך באַלד צו דער אַרבעט גענומען און מיט אַלעם אַן עצה געגעבן. זי וואָלט נישט געסקאַמליעט, און איר אָרימקייט פאַר מענטשלעכע אויגן נישט אַרויסגעוויזן.

זי האָט דערפילט אין זיך אַזאַ גלעפּישן הונגער צו אַרבעט,

אַ״אַ קראַפּט האָט פֿון איר געזעצט, אַז זי האָט זיך אַזש אַ שטרעק אויסגעטאָן און פֿעסטער געגומען טרעטן, מונטערער. ס׳האָט זי אַפּילו געצויגן, אוי האָט זי געצויגן דורכצוגיין לעבן פֿאָטערס כאַלופּע, כאָטש אַ בליק צו טאָן אין הויף אַריין, כאָטש די אויגן אָנצופרייען, אָבער זי האָט זיך אַוועקגעדרייט פֿון קלויסטער מיט דער סטעזשקע, וואָס איז אויסגעטרעטן געווען אין־דערמיט פֿאַרפֿרוירענעם סטאַוו און האָט זיך געצויגן צו דער מיל־צו. און זי איז געגאַנגען גיך, נישט אומקוקנדיק זיך אין די זייטן, זי איז נאָר פֿאַרנומען געווען דערמיט, זיך אויפֿן גליטשיקן אייז נישט אויסצוגליטשן, און גיכער דורכצוגיין און נישט זען, נישט צעבלוטיקן זיך די נשמה מיט די דערינערונגען, אָבער זי האָט נישט אויסגעהאַלטן, וואָרן זי איז עפּעס ווי פּונקט קעגן די באָרינעס פּלוצלינג שטיין געבליבן און קיין כּוח נישט געהאַט די אויגן פֿון דער בלענדנדיקער ליכטיקייט אין די פֿענסטער אָפּצורייסן.

— און דאָס איז דאָך אונדזער, אונדזער... ווי אַזוי־זשע גייט מען דאָס אין דער וועלט אַריין אַוועק... דער קאָוואַל וואָלט אַלץ באַלד צוגענומען... ניין, איך ריר מיך נישט פֿונדאַנען... ווי אַ הונט וועל איך וואַכן, צי אַנטעק וויל יאָ, צי נישט... דער טאַטע וועט אייביק נישט לעבן, און עס וועט זיך נאָך אפשר ענדערן... די קינדער זאָלן זיך אַרומוואַלגערן וועל איך נישט לאָזן, און אַליין וועל איך אויך נישט גיין... טאָטש ס׳אי דאָך זייער... אונדזערס... — האָט זי געחלומט, פֿאַרקוקט אין פֿאַרשנייטן סאָד, וווּ עס האָבן זיך געצייכנט סילועטן פֿון געביידעס, ווייסע, באַזילבערטע דעכער, וועגט האָבן זיך געשוואַרצט, דער שפּיץ פֿון אַ סטערדע האָט אין דער טיף פֿון הינטער דער שאָפּע אַרויסגעשטאַרט, גלייך די פּיס וואָלטן איר אין אייז איינגעוואַקסן, אַזוי, אַז זי האָט זיך רירן נישט געקענט, נישט די אויגן, נישט דאָס צעבראָכענע האַרץ אָפּרייסן.

אַ שטילע נאַכט, אַ פֿראָסטיקע, אַ טונקל־בלויע, אַ באַשיטע מיט שטערן, פּונקט ווי מיט זילבערגעם זאַמד, האָט די פֿאַרשנייטע ערד אַרומגענומען. די ביימער זענען געשטאַנען אָן שום באַוועגונג, איינגעבויגן אונטער דער משא פֿון שניי, איינגעשלאָפֿן, אומ־

באַגרייפלעך אין דערדאָזיקער שטילקייט, וואָס האָט זיך איבער דער וועלט צעגאָסן, פּונקט ווי ווייסע שאָטנס פון געשפּענסטער, ווי פאַרגליווערטע טוי־געפלען. די שנייען האָבן קוים, קוים געפינקלט, יעדער קלאַנג פון אַ שטים איז אָפּגעשטאָרבן, אַזוי, אַז נאָר עפּעס, ווי אַ שטיל געוויש פון ציטערנדיקע שטערן, ווי דאָס פּולסירן פון דער פאַרפרוירענער ערד, ווי דאָס טרוימענדיקע אָטעמען פון די אָפּגעשטאָרבענע ביימער — וואָלטן אין דער פראָסטיקער לופט גע־ציטערט. און האַנקע איז אַליין געשטאַנען, נישט פילנדיק נישט דעם לויף פון דער צייט, נישט די צוויקנדיקע, שאַרפע קעלט. זי איז מיט די אויגן צום הויז צוגעקלעבט געוואָרן, האָט עס איינגעזויגן, מיטן האַרץ אַרומגענומען און מיט דער גאַנצער קראַפט פון הונ־גער און טרוים איינגעזאַפּט אין זיך.

ביז אַ סקריפּעריי פון שניי האָט זי אויפגעוועקט, עמעץ איז פון וועג צום סטאָל געגאַנגען, צו איר זיך דערנענטערט, און אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי זיך אויג אויף אויג מיט נאַסטקע גע־לעגנביאַנקען צונויפגעטראָפן.

— האַנקאַ! — האָט זי דערשטוינט אויסגערופן.

— דו וווּנדערסט דיך, גלייך כ׳וואָלט שוין פאַרשטאַרט גע־ווען און נאָכן טויט געשראָקן.

— וואָס ענק פאַלט ווידער איין, כ׳האָב ענק שוין לאַנג נישט געזען, האָב איך מיך פאַרוווּנדערט. — אין וועלכער זייט אַריין גייט עך?

— אין מיל אַריין.

— איין וועג, וואָרן איך טראָג מאַטעאושן וועטשערע.

— אין דער מיל אַרבעט ער איצט, אויף אַ מילנער־יונג פּראַקטיקירט ער?

— ווי וואָלט ער זיך דאָרט אויף אַ מילנער־יונג ווידער גע־גרייט. אין טאַרטאַק, וואָס מ׳האָט בײַ דער מיל אויפגעשטעלט; און זיי דאַרפן בייטיק, אַז מ׳אַרבעט שוין אפילו בײַנאַכט אויך.

זיי זענען געגאַנגען איינע לעבן דער צווייטער. האַנקע האָט זעלטן אַ וואָרט אַרויסגערעדט, נאָר נאַסטקע האָט כּסדר געהאַקט,

אָבער זיך געהיטן וועגן באַרינבאַן קיין וואָרט נישט אַרויסצורעדן, און האַנקע ווידער האָט נישט געפרעגט וועגן דעם, עס האָט איר נישט געפּאַסט, כאָטש זי וואָלט זייער גערן געוועז אויסגע־הערט.

— ר'צאָלט גוט דער מילנער?

— צו פינף גילדן מיט פּופּצען גראָשן נעמט מאַטע־אוש...

— אַזש אַזוי פיל! פינף גילדן מיט...

— ס'הייסט ער איז דאָך דער גאַנצער פירער, איז אויך קיין וואונדער נישט.

האַנקע האָט געשוויגן נאָר אַדורכגייענדיק האַרט פאַרבײַ דער קוזשניע, פון וועלכער ס'האָט דורך די אויסגעהאַקטע שויבן אַ רויט ליכט געשטראָמט און דעם שניי פאַרבלוטיקט, האָט זי אַ שעפּטשע געטון:

— דער יודאַש האָט שטענדיק וואָס צו טון.

— ר'האָט זיך אַ געזעלן צוגענומען און אַליין פאַרט ער אַרום שטענדיק. ער האָט אפנים שותפות מיט די יידן דעם וואַלד און באַרט צוזאַמען מיט זיי אָפּ דעם עולם.

— מ'האַקט דען שוין די פאַרעמבע?

— אין אַ וואַלד זיצט עך, צי וואָס, אַז עך ווייסט גאָר־נישט?

— נישט אין וואַלד, נאָר כלויף נישט נאָך קיין בייעסן אין דאָרף אַרום.

— איז זאָלט עך טאַקע ויסן — מ'האַקט שוין, אָבער נאָר דעם צוגעקויפטן.

— ב'אוודאי, אונדזערן וואָלט מען דאָך נישט דערלויבט אָנצורירן...

— מ'ווייסט אָבער נישט ווער ס'וואָלט נישט דערלויבט, דער וואָיט האָלט מיטן הויף, דע סאָלטיס אויך און אַלע, וואָס נאָר ריי־כער איז...

— אמת, ווער וועט עס דאָרט די רייכע מנצח זיין, ווער עט זיי בייקומען... בליק אַמאָל אַריין, נאַכטוש, צו אונדז.

— גייטס געזונטערהייט כ'וועל שוין וועלכן ס'איז טאָג צולויפן מיט אַ בינטל פּלאַקס.

זיי האָבן זיך צעשיידט פאַרן מילנערס הויז, באַסטקאַ איז געגאַנגען אין מיל אַריין, אַ ביסל אַראָפּצוציער און האַנקע איז דורכן הויף אין קיך אַריינגעגאַנגען. זי האָט זיך קוים אַריינגעקריגן אַהין, וואָרן די הינטלעך זענען זיך צונויפגעלאָפן און אָנגעהויבן צו בילן און צודריקן זי צו דער וואַנט, אַז קוים יעווקאַ האָט זי מציל געווען און אַריינגעפירט, אָבער נאָך איידער ז'האָבן זיך צערעדט, איז שוין די מילנערין אַריינגעקומען און באַלד פּראָסט אָן שום קונצן אַ זאָג געטון:

— צום מאַן דאַרפט עך? ער איז אין מיל.

זי האָט נישט געוואָרט, איז אַוועקגעגאַנגען, אָבער זיך געטראָפן מיט איר אינמיטן וועג. ער האָט זי אַריינגעפירט אין צימער, זי האָט אים באַלד טאַקע באַצאָלט, וואָס זי איז שולדיק געווען פאַר דער קאַשע און פאַרן מעל.

— צ'עט די קו אויפעסן! — האָט ער געזאָגט, אַריינשאַרנדיק דאָס געלט אין טישלעדל.

— וואָס־זשע קען איך העלפן, קיין שטייגער וועל איך דאָך נישט גריזשען.

זי איז בייז געווען.

— אַ וואַנדעראָוויק איז ער ענקער מאַן, דאָס קען איך ענק זאָגן.

— יאָ, אַ וואַנדעראָוויק, אָדער אפשר נישט! וואָס זאָל ער טון, ווו זאָל ער אַרבעטן? באַ וועמען?

— ס'איז נישטאָ צו דרעשן אין דאָרף?

— ער איז קיין פּאַראָבעק און קיין טאָג־אַרבעטער קיינמאָל נישט געווען, איז קיין וווּנדער נישט, וואָס ער רייסט זיך נישט דערצו.

— ער וועט זיך נאָך צוגעוויינען, וועט זיך צוגעוויינען! ס'איז מיר אַ שאָד דער פויער, כאָטש ער קוקט, ווי אַ וואָלף און טרעט קיינעם נישט אָפּ, ר'האָט קיין אייגענעם נישט געשאָנעוועט, אָבער אַ שאָד אַ מענטש...

— און טאַטש מ'האָט געזאָגט... אַז באַם פּאַן מילנער אי־
דאָ אַרבעט... וואָס איך געבעטן... אפשר וואָלט דער פּאַן צוגע־
נומען אַנטעקן צו דער אַרבעט... וואָס איך געבעטן... — האָט זי־
אַרויסגעזעצט מיט אַ געוויין, אַרומגעכאַפּט אים באַ די פיס, געקושט
איבער די הענט און הייס געבעטן.

— זאָל ער קומען, בעטן וועל איך אים נישט, אַרבעט איז
דאָ, נאָר שווערע, באַם אַרומהאַקן דאָם האָלץ אונטער דער זעג
אַרונטער...

— ער וועט זיך אַן עצה געבן, ער איז פעיק צו אַלעם, מער
פון אַלע אין דאָרף...

— כ'ווייס דאָס, דעריבער זאָג איך דאָך טאַקע, אַז ער זאָל
קומען צו דער אַרבעט, אָבער איינצייטיק מוז איך ענק זאָגן, אַז
עך היט אייערן זייער שלעכט אָפּ — זייער שלעכט.

זי איז אַ צעשראָקענע שטיין געבליבן, נישט פאַרשטייענדיק
גאָרנישט.

— אַ פויער האָט אַ ווייב מיט קינדער, און לויפט אַנדערע
נאָך.

זי איז בלאַס געוואָרן, און ס'האָט זי אָנגעהויבן אינעווייניק
צו טרייסלען.

— כ'זאָג אייך, ווי דער אמת איז, ער שלעפּט זיך אַרום גאַנ־
צע נעכט איבערן דאָרף, מענטשן האָבן אים שוין נישט איינמאָל
געזען...

זי האָט אָפּגעזיפצט. עס איז איר אומגעהייער לייכטער גע־
וואָרן. זי האָט דאָך געוווסט דערפון, און גוט פאַרשטאַנען, אַז דאָס
טרייבט אים אַזוי די גבלה גאַנצע נעכט אַרום און לאָזט אים נישט
שלאָפן... און מענטשן פאַרבן דיר דאָס באַלד אַזוי צו אויף זייער
שטייגער.

— ער וואָלט זיך שוין געמעגט נעמען צו דער אַרבעט,
וואָלטן אים די ליבעס פון קאָפּ אַרויסגעפלויגן.

— אַ באַלעבאַטישער זון, איז...

— אַ פריץ, יוכע, ער וועט אין דער אַרבעט איבערקליבן, פונקט
זי דאָס חזיר אין דער פולער קאָריטע; אויב ער איז אַזאַ איבער־

קלויבער, האָט ער געזאָלט מיטן טאַטן בשלום לעבן, און יאַגושען ניִשט באַכלויפן... וואָרן ס'איז קיין קלענע עבירה נישט און א חרפה...

— וואָס דעם פריץ פּאַלט דאָרט ווידער איין, וואָס? — האָט זי גיך אויסגערופן.

— כ'זאָג ענק, ווי די זאַך איז, דאָס גאַנצע דאָרף ווייסט דערפון, פרעגטס ענק — האָט ער הויך און גיך אויסגערופן, ווייל ר'איז געווען זייער אַ גיכער און האָט שטענדיק געגרן דעם אמת אַרויסגעזאָגט, פּראָסט אָן שום קונצן.

— זאָל ער קומען? — האָט זי שטיל אַ פרעג געטון.

— לאָז ער קומען, כאָטש מאָרגן אַפילו, וואָס איז ענק, וואָס בעטשעט עך?...

— ניין, ניין, ס'אי נאָר גליאַט אַזוי...

זי איז צוריקגעגאַנגען פּאַמעלעך, שווער, ווי עס וואָלט זי צו דער ערד צוגעדריקט, אַז ז'האָט קוים די פיס געהויבן. אינדרויסן איז שוין פינסטער געווען און דער שניי איז אַזוי גרוי געוואָרן, אַז זי האָט בשום אופן נישט געקענט אויף דער סטעזשקע אַרויפטרעפן, זי האָט זיך אומזיסט די אויגן פון די פרירנדיקע טרערן בא די ווּעס אויסגעווישט, אומזיסט, זי האָט דעם וועג נישט געפונען, זי האָט נישט געזען גאַרנישט און איז אַזוי שוין געגאַנגען אין דער פלוצלינג צוגעפאַלענער פינסטערניש, אין דער ווייטיקלעכער; יעזוס, ווי ווייטיקלעך.

— יאַגושען לויפט ער נאָך, יאַגושען...

זי האָט דעם אָטעם נישט געקענט כאַפּן, און דאָס האַרץ האָט זיך געוואָרפן אין איר פונקט ווי אַ פויגל, וועלכן מ'האָט די פיסלעך אונטערגעהאַקט, און אין קאָפּ האָט זיך געדרייט, געדרייט, אַז זי האָט זיך אָן אַ בוים באַם סטאַוו אָנגעשפּאַרט און זיך צוגע-דרוקט צו אים ביז ווייטיק.

— און אפשר איז נישט אמת, אפשר האָט ער נאָר ליגנט געזאָגט...

זי האָט זיך אָן דעם מיט שרעק אָנגעכאַפּט און מיט ביידע הענט זיך געהאַלטן.

יעזוס מיינער, נאָך ווייניק די פּיין, נאָך ווייניק דאָס אַרומ־וואַלגערן זיך, און דאָ ליגט זיך נאָך דאָס אויך אויף מיין אָרימען קאָפּ, נאָך דאָס אויך — האָט זי יעמערלעך געקרעכצט, און כדי דעם ווייטיק צו דערשטיקן, האָט זי אָנגעהויבן לויפן גיך, ביז ז'האָט דעם אָטעם און דאָס באַוווסטזיין אָנגעווירן, גלייך ווי וועלף וואָלטן זי געיאָגט, אַ פאַרסאַפּעטע, קוים אַ לעבעדיקע אין שטוב אַריינגעפאַלן.

אַנטעק איז נאָך נישט געווען.

די קינדער זענען געזעסן באַם קוימען אויפן זיידנס פעלץ, און דער אַלטער האָט זיי אַ ווינט־מיל געשניצט און זיי פאַרשפּילט.

— מ'האָט געבערענגט וואָל, האַנוש, אין דריי זעק האָט מע געבערענגט...

זי האָט אויפגעבונדן די זעק און אין איינעם פון זיי אינדערהייך געפונען אַ לאַבן ברויט, אַ שטיק סלאָנינע און באַ אַ גוטן האַלבן טאָפּ קאַשע.

— זאָל דיר פאַן יעזוס פאַר דעם גוטס באַצאָלן — האָט זי אַ געריירטע ביז טרערן געשעפּטשעט און טאַקע באַלד אָפּגעקאָכט אַ זאַטע וועטשערע און דערנאָך די קינדער שלאָפן געלייגט.

באַלד איז שטיל געוואָרן אין גאַנצן הויז, וואָרן באַ וועראָניקען איז מען שוין געשלאָפן, און דער אַלטער האָט זיך אויך אינגיכן צוגעלייגט אויפן פּיעקעליק און האָט איינגעדרעמלט. האַנקע ווידער האָט דאָס רעדל אָנגעשטעלט, אַנידערגעזעצט זיך לעבן קוימען און שפּינען אָנגעהויבן.

זי איז לאַנג אַזוי אין דער נאַכט אַריין געזעסן ביזן ערשטן הענער־קרייען, און דעם מילנערס רייד האָבן זיך כסדר פאַר איר געוויקלט: יאַגנען לויפט ער נאָך, יאַגנען.

דאָס רעדל האָט געוואָרטשעט אין דער שטיל, איינטאָניק, אומדערמידלעך, די נאַכט האָט מיט אַ לבנהדיק, פּראָסטיק פּנים דורכן פענסטער אַריינגעקוקט, ווי זי וואָלט אין די שייבלעך געצימבלט און זיפצנדיק זיך צו די ווענט געטוליעט, און אַ קעלט איז

פון די ווינקלען אַרויסגעקראָכן, באַ די פיס אָנגעכאַפּט און מיט אַ גרויען שימל זיך איבער דער ליימענער פּאָדלאָגע צעוואַקסן ; אַ גריל פון הינטערן קוימען האָט די אויערן געלעכערט. בלויז טיילמאָל נאָר איבערגעריסן, ווען אַ קינד האָט פון שלאָף אַ געשריי געטון, אָדער אויפן בעט אַ וואָרף זיך געגעבן — און ווידער איז אַ טיפע פאַרפרוירענע שטילקייט אַריינגעטרעטן. דער פראָסט האָט אַלץ שטאַרקער געגומען און ווי מיט אייזערנע נעגל צוגעדריקט, פון צייט־צו־צייט האָבן די ברעטער פון שפּיץ דאַך געקנאַקט, די אַל־טע אויסגעבויגענע ווענט האָבן געפּלאַצט, גלייך ווי עמעצער וואָלט אויסגעשאָסן, דאָ האָט וועלכער באַלקן, פון פייכטקייט אָנגעשוואָלן שטילערהייט געקנאַקט, דאָס האָט אוודאי די קעלט די אונטער־באַלקנס דורכגענומען, וואָס זיי האָבן פּלוצלינג אַזוי ווייטיקלעך אַ דריגע געטון, און דאָס גאַנצע הויז האָט זיך איינגעקאָרטשעט, צו דער ערד זיך צוגעדריקט און פון פיבער־קעלט געציטערט.

— אַז דאָס איז מיר אַליין אַזוי אויפן געדאַנק נישט גע־קומען ! ב׳אַוודאי, אַזאַ שיינע, אַזאַ אויסגעפּאַשעטע, אַזאַ אונטער־לעקערין, און איך וואָס ? ... אַזאַ וואָרעם, הויט און ביין, וואָס בין איך ! צי בין איך גאָר בכוח אים צוצובינדן צו זיך, צי וועל איך גאָר דערוועגן ! און ווען כ׳וואָלט מיר אָפילו אַלע אָדערן פאַר אים אויפגעטרענט, וואָלט אויך גאָרנישט געהאָלפן, אַז ער האָט קיין האַרץ נישט פאַר מיר. — וואָס בין איך דען ! וואָס ? ...

אַ שוואַכקייט האָט זי אַרומגענומען, אַן אומגעהייערע שוואַכ־קייט, אַ שטילע און ווייטיקלעכע, אַזאַ שרעקלעך ווייטיקלעכע, אַז זי האָט אַפילו וויינען נישט געקענט, זי האָט קיין כוח נישט גע־האַט, זי האָט זיך נאָר אַזוי געטרייסלט אינגאַנצן, פּונקט ווי דאָס ביימל פון קעלט פאַרשטאַרט, וואָס קען נישט פון דער פיין אַנט־לויפן, נישט קיין רעטונג בעטן, נישט פאַרטיידיקן זיך — פּונקט ווי דאָס ביימל האָט האַנקעס נשמה געפּישטשעט. זי האָט דעם קאָפּ אויפן רעדל אָנגעשפּאַרט, די הענט אַראָפּגעלאָזט און אַזוי פאַרקוקט זיך, אין איר אומגליקלעכן גורל אַריין, אין איר ביטערער הילפס־לאָזיקייט, און לאַנג, לאַנג האָט דאָס געדויערט אַזוי, נאָר אַלעמאָל האָט זיך נאָר פון אונטער אירע אויגנלעדלעך אַ ברענענדיקע טרער

אַפּערגעגליטשט, אויף דער וואַל געפאַלן און דאָרט צו אַ בלוטי־קער תּפילה פון ווייטיק פאַרפרוירן געוואָרן.

אָבער צומאָרגנס איז זי דאָך אויפגעשטאַנען אַ ביסל אַ באַרויִקטערע; וואָרן ווי דען, ז׳האָט דען צייט געהאַט זיך זאָרגן אַני־דערצווזעצן, ווי עפּעס אַ פּריצה דאָרט! אפשר איז טאַקע אַזוי, ווי דער מילנער האָט געזאָגט, און אפשר איז גאָרנישט אַזוי! קען זי דען די הענט אַראָפּלאָזן, זיך וויינען און קלאָגן אָוועקזעצן, ווען אַלץ ליגט אויף איר קאָפּ, אי די קינדער, אי דאָס באַלעבאַטישקייט, אי אַלע צרות! ווער דען וועט זיך מיט דעם אַלעם אַן עצה טון, אויב נישט זי? זי האָט נאָר הייס מתפּלל געווען צו דער געפּייניקטער מוטער, געבעטן, אַז פאַן יעזוס זאָל דאָס אַלץ איבעראַנדערשן. דערפאַר האָט זי מנדר געווען אויף וויאַסנע קיין טשענסטעכאָוו צו גיין, אויף דריי גאַטעס דינסטן צו געבן אין ווען זי וועט רייך ווערן, אַ גאַנצן שטיין וואַקס אויף ליכט פאַרן גרויסן אַלטאַר אין קלויסטער אַריין אָוועקצוטראָגן.

ס׳איז איר אַ סך לייכטער געוואָרן, גלייך זי וואָלט דעם הייליקן סאַקראַמענט געהאַלטן און זיך מתוודה געווען, אַזוי, אַז זי האָט זיך פעסט צום שפּינען אַ נעם געטון, נאָר דער טאָג, כאָטש ער איז געווען אַ זוניקער און אַ לויטערער, האָט זיך אָן אַ שיעור לאַנג געצויגן און די זאָרג וועגן אַנטעקן האָט זי צעגומען.

ער איז ערשט אינאָוונט געקומען, פונקט צו דער וועטשערע, אָבער ער איז געווען אַזוי פאַרפלאָגט, אַזאַ תּל איז פון אים געוואָרן און אַזוי שטיל איז ער געווען, האָט אַזוי אָרנטלעך זיך באַגריסט, די קינדער זעמל געברענגט, אַז זי האָט כמעט אָן אַלע חשדים פאַרגעסן. און ווען ער האָט נאָך שעקע אָנגעשניטן, און בײַ דער באַלעבאַטישקייט איר צוגעהאָלפן, וואָס ער האָט נאָר געקענט, איז זי אַזוי טיף גערירט געווען, אַז ס׳איז איר שווער איבערצוגעבן.

ער האָט נאָר נישט דערציילט, ווו ער איז געווען און וואָס ער האָט געטון. פאַרשטייט זיך, זי איז נישט דרייסט געווען אים דאָס איבערצופרעגן.

נאָך דער וועטשערע איז אַרייַנגעקומען סטאַך, ווי ער פלעגט

אַפּט אַמאָל אַרײַנבליקן, כאַטש װעראָנקאַ האָט אים דאָס פֿאַרװוּאָרט, און אַ שטיקל צײַט נאָך אים, האָט זיך גאָר אומגעריכט באַװיזן דער אַלטער קלאָנב.

זיי האָבן זיך נישט װייניק געװוּנדערט, װאָרים דאָס איז באַ זיי געװען ערשט דער ערשטער מענטש פֿון דאָרף, זינט מ׳האָט זיי אַרױסגעטריבן, און אַזױ האָבן זיי פֿאַרשטאַנען, אַז ער קומט מיט עפּעס אַן ענין.

— אַז קײנער װייזט זיך נישט אַפֿילו, האָב איך באַשלאָסן ענק צו באַזוכן — האָט ער פּשוט אַ זאָג געטון.

זיי האָבן אים טאַקע געדאַנקט מיט אַן אויפֿריכטיקער און טיפֿער דאַנקבאַרקייט.

זיי האָבן זיך אײנער לעבן אַנדערן אויף דער באַנק אויסגעזעצט, באַנט פֿון קימען, און פּאַמעלעך זיך צערעדט, ערנסט, און דער אַלטער האָט אַ צװייגל אויפֿן פֿייער צוגעװאָרפֿן.

— אַ נישקשהדיקער פֿראָסט, האַ?

— אַז דרעשן אַפֿילו איז אָן אַ פֿעלץ און הענטשקעס שװער — האָט סטאַכאָ געזאָגט.

— און דאָס אי באָך ערגער, װאָס װעלף הייבן זיך אָן צו באַװייזן.

אַלע האָבן מיט פֿאַרװוּנדערונג אויף קלאָנבן אַ קוק געטון.

— כ׳זאָג ענק אמת, זיי האָבן זיך היינטיקע נאַכט אונטערגעגראָבן הינטערן װאָיטס כליװ, זיי האָבן זיך געמוזט אָפּשרעקן פֿאַר עפּעס, װאָס זיי האָבן קיין חזירל נישט צוגענומען, און זיי האָבן אויסגעגראָבן אַ לאָך אַזש ביז די אונטערבאַלקנס, כ׳בין מיטאָגצייט אַליין געגאַנגען באַקוקן, זיי האָבן װייניקסטנס פֿינף שטיק געמוזט זײַן!

— דאָס איז אָן שום ספֿק אַ סימן אויף אַ שװערן װינטער.

— דער פֿראָסט האָט נאָר װאָס גענומען און װעלף באַװייזן זיך שוין...

— כ׳האָב, הערט איר, געזען הינטער װאָליע, אויפֿן װעג באָך דער מיל, געדיכטע שפּורן, גלייך אַ גאַנצע טשאַטע װאָלט קרום איבערן װעג אַריבערגעגאַנגען, כ׳האָב מיך צוגעקוקט, אַוז

געטראַכט, אַז דאָס האָבן אַוודאַי פּריצישע יאָג־הינט געמוזט זיין, אָבער דאָס זענען זיכער וועלף געווען... — האָט אַנטעק לעבעדיק דערציילט.

— זענט איך, הייסט עס, אויך אין דער פּאַרעמבע געווען? — האָט קלאָנב געפּרוווט טרעפן.

— ניין, מענטשן האָבן נאָר דערציילט, אַז מען האָקט דעם צוגעקויפטן וואַלד, דאָרט באַ די וועלפן־גריבער.

— אויך מיר האָט דער גאַיאָווע געזאָגט, אַז דער פּריץ וועט קיינעם פון ליפּיעץ צו דער אַרבעט נישט רופן, אַפּנים נאָר כעס, וואָס זיי מאָנען זייערס.

— ווער־זשע דען וועט אים דעם וואַלד אויסהאַקן, אויב נישט די ליפּצער? — האָט זיך האַנקע אַריינגעמישט.

— מיינע ליבע, אַזוי פיל מענטשן זיצן אומעטום ליידיק אין די כאַלופּעס און וואַרטן אויף אַרבעט, ווי אויף אַ דערלייזונג. אין דעם בלויזן וואַליע געפינען זיך וויפיל? קאַלטענעס פעלן אין רודקע אָדער גאָר כמאַליוכעס אין דענביצע! זאָל נאָר דער דזשעדזשיץ*) אַ פּיפּס טון, אין איין טאָג שטעלן זיך דיר אַ פּאָר הונדערט די פּעיקסטע פויערן. כל־זמן זיי האַקן אויף דעם צוגעקויפטן, זאָלן זיי זיך האַקן, קיין סך איז דאָרט נישטאָ, אויך איז צו ווייט פאַר אונדזערע דאָרט אַהין.

— און אַז זיי וועלן אונדזער וואַלד אָנהייבן?... — האָט סטאַכאָ אַ פרעג געטון.

— וועלן מיר נישט לאָזן! — האָט קלאָנב קורץ און שאַרף אַ וואָרף געטון — וועלן מיר זיך פּרוון, לאָז דער דזשעדזשיץ זען, ווער ס'איז שטאַרקער, ער, צי דאָס גאַנצע פאָלק, לאָז ער זען.

זיי האָבן שוין מער נישט גערעדט וועגן דעם, צו שטאַרק איז דאָס יעדן אויף דער לעבער געלעגן און געבערענט, נאָר ביליצע האָט נאָך שטאַמלענדיק און נישט דרייסט געזאָגט:

---

*) גוט־באַזיצער

— יעך קען די דאָזיקע פריצישע גזע פון וואָליע, כ׳קען, זי וועט ענק אָנרייבן...

— זאָל זי אָנרייבן, מיר זענען קיין קינדער נישט, איז וועט זי אונדז נישט אָפּנאַרן — האָט קלאָנב פאַרענדיקט.

זיי האַבן נאָך גערעדט וועגן דעם, וואָס די אָרגאַניסטערס האָבן מאַגדען אַרויסגעטריבן, וועגן וועלכן קלאָנב האָט זיינס געזאָגט.

— ב׳אַוודאי, מענטשלעך איז עס נישט, אָבער אויך אַ שפּיטאָל אין דער כאַלופּע איז זיי שווער געווען צו פאַרלייגן, וואָרן מאַגדע איז דאָך נישט זייערס נישט קיין קרוב, נישט קיין גואל.

זיי האָבן נאָך גערעדט אַ ביסל וועגן פאַרשידנס און זיך גאַנץ שפּעט צעגאַנגען, און אַוועקגייענדיק, האָט קלאָנב אויף זיין שטייגער פּשוט און קורץ אַ זאָג געטון, אַז זיי זאָלן אַ יינקומען צו אים, און אויב זיי וועלן דאַרפן עפּעס זאָלן זיי נאָר אַ זאָג טון — איז פון גרינוואַרג, צי פאַשע פאָר דער יאַלאָווקע און אַפילו די פאָר גילדן דאָרט — וועט זיך נאָך פאַר אַ שכן געפינען...

די אַנטקעס זענען אַליין געבליבן.

האַנקע האָט נאָך לאַנגע וואַקלעניש, נאָך פיל נישט דרייסטע אַפּזיפּצן, ענדלעך אַ פרעג געטון:

— האָסט געפונען עפּעס אַרבעט?

— ניין, כ׳בין געווען אין איין הויף, אי׳ן צווייטן, אויך באַ מענטשן זיך נאָכגעפרעגט, און נישט געפונען... — האָט ער שטיל אָפּגעענטפערט, נישט אויפהייבנדיק די אויגן, וואָרן כאָטש ס׳איז אמת געווען, אַז ער איז געווען דאָ און דאָרט, נאָר וועגן קיין אַרבעט האָט ער זיך נישט באַמיט, ער האָט זיך בלויז אַרומגעשלעפּט די גאַנצע צייט.

זיי האָבן זיך געלייגט; די קינדער זענען שוין געשלאָפן, צופּיסנס אין בעט ס׳זאָל זיי וואַרעם זיין; אַ פינסטערניש האָט די שטוב אַרומגענומען, נאָר דאָס לבנה־ליכט האָט זיך דורך די פאַרפרוירענע און צעפינקלטע שייבלעך געגאָסן און איבעוויייניק אין שטוב מיט אַ ליכטיקן פאַס אַריינגעדרונגען, זיי זענען אָבער נישט אַנטשלאָפן געוואָרן; האַנקע האָט זיך איבערגעדרייט פון איין זייט

אויף דער צווייטער און איבערגעלייגט זיך, צי זאָל זי אַצינד זאָגן וועגן טאַרטאַק, צי ערשט מאָרגן איגדערפרי?

— כ'האָב געזוכט, נאָר ווען כ'וואָלט אַפילו געקריגן, וואָלט איך אויך נישט אַוועקגעגאַנגען פון דאָרף, כ'וועל מיך נישט אַרומשלעפן אויף דער וועלט, ווי אַ הונט אָן אַ הויז — האָט ער אַ מורמל געטון נאָך אַ לאַנגן שטילשווייגן.

— כ'האָב אויך דאָס אייגענע געטראַכט, פונקט דאָס אייגענע! — האָט זי פריידיק אויסגערופן — צו וואָס אין דער וועלט זוכן ברויט, אויב עס טרעפט זיך אויך אין דאָרף אַ נישקשהדיק פּאַרדינסטל. אָט האָט מיר דער מילנער געזאָגט, אַז ער האָט אַרבעט פאַר דייַנעטוועגן באַם טאַרטאַק, כאָטש שוין פון מאָרגן אָן און ער צאָלט צוויי גילדן מיט פופּצען גראָשן.

— ביסט געגאַנגען פרעגן? האָט ער אַ געשריי געטון.

— ניין, כ'האָבן באַצאָלט, וואָס כ'בין שולדיק געווען, האָט ער מיר אַליין געזאָגט, אַז ער האָט געזאָלט שיקן נאָך דיר; כ'האָב נישט דערמאַנט אַפילו — האָט זי זיך אַ צעשראָקענע פאַרענטפערט.

ער האָט שוין גאָרנישט אָפּגעענטפערט און זי האָט אויך געשוויגן. זענען זיי געלעגן אַזוי אייבער לעבן אַנדערן אומבאַוועגלעך, אָן אַ וואָרט אַרויסצורעדן, דער שלאָף איז זיי פולשטענדיק צוגענומע געוואָרן, זיי האָבן געחלומט עפּעס אין טיפן געהיימניש, טייל־מאָל אָפּגעזיפצט, דאָ זענען זיי די נשמות אין דער טויבער, טויטער שטילקייט צעשמאָלצן געוואָרן — הינט עפּעס האָבן געבילן אין דאָרף, ווייט, ווייט און שוואַך, די העגער האָבן מיט די פליגל געקלאַפּט, און אויף האַלבער נאַכט שוין געקרייעט, און אַ שטיל געריש ווי אַ ווינט האָט איבער דער כאַלופּע אַ ברויז געטון.

— שלאָפסט? — זי האָט זיך בענטער אַ ביסל צוגערוקט.

— אַז דער שלאָף איז מיר אַוועקגענומען געוואָרן.

ער איז געלעגן אויפן רוקן, מיט די הענט אונטערן קאָפּ אַרונטערגעלייגט, אַזוי נאָנט לעבן איר, און אַזוי ווייט מיטן האַרץ, ווייט מיט די געדאַנקען — ער איז געלעגן אומבאַוועגלעך, אָן אָטעם כמעט, אָן באַוווסטזיין; וואָרן יאַגושעס אויגן האָבן ווידער

פון דער פינסטערניש אַרויסגעקוקט און געבלוט זיך אין לבנה־שיין...

און האַנקע האָט זיך נאָך בענטער צוגערוקט, מיטן הייסן פּנים זיך צו זיין אָרעם צוגעדריקט, מיטן גאַנצן האַרץ — ניין, זי האָט שוין אַצינד קיין שום חשד נישט געהאַט, קיין שום ווייטיקן, קיין ביטערנישן, און מיט דערדאָזיקער האַרציקער ליבשאַפט, מיט דער נשמה־ליבע פול צוטרוי און איבערגעגעבנהייט זיך צו זיין האַרץ געדריקט.

— יאַנטאָש, וועסטו שוין גיין מאָרגן צו דער אַרבעט? — האָט זי ציטערנדיק געפרעגט, אַבי עפּעס צו זאָגן, אַבי זיין שטימע נאָר צו הערן און מיט זיין נשמה זיך צונויפצושמועסן.

— איך וועל אפשר גיין, אוודאי, מ׳דאַרף גיין, מ׳דאַרף... — האָט ער אָפּגעענטפערט, נישט טראַכטנדיק אפילו וועגן דעם.

— גיי, יאַנטאָש, גיי... — האָט זי צאַרט געבעטן און די האַנט אים אַרום האַלדז פאַרוואָרפן אין מיט די הייסע ליפּן זיינע קוים אָטעמדיקע ליפּן געזוכט.

אָבער ער האָט אפילו קיין ציטער נישט געטון, נישט אָפּגעענטפערט, איר אומאַרמונג נישט געפילט, נישט געוווּסט אפילו וועגן איר, ער האָט מיט ברייט צעעפנטע אויגן אין יענע אויגן, אין יאַגושעס בלויע אויגן געקוקט.

III

ס'איז שוין געווען גרויסער טאָג, נאָכן אָנבייסן. דער מילנער האָט אַנטעקן צוגעפירט צו דער אַרבעט, ער האָט אים באַם איינפאָר, צווישן אַ גרויסער קופּע אָנגעוואָרפענע קלעצער אַוועקגעשטעלט און אַליין איז ער צוגעגאַנגען צו מאַטעאוּשן, וועלכער האָט גראָד צוגעריכטעוועט אַ בוים צום טאַרטאַק און אַ לאָז געטון די זעג, ער האָט עפּעס אַ רעד געטון מיט אים, דערנאָך אויסגערופן:

— אַרבעטס ענק דאָ און האָרכטס אין אַלעם מאַטעאוּשן, ער פירט דאָ אַלץ פאַר מיר און איז באַלד אַוועקגעגאַנגען, וואָרן אַן אומאָנגענעמע, דורכנעמענדיקע קעלט האָט פון טייך געצויגן.

— צ'האָט זיכער קיין גרויסע האַק נישט? — האָט מאַטעאוּש אָנגעהויבן, אַראָפּגייענדיק אונטן, און באַגריסנדיק זיך מיט אים פריינטלעך.

— כ'בין מיט אַ קליין העקל געקומען, וואָרן כ'האָב נישט געוווּסט.

— איז גלייך, ווי עך וואָלט מיט די בלויזע ציין געקומען, דאָס

אַלץ איז געפרוירן און קרישלט זיך ווי גלאָז, צ׳וואָלט גאָרנישט אויפגעטון מיט אַזאַ העקל, עס וועט נישט כאַפּן, און ווען יאָ, איז אַזוי פּיל נאָר, ווי מיטן צאָן. כ׳וועל ענק אויפן היינטיקן טאָג באָרגן אַ גרויסע האַק, מ׳דאַרף זי נאָר צו שאַרפן און אין דער פלאַך מער, צ׳זעט... באַרטעק, נעמטס ענק נאָר אין דער פּאָר מיט באָרינען, וועט עך דאָס דעמבל גיך צו־ריכטעווען, וואָרן דאָרט גייט באַלד אַפּער פון אונטער דער זעג.

אַ דאַרער, הויכער, נאָר איינגעהויקערטער פויער מיט אַ ליוולקע צווישן די ציין, אין אַ גרויי באַראַנקאָווע היטל אויפן קאָפּ, אין אַ געל פּעלצל, אין טרעפּעס, און אין רויטע געפּאַסעוועטע הויזן האָט זיך אויסגעגלייכט פון הינטער אַן אומגעהייערן קלאָץ אַפּער, וואָס איז געלעגן אין שניי. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף דער גלאַנציקער האַק, אַ שפּריץ געטון פון צווישן די ציין און פריילעך אויסגערופן:

— צו מיר וועט עך ענק צוגעוויינען, האָטס נישט קיין מורא, ר וועלן זיין אַ פּאָרל, וואָס וועט זיך לעבן בשלום, אָן געשרייען, אָן געשלעגן.

— אַ פיינער וואַלד, ביימער ווי די ליכט.

— אָבער סענקאַטע יוכעס, אַז גאָט זאָל היטן, ווי מיט קיזלשטיינער אָנגעטשוועקעוועט, זעלטן דער טאָג, די האַק זאָל זיך נישט אויסשטשערביען. נאָר ענקערע שאַרפטס נישט אויף טרוקן און גלאַטיק; מ׳דאַרף מיט דער האָר צ׳יען איבערן שטיין, אין איין זייט אַריין, איז די שאַרף שטאַרקער. מיטן אייזן איז פּונקט, ווי מיט אַ מענטש אַמאָל, ווערסט אים צוטרעפן וואָס ער האָט ליב, וועסטו אים פירן, ווי דאָס הינטל אויפן שטריקל, ווו ס׳וועט זיך דיר נאָר גלוסטן; דער שלייפשטיין שטייט אין מיל אונטערן הירזשקאַסטן...

אַנטעק האָט אפשר אין אַ מינוט אַרום זיך שוין געשטעלט צו דער אַרבעט אַקעגניבער באַרטעקן און אָנגעהויבן אָפּוואַרפן די שטשאַפּעס און צערומטשעשען דעם בוים אין דער לענג אויף אַ שאַרפן קאַנט, ווי באַרטעק האָט מיט דער קויל געצייכנט, נאָר ר׳האָט זיך מיט קיין וואָרט נישט אָנגערופן, ווייל עס האָט אים

שטאַרק געאַרט, וואָס אַזאַ מאַטעאוש זאָל שאַפן מיט אים, מיט באַריבען — אָבער — אַז אין בויך קלעמט — האָט ווייניק צו באַפעלן ס'העמד, — האָט ער נאָר אין דער גאָרשטש אַריין אַ שפּיי געטון און מיט כּעס זיך צו דער האַק ווי צוגעקלעפּט.

— ס'גייט ענק נישקשה, גייט ענק! — האָט באַרטעק באַמערקט.

— בּוודאי, אַז אַן עצה געבן זיך האָט ער געקענט, ס'איז אים קיין נייעס נישט געווען אַ בוים אַרומצוהאַקן, און אַ געדאַנק האָט ער אויך געהאַט אַ נישקשהדיקן. נאָר די אַרבעט איז צו שווער געווען פאַר אַ נישט איינגעאַרבעטן, איז ער דעריבער גיך אָפּגעמאַטערט געוואָרן און האָט זיך דערשוויצט, אַז ער האָט אַזש דעם פעלץ פון זיך אַראָפּגעוואָרפן.

און אַ פראָסט איז געווען אַ פעסטער, ער האָט נישט נאָכגעלאָזט, און ווייל מ'האָט אַזוי כּסדר געדאַרפט שטיין און קראַצן אין שניי, זענען די הענט פארשטאַרט געוואָרן און האָבן זיך צום הענטל פון דער האַק צוגעקלעבט, און די צייט האָט זיך אַזוי לאַנג געצויגן, אַז ער האָט זיך קוים אויף מיטאָג דערוואַרט.

אָבער אויף מיטאָג האָט ער בלויז אַ שטיק טרוקן ברויט איבערגעגריזשעט, פאַרטרונקען מיט וואַסער גלייך פון טייך, און אונטערן דאַך אַרונטער, אין מיל אַריין, ווי די אַנדערע, אפילו נישט געגאַנגען. ער האָט זיך מורא געהאַט צו טרעפן דאָרט מיט באַקאַנטע, וואָס האָבן געבּרענגט אין מיל אַריין צו מאָלן און האָבן געוואַרט אויף זייער ריי. זיי וואָלטן זיך דאָס געוואונדערט אויף אים און געפרייט זיך שטילערהייט אויף זיין דערנידערונג און נויט — נישט באַ זייער לעבן... איז ער איבערגעבליבן אויפן פראָסט, אַנידערגעזעצט זיך הינטער דער מיל, געגריזשעט דאָס ברויט און געפירט מיט די אויגן איבערן טאַרטאַק, וואָס איז געשטאַנען באַם סאַמע טייך, מיט אַ ווינקל נאָר צוגעשפּאַרט צום שפּיץ דאַך פון דער מיל, אַזוי, אַז דאָס וואַסער האָט פון פיר רעדער מיט אַ גראַבן גרינעם וואַל געזעצט הינטער אים און באַוועגט די זעגן.

אָבער ער האָט נאָך נישט געהאַט רעכט דעם אָטעם גע-

כאַפּט, נישט אויסגערוט זיך, ווי עס דאַרף צו זיין, ווען מאַטעוש האָט שוין, זיך אימקערנדיק פֿון מילנער פֿון מיטאָג, פֿונדערווייטנס געשריגן:

— צו דער אַרבעט אַרויס! צו דער אַרבעט אַרויס!

איז ווילנדיק נישט ווילנדיק, וואַרטשנדיק אויף דער קורצער מיטאָג־פּויזע, האָט מען זיך אויפֿהייבן געמוזט און גלייך ווי די אַנדערע צו דער אַרבעט זיך שטעלן.

און זיי האָבן זיך פֿלינק באַוועגט, וואָרן דער פֿראָסט האָט געבריט און פּיין אונטערגעיאָגט.

די מיל האָט כסדר געקלאַפּט, און דאָס וואַסער פֿון אונטער די רעדער אַפּער, וואָס זענען באַוואַקסן געווען מיט אייז, ווי מיט גרינע פּאַקולעס און צונויפֿגעקנוילט אין לאַנגע קאָלטענעס, האָט געזעצט מיט אַ געשריי אונטערן טאַרטאַק אַרונטער, די זעגן האָבן געקנאַקט אָן אויפֿהער, פּונקט ווי עמעצער וואָלט גלאָז געריזשעט און געשפּיגן מיט געלע טראָטשענעס. און מאַטעוש האָט זיך אומדערמידלעך אייליק אַרומגעפּאָרעט, געריכטעוועט די קלעצער, פֿאַרשטעלט דאָס וואַסער, ווידער עס אָפּגעלאָזט, צוזאַמענגעפּעסטיקט דאָס האָלץ מיט קלאַמערן, געמאָסטן און געוואַלטעוועט כסדר און די מענטשן אונטערגעיאָגט, און אומעטום פֿול געווען, געפּאָרעט זיך שנעל, ווי אַ שטשיגעל באַ די קאָנאָפּלעס, זיין רויטער שפּענצער מיט די גרינע פּאַסן און דאָס גרויע באַראַנקאָווע היטל האָבן נאָר געשימערט דאָ באַם צופֿאַר, דאָ אויפֿן אויסגעטרעטענעם און מיט שפּענער באַשיטן שניי, וווּ מ'האָט דאָס האָלץ באַאַרבעט, דאָ איז ער אין דער מיל אַריין, מיט די מענטשן געשמועסט, באַפֿעלן אַרויסגעגעבן, אונטערגעיאָגט, געלאַכט, וויצן געזאָגט און צוגעפּייפֿט זיך און געאַרבעט פֿייערדיק, אָבער צום מייגסטן האָט מען אים אויפֿן בריקל באַ די זעגן געזען, וואָרים דער טאַרטאַק האָט קיין זייטיקע ווענט נישט געהאַט און זיך דורכגעלויכטן דורך און דורך, און אויפֿגעהויבן זיך איבערן טייך געגנוג הויך אויף פֿיר פֿעסטע סלופּעס, אָן וועלכע דאָס וואַסער האָט אַזוי געקלאַפּט, אַז דער טשטשינע־דאַך, וואָס איז נאָר אין די שפּיצן אונטערגעשפּאַרט געווען, האָט טיילמאָל געדריגעט, ווי אַ הויז־שילדל אויפֿן ווינט.

— אַ געשיקטער, יוכע! — האָט אַנטעק מיט אָנערקענונג אָבער נישט אָן כעס אַ שעפּטשע געטון.

— ער נעמט ווייניק! — האָט באַרטעק דערויף אַ מרוק געטון.

זיי האָבן זיך צעקלאַפּט די הענט אָן די אָרעמס, וואָרן דער פראָסט האָט געברענט וואָס אַמאָל שטאַרקער און האָבן שטילשווייגנדיק געאַרבעט.

מענטשן איז געווען גענוג באַ דער אַרבעט, נאָר אויף קיין שמועס צו כאַפּן איז קיין צייט נישט געווען — צוויי האָבן געהיטן באַ דער זעג, האָבן אַראָפּגעוואָרפן די צעשניטענע קלעצער אויף דער ערד און אַרויפגעצויגן נייע, צוויי אַנדערע האָבן די נישט דערזעגטע עקן דורכגעשפּאָלטן, די לאַטעס אין גרויסעכנע שיכטן איינגעלייגט און די דינערע און פייכטערע אונטער די שאָפּעס פאַרן פראָסט באַהאַלטן; און נאָך צוויי האָבן די דעמבעס, יאָדלעס און טשווערקעס פון דער קאָרע אָפּגעשיילט, אַז באַרטעק האָט אָפט געשריגן צו זיי, חוזק מאַכנדיק:

— דע, פאַרשטינקענע שינדערס, ווען ווערט עך שוין היצלעס!

עס האָט זיי פאַרדראָסן דאָס, וואָרן זיי האָבן דאָך נישט קיין הינט פון דער פעל געשונדן, אָבער אַרומקריגן זיך צוליב אַ צונאָמען, איז קיין צייט נישט געווען. מאַטעאוש האָט אַזוי אונטערגעטריבן, אַז זעלטן נאָר איז עמעץ אין דער מיל אַריינגעלאָפן די פאַרשטאַרטע הענט זיך אָנצוואַרעמען, און צוריקצווועגס געאיילט אין איין אָטעם, וואָרן די אַרבעט אַליין האָט אונטערגעטריבן.

אַנטעק האָט זיך אַהיימגעשלעפּט, ווען ס'איז שוין גוט פינסטער געווען. ער איז געווען אַזוי דורכגעפרוירן, אָפּגעמאַטערט און פון די כוחות אַרויסגעשלאָגן, די ביינער האָבן אים אַזוי ווי געטון, אַז ער איז באַלד נאָך דער וועטשערע אונטערן איבערבעט אַרונטערגעקראָכן און ווי אַ שטיין איינגעשלאָפן.

האַנקע האָט קיין האַרץ נישט געהאַט אים איבערצופרעגן עפּעס, זי האָט אים נאָר צופרידנגעשטעלט, ווי זי האָט נאָר געקענט, כּסדר די קינדער איינגעשטילט, אויפן אַלטן אָנגעשריגן, ער

זאָל מיט די שטיוואַליעס קיין געריוש נישט אָנמאַכן, איבער דער שטוב אַליין באַרוועס אַרומגעגאַנגען, אַבי נישט איבערצוּוועקן אים, און פאַרטאָג, ווען ער האָט זיך פאַרנומען צו דער אַרבעט צו גיין, האָט זי אים צו די קאַרטאָפליעס אַ טעפל מילך אָפגעקאָכט, ער זאָל זיך אונטערלעבען אין זיך דערוואַרעמען בעסער.

— צו אַלדי רוחות, די ביינער טוען מיר אַזוי וויי, אַז כ׳קען מיך אַזש נישט רירן! — האָט ער זיך באַקלאָגט.

— דאָס איז נאָר אַזוי אין אָנהייב, ווייל צ׳זענט נישט צוגעוויינט, נישט איינגעאַרבעט... — האָט דער אַלטער פאַרענטפערט.

— ס׳וועט איבערגיין, כ׳ווייס. וועסטו מיר ברענגען, האַנוש, מיטאָג?

— כ׳וועל ברענגען. ווו וועסטו גיין לויפן אַזאַ שטיק וועגס, כ׳על ברענגען...

ער איז באַלד אַוועקגעגאַנגען, וואָרים מ׳האָט זיך געדאַרפט מיטן טאָג צוגלייך שטעלן צו דער אַרבעט.

און אַזוי האָבן זיך אָנגעהויבן פאַר אים טעג פון שווערער, מאַטערנדיקער אַרבעט.

אַלץ איינס צי אַ שטאַרקער פראָסט האָט געברענט און געבראָט , צי אַ זאַווערוכע געבלאָזן, מיט ווינט און שניי געשלאָגן, אַז מ׳האָט נישט געקענט די אויגן עפענען, צי דער פראָסט האָט געלאָזט, און מ׳האָט געמוזט גאַנצע טעג איינם נאַסן ווייכן שניי שטיין, און אַן אומאָנגענעמע, פייכטע קעלט איז אין די ביינער אריינגעקראָכן; צי האָט אַ שניי געשיט, אַז מ׳האָט כמעט די אייגענע האַנט נישט געזען — שטענדיק האָט מען געמוזט פאַרטאָג זיך פון געלעגער אויפרייסן, לויפן און גאַנצע טעג פראַצעווען, אַזש די ביינער האָבן געקנאַקט און יעדעס אָדערל באַזונדער האָט זיך פון אָפגעמאַטערטקייט געטרענט און דערצו נאָך האָט מען געדאַרפט זיך צואיילן, ווייל די פיר זעגן האָבן מיט אַזאַ שנעלקייט דאָס האָלץ געפרעסן, אַז מען איז עס קוים אומשטאַנד געווען צו ליפערן, און דערצו האָט מאַטעאוש נאָך אונטערגעטריבן.

אָבער נישט דאָס איז אים נמאס געוואָרן, נישט די שווערע אַרבעט, נישט די בייזע ווינטן, רעגנס, שרעקלעכע שנייען. ער האָט

זיך שוין געהאַט אַ ביסל צוגעוווינט צו דעם — און אויב אַ מענטש געוויינט זיך צו עפּעס רעכט, איז אים אפילו אין גיהנום נישט שלעכט — זאָגן קלוגע מענטשן, ער האָט בלויז נישט געקענט פאַרטראָגן, וואָס מאַטעאוש איז אַזאַ גאַנצער מאַכער און האַלט אין איין דאַקוטשען כסדר.

די אַנדערע האָבן שוין נישט געלייגט קיין אַכט אויף דעם, אָבער ער איז יעדעס מאָל אויפגעקאָכט געוואָרן פון כעס, און טיילמאָל אַזוי וואָרטשענדיק אַן ענטפער אָפּ געטון, אַז יענער האָט נאָר מיט די שליפּיעס אַ גלאַנץ געטון אין ווידער, ווי אויף להכעיס, צו אַלעם זיך געטשעפּעט, כלומרשט נישט גלייך אין די אויגן אַריין, נאָר שטענדיק אַזוי טרעפלעך, אין פּינטל אַריין, אַז אַנטעקן איז די הויט אַזש געריזנצלט געוואָרן און די פויסטן האָבן זיך אים צוגויפגעביילט. אָבער ער האָט זיך געהאַמעוועט, ווי ווייט ער האָט נאָר געקענט, איינגעשטילט זיך, בלויז אין זכרון די אַלע באַליידיקונגען באַהאַלטן. ער האָט געפילט גאַנץ גוט, אַז מאַטעאוש האָט נאָר אויף אַ געלעגנהייט געוואַרט אים פון דער אַרבעט צו פאַרטרייבן...

אַנטעקן ווידער איז נישט געגאַנגען אַזוי פיל אין דער אַרבעט, ווי אין דעם, נישט צו לאָזן זיך איינצוימען און בייקומען דורך אַ ליאַדע ווערמען — דורך אַזאַ לאַכמאַן ווי מאַטעאוש איז.

גענוג איז, אַז זיי זענען וואָס אַמאָל שרעקלעכער פאַרביסן געוואָרן איינער אויפן אַנדערן, וואָרן זייער גאַנצער כעס איז געווען יאַגושע, וואָס איז, ווי אַן אָנגעווייטיקטע מכה, טיף אין האַרץ באַ זיי געזעסן. זיי זענען ביידע לאַנג שוין, נאָך פון וויאָסנע אָן, און אפשר נאָך פון פאַר פאָסט אָן, ווי אין שפּאַן איר נאָכגעגאַנגען און זיך שטילערהייט געוואָלט איינער דעם צווייטן בייקומען, דערביי האָט איינער גאַנץ גוט געוווסט פון אַנדערן. נאָר מאַטעאוש האָט עס געטון כמעט פאַר אַלעמען אין די אויגן און אָפן פאַר יעדן וועגן זיין ליבע דערציילט, און אַנטעק האָט זיך געמוזט היטן מיט דעם, דעריבער האָט אים אַ טויבע, ברענענדיקע קנאה דאָס האַרץ געבריט.

זיי זענען קיינמאָל קיין גוטע פריינט נישט געווען צווישן זיך,

האָבן שטענדיק געקוקט זייטיק איינער אויפֿן אַנדערן און פֿלעגן פֿאַר מענטשן דראָען איינער דעם אַנדערן, וואָרן יעדער פֿון זיי האָט זיך פֿאַרן שטאַרקסטן פֿויער אין דאָרף געהאַלטן, נאָר אַצינד, איז אין זיי אַ כּעס און פֿאַרביסנקייט פֿון טאָג צו טאָג געוואַקסן. אַזוי, אַז נאָך אַ וואָך האָבן זיי זיך שוין נישט באַגריסט אַפֿילו, נאָר פֿאַרבײַגעגאַנגען זיך, בליצנדיק מיט די אויגן, ווי צוויי צערייצטע וועלף.

מאַטעאוש איז נישט געווען קיין שלעכטער, נישט קיין אומהעפֿלעכער, ער האָט געהאַט אַ גוט האַרץ און אַ ברייטע האַנט, נאָר צופֿיל געהאַלטן פֿון זיך, זיך געגרייסט איבער אַנדערע און זיך גאָרנישט געמאַכט פֿון קיינעם; און נאָך אַ חסרון האָט ער געהאַט: ער האָט זיך געהאַלטן פֿאַר אַזאַ קאַוואַלער, וועלכן קיין שום שיקסע שטעלט זיך נישט אַקעגן, ער האָט זיך ליב געהאַט צו רומען מיט דעם, צו דערציילן יעדן, אַבי נאָר אין אַלעם דער ערשטער צו זײַן. דערײַבער האָט עס אים אויך אַצינד געשמעקט, און ער האָט יעדן גערן דערציילט, אַז אַנטעק אַרבעט בײַ אים און האָרכט אים אין אַלעם, און קוקט אים אונטערטעניק אין די אויגן אַרײַן, ווי אַ טרוסיקל, אַבי נאָר ער זאָל אים פֿון דער אַרבעט נישט פֿאַרטרײַבן.

אַנטעקס באַקאַנטע איז דאָס אַפֿילו אַ ווונדער געווען, אָבער זיי האָבן זיך געטראַכט — כ׳ווייס, אפשר איז דער פֿויער טאַקע רוזקער געוואָרן, הכנעהדיקער, אַבי די אַרבעט נישט אָנצוווערן. אַנדערע ווידער האָבן אויפֿגעוויזן, אַז דערפֿון וועלן נאָך גאַנצע היסטאָריעס אַרויסקומען, וואָרן אַנטעק וועט נישט שענקען, און אויב נישט היינט, איז מאָרגן, ער וועט זיך זײַנס אָפּשלאָגן. און זיי זענען אַפֿילו גרייט געווען צו גיין אין אַ געוועט, אַז ער וועט מאַטעאושן ווי אַ זויער עפּעלע צעקוועטשן.

פֿאַרשטייט זיך, אַז אַנטעק האָט פֿון די אַלע מעשיות גאָרנישט געוווסט, וואָרן ער איז צו קיינעם אין כאַלופּע נישט אַרײַנגעקומען, באַקאַנטע אויסגעמיטן, קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט, און פֿון דער אַרבעט גלײַך אַהיימגעגאַנגען, אַזוי אויך צוריק צו דער אַרבעט. אָבער ער האָט גוט געפֿילט, אַז אַזוי מוז געשען, וואָרן ער האָט מאַטעאושן גוט מיט די אויגן דורכגענומען.

— איך וועל דיך אויסרייכטעווען, שטשערווע, אויף אַזאַ מין קרויט, אַז די הינט וועלן דיך נישט וועלן עסן. די פּאָמפּע וועט דיר ווייכער ווערן. וועסט דיך שוין נישט רומען און פאַר אַ גאַנצן קנאַקער מאַכן — האָט זיך אים איינמאָל באַ דער אַרבעט אַרויסגעריסן, אַזש באַרטעק האָט דערהערט און אויסגערופן:

— לאָזטס אים געמאַך, דערפאַר צאָלט מען אים דאָך, אַז ער זאָל אונטערטרייבן! — ער האָט נישט פאַרשטאַנען דער אַלטער.

— אפילו אַ הונט עסט זיך מיר צו, אַז ער בילט בחנם.

— צ'נעמט ענק צו פּיל צום האַרץ, די לעבער וועט זיך ענק נאָך אָנצינדן, און כ'באַמערק, אַז אויך באַ דער אַרבעט היצט עך ענק...

— וואָרן ס'איז מיר קאַלט — האָט ער, פון יוצא וועגן, אַ וואָרף געטון.

— געלאַסן דאַרף מען אַלץ טון, מיט אַ סדר, געלאַסן, אָט האָט דאָך פאַן יעזוס אויך געקענט די וועלט אין איין טאָג באַשאַפן, און פונדעסטוועגן האָט ער זי בעסער געוואָלט מאַכן איבער דער וואָך, אָפּרועענדיק זיך... די אַרבעט איז נישט קיין פויגל, זי וועט נישט אָוועקפליען, און איבעררייסן זיך פאַרן מילנערס וועגן, צי פאַר אַן אַנדערן דאָרט, ווער בייט ענק דערצו און ווער צווינגט ענק... און מאַטעאוש איז דערויף געשטעלט, פונקט ווי דאָס הינטל, וואָס היט אָפּ דאָס האָב און גוטס, וועט עך ענק בייזערן פאַר זיין בילן?...

— כ'האָב געזאָגט דאָס, וואָס כ'האָב געפילט. ווו זענט עך דאָס געוועזן זומער-צייט, וואָס כ'האָב ענק אין דאָרף נישט געזען? — האָט ער אַ פרעג געטון, כדי איבערצובייטן דאָס געשפּרעך.

— אַ ביסל האָט מען געאַרבעט. אַ ביסל גאָטס וועלטל אָנגעקוקט, די אויגן אָנגעזעטיקט און די נשמה געהאָלפן וואַקסן... — האָט ער פאַמעלעך גערעדט, אַרומטשעשענדיק דעם בוים פון דער אַנדערער זייט, טיילמאָל האָט ער זיך אויסגעגלייכט, אויסגעצויגן זיך, אַזש די געלענקען האָבן זיך אים אויסגעקנאַקט, און די פּייקע האָט ער פון די ציין נישט אַרויסגעלאָזט און גערן געפּלוידערט.

— כ'האָב געאַרבעט מיט מאַטעאושן באַם נייעם הויף, אָבער ווייל ר'האָט זייער געיאָגט, אין וויאַסנע אויף דער וועלט איז גע־וועז, די זון האָט געשמעקט, איז האָב איך אים אַוועקגעוואָרפן, און מענטשן האָבן זיך גראָד דאַמאָלס געלאָזט קיין קאַלוואַריע — בין איך מיט זיי מיטגעגאַנגען, כדי צו טרעפן נאָך אויפן אָטפּוסט און אויף די וועלט אַ ביסל אַ בליק טון.

— ס'איז ווייט צו דערדאָזיקער קאַלוואַריע?

— צוויי וואָכן זענען מיר געגאַנגען, אַזש ביז נאָך קראָקע, אָבער כ'בין נישט דערגאַנגען אַהין. אין איין דאָרף, ווו מיר האָבן געמיטאָגט, האָט דער באַלעבאָס געשטעלט אַ כאַלופּע, און ר'האָט זיך דערויף אַזוי פיל פאַרשטאַנען, ווי אַ חזיר אויף הייזון, האָב איך מיך אָנגעבייזערט, אָנגעזידלט די יוכע, וואָרן ר'האָט אַ תל גע־מאַכט פון האָלץ און כ'בין איבערגעבליבן באַ אים, ער האָט מיך טאַקע געבעטן אויך. אין פאַרלויף פון צוויי חדשים האָב איך אים אויסגעריכטעוועט אַ הויז, אַז ס'האָט אויסגעזען ווי אַ הויף, אַזש ר'האָט מיר דערפאַר געוואָלט זיינס אַ שוועסטער שדכענען, אַן אלמנה, וואָס איז לעבן אים אויף פינף מאָרגעס געזעסן.

— אוודאי אַן אַלטע.

— קיין יונגע אויך נישט, אָבער נאָך מיטצודערליידן, ווי־דען, בלויז אַ דזשעבעלע ליסע איז זי געווען, לאָם און האָט געקוקט מיט אַ קאָסאָקע אייגל. אָבער אויף דער צורה שיין, ווי אַ לאַבן ברויט, וואָס די מייז האָבן אַ פּאָר וואָכן כסדר אַרומגעגריזשעט; אַ גאַלאַנטע נקבה, אַ גוטע, צו פרעסן האָב איך געהאַט פעסט — אי אייער־געפרעגלטסן מיט קעלבאַס, אי אָקעוויט מיט פאַרשידענע פּעטי־קייטן, און אַנדערע גוטע זאַכן, און ז'האָט זיך אַזוי צוגעכאַפּט צו מיר, אַז זי איז גרייט געווען מיך טאָג באַ טאָג אונטערן איבער־בעט אַרונטערצולאָזן... אַז כ'האָב מיך געמוזט אויף באַנאַכט אין דער וועלט אַריין אָפּטראָגן...

— וואָלט נישט גלייכער געווען חתונה צו האָבן, עס איז דאָך פאָרט פינף מאָרגעס..

— און אַ לייזיקן פּעלץ נאָכן געשטאָרבענעם מאַן. אָבער צו וואָס טויג מיר אַ ווייב? די באַבסקע זריעה איז מיר שוין לאַנג

נמאס געוואָרן, שוין לאַנג! און דאָס? — גאָרנישט. נאָר עס שרײַט, קוויטשעט, פליט אַרום, ווי אַ סראָקע אויפן פּלויט. עך איר אַ וואָרט, און זי ענק צוואָנציק, ווי מיט גראָכעווינעס וועט זי ענק אָפּשיטן...
עך האָט פאַרשטאַנד און זי ווייסט נאָר מיטן לעקער אַרומצושאַרווע. מען רעדט אַמאָל צו אַ מענטש, און דאָס וועט דיר נישט פאַרשטיין, נישט באַקלערן זיך, נאָר קלאַפּן, וואָס עס פאַלט עס איין. מ'זאָגט, אַז פאַן יעזוס האָט דער נקבה נאָר אַ האַלבע נשמה געגעבן, און ס'מוז אמת זײַן... און די צווייטע העלפט האָט איר דער טייוול געמוזט צומאַכן...
— ס'זענען פאַרהאַן אויך קלוגע אַפּנים, ס'זענען פאַרהאַן... — האָט ער מעלאַנכאָליש אויסגערופן.
— ס'זענען פאַרהאַן אַפּנים אויך קראָען ווייסע, נאָר קיינער האָט זיי נישט געזען!
— עך אַליין האָט גאָר קיינמאָל קיין ווייב נישט געהאַט, האַ?
— געהאַט, געהאַט!... — האָט ער פּלוצלינג אָפּגעריסן, זיך אויסגעגלייכט און מיט די גרויע אויגן אין דער ווייטקייט זיך פאַרקוקט. ער איז שוין אַלט געווען, אויסגעדאַרט, ווי אַ שפּאָן, אַן אָדערדיקער, אַ גלייכער — נאָר איצט איז ער עפּעס אײַנגעהויקערט געוואָרן, און די ליולקע איז אים צווישן די ציין געלאָפן, און ער האָט מיט די אויגנלעדלעך גיך, גיך באַוועגט.
— ס'גייט אַראָפּ, אַרויפּציען! — האָט דער פויער פון די זעגן געשריגן.
— גיכער דאָרט, באַרטעק, שטייטס נישט, וואָרן אויך די זעגן וועלן שטיין בלייבן — האָט מאַטעאַיש געקוויטשעט.
ס'דען, אַ נאַר דאָס איז, וועסט פריער נישט מאַכן, ווי וועסט קענען. אַרויפגעקראָכן אַ גאַפּ אויפן קלויסטער און קראַקעט און מיינט, אַז ער איז אַ גלח אויף דער אַמבאָנע — האָט ער מיט כעס אַ מרוק געטון, נאָר ס'האָט אים געמוזט זײַן עפּעס אינעווייניק, ווייל ער האָט זיך אָפּגערוט אַלע מאָל, אָפּגעזיפצט און אויסגעקוקט די מיטאָג-צייט.
גוט, וואָס זי איז אָנגעקומען באַלד, וואָרן די ווייבער האָבן

זיך שוין אָנגעהויבן מיט די צווילינג־טעפּ צו באַווייזן, און אויך האַנקע איז פון הינטערן ווינקל פון דער מיל אַפּערגעקומען. דער סטאַרטאַק איז שטיין געבליבן, אַלע זענען אַריינגעגאַנגען עסן אין מיל. אַנטעק אָבער האָט זיך אַריינגעפּאַקט אין מילנער־שגצס שטיבל אַריין, ווייל ער האָט זיך גוט געקענט מיט אים. זיי האָבן נישט איין פלאַכע צוזאַמען אויסגעטרונקען. איצט איז ער שוין נישט אַנטלאָפן פון מענטשן, זיך שוין נישט באַהאַלטן פאַר זיי. ער האָט בלויז אַזעלכע אויגן געוויזן, אַז זיי האָבן אים אַליין אויסגעמיטן.

אין שטיבל, אין אַ היץ, אַז מ'האָט קוים אָטעמען געקענט, זענען געזעסן עטלעכע פויערן אין פעלצן און האָבן פריילעך איינגעטענהט. דאָס זענען געווען מענטשן פון וווייטערע דערפער, וואָס האָבן געברענגט תבואה אין מיל אַריין און געוואַרט אויפן אָפּמאָלן. זיי האָבן צוגעלייגט טאָרף אין אייוועלע אַריין, וואָס איז שוין רויט געווען, האָבן גערייכערט פּאַפּיראָסן, אַזוי, אַז דאָס גאַנצע שטיבל האָט זיך אין רויך געטרונקען.

אַנטעק האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף עפּעס אַ קופּע זעק אונטערן פענסטערל, דעם צווילינג־טאָפּ צווישן די קני גענומען און געריט געגעס, דאָס קרויט מיט אַרבעס, און דערנאָך קאַרטאָפליאַנע קליסקעס מיט מילך. האַנקע האָט זיך לעבן אים טשיפּקע אַנידערגעזעצט און מיט אַ רחמנות־געפיל זיך איינגעקוקט אין אים. ער איז אַזוי אויסגעדאַרט געוואָרן פון דער אַרבעט, אַזוי שוואַרץ געוואָרן, און די הויט, פונם אַרבעטן אויפן פראָסט, האָט זיך אים ערטערווייז פון פנים אָפּגעשיילט. און דאָך האָט ער איר אַזוי שיין אויסגעזען, אַז קיין שענערס איז גאָר אויף דער וועלט נישט צו געפינען. און אַזוי איז טאַקע געווען. אַ הויכער, אַ גלייכער, אַ שלאַנקער, אין דער טאַליע דין, די פּלייצעס צעוואַקסן, אַ בויגעוודיקער; און אַ פּנים האָט ער געהאַט אַ לענגלעכדיקס, אַ מאָגערס, אַ נאָז ווי דער שנאָבל פון אַ רויב־פויגל, נאָר נישט אַזוי הויקערדיק; גרויסע אויגן, גרוילעך־גרינע, און די ברעמען, ווי עס וואָלט עמעץ מיט אַ קויל איבערן גאַנצן שטערן דורכגעפירט, כמעט פון איין שלייף ביז דער צווייטער, אַז ווען ער האָט זיי אין כעס צונויפגעצויגן, האָט אַזש אַ שרעק אַרומגענומען. און אַ שטערן האָט ער געהאַט אַ

היכן, ביז אין דער העלפט מיט די גלייך צוגעשוירענע טונקעלע, כמעט שוואַרצע האָר באַדעקט. און די וואָנסעס האָט ער געגאָלט, ווי אַלע, אַז די ווייסע ציין האָבן אים נאָר צווישן די רויטע ליפּן, ווי אַ שניר פּאַטשערקעס געשפּילט... ער איז אינגאַנצן געווען אַזאַ הערלעכער, אַז זי האָט זיך קיינמאָל נישט געקענט זאַט אָנקוקן אויף אים.

— דער טאַטע האָט דאָס נישט געקענט ברענגען, וועסט אַזוי אַלע טאָג אַזאַ שטיק וועגס ליפּן!

— ז'האָבן געזאָלט דאָס מיסט פון אונטער דער יאַלאָווקע אָפּערוואַרפן, און כ'האָב דיר בעסער אַליין געוואָלט ברענגען!

זי האָט שוין שטענדיק אַזוי אויסגעקירעוועט, אַז זי זאָל אַליין דאָס מיטאָג ברענגען און כאָטש אַ קוק טון אויף אים.

— וואָס־זשע הערט זיך דאָרט? — האָט ער אַ פרעג געטון, האָבנדיק שוין פאַרענדיקט דאָס עסן.

— וואָס זאָל זיך הערן! — כ'האָב שוין אויסגעשפּינען אַ זאַק וואָל און דער אָרגאַניסטעכע פינף פאַסמעס אָפּגעטראָגן. זי איז זייער צופרידן געווען... פּיעטרוש האָט נאָר היינט אַ ביסל, עסט נאָרנישט און ברומט עפּעס נאָר כסדר.

— ער האָט זיך איבערגעפרעסן, דאָס איז עס אינגאַנצן.

— זיכער אַזוי, זיכער... און יאַנקעל איז וועגן די געגנד אַריינגעקומען...

— וועסט דען פאַרקויפן?

— ס'דען, און אויף וויאַסנע וועל איך אַליין גיין קויפן!

— ווי דו פאַרשטייסט, אַזוי טו, דאָס איז דיין זאַך.

— און בא די וואָכניקס האָט מען זיך שוין ווידער צע־הרגעט, אַז מ'איז אַזש נאָכן גלח געגאַנגען, ער זאָל זיי צענעמען... און בא די פּאַטשעשעס האָט זיך אַפּנים אַ קאַלב מיט אַ מייער דערשטיקט.

— וואָס גייט עס דאָרט מיך אָן — האָט ער אומגעדולדיק אַ מרוק געטון.

— דער אָרגאַניסטער איז נאָך בינטלעך אַרומגעפאָרן — האָ
ז׳ אין אַ ווײַלע געזאָגט, אָבער שוין נישט דרייסט.

— וואָס־זשע האָסטו געגעבן?

— צוויי גאָרשטש פלאַקס געקעמטן און פיר אייער... ער האָט געזאָגט, אַז אויב מ׳וועט דאַרפן, וועט ער אונדז אַ וואָגן האָבער־שטרוי געבן און צוואַרטן אויפן געלט ביזן זומער, אָדער לאָזן זיך אָפּאַרבעטן. כ׳האָב נישט גענומען. צו וואָס זאָל מען נעמען בײַ אים... ס׳קומט דאָך אונדז נאָך פּאַשע בײַם טאַטן, מיר האָבן דאָך נאָר צוויי וועגן גענומען. און פון אַזוי פיל מאָרגעס...

— כ׳וועל מיך נישט גיין מאָנען בײַם טאַטן, און כ׳פאַרווער אויך דיר. נעם בײַם אָרגאַניסטער אויף אָפּצואַרבעטן, אויב נישט, וועט מען די לעצטע בהמה פאַרקויפן, און כל זמן כ׳לעב, וועל איך בײַם טאַטן נישט גיין בעטן, פאַרשטייסט...

— כ׳פאַרשטיי, בײַם אָרגאַניסטער נעמען...

— און אפשר וועל איך אַזוי פיל פאַרדינען, אַז ס׳וועט קלעקן, אָבער בעטשע נאָר נישט פאַר מענטשן!

— כ׳וויין דאָך נישט, ניין... נעם אויך בײַם מילנער אַ האַלב קערצל גערשטן אויף קאַשע, וועט אויסמאַכן וועלוועלער, ווי צו גיין גרייטע קויפן.

— גוט, כ׳וועל זאָגן הײַנט און בלײַבן וועלכן אָוונט, וועט מען מיר אָפּמאָלן.

האַנקע איז אַרויסגעגאַנגען, און ער איז נאָך איבערגעבליבן, רײַכערנדיק אַ פּאַפּיראָס און נישט אַרײַנמישנדיק זיך אין דעם געשפּרעך, וואָס די פויערן האָבן געפירט, און זיי האָבן גראָד טאַקע גערעדט וועגן דעם דזשעדזשיצס ברודער פון וואָלקע.

— איז ווייסט עך מסתמא, אַז ר׳איז צוריקגעקומען פון די ווײַטע מדינות.

— ניין, כ׳האָב אפילו געמיינט, אַז ער איז שוין לאַנג געשטאָרבן.

— ער לעבט, ס׳וועט זײַן אפשר אַ צוויי וואָכן, אַז ער איז צוריקגעקומען.

— ער איז צוריקגעקומען, אָבער מען זאָגט, אַז ער איז עפּעס נישט

באַם פולן זיבעץ. אין הויף וויל ער נישט וווינען. ער האָט זיך אין וואַלד אַריין איבערגעטראָגן, צום גאַיאָווע, מאַכט זיך אַלדינג אַליין, אַזוי עסן, ווי אַפילו קליידונג, אַז ס'איז אַזש אַ וווּנדער יעדן, און שפּילט אַלע נאַכט אויף אַ פידל. אָפּט טרעפט מען אים אויף די וועגן, איבער די פאַרשידענע קברימלעך, אויף וועלכע ער שפּילט...

— מען האָט מיר געזאָגט, אַז ער גייט אַרום איבער די דערפער און פרעגט זיך נאָך באַ יעדן אויף עפּעס אַ קובאַ...

— אויף אַ קובאַ! איין רויטע קו איז דאָ אויף דער וועלט.

— דעם צונאָמען זאָגט ער נישט. ער זוכט עפּעס אַ קובאַ, וועלכער האָט אים געזאָלט פון מלחמה=פּלאַץ אַראָפּטראָגן און פון טויט באַשירמען!

— ס'איז געווען באַ אונדז אַ קובאַ, וועלכער פלעגט מיט די פּריצים אין וואַלד אַריין גיין, אָבער דער איז געשטאָרבן! — האָט אַנטעק אַ וואָרף אַריין געטון און זיך אונטערגעהויבן, וואָרן מאַטעאוש האָט שוין געוואַלטעוועט הינטער דער וואַנט.

— אַרויס צו דער אַרבעט, וואָס איז, ביז אין אָוונט אַריין וועט עך מיטאָג עסן!

אַנטעקן האָט אַ כעס אַרומגעכאַפּט, אַז ער איז געגעבן אַ לויף אַרויס און האָט אויסגערופן:

— רייס דיך נישט גלאַט אין דער וועלט אַריין, מיר הערן אַלע.

— ער האָט זיך אָנגעפּרעסן מיטן פלייש, מאַכט ער זיך מיטן שרייען דעם קאַלדן גרינגער — האָט באַרטעק געזאָגט.

— אי... ער שרייט, כדי זיך פאַרן מילנער אויסצופייַנערן — האָט עמעץ צוגעוואָרפן.

— ליגן זיך אויס באַ דעם עסן, טענהן, מאַכן זיך פאַר גאַנצע באַלעבאַטים, די יוכעס, און קיין גאַנצע הויזן זעט מען נישט אויף קיינעם... — האָט מאַטעאוש כסדר געמורמלט.

— צון ענק טרינקט ער דאָס, אַנטאָני, צון ענק!

— פאַרמאַך דאָס פּיסק און נעם די צונג צווישן די ציין, ב'זאָל זי דיר נישט אָפּהאַקן, און צו באַלעבאַטים אַ זאַשע דיר! — האָט אַנטעק אַ ריטש געטון, גרייט שוין אויף אַלעם.

אָב ער מאַטעוש איז אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט בלויז ווי

אַ רוצח אַ גלאָך געטון און אַ גאַנצן טאָג שוין קיין וואָרט צו קיי־נעם נישט אויסגערעדט, בלויז גוט אַכטונג געגעבן אויף אַנטעקס אַרבעט און אים אָפּגעהיטן אויף שריט און טריט. אָבער ער האָט זיך נישט געהאַט צו וואָס צו טשעפּען, ווייל יענער האָט זייער ער־לעך געאַרבעט, אַז דער מילנער אַליין, וועלכער איז עטלעכע מאָל אין טאָג געקומען צו דער אַרבעט, האָט דאָס באַמערקט, און בײַ דער ערשטער וועכנטלעכער אויסצאָלונג, אים באַטרעטן פּײַערער אויף גאַנצע דריי גילדן.

מאַטעוש איז דערנאָך געוואָרן אויסער זיך פון כּעס, דעם מילנער אין די אויגן אַריין געשפּרונגען, אָבער יענער האָט אים געענטפערט:

— דו ביסט מיר ליב, און אויך ער איז מיר ליב, יעדער אייגער, וואָס אַרבעט נאָר ערלעך, איז מיר ליב.

— דאָס האָט נאָר דער פּאַן מיר צו להכעיס אים אַזוי באַ־טרעטן.

— ער איז ווערט אַזוי פיל ווי באַרטעק, און אפשר נאָך מער, האָב איך אים באַטרעטן. איך בין אַ רעכטפאַרטיקער מענטש, זאָל דאָס יעדערער וויסן.

— געדענקט! וואָרן איך וועל אַלץ צו אַלדע טייוול אַ וואָרף טון און זאָל זיך דער פּאַן אַליין שטעלן צו דער אַרבעט — האָט ער געדראָט.

— נו וואַרף, זוך דיר זעמל, אויב עס שמעקט דיר נישט קיין ברויט, גיי דיר, וועט דעם טאַרטאַק פירן באַרינע, און דער־צו נאָך פאַר פיר גילדן אַ טאָג! — האָט דער מילנער געזאָגט מיט אַ שמייכל, וואָרן ער האָט שטענדיק אַלץ געפירט מיט שכל, כּדי צו האָבן אַ וועלוועלערן אַרבעטער.

מאַטעוש האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז דער מילנער וועט נישט אָפּטרעטן און זיך נישט לאָזן אָפּשרעקן, איז ער שוין מער נישט צוגעשטאַנען צו אים, דעם כּעס צו אַנטעקן טיף אין בוזעם באַהאַלטן, אַז ס'האָט אים דאָרט, ווי אַ גיהנומדיק פּייער געברענט, נאָר צו מענטשן איז ער שוין ווייכער און פאַרשטענדיקער געוואָרן.

ס׳האָט דאָס באַלד פאַרשטאַנען יעדערער, און באַרטעק האָט אַ שפּיי־
געטון און זיך אָנגערופן צו די איבעריקע:

— ער איז נאַריש, ווי דער הונט דאָרט, וואָס האָט נישט געקענט דעם שטיוול דורכגריזשען, געכאַפּט אין די ציין אַריין, לעקט ער זיך צון אים אַצינד צו. ער האָט געמיינט, אַז ער איז אַ מיוחס באַן אים, אָבער ער וועט אים גלייך ווי יעדן איינעם פאַרטרייבן, זאָל זיך נאָר אַ בעסערער מאַכן... באַ די רייכע איז שטענדיק אַזוי...

אַנטעקן אָבער איז אַלצייינס געווען, נישט ער איז פון דער העכערונג צופרידן געווען, נישט ס׳האָט אים געפרייט איבעריק דאָס, וואָס מאַטעושן איז דער פּיסק פאַרמאַכט געוואָרן, או ס׳דאַרף האָט פון אים חוזק געמאַכט, וועגן וואָס מ׳האָט באַ דער אַרבעט דערציילט. דאָס אַלץ איז אים, ווי דער פאַריאָריקער שניי אָנגע־גאַנגען אָדער נאָך ווינציקער, ער האָט נישט פאַרן געצאָלטס גע־אַרבעט, דאָס האָט נאָר האַנקען געפרייט. ער האָט געאַרבעט, ווייל עס איז אים געפעלן אַזוי, און אויב ער וואָלט זיך געוואָלט מיטן בויך אינדערהייך אַרויף אויסליגן, וואָלט ער זיך אויסגעלעגן, ס׳וואָלט געמעגט כ׳ווייס נישט וואָס געשען. און ווייל די אַרבעט האָט אים פאַרגעניגן פאַרשאַפט, האָט ער זיך פשוט פאַרגעסן אין איר, און געגאַנגען, ווי דאָס פערד אין ראָד, וואָס כאָטש מע טרייבט עס נישט, דאָך לויפט עס צרום און אַרום, ביז מ׳ין פאַרהאַלט עס נישט.

און אַזוי איז געגאַנגען אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אַ וואָך נאָך אַ וואָך, אַזש ביז די סאַמע חגאות אין שווערער, אומאויפהער־לעכער אַרבעט, ביז די נשמה איז אים ביסלעכווייז איינגעשטילט געוואָרן, ווי דאָס אייז פאַרגליווערט געוואָרן, אַז ער איז שוין גאָר־נישט ענלעך געווען צו דעם אַמאָליקן. מענטשן האָבן זיך געוווּנ־דערט, און מען האָט פאַרשידנס גערעדט וועגן דעם, אָבער דאָס איז נאָר אַזוי פון אויבן געווען, פאַר מענטשלעכע אויגן, וואָרן אי־בעווייניק איז אינגאַנצן אַנדערש געווען — פּונקט ווי דאָס רוישי־קע, טיפע וואַסער, וואָס דער פראָסט קאָווערט עס אין אייז איין און די שנייען שיטן עס צו — און דאָך ריזלט עס כסדר, רוישט, קנאַלט, און דער מענטש ריכט זיך גאַרנישט, אַז ווען די אייבער־

שטע דעק וועט פּלאַצן, ווען דאָס וואַסער זיך אַ גאָס טון... אַזוי איז אויך מיט אים געווען. ער האָט געאַרבעט, געהאָרעוועט, דאָס געלט ביז אַ גראָשן דעם ווייב אָפּגעגעבן, גאַנצע נעכט אינדערהיים אָפּגעזעסן, און גוט איז ער געווען ווי קיינמאָל נישט. אַ שטילער, אַ רויִקער, די קינדער פאַרשפּילט, אין באַלעבאַטישקייט צוגעהאָלפן. קיין שלעכט וואָרט קיינעם נישט געזאָגט, נישט באַקלאָגט זיך, ווי ער וואָלט אין אַלע עוולות פאַרגעסן — אָבער האַנקעס האַרץ איז פון דעם אַלעם נישט אָפּגענאָרט געוואָרן, ניין; אמת, זי האָט זיך טאַקע געפרייט מיט דערדאָזיקער ענדערונג און האָט דערפאַר הייס גאָט געדאַנקט. זי האָט אים נאָכגעגעבן אַלץ, וואָס זי האָט נאָר געקענט, אין די אויגן אַריין איז כּסדר געקוקט צו טרעפן, וואָס ער דאַרף, די געטרייעסטע דינסט אים געווען און געדענקט אָן אים, אָבער אָפט אויך זיינע טרויעריקע בליקן אויפגעכאַפּט, אין זיינע שטילע זיפצן אַ צעשראָקענע זיך איינגעהערט. אָפט זענען איר מאַכט־לאָז די הענט אַראָפּגעפאַלן און זי האָט מיט אַן אָפּגעשטאָרבן האַרץ אין די זייטן זיך אַרומגעקוקט, וועלנדיק פאָרזען, פונוואַנען דאָס אומגליק וועט קומען, וואָרן זי האָט געפילט, אַז אין אים קומט פאָר עפּעס שרעקלעכס, עפּעס אַזוינס, וואָס ער האַלט אין זיך מיט אייזערנע צוואַנגען איין, וואָס באַהאַלט זיך נאָר, פאַרבאָרגט זיך, אָבער נאָגט אים די נשמה, באַנט...

ער ווידער האָט קיין וואָרט נישט גערעדט, צי ס'איז אים שלעכט, צי גוט. פון דער אַרבעט האָט ער זיך אומגעקערט גלייך אַהיים, פאַרטאָג זיך אויפגעכאַפּט, ווען מען האָט געקלונגען צו דער פרימאָרגן־תּפילה, וואָס מען ריכט אָפּ אין די פאָסט־טעג פאַר די חגאות, אַזוי, אַז אַלע טאָג איז ער דורכגעגאַנגען פאַרביי דעם באַלויכטענעם קלויסטער, אַלע טאָג זיך פאַרהאַלטן לעבן קלויסטער־פעדערהויז צו הערן דאָס שפּילן פון דעם אָרגל, די מוזיקאַלישע טענער, די צעקלונגענע, שטילע, דורכנעמענדיקע קלאַנגען — וואָס האָבן ווי פון פראָסט אַרויסגעקלונגען, פון דער פאַרטאָגיקער גרויקייט געבוירן געוואָרן, ווי זיי וואָלטן פון דער קופּערנער הימל־רויטקייט אַרויסגעברומט, פון די אייז־צודעקן און דער פאַרפרוירענער ערד. זיי האָבן זיך געטראָגן מיט אַ פאַרבענקטן, צע־

ברעקלטן חלום פון אַ לאַנגן שלאָף, פון דעם שווערן שלאָף פון ווינטער. ער האָט זיך צוגעאײַלט יעדן טאָג, כּדי מען זאָל אים נישט באַמערקן, ווי ער שטייט אַזוי און הערט זיך אײַן. ער איז געלאָפן מיט דער צווייטער זייט סטאַוו, מיט אַ לענגערן וועג, אַבי נישט אַדורכצוגיין דעם פּאָטערס הויז און קיינעם נישט צו באַגעגענען.

קיינעם נישט!

דעריבער פלעגט ער אויך אין די זונטיק=טעג אָפּזיצן ווי אַ שטיין אין שטוב, כאָטש האַנקע פלעגט אים בעטן ער זאָל גיין מיט איר אין קלויסטער אַרײַן. נישט און נישט. ער האָט מורא געהאַט צו טרעפן זיך מיט יאַגנען. ער האָט גוט געוווּסט, אַז ער וועט זיך נישט קענען אײַנהאַלטן, אַז ער וועט עס נישט איבערהאַלטן!

אַ חוץ דעם האָט ער אויך געוווּסט פון באַרטעקן, מיט וועלכן ער האָט זיך נישקשהדיק פאַרהאַלטן, און האָט אַליין אויך געפילט, אַז דאָס גאַנצע דאָרף האַלט אין איין רעדן פון אים, אַז מען היט אים און מען שפּירט אים נאָך אויף שריט און טריט ווי אַ גנבֿ, גלײַך זיי וואָלטן זיך אַלע יד אחת געמאַכט צו פאַרפאָלגן אים — וואָרן ער האָט נישט אײנמאָל טאַקע באַמערקט נאָכטשאַטעוועדיקע בליקן פון הינטער אַ ווינקל הויז אַפער, נישט אײנמאָל געפילט, ווי עס קוקן זיך אום אויף אים, ווי עס לויפן אים נאָך ביינעריקע שאַרפע בליקן; זיי וואָלטן אים גערן ביז אין דער טיפעניש פון דער נשמה אַרײַנגעדרונגען, דורכגעקוקט דורך און דורך. ס'האָבן אים ווײ געטון דידאָזיקע בליקן, וואָרן ווי עגבערס האָבן זיי אים די נשמה דורכגעבויערט, שרעקלעך אים ווײ געטון.

— צ'וועט נישט דורכגריזשען, שטשערוועס, צ,וועט נישט דורכגריזשען — האָט ער געשעפּטשעט מיט כּעס, ווערנדיק וואָס אַמאָל אַלץ מער פאַרביסן פון שרעקלעכער שנאה צו אַלע, אוי נאָך שטאַרקער מענטשן אויסגעמיטן.

— כ'דאַרף נישט קיינעם. כ'האָב אַזוי פיל מיט מיר אַליין אַלט=פריינטשאַפט, אַז כ'גיב מיר קוים מיט דעם אַן עצה — האָט

ער געהאַט געזאָגט קלענבען, װעלכער האָט אים פאָרגעװאָרפן, אַז ער בליקט קיינמאָל נישט אַריין צון אים.

און ר׳האָט געזאָגט דעם אמת, אַז ער האָט זיך קוים מיט זיך אַן עצה געגעבן, דעם גאַנצן אמת; ר׳האָט זיך געהאַט פעסט גענומען אין די הענט אַריין, ר׳האָט איינגעצוימט די נשמה, פונקט װי אין אַן אייזערנער צוים און פעסט געהאַלטן, נישט אָפּגעלאָזט פון די לייצן — אָבער אַלץ אָפטער האָט אים שוין די נשמה פון פאַרמאַטערטקייט געחלשט, און אַלץ אָפטער האָט זיך אים געגלוסט אַלץ אַ װאָרף אַװעק צו טון און איבערגעבן זיך דעם גורל. — צי ס׳װעט שלעכט זיין צי גוט זיין — ס׳איז אים אַלציינס געװען, װאָרן דאָס לעבן איז אים נמאס געװאָרן און אַן אומעטיקייט האָט אים אויפגעפרעסן — אַ טיפע אומעטיקייט, װאָס האָט זיך װי אַ שפּאַרבער אין זיין האַרץ מיט די נעגל איינגעטשעפּעט און געריסן פון אים שטיקער און אים צעריסן.

שװער איז אים אין דעם יאָך געװען, אומעטיק, ענג און דושנע, װי אַ געפּענטעטן פערד אין דער פאַרצוימונג, װי דעם הונט אויף דער קייט, װי... מען קען אַזש נישט איבערגעבן.

ר׳האָט זיך געפילט, װי אַ פרוכטבאַרער בוים, אָפּגעבראָכן דורכן װינט און פאַרמשפּט צום אומקומען, אָפּטרוקנדיק פּאַמעלעך אין סאַמע מיט פון אַ בליענדיקן, געזונטן סאָד.

װאָרן אַרום דיר האָבן דאָך געלעבט מענטשן, ס׳איז געװען אַ דאָרף, דאָס לעבן האָט גערוישט מיט זיין געװיינטלעכן טיפן ריזלען, געפּליושקעט װי דאָס לויפנדיקע װאַסער, צעגאָסן זיך כסדר אַלץ מיט דעם זעלבן, נישט אויפגעהאַלטענעם מונטערן שטראָם. ליפּצע האָט געלעבט מיט זיין געװיינטלעכן, אַלטעגלעכן לעבן; דאָ האָט מען געפּראַװעט אַ שמד בײַ די װאַכניקס, בײַ די קלענביס אַ תנאים, כאָטש אָן מוזיק אפילו, אָבער מ׳האָט זיך פאַרװיילט אַזוי, װי ס׳פּאַסט פאַר פּאָסט; דאָ איז בײַ עמעצן װידער געשטאָרבן װער, מאַקיש אפילו בײַ דעם באַרטעקן, װעלכן דאָס איידעמל האָט נאָך די קאָפּאַניעס אַזוי צעקײַלט, אַז ר׳האָט געקרעכצט, געקװעקעט, ביז װאַנען ר׳האָט זיך איבערגעטראָגן צו אַבראַמעקן אויף בײַער; דאָ האָט יאַגוסטינקע װידער די קינדער אין סאָד אַריין גערופן

װעגן די קעסט; דאָ זענען נאָך פאַרשידענע ספּראָװעס געגאַנגען, אַנדערע, און אין יעדער כאַלופּע כמעט איז געװען עפּעס בײַגעס, אַזױ, אַז דער עולם האָט געהאַט װעגן װאָס אײַנצוטענהן, פֿון װאָס צו לאַכן אָדער אומעטיק צו זײַן; און אין אַנדערע כאַלופּעס װי־דער, האָבן זיך אין די לאַנגע װינטער־נעכט פֿױערטעס צונױפֿגענומען מיט בינטלעך פֿלאַקס צו שפּינען — װאָס פֿאַר אַ געלעכטער דאָרט האָט זיך אָפּגעטון, יעזוס מײַנער, װאָס פֿאַר אַ געשרײען, אַז אױף די װעגן אַזש האָבן זיך די פֿרײלעכע שטימפּערײען געהערט. און אומעטום, װאָס פֿאַר אַ קריגערײען, גוטפֿרײַנטשאַפֿטן, שדוכים־שליסן, מיט שיקסעס אַרומלױפֿן, דאָס אַרױסשטעלן זיך פֿאַר די כאַלופּעס, דאָס דרײען זיך, די געשלעגן, פֿרײלעכע געשפּרעכן — װי אין אַ מאַרװוקע אָדער בינען־געװימל — אַזױ, אַז ס'האָט כּסדר גערױשט איבער די כאַלופּעס.

און יעדער האָט זיך געלעבט אױף זײַן שטײגער, װי ס'האָט זיך אים אױסגעװיזן, װי ס'איז אים באַקװעמער געװען, און געמײנזאַם מיט אַלע, װי גאָט האָט געבאָטן.

װער ס'האָט געליטן נױט, אַרומגעלאָפֿן, געזאָרגט זיך, װער ס'האָט זיך פֿאַרװײלט און גערן אין אַ גלעזל מיט גוטע פֿרײַנט אַ קלונג געטון, װער ס'האָט זיך גערומט און איבער אַנדערע זיך אַ יפּגעהױבן, װער ס'האָט זיך נאָך שיקסעס נאָכגעיאָגט, װער ס'האָט געקרענקט און אין פֿעלד אַרײַן שױן געשמעקט, װער ס'איז אױפֿן װ רעמע פּיעקעלעק געלעגן — בײַ װעמען ס'איז געװען פֿרײד, בײַ װעמען טרױער, װעמען װײַטער נישט דאָס, נישט יענץ — און אַלע האָבן געלעבט רױשיק, מיט דער גאַנצער קראַפֿט, מיט דער גאַנצער נשמה.

נאָר ער אײנער אַלײן איז געװען װי מחוץ פֿון דאָרף, װײַט פֿון מענטשן, און ר'האָט זיך געפֿילט װי אַ פֿרעמדער פֿױגל, אַן אָפּגעשראָקענער און אַ הונגעריקער, — װאָס כאָטש ער שלאָגט זיך אָן אָן די העל באַלױכטענע פֿענסטער, כאָטש ער לעכצט צו די פֿילע סטערדעס, עס װילט זיך אים גערן מיט דער גאַנצער נשמה צו מענטשן — און ער װעט פֿאָרט נישט אַרײַנפֿליען; ער קרײַזט נאָר אַרום, כאַפּט אַ בליק, הערט זיך אײַן, דערנערט

זיך מיט פּיין, פאַרטרונקט מיט בענקשאַפט, און ר'וועט נישט אַריינפליען.

סיידן, אַז פאַן יעזוס זאָל עפּעס פאַרענדערן... און צום גוטן.

אָבער ר'האָט נאָך מורא געהאַט צו טראַכטן וועגן אַזאַ פאַרענדערונג.

עפּעס אַ פּאָר טעג פאַר די חגאות האָט ער זיך געטראָפן אינדערפרי מיטן קאָוואַל. ער האָט אים געוואָלט אויסמיידן, אָבער יענער האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג, דער ערשטער צו אים די האַנט אויסגעצויגן און ווייך מיט אַ רחמנות־פּנים אויסגערופן:

— כ'האָב געמיינט, אַז דו וועסט קומען ווי צו אַן אייגענעם... כ'וואָלט מיט עפּעס געעצהט, געהאָלפן, כאָטש ס'גיסט זיך באַ מיר אויך נישט איבער.

— האָסטו געקענט קומען און העלפן!

— וואָס הייסט, האָב איך דער ערשטער געזאָלט מיך אייגבעטן, אַז דו זאָלסט מיך אַרויסטרייבן ווי יוזקען...

— אַוודאי, חעמען ס'קוואַרט נישט, דעם אַרט נישט.

— ס'אַרט נישט! די אייגענע עוולה האָט אונדז ביידע געטראָפן, איז אויך די ווייטיק די אייגענע.

— ציגיינער נישט אין די אויגן אַריין, ער מיינט טאַקע, אַז ר'האָט מיט אַ באַר צו טון...

— ווי גאָט איז מיר ליב, ווי כ'זאָג דער ריינעם אמת.

— פוקס — יוכע, לויפט, שמעקט אויס, דרייט זיך, און מיטן ווידל פאַררייבט ער די צייכנס נאָך זיך, אַז מ'זאָל אפילו דעם ווינט נאָך אים נישט כאַפּן און נישט בוקם זיין זיך פאַר דעם שאָדן.

— דאָס, וואָס כ'בין אויף דער חתונה געווען, זע איך, קוקסטו אויף מיר קרום! אמת, כ'בין געווען, כ'לייקן נישט אָפּ, כ'האָב אָבער געמוזט גיין, דער גלח אַליין האָט מיך צוגערעדט און געבייט, אַז ס'זאָל קיין גאָטס־לעסטערונג פון דעם נישט אַרויסקומען, וואָס די קינדער גייען זיך באַזונדער און דער טאַטע באַזונדער.

— ווייל דער גלח האָט דיך צוגערעדט, ביסטו געגאַנגען — דערציילער באָבען, וועט זי דיר גלייבן. אָבער נישט איך. דו שינדסט

פון דעם אַלטן פּאַר דער גוטפּרייַנטשאַפט, ווי עס לאָזט זיך נאָר מיט קיין ליידיקע הענט גייסטו נישט אַוועק...

— נאָר נאַראָנים נעמען נישט, אַז מ׳גיט זיי, אָבער קענגן דיר טרעט איך נישט אַרויס, דאָס נישט, לאָז דאָס גאַנצע דאָרף זאָגן, פרעג דיך יאַגוסטינקען, זי זיצט גאַנצע טעג באַם אַלטן, כ׳האָב שוין אפילו גערעדט מיטן טאַטן וועגן אַ שלום מיט דיר... ס׳וועט זיך לאָזן מאַכן... מ׳וועט עס מאַכן אין אָרדנונג... מ׳וועט עס אויסריכטעווען אויף גלאַנץ...

— מיט הינט מאַך דיר שלום, נישט מיט מיר, דו הערסט! כ׳האָב דיך נישט געבעטן וועגן קיין מלחמה, איז מאַך מיך נישט חתונה מיט קיין שלום, קוקסט אים אָן, וואָס פאַר אַ גוטער פרייַנט ר׳איז מיר! וואָלסט געמאַכט אַ שלום, ווען זאָלסט מיר נאָר קענען פון דער פּלייצע דעם לעצטן פעלץ אַראָפּציִען... כ׳זאָג דיר נאָכ-אַמאָל, לאָמיך איבגאַנצן געמאַך, און גיי מיר אַראָפּ פון וועג, וואָרן אַז ס׳וועט מיך אַמאָל אָנכאַפּן דער כעס, וועל איך דיר אָט די וויע-וויאָרקעוואַטע קודלעס אָנפליקן און די זשעברעס אויסטערהאַקן, אַז ס׳וועלן דיר נישט העלפן אַפילו די סטראַזשניקעס, כאָטש דו ביסט מיט זיי איינס. נעם דיר דאָס אין זינען אַריין.

ער האָט זיך אָפּגעדרייט פון אים און אַוועקגעגאַנגען, נישט אומקוקנדיק זיך אַפילו, ווי יענער איז מיט אַן אויפגעריסן מויל אינמיטן וועג שטיין געבליבן.

— ציגייַנער, שטשערוווע, האַלט מיטן אַלטן און צו מיר קומט ער מיט גוטפרייַנטשאַפט, און וואָלט אונדז ביידע מיט די טאָרבעס געלאָזט גיין, ער זאָל נאָר קענען.

ער האָט זיך נישט אַזוי גיך באַרויִקט נאָך דער דאָזיקער באַגעגעניש, וואָרן צו דעם אַלעם, איז אים עפּעס הייַנט נישט געגאַנגען פון דער פרי אָן; ער האָט זיך קוים ערשט געהאַט גענו-מען צום טשעשען, ה׳ט זיך אים די האַק אויף אַ סענק אויסגע-שטשערבעט, און דערנאָך ווידער, באַלד צו מיטאָג צו, האָט אים אַ בוים דעם פוס צוגעקוועטשט, אַן אמתער נס, וואָס דער פוס האָט אים נישט געפּלאַצט, אָבער ער האָט געמוזט דעם שטיוול אַראָפּציִען אין מיט איין אַרומלייגן, וואָרן ר׳איז אָנגעשוואָלן און ס׳האָט מורא-

דיק ווי געטון... און דערצו איז נאָך מאַטעוש היינט געווען בייז ווי אַ הונט, מיט אַלע זיך אַרומגעקריגט, ס'איז אים כסדר אַלץ געווען שלעכט, כסדר ווייניק, האָט געשריגן, אונטערגעיאָגט, און מיט אים האָט ער בפירוש געזוכט אַ זאַטשעפּקע, אַז אַ האָר האָט געפעלט, אַז ס'זאָל צו עפּעס ערגערס נישט קומען.

און אַלץ האָט זיך אַזוי עפּעס אויסטערליש צוזאַמענגעלייגט, וואָרן אַפילו די קאַשע, וואָס פראַנעק האָט געזאָלט אויף היינט מאַכן, און וועגן וועלכער האַנקע האָט אים אַלע טאָג דעם קאָפּ אָפּגעדרייט, האָט ער נישט געמאַכט און ער האָט זיך פאַרענטפערט, אַז ער האָט קיין צייט נישט געהאַט.

אין שטוב איז אויך נישט ווי געוויינטלעך. האַנקע איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרצרהטע, אַ פאַרווייגטע, וואָרן פּיאָטרוש איז געלעגן אין היץ ווי אין אַ פייער, אַז זי האָט אַזש געמוזט יאַגוסטינקען רופן, אַז זי זאָל דאָס שגצל אָפּרויכן און איבערמעסטן, וואָרן ער האָט זיך געמוזט איבערפּאַקן.

זי איז טאַקע געקומען אין דער צייט פון דער וועטשערע, אַנידערגעזעצט זיך לעבן קוימען, געהיים זיך איבער דער שטוב אומגעקוקט און זי האָט געהאַט אַן אויסטערלישן חשק צו רעדן, נאָר ביידע האָבן איר ווייניק וואָס געענטפערט, האָט זי זיך באַלד גענומען צו באַטראַכטן דאָס שגצל און היילן עס...

— כ'וועל גיין אין מיל אַריין, כ'וועל אָפּהיטן, וואָרן אַנדערש, וועלן זיי עס נישט מאַכן! — האָט ער געזאָגט, נעמענדיק דאָס היטל.

— דער טאַטע וואָלט נישט געקענט גיין פאַרשיטן!...

— כ'וועל אַליין גיין, וועט די קאַשע זיכערער זיין! — און ער איז אייליק אַוועקגעגאַנגען. ער איז געווען בייז, אויפגעברויזט, און אינעווייניק אַזוי צעבראָכן, ווי אַן איינזאַמער בוים אויפן ווינט, און דערביי האָט אים אַלץ אין שטוב געבייצט, אומגעדולדיק געמאַכט, און צום מיינסטנס יאַגוסטינקעס אַרומטאַפּנדיקע, גנבהשע אויגן.

דער אָוונט איז געווען אַ שטילער, נישט קיין פראָסטיקער, וואָרן באַלד אינדערפרי האָט עפּעס שטאַרק אַ לאָז נאָך געגעבן,

שטערן איז געווען נישט קיין סך, נאָר ווי־נישט־ווו, ווי דורך אַ פּאָר־האַנג, האָט עפּעס אַ שטערן אין די הויכקייטן געציטערט. אַ ווינט האָט פֿון די וועלדער אַ צי געטון, און מיט אים איז מיטגעקומען אַ ווייט, טויב גערויש, ווי אויף אַן ענדערונג. די הינט האָבן שטאַרק געבילן אין דאָרף, און וואָס אַמאָל האָט אַ ווייע געטון מיט שניי, וואָס איז פֿון די ביימער אַראָפּגעפֿאַלן... די רויכן האָבן געבלאָזן קעט איבערן ווע: — אוז די לופֿט איז געווען פּייכטלעך, דורכנעמענדיק.

ס'איז געווען פֿאַר יום־טוב און אין דער מיל איז געווען שפּעטער מענטשן; די, וואָס זייער תּבֿואה האָט מען געמאָלן, האָבן געהיטן בײַ די וואַלצן, די איבעריקע זענען געזעסן אין דעם מילנער־שגצס שטיבל, און צווישן זיי אינדערמיט מאַטעוש. ווי ס'האָט אויסגעזען, האָט ער דערציילט טשיקאַווע זאַכן, וואָרן וואָס אַמאָל האָבן זיי אַרויסגעזעצט מיט אַ געלעכטער.

אַנטעק האָט זיך צוריקגערוקט כמעט פֿון דער שוועל פֿון שטיבל און איז געגאַנגען אין מיל אַריין זוכן פֿראַנעקן.

— ער פֿירט דאָרט געשעפֿטן אויף דער גרעבליע מיט מאַגדען, עך ווייסט דאָך — די, וואָס די אָרגאַניסטערס האָבן אַרויסגעטריבן.

דער מילנער האָט אים געוואָלט אַ־ויסיאָגן, אויב ער וועט נאָכאַמאָל זיך טרעפֿן מיט דער שיקסע אין דער מיל, ווייל גאַנצע נעכט פֿלעגט זי דאָ אָפּזיצן, וואָרן ווו וועט זי זיך דען אַהינטון, די אָרעמע נעבעך! — האָט אים אַ פּויער דערקלערט.

— ווער ס'לויפֿט נאָך עפּעס צו פֿיל אין וויאָסנע אונטער, פֿון דעם אַנטלויפֿט עס דערנאָך אין ווינטער — האָט אַן אַנדערער מיט אַ געלעכטער צוגעוואָרפֿן.

אַנטעק האָט זיך אַנידערגעזעצט לעבן צילינדער, ווו מ'האָט דאָס שענסטע מעל געמאַכט, און עפּעס פּונקט אַזוי קעגן דער אָפֿענער טיר פֿון שטיבל, אַז ער האָט געזען מאַטעושס פּלייצעס און די קעפּ פֿון די איבעריקע, וואָס זענען געווען איינגעבויגן צו אים און זיך איינגעהאָרכט; ער האָט אפֿילו געקענט הערן וואָס זיי האָבן גערעדט, וואָרן ס'איז נישט ווייט געווען, נאָר דאָס גערויש

פון דער מיל האָט נישט געלאָזט און ער האָט אַליין אויך נישט געוואָלט הערן.

ער האָט זיך כמעט אַ וואָרף געטון אויף די זעק אַרויף און ווי ער וואָלט פון פאַרמאַטערטקייט אַ ביסל איינגעדרימלט.

די מיל האָט גערוישט אָן אויפהער, זי האָט זיך אינגאַנצן געטרייסלט, געציטערט און געאַרבעט מיט אַלע וואַלצן, די רעדער האָבן אַזוי שטאַרק געקלאַפּט, גלייך ווי הונדערט פויערטעס וואָלטן געוואַשן אָן אויפהער מיט קיאַנקעס; דאָס וואַסער האָט מיט אַ פלוסקעדיק געשריי זיך געוואָרפן אויף זיי, איז צעקלאַפּט געוואָרן אין אַ קאָכעדיקער שוים, אין שנייִקע ברעקעלעך און מיט אַ ריטש זיך אין טייך אַריין געוואָרפן.

אַנטעק האָט געוואַרט אפשר אַ שעה אויף פראַנעקן, אָבער ער האָט זיך ענדלעך אויפגעהויבן, כדי צו גיין אים אָפּזוכן אויפן הויף, און איינצייטיק זיך אַ ביסל צו דערפרישן, וואָרן דער שלאָף האָט אים געפּייניקט. די אַרויסגאַנגס-טיר איז געווען באַלד לעבן דעם שטיבל. ער איז דורכגעגאַנגען און אַנגעמענדיק שוין בײַ דער קליאַמקע, איז ער פלוצלינג שטיין געבליבן. ער האָט דערהערט מאַטעושס פריידיקן.

— ...און דער אַלטער אַליין קאָכט די מילך אָדער טיי און טראָגט איר אונטערן איבערבעט אַרונטער... — מ'זאָגט, אַז ער פאַרעט זיך אפילו אַליין אַרום די קי און מיט יאַגוסטינקען בײַ-העלפט ער זיך אַלץ, אַבי זי זאָל זיך נישט די הענטלעך איינ-ריכטן... ער האָט אַפּנים געקויפט אין שטאָט אַ פאַרצעלייענע כלי, כדי זי זאָל זיך נישט פאַרקילן, נעמען ז'וועט דאַרפן הינטער דער סטאָדאָלע אַרונטערצוגיין...

זיי האָבן אַרויסגעזעצט מיט אַ געוואָלטיק געלעכטער און וויצן האָבן זיך ווי האָגל אַ שיט געטון. אַליין נישט וויסנדיק פאַר-וואָס, האָט אַנטעק זיך צוריקגערוקט אויף זיין פריערדיק אָרט, אַנידערגעפאַלן אויף די זעק און גלאָט אַזוי אין דער וועלט אַריין זיך פאַרקוקט אין דעם לאַנג, רויטן פאַס ליכט, וואָס האָט אַרויס-געשלאָגן דורך דער אָפענער טיר פון שטיבל. ער האָט גאָרנישט געהערט, דאָס גערויש האָט פאַרטויבט דאָס געשפּרעך, די מיל האָט

אימאָופּהערלעך געציטערט, אַ גרויער נעפּל פון מעל־שטויב האָט פאַרהילט די מיל; די לעמפּלעך, וואָס זענען געהאָנגען באַם סופּיט האָבן ווי־נישט־ווי אַרויסגעשימערט פון דעם ווייסן שטויב, זיי האָבן זיך געגעלט, פונקט ווי לויטערנדיקע קאַצן־אויגן און האָבן געציטערט פון צייט צו צייט אויף די שנירלעך. אָבער עד האָט נישט געקענט איינזיצן; ער האָט זיך ווידער אויפגעהויבן, און שטיל, אויף די שפּיץ־פינגער זיך אונטערגערוקט הינטער דער סאָמע טיר און זיך איינגעהאָרכט.

— ... זי האָט אים אַלץ פאַרענטפערט — האָט מאַטעוש געזאָגט — זי האָט זיך עפּעס אַפּנים איבער אַ פלויט געאיילט און דריבער — די דאָמיניקאָוואַ האָט דאָס באַשטעטיקט, אַז דאָס טרעפט זיך אָפט באַ מיידלעך, אַז דאָס האָט זיך מיט איר אַליין אויך געטראָפן, ווען זי איז נאָך געווען אַ בתולה... יעדע קען אַזיינד אָפּלייגן אויף אַ שפּיציקן פלויט... און דער אַלטער באַראַן האָט געגלייבט. אַזאַ שפּיצקאָפּ און האָט געגלייבט...

זיי האָבן זיך אַזוי צעלאַכט, אַז דאָס כאַכאָטשען האָט זיך איבער דער גאַנצער מיל צעטראָגן, אַז זיי האָבן זיך אַזש אַנידערגעלייגט פון געלעכטער.

אַנטעק האָט זיך צוגערוקט נענטער. ער איז כמעט אויף דער שוועל שטיין געבליבן, און בלאַס ווי אַ מת מיט צונויפגעביילטע פויסטן, איינגעקאָרטשעט איינגאַנצן, איז ער גרייט געווען אַ שפּרונג צו טון.

— און דאָס, וואָס מ'האָט דערציילט וועגן אַנטעקן — האָט מאַטעוש ווידער אָנגעהויבן, ווען זיי האָבן זיך געהאַט אויסגעלאַכט — אַז ער האָט זיך דאָרט גוט געקענט מיט יאַגושען, איז נישט אמת, איך ווייס צום בעסטן. כ'האָב אַליין געהערט, ווי ער האָט געסקאָמליעט פאַר דער טיר פון קאַמער ווי אַ הינט, ביז זי האָט אים מיט אַ בעזים געמוזט אַוועקיאָגן. ער האָט זיך צוגעטשעפּעט צו איר, ווי אַ רעטעך צו אַ הינטישן ווידל, אָבער זי האָט אים אַוועקגעטריבן...

— עס האָט דען גנוצן דאָס. אין דאָרף האָט מען אַנדערש גערעדט... — האָט עמעץ אַ פרעג געטון...

— ווי דען, איין מאָל בין איך דאָס געווען בײַ איר אין קאַמער, איין מאָל דען האָט זי זיך באַקלאָגט פאַר מיר אויף אים!

— זאָגסט ליגנט, ווי אַ הונט! — האָט אַנטעק אַ געשריי געטון, איבערטרעטנדיק די שוועל.

מאַטעוש האָט זיך אין דעם אויגנבליק אַ וואָרף געטון צו אים, אָבער איידער נאָך ער האָט זיך געקענט עפּעס מיאַרקירן, איז שוין אַנטעק ווי אַ ווילדער וואָלף אַ שפּרונג געטון, מיט איין האַנט אים אָנגעכאַפּט בײַם האַלדז, צוגעדריקט, אַזש יענער האָט דעם אָטעם און דאָס לשון פאַרלוירן, מיט דער אַנדערער האָט ער אים אָנגענומען בײַ דער טאַליע, אָפּגעריסן אים פון אָרט אַוועק, ווי אַ קושאַק, מיטן פּיס די טיר אינדרויסן אַרויס אויסגעזעצט און אים גיך צוועקגעטראָגן היגטערן טאַרטאַק אַרונטער, צום טייך, וואָס איז מיט אַ פּלויט אַרומגעצוימט און מיטן גאַנצן כּוח אים אַ וואָרף געטון, אַזש פיר לייסטן האָבן, ווי די שטרויעלעך געפּלאַצט, און מאַטעוש איז פּונקט ווי אַ קלאָץ אין וואַסער אַרײַנגעפאַלן.

עס איז געוואָרן אַ גערודער אין אַ גרויס געשריי, וואָרים דער טייך איז אויף דעם אָרט געווען שטראָמיק און טיף, האָבן זיך מענטשן אַ וואָרף געטון אים ראַטעווען און מ'האָט אים באַלד אַרויסגעצויגן, אָבער ער איז געווען אָן באַוווסטזיין, מ'האָט אים קוים דערמונטערט. דער מילנער איז באַלד געקומען צולויפן, אין אַ פּאָר סעקונדן האָט מען געבראַנגט צו פירן יאַמבראָזשין, ס'זענען אָנגעקומען מענטשן פון דאָרף, ביז מ'האָט אים איבערגעטראָגן אין מילנערס הויז אַרײַן, וואָרן ער האָט כּסדר געחלשט און געבראָכן מיט בלוט. מ'האָט אַפילו באָכן גלח געשיקט, אַזוי שלעכט האָט מיט אים געהאַלטן, מ'האָט געמיינט אַז ער וועט ביז איבערמאָרגן ניט דערציען.

אַנטעק ווידער האָט, ווען מען האָט מאַטעושן אַרויסגעטראָגן, זיך רויק אַנידערגעזעצט אויף זיין אָרט בײַם קוימען און זיך געוואַרעמט די הענט און איינגעטעגהט מיט פּראַנעקן, וועלכער האָט זיך דערווייל אָפּגעזוכט — און באַלד, ווי די מענטשן האָבן זיך צוריקגעקערט און ס'האָט זיך אַ ביסל באַרויקט, האָט ער אַזוי הויך

אַ געשריי געטון, אַז אַלע זאָלן הערן און עס גוט נעמען אין זינען אַריין.

— ווער ס׳וועט מיך נאָר אָנרירן און זיך טשעפּען צו מיר, וועל איך יעדערן אַזוי טון אָדער נאָך בעסער

קיינער האָט זיך נישט אָנגערופן, מ׳האָט געקוקט אויף אים מיט טיפער באַוווּנדערונג, מיט דרך־ארץ, וואָרן ווי דען, אַז מ׳זאָל אַזאַ פּויער ווי מאַטעושן אַ נעם טון אַזוי לייכט, פּונקט ווי אַ בינטל שטרוי, אַוועקטראָגן און אים וואַסער אַריינוואַרפן! ס׳האָט נאָך קיי־נער וועגן אַזאַ גבור נישט געהערט!... נו, ווען זיי וואָלטן זיך געהאַט כאָטש צעשלאָגן, געאַמפּערט צווישן זיך און איינער דעם אַנדערן וואָלט בייגעקומען, די ביינער צעבראָכן, אפילו דערהרגעט — איז אַ געווייבטלעכע זאַך! אָבער נישט אַ נעם טון, ווי עפּעס אַ יונג שגצל באַ די אויערן, און אַ וואָרף געבן אין וואַסער אַריין! דאָס וואָס די זשעבערעס האָבן אים דערט געפּלאַצט אָן די לייסטן, דאָס איז גאָרניש, ער וועט זיך אויסהיילן, אָבער אַזאַ בושה, אַזאַ בושה, דאָס וועט מאַטעוש נישט איבערהאַלטן!... אַזוי פאַרשעמען אַ מענטש אויפן גאַנצן לעבן!...

— נו, נע, איך ווייסט, מיינע ליבע, אַזעלכעס איז נאָך נישט געשען — האָבן זיי געשושפּטשעט צווישן זיך.

אָבער אַנטעק האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף זיי, ער האָט אָפּגעמאָלן די קאַשע און אַרום האַלבע נאַכט אהיימגעגאַנגען; ס׳האָט זיך נאָך געלויכטן בײַם מילנער אין שטוב, ווו מ׳האָט מאַ־טעושן אָוועקגעלייגט.

— וועסט דיך, שטש רווע, שוין נישט רומען מער, אַז פּלעגסט קומען צו יאַגנען אין קאַמער! — האָט ער מיט שנאה אַרויסגע־שעפּטשעט און אַ שפּיי געטון.

אינדערהיים האָט ער גאָרנישט געזאָגט, כאָטש האַנקע איז נאָך נישט געשלאָפן; זי איז געווען פאַרנומען מיטן שפּינען. אָבער אינדערפרי איז ער נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט, ער איז זי־כער געווען, אַז מ׳וועט אים אָפּזאָגן. באַלד אָבער נאָכן אָנבייסן איז דער מילנער אַליין געקומען צו לויפן.

— נו, קומט־זשע צו דער אַרבעט, וואָס איך האָט מיט מאַ־

טעושן, איז ענקער עסק, ס׳גייט מיך גאַרנישט אָן, און דער טאַר־
טאַק קען נישט בלייבן שטיין, ביז ער וועט געזונט ווערן; פירטס
עך די אַרבעט, פיר גילדן מיט אַ מיטאָג וועל איך ענק צאָלן.

— כ׳וועל נישט גיין, איר וועט געבן אַזוי פיל וואָס מאַטעושן,
וועל איך מיך שטעלן און כ׳וועל נישט ערגער פירן פון אים...

דער מילנער איז שיער משוגע געוואָרן, ער האָט זיך גע־
דונגען, אָבער ער האָט געמוזט באַשטיין, וואָרן ער האָט נישט גע־
האַט קיין שום עצה, ער האָט אים טאַקע באַלד מיטגענומען און
זיי זענען אַוועקגעגאַנגען.

האַנקע האָט דערפון גאָר גאַרנישט פאַרשטאַנען, וואָרן זי
האָט וועגן קיין שום זאַך נישט געוווסט.

---

## IV

ערב די ווייבאַכט־חגאות האָט שוין פון סאַמע פאַרטאָג אָן געקאָכט אַן אייליקע און היציקע באַוועגונג אין גאַנץ ליפּצע.

באַנאַכט, אָדער ערשט ווען ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָט דער פראָסט ווידער פעסט גענומען, און ווייל ער איז געקומען נאָך עטלעכע טעג פון ווייכע און פייכטע נעפּלען, האָט ער די ביימער מיט שניי־טוי פונקט ווי מיט גלעזערנע סטרוזינעס אָדער ווי מיט דעם ווייסטן פוך אָפּגעשיט; די זון האָט זיך אפילו אינגאַנצן געהאַט אויסגעשיילט און געלויכטן אויף דעם בלויען, מיט דיבענקע, דורכזיכטיקע נעפּלען פאַרוועבטן הימל, נאָר זי איז געווען בלאַס, אָפּגעקילט, פונקט ווי די האָסטיע אין דעם הייליקן ארון. זי האָט גאָרנישט געוואַרעמט; פאַרקערט, דער פראָסט האָט באַטאָג נאָך מער זיך געשטאַרקט און מיט אַזאַ קעלט דורכגענומען, אַז ס'האָט דעם אָטעם פאַרכאַפּט און יעדעס באַשעפעניש איז אַרומגעגאַנגען אין אַ פאַרע פון אייגענעם אָטעמען, פונקט ווי אין קנוילן נעפּל, נאָר די גאַנצע וועלט האָט זיך צעשטראַלט און שטיין געבליבן אין אַזעלכע שימערירנדיקע, בלענדנדיקע בליאַסקן, און אַזעל־

כע שאַרפֿע צעפּינקלעניש, גלייך ווי עמעצער וואָלט מיט אַ דימענט־טוי די שנייען באַדעקט, אַז די אויגן האָבן אַזש ווי געטון פֿון קוקן.

די אַרומיקע פֿעלדער מיט שנייען באַלייגטע, זענען געלעגן ווייסע, צעפּינקלטע, טויבע, אָפּגעשטאָרבענע. נאָר טיילמאָל האָט עפּעס אַ פֿויגל מיט די פֿליגל צווישן די בלענדנדיקע ווייסקייטן אַ קלאַפּ געטון, אַזוי, אַז זיין שוואַרצער שאָטן האָט נאָר אַ שימער געטון איבער די בייטן; אָדער ס'האָט אַ סטאַדעלע קוראַטוועס הינטער די פֿאַרשיטע קושאַקעס זיך צעשריגן און שרעקעוודיק, פֿאַרזיכטיק זיך בגנבה צו די מענטשלעכע ישובים, צו די פֿולע סטערדעס געצויגן; אָדער ס'האָט גאָר אַ העזל ווען־נישט־ווען זיך אַ שוואַרץ געטון, איבער די שנייען געשפּרונגען, פּלוצלינג שטיין געבליבן און געקראַצט די פֿאַרהאַרטעוועטע שאָל, צוקריגנדיק זיך אַלץ נענטער צו דער תּבֿואה; אָבער ווערנדיק איבערגעשראָקן פֿון דעם בילן פֿון די הינט, איז עס צוריק אַנטלאָפֿן צו די באַפּראָסטיקטע וועלדער, וואָס זענען מיט שניי פֿאַרשיט, פֿון קעלט אָ־געשטאָרבן. — פּוסט און טויב איז געוואָרן אויף די מיטן אויג נישט אַרומצונעמען שנייִקע פֿלאַכן, נאָר וווּ־נישט־וווּ, אין די בלוילעכע ווייטקייטן, האָבן דערפֿער געשימערט, סעדער זיך געגרויט, שטיקלעך וואַלד געטונקלט, געפֿרוירענע טייכן געגלאַנצט.

אַן אַדורכנעמענדיקע קעלט און אַ לייכטנדיקע פֿון די פּראָסטיקע שטראַלן, האָט דורך די גאַנצע וועלט געבלאָזן און מיט אַן אייזיקע שטילקייט דורכגעדרינגען.

קיין שום געשריי האָט די פֿאַרגליווערטע שטילקייט פֿון די פֿעלדער נישט דורכגעריסן, קיין שום לעבעדיקע שטימע האָט נישט קיין ציטער געטון, אפֿילו קיין פֿייף פֿון אַ ווינט האָט נישט קיין רויש געטון אין די טרוקענע צעפּינקלטע שנייען — טיילמאָל נאָר, פֿון צייט צו צייט, האָט זיך פֿון די פֿאַרפֿאַלענע וועגן אין די שנייען, אַ קרעכצנדיקע שטימע פֿון אַ גלעקל און אַ גע־קוויטש פֿון אַ שליטן קוים געטראָגן, אָבער אַזוי שוואַך און אַזוי ווייט, אַז נאָך איידער מען האָט זיך גאָר געכאַפּט, נאָך נישט געהאַט אונטערגעשיידט פֿון

דאַנען און ווו, האָט עס שוין געהאַט אָפּגעקלונגען און אינגאַנצן אין דער שטילקייט פֿאַרפֿאַלן געוואָרן.

אָבער אויף די ליפּצער וועגן, פֿון ביידע זייטן סטאַוו, האָט געווימלט און געטומלט פֿון מענטשן; אַ פֿרייליכע חגא-שטימונג האָט אין דער לופֿט געציטערט; זי האָט די מענטשן אַדורכגעדרונגען, אפֿילו אין די בהמות זיך אָפּגערופֿן; די געשרייען האָבן אָפּגעקלונגען אין דער רייַנער, פּראָסטיקער לופֿט, ווי מוזיק, הויכע, פֿרייליכע געלעכטערן האָבן זיך געטראָגן פֿון איין עק דאָרף אין צווייטן, אַ פֿרייד האָט געזעצט פֿון די הערצער; די הינט האָבן זיך ווי די משוגעים אין שניי געקאָלערט, פֿון פֿרייד געבילן און נעיאָגט זיך נאָך די קראָען, וואָס האָבן אַרום די הייזער אַרומגעבלאָנקעט, פֿון די פֿערד-שטאַלן האָבן די פֿערד אַרויסגעהירזשעט, פֿון די שטאַלן האָבן זיך אויסגעצויגענע, פֿאַרבענקטע ריטשן אַרויסגעריסן, און אפֿילו דער שניי האָט עפּעס ווי פֿרייליכער אונטער די פֿיס געסקזשיפּעט. די שליטנס האָבן געפּישטשעט אויף די האַרטע אויסגעריבענע וועגן, רויכן האָבן אין בלויע זיילן אַרויפֿגעשלאָגן, און אַזוי גלייכיטשקע, גלייך מ'וואָלט אויסגעשאָסן; די פֿענסטער פֿון די כאַלופּעס ווידער האָבן זיך אַזוי אין דער זון געשפּילט, אַז ס'האָט אַזש געבלענדט — און אומעטום איז געווען פֿול מיט נעטומל, קינדער, געראָדער, אַ געגאַנעריי פֿון גענדז, וואָס האָבן אויף דעם אויסגעהאַקטן אייז מיט די פֿליגל געקלאַפּט, כלערליי אויסגעשרייען; אויף די וועגן איז געווען פֿול מיט מענטשן, פֿאַר די הייזער, אין די הייף, און דורך די פֿאַרשנייעטע סעדער האָבן זיך פֿון צייט צו צייט געטרייסלט די קאָלירטע קליידער פֿון פּויערטעס, וואָס זענען אַריבערגעלאָפֿן פֿון איין כאַלופּע אין דער צווייטער, אַזוי, אַז פֿון מאָל צו מאָל האָבן פֿון די ביימלעך און קזשאַקעס, וואָס זיי האָבן אין לויף פֿאַרטשעפּעט, גאַנצע קוואַלן פֿון אייזליכטלעך זיך אין אַ זילבערנעם שטויב געשיט.

אַפֿילו די מיל האָט היינט נישט געקלאַפּט. אויף גאַנץ חגא איז זי געבליבן שטיין, און נאָר דאָס קאַלטע גלאָז פֿון דעם דורכזיכטיקן וואַסער, וואָס מ'האָט פֿון דער שלוזע אָפּגעלאָזט, האָט ריזלענדיק געקלונגען, און ערגעץ-ווו הינטער איר, אין די בלאָטעס

און אין די פּאַרפּרוירענע זומפּן, האָבן זיך פון די רויכיקע נעפּלען געשרייען פון ווילדע קאַטשקעס אַרויסגעריסן, ווייל גאַנצע סטאַדעס האָבן זיך דאָרט אַרומגעדרייט.

און אין יעדער כאַלופּע, בײַ די שימאָנס, בײַ די מאַטשעקס, בײַם וואָיט, בײַ די קלענביס — און ווער ווייסט זיי דען אַלע איבערציילן און אויסרעכענען — האָט מען די שטובן געלופּטערט, געוואַשן, געשייערט, אויסגעשיט די שטובן, די פּעדערהייזער און אַפילו דעם שניי פאַר די שוועלן מיט פרישע ביימער-נאָדלען, און ווי-נישט-ווי האָט מען די שוואַרצע קוימענס אָפּגעווייסט, און אומעטום האָט מען אין אײַלעניש ברויטן און יום טובדיקע שטריצן געבאַקן, אײַנגעמאַרנירט הערינג, אין אומגעווייסטע דיניצעס מאָן צו קליסקעס געריבן.

וואָרן ס׳איז דאָך עפּעס געגאַנגען צו חגאות, דער יום טוב פון גאָטס קינד, דער פריידיקער טאָג פון נס און דערבאַרמונג פון יעזוס איבער דער וועלט, דער געבענטשטער אָפּרו נאָך לאַנגע פאַרהאָרעוועטע טעג, — האָט זיך אויך אין די מענטשן די נשמה פון ווינטערדיקער פאַרשטאַרטקייט געוועקט, האָט זיך פון דער גרויקייט אָפּגעשאָקלט, אויפגעהויבן זיך און חדווהדיק געגאַנגען מיט אַ קרעפּטיק געפיל גאָטס געבורטס-טאָג צו באַגעגענען!

און אויך בײַ די באָרינעס איז געווען דאָס זעלבע גערודער, פּאַרעניש און צוגרייטונגען.

דער אַלטער איז נאָך אַרום פאַרטאָג-צו געהאַט אין שטאָט אַריין אַוועקגעפאָרן מיט פּיעטרעקן, וועלכן ר׳האָט אויף קובעס אָרט צו די פערד צוגענומען.

און אין דער כאַלופּע האָט מען זיך אײַליק געפּאָרעט, יוזקאַ האָט שטילעטשקערהייט צוגעזונגען און פון קאָלירטע פּאַפּירלעך וואונדערלעכע רייזעלעך אויסגעשוירן, וואָס — צי אויף די בעלקעס אויסגעהאָנגען, צי אויף די ראַמען פון די בילדער אויסגעקלעבט — זענען זיי אויס ווי געמאָלן מיט לעבעדיקע פאַרבן, פון וועלכע עס בלענדט אַזש אין די אויגן. און יאַגנע האָט, מיט פאַרקאַשערטע אַרבל ביז איבער די אָרעמס, געמישט טייג אין אַ דזשיזשע און מיט דער מוטערס הילף האָט זי געבאַקן אַזעלכע לאַנגע שטריצן, אַז זיי

האָבן אויסגעזעזן ווי די בייטן אין גאָרטן, אויף וועלכע מען פאַר־
זייעט פּיעטרישקע. ווייטער האָט זי ברויט עטוואָס ווייסערס פון
געבייטלט מעל געבאַקן — און זי האָט זיך פלינק געפּאָרעט, וואָרן
דאָס טייג האָט שוין געיוירן און מ'האָט געדאַרפט די ברייטלעך אויס־
אַרבעטן. דאָ האָט זי אַ קוק געטון אויף יוזקעס אַרבעט, דאָ האָט
זי אַ בליק געוואָרפן צו דעם קוכן מיט קעז און האָניק, וועלכער
האָט זיך שוין אונטערן איבערבעט אויסגעוואַרעמט און געוואַרט
אויפן אויוון, דאָ איז זי אויף דער צווייטער זייט געלאָפן צום
ברויט־אויוון, אין וועלכן ס'האָט אַ פעסט פייער געפלאַקערט!

וויטעקן האָט מען געהאַט אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל היטן דאָס
פייער און שייטלעך האַלטן צולייגן אָבער מ'האָט אים געזען נאָר
וואָס באַם אָנבייסן, וואָרן באַלד איז ער ערגעץ פאַרכאַפּט געוואָרן.
אומזיסט האָט אים יוזקע, צי די דאָמיניקאָווא געזוכט איבערן גאַנצן
הויף און גערופן — ער האָט זיך נישט אָנגערופן, די יוכע; ער
איז זיך גאָר געזעסן הינטער דער סטערדע אויפן ריינעם פעלד
אונטער די קזשאַקעס און פאַרלייגט נעצן אויף קוראָפּאַטוועס, אין
נעדיכט מיט פלעוועס די נעצן באַשיט, אַז מען זאָל זיי נישט דער־
קענען און די פייגל פאַרנאַרן. לאַפּאַ איז מיט אים מיטגעווען און
דער באָטשאַן, וועלכן ער האָט האַרבסט־צייט געהאַט אַ קראַנקן
אַריינגענומען. ער האָט אים אויסגעהיילט, אָפּגעהיטן, דערנערט,
אויסגעלערנט אים פאַרשידענע קונצן און ער איז מיט אים אַזוי
היימיש געוואָרן, אַז לאָז ער נאָר אויף זיין שטייגער צו אים אַ פייף
טון, איז דער פויגל נאָך אים נאָכגעגאַנגען נישט ערגער פון לאַ־
פּאַן, מיט וועלכן ער האָט געלעבט אין גרויס פריינטשאַפט, וואָרן
זיי פלעגן זיך צוזאַמען אין שטאַל אַריין אויף שטשורעס אַרויסלאָזן.

ראָף ווידער, וועלכן באַרינע האָט אויף גאַנץ יום טוב אין
דער כאַלופּע אַריינגענומען, איז געזעסן שוין פון דער פרי אָן אין
קלויסטער און דאָרט צוזאַמען מיט יאַמבראָזשין אויסגעשלייערט דעם
אַלטאַר און די ווענט מיט כאָינקעס, וואָס דעם גלחס משרת האָט
געהאַט אָנגעבראַכט.

ס'איז שוין געווען אַרום פאַר מיטאָג, ווען יאַגנע האָט דאָס
ברויט געהאַט פאַרענדיקט; זי האָט אויסגעלייגט די לאַבנס אויף

אַ ברעט און נאָך געהאַלטן אין אַ מגלעטן זיי, אָרומשמירן מיט ווייסל פון אַן איי, כדי זיי זאָלן נישט צו פיל אין פייער פּלאַצן, ווי וויטעק האָט דעם קאָפּ אין דער טיר אַריינגעשטעקט און אויסגעשריגן:

— מ׳טראָגט די קאָלענדע!

פון אינדערפרי אָן שוין, האָט דעם אָרגאַניסטערס עלטסטער זון, יאַש, דער וואָס איז געווען אין די שקאָלעס, צוזאַמען מיטן יינגערן ברודער אָפּלאַטקעס אַרומגעטראָגן...

יאַגנע האָט זיי דערזען שוין פאַרן גאַניק, אַזוי, אַז ס׳איז שוין קיין צייט נישט געווען אַפילו עפּעס אויפצוראַמען, און זיי זענען אַריינגעקומען אין שטוב אַריין מיט אַ לויב צו גאָט.

זי איז אַריין אין אַ שטאַרקער פאַרלעגנהייט, וואָס אין שטוב איז אַזאַ געלענדער געווען, האָט זי נאָר די נאַקעטע הענט הינטערן פאַרטוך באַהאַלטן און זיי גענבעטן זיך אַנידערזעצן אָפּרוען, וואָרן זיי האָבן געהאַט גרויסע קוישן, און דער יינגערער האָט געשלעפּט בישקשהדיקע טאָרבעס, נישט קיין ליידיקע.

— מיר האָבן נאָך אַ האַלב דאָרף אַרומצוגיין, און קיין סך צייט איז נישטאָ!... — האָט ער אָפּגעווענדט.

— לאָז זיך דער פאַן יאַשיאָ כאָטשיק אָנוואָרעמען, אַזאַ פראָסט!

— און אפשר אַ קאָפּ הייסע מילך, וועל איך אָפּקאָכן — האָט די דאָמיניקאָוואַ פאָרגעלייגט. זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט, אָבער דאָך זיך אַנידערגעזעצט הינטערן פענסטער, אויפן קאַסטן. יאַשיאָ ווידער, האָט זיך אַזוי איינגעקוקט אין יאַגנען, אַז זי איז אַזש רויט געוואָרן און איילִיק אָנגעהויבן די אַרבל אויף די הענט אַראָפּציִען, אַזוי, אַז ער איז אויך רויט געוואָרן ווי אַ בוראַק און גענומען זוכן אין קויש אָפּלאַטקעס. ער האָט אַרויסגענומען דאָס בעסטע און גרעבסטע פּעקל, וואָרן ס׳איז געווען אַרומגענומען מיט אַ גאָלדענעם פּאַס און אָנגעלייגט מיט קאָלירטע אָפּלאַטקעס. יאַגוש האָט עס גענומען דורכן פאַרטוך און אויף אַ טעלער אַנידערגעלייגט, אונטערן הייליקן בילדל, און דערנאָך האָט זי אַרויסגעטראָגן אַן אָנגעגאָרעוועטן טאָפּ ליאַן־זאַמען און זעקס אייער.

— דער פּאַן יאַש איז שוין לאַנג געקומען?
— זונטיק ערשט, מיט דריי טעג צוריק!
— ס'איז אַוודאי אומעטיק דאָרט אין די שקאָלעס? — האָט די מוטער אַ פרעג געטון.
— נישט זייער, אָבער ס'וועט שוין לאַנג נישט געדויערן, וואָרן ביז פרילינג גאָר.
— און די פּאַני אָרגאַניסטין האָט דאָך מיר באָך אויף מיין חתונה געזאָגט, אַז דער פּאַן יאַשאָ גייט אויף אַ גלח...
— יאָ, פון וויעלקאַנאָץ אָן, יאָ! — האָט ער שטילער געזאָגט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן.
— גאָט מיינער, די עלטערן וועלן דאָס דערלעבן ערשט אַ נחת, דאָס איז דיר ערשט אַ פרייד, וואָס זיי וועלן אַ גלח און אפשר אַז גאָט וועט געבן, אין אונדזער פּאַראַפיע.
— וואָס־שע הערט זיך בא ענק? — האָט ער אַ פרעג געטון, כדי די אומאָנגענעמע פראַגן איבערצורייסן.
— און וואָס זאָל זיך הערן, דאַנקען גאָט, נישט קיין שלעכטס. פּאַמעלעכיטשקע אַליץ, פּאַמעלעכיטשקע דרייט זיך אַלץ אַזוי, פּונקט ווי אין דעם ראָד, ווי געוויינטלעך אין פויערישן שטאַנד.
— כ'האָב געוואָלט קומען אויף ענקער חתונה, יאַגוש, נאָר מ'האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט.
— און מ'האָט זיך אַזוי געווילט, אַז דורך גאַנצע דריי טעג האָט מען געטאַנצט! האָט יוזקאַ אויסגעשריגן.
— קובאַ איז, דאַכט זיך, פּונקט אין דער צייט געשטאָרבן!
— נ'יאָ, ר'איז זיך אָפּגעשטאָרבן, אָפּגעשטאָרבן דער אָרימער נעבעך, ס'בלוט איז אים אַנטגאַנגען, און אפילו אָן דער הייליקער ווידוי האָט ער פּאַרענדיקט. מ'זאָגט אויפן דאָרף, אַז ער קומט אָפּ, אַז מ'האָט געזען, ווי עפּעסטשיס בלאָנקעט באַנאַכט אַרום אויף די וועגן, קרעכצט אויף די שייד־וועגן, דאָ קומט עס אַרויס פּאָר די צלמים און וואַרט אויף גאָטס דערבאַרמונג!... קובאַס נשמה מוז דאָס זיין, נישט קיין אַנדערע!
— וואָס עץ רעדט דאָרט!
— אוודאי, דעם אמת געזאָגט, האָב איך אַליין נישט געזען,

איז וועל איך דערויף נישט שווערן, אָבער ס'קען גאַנץ מעגלעך זיין, ס'קען, ס'געשען אַזעלכע זאַכן אויף דער וועלט, וואָס דער מענטשלעכער שכל, כאָטשביק אפילו דער גרעסטער, וועט עס אויך נישט פאַרשטיין, נישט זען; — דאָס זענען געטלעכע זאַכן, נישט קיין מענטשלעכע, ניין, וואָרן וואָס מיר אָרעמע מענטשן קענען, קענען מיר, און דאָס איבעריקע קען גאָט!

— אַ שאָד דער קובאַ, דער גלח אַליין, ווען ר'האָט מיר דערציילט וועגן זיין טויט, האָט ער אַזש געוויינט פון ווייטיק.

— וואָרן אַן ערלעכער פאַראָבעק איז דיר דאָס געווען, אַז קיין אַנדערן אַזעלכן וועסטו נישט געפינען, און אַ שטילער, אַ פרומער, אַן אַרבעטסזאַמער, קיין פרעמדס האָט ער נישט גערירט, און מיט אַן אָרימען איז ער גרייט געווען מיט דער לעצטער קאָפּאַטע זיך צו טיילן.

— אַזוי ענדערט זיך דאָס אַלץ כסדר אין ליפּצע, אַז ווען כ'קום צו פאָרן, קען איך מיך נישט דערקענען. כ'בין היינט געווען בא די אַנטעקס, אַ קינד איז זיי קראַנק, איז בא זיי אַ נויט, אַז ס'פייפט אַזש, און ער אַליין האָט זיך אַזוי פאַרענדערט, אַזוי אויסגעדאַרט, אַז כ'האָב אים קוים דערקענט!

זיי האָבן זיך מיט קיין וואָרט נישט אָנגערופן זערויף, נאָר יאַגנע האָט פלינק דאָס פּנים אָפּגעדרייט און אָנגעהויבן גרויפּלייגן ברויט אויף דער לאָפּעטע, און די אַלטע האָט אַ גלאָץ געטון מיט די אויגן, אַז ער האָט זיך באַלד געכאַפּט, אַז אין דעם איז עפּעס דאָ פאַר זיי אומאָנגענעמס, ער האָט געוואָלט פאַרריכטן, געטראַכט וועגן וואָס ווייטער צו רעדן, נאָר יוזקאַ איז צו אים אַ פאַרפלאַמטע צוגעשפּרונגען און אים אָנגעהויבן בעטן, אַז ער זאָל איר געבן אַ פּאָר קאָלירטע אָפּלאַטקעס.

— אויף זונען דאַרף איך האָבן, כ'האָב געהאַט פון פאַריאָרן, אָבער אויף דער חתונה איז פון זיי אַלע איבגאַנצן אַ תל געוואָרן.

— פאַרשטייט זיך, ער האָט איר געגעבן אפשר צוואַנציק און אַזש אין פינף קאָלירן.

— אַזש אַזוי פיל! יעזוס מיינער, טאַטש ס'וועט דאָך סטאַר-

טשען אי אויף זונען, אי אויף לבנות, אי אויף שטערן! — האָט זי מיט פרייד אויסגעשריגן, זי האָט זיך געסודעט מיט יאַגנען און אַ פאַרשעמטע, פאַרשעמנדיק זיך דאָס פּנים מיטן פאַרטוך, האָט זי אים אַרויסגעטראָגן דערפאַר אַ זעקס אייער.

באַרינע איז דעריווייל אין דער צייט אָנגעקומען פון שטאָט און אַריינגעגאַנגען אין שטוב, און נאָך אים האָט זיך לאַפּאַ מיטן באָטשאַן אַריינגעשטופּט, וואָרן וויטעק האָט זיך אויף גלייך מיטן באַלעבאָס באַוויזן.

— פאַרמאַכטס גיכער די טיר, וואָרן ס'טייג וועט זיך אויסקילן — האָט די אַלטע געשריגן.

— אַז די ווייבער הייבן זיך אָן באַם אָרדנונג מאַכן אַרומצופאָרן, דאַרפן זיך די מענער אַ דירה כאָטשביק אין דער קרעטשמע זוכן, אַז כּדי באַם באַקן זאָלן זיי אויף אונדז דאָס רויקייט פון ברויט נישט אַרויפוואַרפן! — האָט באַרינע געלאַכט, דערוואַרמענדיק די פאַרשטאַרטע הענט. — דער וועג איז ווי איבער גלאָז און אַ, אַ פיין שליטוועגס, אָבער אַזאַ פראָסט, אַז ס'איז שווער אין שליטן איינצוזיצן! גיב, יאַגוש, פיעטרעקן כאָטשיק אַ שטיקל ברויט, וואָרן ר'איז ביזן ביין דורכגעפרוירן געוואָרן אין דעמדאָזיקן זעלנערישן שינעל. יאַשיאָ איז אויף לאַנג דאָס אַהיימגעקומען?

— אַזש ביז דריי קרוליעס.

— דער טאַטע האָט פון יאַשן אַ נישקשהדיקע נוץ, וואָרן אי באַם אָרגל איז ער, אי אין דער קאַנצעליאַריע! ב'אוודאי איז דעם אַלטן אַ שאָד אויף אַזאַ פראָסט דאָס איבערבעט אָפּצולאָזן.

— נישט דערפאַר, נאָר, ווייל די קו האָט זיך היינט אָפּגעקעלבט, איז ער אין דערהיים איבערגעבליבן און היט אָפּ.

— אין אַ גוטער צייט פונקט, ס'וועט זיין מילך אַ גאַנצן ווינטער.

— יאָ, וויטעק, האָסט געגעבן צו טרינקען דעם זשרעבאַק?

— כ'האָב אַליין צוגעטראָגן, אָבער ר'האָט אפילו נישט, וואָס אַ פינגער די גרויס, געוואָלט טרינקען, ער שטיפט נאָר אַרום און

ייסט זיך אַזוי צו דער קליאַטשע, אַז כ'האָב אים אין דער גרע-
סערער פאַרצוימונג איבערגעפירט.

די ייִנגעלייט זענען אַרויסגעגאַנגען, אָבער יאַשיאַ האָט זיך
נאָך פון יענער זייט פּלויט אומגעקוקט צו יאַגנען, וואָרן גלייך ווי
זי וואָלט נאָך עפּעס שענער געווען, ווי אין האַרבסט פאַר דער
חתונה.

ס'איז נישט קיין ווונדער אויך, אַז זי האָט דעם אַלטן איג-
נאַנצן באַזיגט, אַז אויסער איר האָט ער קיין וועלט נישט געזען.
אין דאָרף האָט מען גוט געזאָגט, אַז ער איז אינגאַנצן משוגע גע-
וואָרן פון דערדאָזיקער ליבע, וואָרן כאָטש ער איז געווען אַ האַר-
טער ביין און נישט נאָכגיביק צו קיינעם ווי פריִער, אָבער יאַגושיאַ
האָט געקענט מיט אים מאַכן, וואָס זי האָט נאָר געוואָלט; ר'האָט
זי אין אַלדינג געהאָרכט, מיט אירע אויגן האָט ער געקוקט, מיט
איר האָט ער זיך געעצהט און מיט דער דאָמיניקאָווען אויך, אַזוי,
אַז זיי האָבן אים אינגאַנצן ביזן גרונט באַהערשט! ער האָט זיך
נאָגץ גוט געפילט אַזוי, דאָס באַלעבאַטיש, ייט האָט זיך געפירט,
אַלץ איז געווען אין אָרדנונג, זיין באַקוועמלעכקייט האָט ער זיך
געהאַט, אי פּאַר וועמען זיך צו באַקלאָגן, אי מיט וועמען זיך אַן
עצה צו האַלטן, אַזוי, אַז ער האָט שוין וועגן גאָרנישט געטראַכט
און וועגן גאָרנישט נישט איינגערעדט, קוים איז דאָס נאָר נישט גע-
ווען יאַגושיאַ, אויף וועלכער ער האָט ווי אויף אַ הייליק בילד גע-
קוקט.

אָט אפילו אַציינד; ער האָט זיך אויסגעוואַרעמט באַם קוי-
מען, און ר'איז איר כסדר מיט פאַרליבטע אויגן נאָכגעגאַנגען, און
פּונקט ווי פאַר דער חתונה, האָט ער איר זיסע רייד געשעפּטשעט,
און נאָר וועגן דעם געטראַכט, מיט וואָס זיך נאָך מער צו איר צו-
צולעקן.

אָבער יאַגנע האָט זיך אַזוי פיל געזאָרגט וועגן זיין ליבע,
ווי וועגן פאַראַיאָריקן שניי. זי איז געווען עפּעס פאַרמרהשחורהט,
דענערווירט פון זיינע צערטלעכקייטן, בייז; יעדער זאַך האָט זי
געררייצט, אַז זי האָט זיך ווי אַ ווילדער שטורם-ווינט איבער דער
שטוב געטראָגן — די אַרבעט האָט זי אויף דער מוטער אַרויפגע-

וואָרפֿן, דאָ אויף יוזקען, און אָפּטמאָל אויף דעם אַלטן מיט האַר־בע ווערטער צוגעטריבן, און אַליין איז זי געגאַנגען, מכּלומרשט אַ בליק צו כאַפּן אויף דער אַנדערער זייט צום אויוון, אָדער צום זשריבאָק אין דער פערד־שטאַל, אָבער דערהויפּט צוליב דעם, כּדי איבערצובלייבן אַליין און וועגן אַנטעקן זיך צו פֿאַרטראַכטן.

יאַשיאַ האָט איר וועג זיך דערמאַנט, אַז ווי אַ לעבעדיקער איז ער פֿאַר איר שטיין געבליבן, ווי אַ לעבעדיקער...

כּ עט דריי חדשים האָט זי אים נישט געזען, אַ שטיק צייט נאָך פֿאַרן שלוב, נישט מער, ווי דאַמאָלס דורכפֿאָרנדיק אויפֿן וועג אונטער די טאָפּאָלן... ב'טאַקע, די צייט איז געפֿלאָסן ווי דאָס וואַסער; אָט איז דער שלוב, דאָס איבערציִען זיך, פֿאַרשיידענע דאגות, באַלעבאַטישקייט, — ווען האָט זי דען געקענט וועגן אים אַ טראַכט טון! זי האָט אים נישט געזען, איז ער איר טאַקע אויפֿן געדאַנק נישט געקומען, און מענטשן האָבן זיך אויך געהיטן צו רעדן וועגן אים פֿאַר איר. . און אַצינד, זי ווייסט אַליין נישט פֿאַרוואָס, אַזוי פּלוצלינג, איז ער איר שטיין געבליבן פֿאַר די אויגן אין געקוקט מיט אַזאַ ווייטיק, מיט אַזאַ פֿאַרוואורף, אַז דאָס האַרץ האָט זיך איר פֿון גרימעניש אַ טרייסל געטון.

— כ'בין דאָך דיר אין גאָרנישט שולדיק, ניין, איז וואָס־זשע שטייסטו פֿאַר מיר ווי אַן אָפּקומענדיקע נשמה, פֿאַרוואָס שרעקסטו מיך! — האָט זי מיט ווייטיק געטראַכט, באַשיצנדיק זיך פֿאַר די דערינערונגען... נאָר עפּעס מאָדנע איז איר פֿאָרגעקומען, וואָס האָט זי זיך אַזוי שטאַרק דערמאַנט אָן אים, פֿאַרוואָס נישט אָן מאַטעושן, נישט אָן סטאַכאָ פּלאַשקען, נישט אָן קיין אַנדערע?... נישט עמעץ קיין אַנדערער, נאָר ער אײנער! ער האָט איר געמוזט עפּעסטשיס אָפּטון, וואָס זי ליידט אַצינד אַזוי און רייסט פֿון זיך שטיקער, און באָדט זיך אין פּיין, וואָרן אַזאַ בענקשאַפֿט האָט זי צעבוימען, אַז ס'האָט איר אַזש אונטערן האַרץ־גריבל געקלעמט, און די נשמה האָט עפּעסטשיס אַזוי אין דער וועלט אַריין געטראָגן, אַז זי וואָלט געגאַנגען וווּ נאָר די אויגן טראָגן, איבער פֿעלדער, איבער וועלדער

— וואָס טוט ער נעבעך דאָרט, דער אָרימער, וואָס טראַכט

ער זיך? און ס'איז נישטאָ קיין שום געלעגנהייט זיך מיט אים אַדורכצורעדן, קיין שום געלעגנהייט נישט און... מ'טאָר נישט! אמת, מ'טאָר נישט, יעזוס ליבער, ס'טייטש. ס'וואָלט דאָך געווען אַ שטערבלעכע זינד, אַ שטערבלעכע! — דער גלח האָט דאָס בײַ איר מתוודה זיין געזאָגט יאָ, ר'האָט געזאָגט... — זי וואָלט נאָר מיט אים איין מאָל אַ רעד געטון, כאָטשביק פאַר עדות כאָטשביק... און דאָס וועט שוין נישט געשען נישט הײַנט, נישט מאָרגן און נישט קיינמאָל נישט! באַרינעס אי זי לעולם ועד אמן...

— יאַגושיאַ, קום נאָר אַהער, דאָס ברויט דאַרף מען איבערזעצן! — האָט די אַלטע גערופן.

זי איז אַרײַנגעלאָפן אין שטוב אַרײַן, זי האָט זיך אײַליק געפּאָרעט ווי זי האָט נאָר געקענט, אָבער די רעיונות וועגן אים האָט זי נישט אָנגעוווירן; ער האָט זיך איר כסדר פאַר די אויגן געשטעלט, און אַ מעטום האָבן זיך איר זײַנע בלויע שליפּיעס דערמאָנט און די שוואַרצע ברעמען און די רויטע ליפּן, די זיסע, די נאַשעדיקע.

אומזיסט האָט זי זיך גענומען מיט היץ צו דער אַרבעט, ס'האָט בײַ איר געבערנט אונטער די הענט, זי האָט אויפגערוימט די שטוב, זי האָט זיך גענומען אַ וּם אָוונט-צו אַרום די בהמות אַרומפּאָרן, וואָס זי האָט דאָס כמעט קיינמאָל נישט געטון, דאָס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן, וואָרן ער איז כסדר פאַר איר געשטאַנען און דאָס בענקשאַפט איז געוואַקסן אין איר און די נשמה צעריסן, וואָס האָט זי אַזוי צערייצט, אַז זי האָט זיך אויפן קאַסטן לעבן יוזקען, וואָס האָט אײַליק די זונען געאַרבעט, אַנידערגעזעצט און אַרויסגעזעצט מיט אַ געוויין.

די מוטער האָט זי באַרויִקט, ס'האָט זי באַרויִקט דער צעשראָקענער מאַן, זיי זענען אַרומגעגאַנגען לעבן איר, ווי לעבן אַ קאַפּריזנע קינד, געגלעט זי, אין די אויגן געקוקט, ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן. זי האָט זיך גוט אויסגעוויינט — און ס'האָט זיך בײַ איר עפּעס פּלוצלינג איבערגעענדערט, וואָרן זי האָט זיך פון קאַסטן אויפגעהויבן כמעט אַ פריילעכע, מיט אַ געלעכטער אָנגעהויבן צו

עדן, איז אפילו גרייט געווען אוי-צו-זינגען, ווען דאָס זאָל נישט
ין אין ווייב-טס-פּאַסט!

באַרינע האָט אויף איר פּא ווונדערט אַ בליק געוואָרפן, די
מוטער האָט זי אָנגעקוקט און דערנאָך האָבן זיי צווישן זיך לאַנג
און באַדייטונגספול זיך איבערגעקוקט, אַרויסגעגאַנגען אין פעדער
הויז אַריין, געסודעט זיך עפּעס דאָרט און זיי האָבן זיך אומגע
קערט דערפרייטע, פריילעכע, צעשמייכלטע און אָנגעהויבן זי אין
די אָרעמס אַרומנעמען, קושן, און זיי זענען אַזוי גוט געווע, אַז
די אַלטע האָט אַזש אויסער זיך אַ געשריי געטון:

— דזשוויגע נישט די דזשיזשע, מאַטשעי על שוין אַרויס
טראָגן!

— ס'איז דען באַ מיר אַ נייעס אפילו אַ שווערערע צו נע
מען!

זי האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען.

אָבער דער אַלטער האָט נישט דערלאָזט, ער האָט אַליין
אַרויסגעטראָגן, און דערנאָך באַ אַ געלעגנהייט, האָט ער זי צוגע
שפּאַרט ערגעצשטשיס אין קאַמער, שרעקלעך געקושט זי, און מיט
פרייד איר עפּעס איינגערוימט, אַז יוזקע זאָל נישט הערן.

— ענק און דער מאַמען האָט זיך עפּעס אין די קעפּ אי
בערגעדרייט, ס'אי נישט אמת, וואָס עך זאָגט, ניין!...

— מיר ביידע מיט דער מאַמען קענען זיך דערויף, דאָס
וואָג יעך דיר שוין, אַז אַזוי אי דאָס. באַלד, וואָס האָבן מיר, ווי
נאַכט... איז וואָלט עס אויסגעפאַלן ערשט אַרום ליפּיעץ, אין סאַ
מע שניט... נישט קיין ריכטיקע צייט, אַ היץ, אַרבעט, אָבער פאַר
פאַלן, מ'דאַרף אויך דערפאַר גאָט לויבן... — און ר'האָט זי ווידער
געוואָלט קושן. זי האָט זיך מיט כעס פון אים אויסגעריסן און
אוועקגעלאָפן צו דער מוטער מיט פאָרוורפן, אָבער די אַלטע האָט
אַנטשיידן באַשטעטיקט.

— ס'אי נישט אמת, ס'דאַכט זיך נאָר ענק אַזוי! — האָט זי
מיט היץ אָפּגעוועגדט.

— ס'פרייט דיך דאָס נישט, זאָג איך?

— וואָס האָט עס מיך צו פרייען, ווייניק זאָרג איז דאָ, און דאָ באַדיר נאָך אַ נייע צרה.

— באַקלאָג דיך נישט, אַז דער פאַן יעזוס זאָל דיך נישט שטראָפן!

— און זאָל ער שטראָפן, און זאָל ער שטראָפן!

— וואָס וואַרפסטו דיך אַזוי אָפּ דערפון, האַ?

— ווייל כ'וויל נישט און שוין!

— ס'טייטש, אַז עס וואָלט געווען אַ קינד, איז דאָך אין פאַל אַז דער אַלטער שטאַרבט, חלילה, וואָלט מען דאָך אויף זיין חלק געמוזט אָפּשרייבן, און דאַמאָלס וואָלסטו דאָך גלייך מיט אַנדערע, אויפן גאַנצן גרונט נאָך אפשר איבערגעבליבן...

— עך האָט נאָר איין זאַך אין זינען: גרונט, און פאַר מיר האָט עס אַזוי פיל די ווערט, ווי גאַרנישט...

— ווייל ביסט נאָך אַ יונגע און אַ נאַר, און פלוידערסט גלאַט אין דער וועלט אַריין! אַ מענטש אָן גרונט, איז ווי אָן פוס, שלעפט זיך און שלעפט זיך און ער וועט אין ערגעץ נישט דער־גרייכן. נאָר רעד נישט אַמאָל אַזוי אין מאַטשעיס אויגן, וואָרן ס'וועטן זיין מאַרקאָטנע...

— כ'על נישט האַלטן אין מיר, וואָס גייט מיך אָן דאָרט מאַטשעי!

— איז פיסקעווע־זשע דיר כאָטשביק פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז דו האָסט קיין שכל נישט, און מיך לאָז רויק דאָס ברויט פון אויוון אַרויסנעמען, וואָרן ס'וועט אויף קויל פאַרברענט ווערן; פאַרנעם דיך בעסער מיט אַרבעט, אָט, נו, לייג איבער די הערינג פון וואַסער אין דער מילך, וועלן זיי מער זאַלץ אָנווערן, זאָל יוזעק מאָן אָנרייבן, ס'איז נאָך דאָ אַזוי פיל צו טון און די נאַכט פאַלט צו אָט, אָט..

ס'איז טאַקע אמת געווען, דער אָוונט איז כמעט פאַר דער שוועל געשטאַנען, די זון איז הינטער די וועלדער אַראָפּגעזונקען, און אַ פייערדיקע רויטקייט האָט זיך איבערן הימל מיט בלוטיק שטראָמען צעגאָסן, אַז די שנייען האָבן זיך געדאַכט ברענען, ווי מיט גליענדיקע קוילן אויסגעשיט — אָבער דאָס דאַרף אין

טייב געוואָרן און איינגעשטיגן; מ'האָט נאָך געטראָגן וואַסער פון סטאַוו, מ'האָט געהאַקט האָלץ, דאָ האָט זיך עמעצער מיט אַ שליטן ג איילט, אַז באַ די פערד האָבן אַזש די מילצן געשפּילט, מ'איז נאָך איבערן סטאַוו געלאָפן, ערגעץ-ווו האָבן די טויערן געסקושי- פּעט, דאָ און דאָרט האָבן זיך שטימען אָפּגעריסן, אָבער צו ביס- לעך, איניינעם מיטן לעשן זיך פון הימל-רויטקייט און מיט דער אַש-גרויער בלויקייט, וואָס האָט זיך אויף דער וועלט געשיט, איז די באַוועגונג אַנגעשטאַרבן, אויף די הייף איז שטיל געוואָרן, די וועגן זענען פּוסט געוואָרן. די ווייטע פעלדער זענען אין דער פינ- סטערניש פאַרפאַלן געוואָרן, אַ ווינטערדיקער אָוונט איז גיך צוגע- פאַלן און די ערד אין זיין מאַכט גענומען. און דער פראָסט האָט זיך געשטאַרקט און אַזוי געדריקט, אַז דער שניי האָט העכער אונ- טער די טרעפּעס געפּישטשעט און די שויבן האָבן זיך אין ריזער און אין וואונדערלעכע בלומען געמאָלן!...

דאָס דאָרף איז אין אַ גרויער, שנייִקער פינסטערניש פאַר- זונקען, גלייך ווי ס וואָלט צעגאַנגען געוואָרן, אַז מ'האָט נישט געזען, נישט קיין הייזער, נישט קיין פּלעטער און נישט קיין סעדער, נאָר, וואָס פייערלעך האָבן שאַרף און געדיכטער ווי געוויינטלעך גע- בלישטשעט, וואָרן מ'האָט זיך אומעטום צו דער וויגיליע-סעודה געגרייט

אין יעדער כאַלופּע, אַזוי באַם רייכן, אַזוי באַם אָרעמען, אַזוי באַ די גרעסטע קבצנים האָט מען זיך אויסגעשלייערט און געוואַרט מיט דעם זאַלבן. און אומעטום האָט מען אין ווינקל פון מזרח-זייט אַ בינט שטרוי אַנידערגעשטעלט, די בענק, צי די טישן האָט מען מיט ווייסער לייוונט איבערגעדעקט, אונטערגעבעט מיט היי און דורך די פענסטער דעם ערשטן שטערן אויסגעקוקט.

עפּעס באַלד אויפן ערשטן אָנקום פון אָוונט האָט מען נישט דערזען קיין שום שטערן, ווי געוויינטלעך בשעת אַ פראָסט, וואָרן אַזוי גיך, ווי די לעצטע רויטקייט האָט דערברענט, האָט זיך דער הימל אָנגעהויבן מיט בלויע רויכן צו פאַרהילן און איינגאַנצן אין אַ טונקל-גרויקייט פאַרטרונקען געוואָרן.

יוזקאַ מיט וויטעקן, זענען שוין גוט געפּרוּווירן געוועזן, וואָרן

ווי זענען געשטאַנען אויף דער וואַך פאַרן גאַניק און אויסגעקוקט ביז וואַנען זיי האָבן דעם ערשטן שטערן דערזען.

— ס׳איז דאָ! ס׳איז דאָ! — האָט וויטעק מיטאַמאָל אַ קוויטש געטון.

דערויף האָט באַרינע אַרויסגעבליקט, ס׳האָבן אויך אַרויסגע־בליקט אַנדערע, און צום סוף — ראַך אַליין.

ס׳איז טאַקע געווען; פונקט איבערן מזרח גלייך ס׳וואַלטן זיך די טונקעלע פלאַכטעס צעריסן, און פון די טיפע טונקל־בלויע טיפעניש איז אַ שטערנדל געבוירן געוואָרן און ס׳האָט אויסגעזען ווי ס׳וואַקסט אין די אויגן; ס׳איז געפלויגן, געשפריצט מיט ליכט, אַלץ שאַרפער זיך געצונדן און וואָס אַמאָל בענטער געוואָרן, ביז ראַך האָט אויפן שניי אַנידערגעקניט און נאָך אים אויך די איבעריקע.

— אָט איז דער שטערן פון די דריי קרוליעס, דער שטערן פון בית־לחם, וואָס באַ זיין שיין איז אונזער האַר געבוירן גע־וואָרן, זאָל זיין געלויבט זיין הייליקער נאָמען!

זיי האָבן אים אַלע פרום נאָכגעזאָגט און איינגעזויגן זיך מיט די אויגן אין דערדאָזיקער ווייטער ליכטיקייט, אין דעם עדות פונם דאָזיקן נס, אין דעם באַשיינפערלעכן צייכן פון גאָטס דערבאַרמונג איבער דער וועלט.

די הערצער האָבן זיי אַ קלאַפּ געטון מיט התלהבותדיקער דאַנקבאַרקייט, מיט הייסן גלייבן, מיט צוטרויען און זיי האָבן איינ־געזאַפּט אין זיך דידאָזיקע ריינע ליכט, וואָס איז ווי דאָס הייליקע פייער, וואָס רייניקט דאָס שלעכטס, ווי דער סאַקראַמענט.

און דער שטערן איז ריזיקער געוואָרן, ער האָט זיך שוין געטראָגן ווי אַ פייערדיקע קויל, בלויע שטראַלן האָבן זיך געצויגן פון אים פונקט ווי די ספּריכעס פון אַ הילכיק ראָד; זיי האָבן גע־פינקלט אויף דעם שניי און מיט ליכטיקע שפּריצן האָבן זיי די פינסטערניש דורכגעגאַנגען, און נאָך אים האָבן זיך ווי געטרייע דינער אויפן הימל אַנדערע באַוויזן און אין אַזאַ צאָל, מיט אַזאַ אומ־געהייערע און אומענדלעכער געדיכטעניש, אַז דער הימל האָט זיך, ווי מיט אַ ליכטיקן טוי באַדעקט און זיך איבער דער וועלט

צעוויקלט ווי אַ בלויע פּלאַכטע מיט זילבערנע שטיפּטלעך באַשלאָגן.

— ס'אי צייט דאָס אָוונט־ירויט צו עסן, ווען פון דעם וואָרט איז אַ קערפּער געוואָ ן! — האָט ראָך אויסגערופן.

זיי זענען אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב אַריין און האָבן זיך טאַקע באַלד אַרומגעזעצט אַרום דער הויכער און לאַנגער באַנק.

דער ערשטער האָט זיך געזעצט באַרינע, ס'האָבן ז ך אַנידערגעזעצט די דאָמיניקאָוואַ מיט די זין. וואָרן זי האָט זיך געמיט, אַז זיי זאָלן צוזאַמען עסן דאָס אָוונט־ברוי . ראָך האָ ז זיך געזעצט אינדערמיט, ס'האָט זיך אַנידערגעזעצט פּ עטרעק, וויטעק האָט זיך לעבן יוזקען אַנידערגעזעצט, נאָר יאַ ושיאַ האָט זיך אויף אַ קורצע ווײַלע בלויז צוגעזעצט, וואָרן מ'האָט געדאַרפן אָן דעם עסן און אָן דעם צולייגן געדענקען.

אַ פייערלעכע שטילקייט האָט די שטוב אַרומגענומען.

באַרינע האָט זיך איבערגעצלמט און צעטיילט דעם אָפּלאַטעק צווישן אַלע, זיי האָבן אים מיט דרך ארץ אויפגעגעסן, פונקט ווי דאָס הייליקע ברויט.

— קריסט ס איז אין דער שעה געבוירן געוואָרן, איז דעריבער זאָל יעדער באַשעפעניש זיך מיט דשמדאָזיקן הייליקן ברויט אונטערלעבן! — האָט ראָך געזאָגט.

און כאָטש זיי זענען געווען הונגעריק, וואָרן אַ גאַנצן טאָג נאָר מיט טרוקן ברויט אָפּגעלעבט, און דאָך האָבן זיי געגעסן געלאַסן און בכבוד.

צו אַלעם ערשט איז געווען אַ בוראַקעס־קוואַס, געקאָכט אויף שוואָמען מיט גאַנצע קאַרטאָפל, אין דערנאָך איז געגאַנגען הערינג אין מעל איינגעט·בקענע או, געפּרעגלט אויף קאָנאָפּיעס־אייל, דערנאָך ווידער ווייצענע קליסקעס מיט מאָן, און דערנאָך איז געגאַנגען קרויט מיט שוואָמען דעסגלייכן מיט אייל באַגאָסן, און צום סוף האָט יאַגושיאַ דערלאַנגט אַן אמתן צימעס, וואָרן כרעמזלעך פון גרעטשן־מעל, מיט האָניק באַשמירט און אין מאָן־אייל אויסגעפּרעגלט, א ן דאָס אַלץ האָבן זיי צוגעביסן מיט פּראָסט ברויט, וואָרן סיי

דער קוכן, סיי דאָס שטריצל איז געווען מיט מילך און פּוטער געמאַכט, און מען האָט זיי דעם טאָג נישט געטאָרט עסן.

זיי האָבן לאַנג געגעסן און ווייניק ווען עמעצער האָט דאָרט אַ וואָרט אויסגערעדט, דעריבער האָט זיך נאָר אַ געקראַץ פון די לעפל אָן די שיסלען און אַ פּאַטשען מיט די מיילער געהערט. — באָרינע האָט אַלעמאָל געוואָלט יאַגושען צוהעלפן און זי פאַר רעטן, ביז די אַלטע האָט אים אַזש אָפּגעמוסרט.

— זיצטס, ס׳וועט איר גאָרנישט זיין, ס׳אי נאָך ווייט ביז יענער צייט, און דעם ערשטן יום־טוב איז זי אויף אייגנס, לאָז זי זיך איינאַרבעטן!...

נאָר לאַפּאַ האָט אין דער שטיל געסקאַמליעט, און געבאָדזשעט מיטן קאָפּ אָן די הינטנס, געלאַשטשעט זיך און אונטערגעלעקט, כדי מען זאָל אים גיכער געבן, און דער באָטשאַן, וועלכער האָט געהאַט זיין אָרט אין פעדערהויז, האָט כסדר געדזשאָבעט מיטן שנאָבל אָן דער וואַנט, דאָ האָט ער געקליעקאָטשעט, ביז די הינער האָבן זיך אויף זייערע געזעסן אָנגערופן.

זיי האָבן נאָך נישט געהאַט געענדיקט, ווי עמעצשטשיס האָט אין פענסטער אָנגעקלאַפּט.

— נישט אַריינלאָזן און נישט אומקוקן זיך, דאָס איז אַ נישט־גוטס, ס׳עט זיך אַריינשטופּן און אויפן גאַנצן יאָר פאַרבלייבן! — האָט די דאָמיניקאָוואַ אויסגעשריגן.

זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט די לעפל און דערשראָקן זיך איינגעהערט, דאָס קלאַפּן האָט זיך ווידער אַמאָל באַנייט.

— קובעס בשמה! — האָט יוזקאַ געשעפּטשעט.

— פּלוידער נישט, עמעצשטשיס, וואָס בויטיקט זיך אין עפּעס; אין דעמדאָזיקן טאָג, דאַרף קיינער נישט זיין הונגעריק, נישט איבערבלייבן אָן קיין דאַך — האָט זיך ראָך אָפּגערופן, אויפהייבנדיק זיך צו גיין די טיר אויפעפענען.

יאַגוסטינקע איז דאָס געווען, זי איז הכנעהדיק אויף דער שוועל שטיין געבליבן און מיט טרערן, וואָס האָבן זיך ווי אַרבעס געשיט, האָט זי שטיל געבעטן:

— גיטס עפּעס אַ ווינקל, און דאָס כאַטשביק, וואָס צ׳עט פאַרן

זונט אַרויסוואַרפן! דערבאַרמטס ענק אויף אַ יתומה... כ'האָב געוואַרט, אַז די קינדער וועלן מיך פאַרבעטן... כ'האָב געוואַרט... אין דער כאַלופּע איז אַ פראָסט... אומזיסט בין איך געפרוירן געוואָרן... אומזיסט... יעזוס מייבער... און אַצינד, ווי אַ בעטלערין... ווי... אייגענע קינדער... זיי האָבן מיך איבערגעלאָזט אַליין און אָן דעם קריש ברויט אפילו... ערגער ווי דעמדאָזיקן הונט... און בײַ זיי דאָרט טומלט זיך, פול מיט מענטשן... כ'בין אַרומגעגאַנגען אַרום די ווינקלען... אין די פענסטער אַריינגעקוקט... אומזיסט...

— זעצטס ענק מיט אַ נדז. צ'האָט געדאַרפן באַלד אין אָנהייב אָוונט צו קומען און אויף די קינדערס לאַסקע נישט וואַרטן... אין דער טרומנע אַריין וועלן זיי גאָר די לעצטע טשוועקעס געבן אַריינשלאָגן, כדי זיך צו פאַרזיכערן, אַז צ'עט שוין מער נישט קומען נאָך זיי.

און מיט גרויס גוטסקייט האָט ער איר לעב זיך צן אָרט געמאַכט.

אָבער זי האָט גאָרנישט געקענט אַראָפּשלינגען, כאָטש יאַגושאַ האָט איר גאָרנישט געזשאַלעוועט און מיטן גאַנצן האַרץ זי געבעטן עסן, נאָר וואָס, — אַז ז'האָט נישט געקענט, זי איז געזעסן שטיל, איינגעבויגן און אין זיך פאַרשלאָסן, נאָר לויט דעם ציטער פון די פלייצעס האָט מען געזען, וואָס פאַר אַ פּיין ס'האָט זי געפרעסן.

שטיל איז געוואָרן אין שטוב, וואַרעם, האַרציק, פרום און אַזוי פייערלעך, גלייך צווישן זיי וואָלט דאָס הייליקע קינד יעזוס געלעגן.

דאָס אומגעהייערע און אַלעמאָל אונטערגעבלאָזענע פייער האָט פריילעך געקנאַקט אויפן קוימען און די גאַנצע שטוב באַלויכטן, אַזש די שויבן פון די בילדער האָבן געגלאַנצט און ס'האָבן זיך געריטלט די פאַרפרוירענע פענסטער, און זיי זענען געזעסן אַצינד לענגויס דער באַנק, פאַרן פייער און שטיל און ערנסט איינגעטענהט.

דערנאָך האָט יאַגוש אָפּגעקאָכט קאַווע, האָבן זיי זי היפּש אָנגעצוקערט און געלאָזן געטרונקען...

ביז וואַנען ראָך האָט פון הינטערן בוזעם אָפּער ארויסגענומען אַ ביכל מיט שוואַרצע קרעלן אַרומגעוויקלט און אָנגעהויבן לייענען דערפון מיט אַ שטילער, נאָר טיף־געריי. טער שטימע:

„און אָט, איז געשען אונדז אַ נייעס, אַ בתולה האָט אַ זון געבוירן; אַזש אויף דער ערד פון יהודה, אין בית לחם, אין נישט זייער קיין געמיינער שטאָט, איז דע' האַר אין אָרימקייט געבוירן געוואָרן; אויף היי, אין אַ געמיינעם שטאַל, צוו שן בהמות, וואָס זענען אים אין דערדאָזיקער שטילער נאַכט פון פרייד ווי ברידער געווען. — און דערדאָזיקער זעלבער שטערן, וואָס לייכט אויף הייַנט, האָט דאַמאָלס אויפגעפלאַקערט פ ר דעמדאָזיקן הייליקן קינד — און די דריי קרוליעס דעם וועג געוויזן, וואָס כאָטש זיי זענען געצנדינער געווען און שוואַרצע ווי די סאַגאַנעס, אָבער הערצער האָבן זיי געהאַט פּילנדיקע. און פון ווייטע לענדער, און פון איבער אומענדלעכע ימים, פון הינטער די הרי חשך זענען זיי מיט מתנות געקומען צו לויפן, כדי דעם אמת צו באַשטעטיקן.“

לאַנג האָט ער געלייענט דידאָזיקע געשיכטע און די שטימע האָט זיך אים געשטאַרקט און איז כמעט אין אַ תפילה און אין אַ געזאַנג איבערגעגאַנגען, פונקט ווי ער וואָלט אַ הייליק געבעט אויסגעזאָגט, און אַלע זענען אין אַ פרום שטילשווייגן געזעסן, אין שטילקייט פון הערצער איינגעהאָרכטע, מיט ציטערנדיקע נשמות, באַשטראַ טע פון דעם וווּנדער, און מיט דעם טיפסטן געפיל פאַר גאָטס חסד, וואָס ר׳האָט דעם פאָלק געגעבן!

העי, מיין ליבער יעזוס! אין אַ געמיין שטעלעכל איז דיר דאָס אויסגעקומען געבוירן צו ווערן, דאָרט אין יענע ווייטע לענדער, צווישן פרעמדע, צווישן פאַסקודנע ייִדן, צווישן שרעקלעכע אפּיקורסים! און אין אַזאַ אָרימקייט, אין אַזאַ פראָסט! אָ, אָרים קינד אַלערהייליקסטס, אָ קינדעלע זיס!... זיי האָבן געטראַכט און די הערצער האָבן געשלאָגן מיט מיטגעפיל און די נשמות האָבן זיך אָפּגעריסן און ווי די פייגל אין דער וועלט זיך געטראָגן, אַזש ביז דער מדינה, וווּ ער איז געבוירן געוואָרן, צו דער שאָפּע, פאַר

דעם זשלויב, איבער וועלכן מלאכים האָבן געזונגען, צו די הייליקע פיסלעך פונם קינד מיט די הערצער צוגעפּאַלן און מיט דער גאַנצער קראַפט פון פייערדיקן גלויבן און בטחון האָבן זיי זיך אָפּגעגעבן צו זיין זיינע געטרייע דינער אויף דורי־דורות אמן!

און ראַך האָט כּסדר אַלץ געלייענט, ביז יוזקאַ, וואָס איז דאָך אַ ווייכהאַרציק מיידל געווען און זייער אַ פּילבאַרס, האָט זיך מיט ביטערע טרערן צעוויינט אויף דעם האַרס אומגליקלעכן גורל, און יאַגוש האָט, דאָס פּנים אויף די הענט אָנשפּאַרנדיק, אויך געוויינט, אַזש די טרערן זענען איר דורך די פינגער גערינען. זי האָט דעם קאָפּ באַהאַלטן הינטער יענדזשיכן, וועלכער האָט דערלעבן מיט אַן אָפן מויל געהערט, און האָט זיך שטאַרק געוווּנדערט אויף דעם אַלעם, וואָס ר׳האָט דאָ געהערט, און פון צייט צו צייט האָט ער אַ צי געטון שימעקן באַ דער קאַפּאָטע און אויסגעשריגן:

— טה!... די הערכט דאָס, שימעק! — אָבער ער איז באַלד אנטשוויגן געוואָרן, ווערנדיק מיט אַ שטרענגן בליק פון דער מוטער אָפּגעמאָסטן.

— אפילו קיין, וויגל האָט עס נישט געהאַט דאָס אָרימע קינד בעבעך!

— אַ ווונדער, וואָס ס׳אי נישט געפרוירן געוואָרן!

— און פאַן יעזוס האָט עס געוואָלט אַזוי איבערלייין!

אַזוי האָבן זיי גערעדט, איבערלייגנ'יק זיך אַלץ, ווען ער האָט געענדיקט, און ראַך האָט זיי דערו ף געענטפערט:

— וואָרן באַר מיט זיין מקריב זיין זיך און מיט זיינע ליידן האָט ער געקענט דאָס פאָלק אויסלייזן, ווייל ווען נישט דאָס, וואָלט דער נישט־גוטער שוין לאַנג געהאַט די וועלט באַהערשט און די נשמות פאַר זיך אויסגעקליבן.

— ער געוועלטיקט אַזוי אויך נישט ווייניק — האָט יאַגוסטינקע אַ מורמל געטון.

— ווען ס׳הערשט די זינד, געוועלטיקט דאָס בייזע, וואָרן דאָס זענען דעם נישט־גוטנס קומעס!

— אי... וואָס געוועלטיקט עס דאַרטן, ווער ווייסט עס דאָרט...

וואָס עס הערשט, נאָר דאָס איז זיכער, אַז איבערן מענטש האָט דער שלעכטער גורל און די ליידן די אויבערהאַנט.

— זאָגטס דאָס נישט, דער כּעס אויף אייערע קינדער פֿאַר־בלענדט ענק, צ׳זאָלט נישט זינדיקן !...

ר׳האָט זי שטרענג אויסגעמוסרט, אָבער זי האָט זיך שוין נישט אַקעגנגעשטעלט, אַלע זענען אויף אַנטשוויגן געוואָרן און אַריינגעטראַכט זיך, און שימעק איז אויפגעשטאַנען פֿון אָרט און ר׳האָט זיך בגנבה געוואָלט אַרויסרוקן.

— וווהין איילסטו דיך דאָס אַזוי ! — האָט די אַלטע, וועל־כע האָט אַלץ אויפֿן אויג געהאַט, אַרויסגעסיקעט.

— אויפֿן דאַרף וועל איך אַרויסגיין, אַ היץ נעמט מיך אַרום... — האָט ער אַ צעשראָקענער געמורמלט.

— צו באַסטקען טראָגט עס דיך שוין, אַ שטיף צו טון, האַ ?

— עט עץ מיר פֿאַרוועררן, הייסט עס, צ׳עט מיך צו־האַלטן !... — האָט ער שאַרפֿער אַ זאָג געטון, אָבער ר׳האָט שוין דאָס היטל אויפֿן קאָסטן אַ וואָרף געטון.

— אין דער כאַלופּע אַריין גייטס מיט יענדזשיכן, דאָס הויז איז אויף גאָטס באַראָט געבליבן, צ׳עט אַריינבליקן צו די קי און וואַרטס, כ׳על נאָך ענק קומען און מיר וועלן גיין איבערנעם אין קלויסטער אַריין. — זי האָט באַפֿוילן, אָבער די שקצים האָבן בעס־סער געוואָלט איבערבלייבן איידער אין אַ פּוסטער שטוב צו זיצן, זי האָט זיי שוין מער נישט אַרויסגעיאָגט, אָבער זי האָט זיך באַלד אונטערגעהויבן און גענומען פֿון טיש אַן אַפּלאַטעק.

— וויטעק, צינד אָן די לאַמטער, וועלן מיר גיין צו די קי. אין דערדאָזיקער נאַכט פֿון געבוירן ווערן פֿאַרשטייט אפֿילו יעדעס בהמהלע די מענטשלעכע שפּראַך און איז פֿעיק צו רעדן, ווייל צווישן זיי איז דער האַר געבוירן געוואָרן, ווען נאָר אַ נישט זינ־דיקער וועט אַ רעד טון — וועלן זיי מיט דער מענטשלעכער שפּראַך אָפּענטפֿערן; זיי זענען גלייך היינט מיט מענטשן און פֿילן געמיינ־זאַם מיט זיי, איז דעריבער דאַרף מען זיך מיט זיי אויך מיט דעם אַפּלאַטעק טיילן...

זיי האָבן זיך אַלע געלאָזט אין דער קי־שטאַל אַריין און וויטעק מיטן ליכט פאָרויס.

די קי זענען אין אַ שורה געלעגן איינע לעבן די אַנדערע און מעלה גרה געווען, דזשעמדזשענדיק פּאַמעלעך, אָבער אויף עם ליכט און די שטימען, האָבן זיי אָנגעהויבן צו סטענקען, שווער זיך פאַרנעמענדיק צום אויפשטיין און אומצודרייען די שווערע, אומגע־הייערע קעפּ.

— דו ביסט די באַלעבאָסטע יאַגוש, איז דיין רעכט צווישן אַלע צו צעטיילן. וועלן זיי דיך מער באַשענקען און ד'וועלן נישט קראַנק זיין; נאָר מאָרגן אינדערפרי טאָר מען נישט מעלקן, ערשט אין אָוונט, ז'וואָלטן די מילך אָנגעווירן.

יאַגנע האָט צעבראָכן דעם אָפּלאַטעק אויף פינף חלקים און צובייגנדיק זיך צו יעדער קו, האָט זי געמאַכט אַ הייליקן צייכן פון אַ צלם צווישן די הערנער, און אַריינגעשטעקט צו שטיקלעך אין פּיסק אַריין, אויף די ברייטע שאַרפע צונגען.

— און די פערד, וועט עץ נישט געבן? — האָט יוזקע אַ פרעג געטון.

— זיי זענען נישט געווען אין יענער צייט, בשעת דעם געבוירן ווערן, איז טאָר מען נישט.

זיי האָבן זיך אומגעקערט אין שטוב אַריין און ראָך האָט געזאָגט:

— יעדעסטשיס באַשעפעניש, יעדעסטשיס גרעזל, אַפּיליק דאָס נישטיקסטע, ס'קלענסטע שטיינדל, אפילו דער שטערן, וואָס קען זעט אים קוים — אַלץ פי·ט הייבט, אַלץ ווייסט — אַז דער האַר איז געבוירן געוואָרן,

— ליבער יעזוס! אַלץ, איז אַפּיליק די ערד, און די שטיי־נער! — האָט יאַגנע אויסגעשריגן.

— כ'האָב געזאָגט דעם ריינסטן אמת, אַזוי איז דאָס דיר — אַלץ האָט זיין נשמה. אַלץ, וואָס איז נאָר אויף דער וועלט פאַר־האַן, איז כילבאַר און וואַרט אויף זיין שעה, ביז וואַנען יעזוס וועט זיך דערבאַרעמען און אויסרופן:

— שטיי אויף, נשמה, לעב אויף, דערדין דיך פאַרן הימל! — וואָרן דאָס קלענסטע ווערמל און דאָס שוואַכסטע גרעזל אַלץ דער-דינגט זיך אויף זיין שטייגער, און אויף זיין שטייגער דערגרייכט עס גאָטס לויב. און אין דערדאָזיקער איינער נאַכט איך א גאַנץ יאָר דערהייבט זיך אַלץ, וואַכט אויף, האָרכט זיך איין און וואַרט אויף דעמדאָזיקן וואָרט!

פאַר טייל קומט עס אָן, פאַר טייל איז נאָך נישט די צייט, איז ליגן זיי דערנאָך אין דער פינסטערניש, וואַרטנדיק געדולדיק דעם פאַרטאָג, ווער אַלס א שטיין, אַלס וואַסער, אַלס ערד, אַלס א בוים, ווער נאָך אַלס עפּעס אַנדערש, ווי דאָרט ווען דער האַר האָט באַשטימט!...

זיי זענען אַנטשוויגן געוואָרן, דורכטראַכטנדיק אַלץ וואָס ר'האָט געזאָגט, וואָרן ר'האָט קלוג גערעדט, גלייך צום האַרץ, אָבער סיי באַרינען, סיי דער דאָמיניקאָוועץ האָט עס נישט אויסגעזען ווי דער ריינער אמת, וואָרן ז'האָבן געפּרוווט באַ זיך אין קאָפּ איבער-לייגן אי אַזוי, אי אַזוי און פאַרשטיין האָבן זיי עס נישט געקענט. ב'אוודאישטשע, גאָטס מאַכט איז נישט צום באַגרייפן, זי טוט ווונ-דער, אָבער אַז שטיינער און אַלץ זאָלן האָבן זייער נשמה... זיי האָבן דאָס נישט געקענט משיג זיין. און זיי האָבן שוין מער נישט געטראַכט רעריבער, וואָרן די קאָוואַלעס מיט די קינדער זענען גע-קומען.

— מיר וועלן צוזאַמען באַם טאַטען א ביסל איבערזיצן און איבנייעם וועלן מיר גיין אויף דער ווייַנאַכט-תפילה — האָט דער קאוואַל דערקלערט.

— זעצט ענק, זעצט ענק... ס'וועט זיין הימלעכער צו-זאַמען, און טאַטש מיר זעמיר דעך דאָ אַלע צוזאַמען, נאָר, וואָס גזשעלאַ פעלט.

יוזקאַ האָט שטרענג א קוק געטון אויפן טאַטען, וואָרן די אַנטעקס זענען איר אויפן זינען געקומען, נאָר ז'האָט מורא געהאַט צו רעדן דערפון.

זיי האָבן זיך ווידער באַזעצט אויף דער באַנק באַם פייער, נאָר פּיעטרעק איז איבערגעבליבן איגדרויסן און געהאַקט האָלץ,

בדי ס'זאָל אויף יום־טוב צום ברענען נישט פאַרפעלן, און וויטעק האָט געטראָגן פולע אָרעמס און דאָס האָלץ אין פעדערהויז איינ־געלייגט.

— יאָ, וועגן דעם זעסטו, האָב איך פאַרגעסן! דער וואָיט האָט מיך אָנגעיאָגט און געבעטן, אַז צ'זאָלסט, דאָמיניקאָווע, באַלד אַהינגיין, צו איר, זי שרייט און מאַכט געוואַלטן, זי וועט זיכער היינטיקע נאַכט געלעגן ווערן!

— כ'האָב געוואָלט גיין אין קלויסטער אַריין, מיט אַלע, נאָר אַז צ'זאָגט, אַז זי שרייט שוין, וועל איך אַהינלויפן אַ קוק טון. כ'בין געווען אינדערפרי, כ'האָב געמיינט, אַז זי וועט נאָך אויס־האַלטן עטלעכע טעג.

זי האָט אין דער שטיל עפּעס גערעדט מיט דער קאָוואַלאָווע און איז אַוועקגעלאָפן צו דער קראַנקער, וואָרן זי האָט זיך גע־קענט אויף קרענק און נישט איינעם האָט זי אויסגעהיילט נאָך בע־סער ווי אַ דאָקטאָר.

און ראָך האָט גענומען דערציילן פאַרשידענע געשיכטעס, וואָס פּאַסן זיך צום היינטיקן טאָג, און צווישן אַנדערע אויך אַזעלכע:

— „ס'וועט שוין זיין זייער לאַנג, וואָרן אַזוי פיל יאָרן, ווי־פיל ס'איז נאָכן געבוירן אָן, איז איין פויער, אַ רייכער באַלעבאָס, זיך געגאַנגען פון יאַריד, ווו ר'האָט פאַרקויפט אַ פּאָר פעטע קעל־בער; די פּאָר טאַלער האָט ער געהאַט גוט באַהאַלטן, אין דער כאָלעווע, אַ נישקשהדיקן שטעקן אין דער גאָרשטש און אַ שטאַר־קער איז ער אויך געווען, דער שטאַרקסטער אפשר אין דאָרף, אָבער ר'האָט זיך געאיילט, אַז ער זאָל נאָך איידער די נאַכט פאַלט צו אַהיימקומען, וואָרן דאַמאָלס אין יענע צייטן האָבן זיך גזלנים באַהאַלטן אין די וועלדער, און ערלעכע מענטשן אויפן וועג פאַר־האַלטן.

זומער־צייט האָט עס געמוזט זיין, וואָרן דער וואַלד איז גע־ווען אַ גרינער, אַ שמעקעדיקער, מיט לעבעדיקע טענער צעברומט, און אַ ווינט איז געווען אַ גרויסער, איז האָבן זיך די ביימער גע־וויגט און אַ שרעקלעך גערויש האָט זיך אינדערהייך געטראָגן. האָט

ויך דאָס פויערל געאיילט, ווי ר'האָט נאָר געקענט, און מיט פּחד זיך אין אַלע זייטן אַרומגעקוקט, אָבער ר'האָט גאָרנישט באַמערקט... כאַיאַרעס לעבן כאַיאַרעס זענען נאָר געשטאַנען, דעמבעס באַ דעמבעס, סאָסנע באַ סאָסנע, און אין ערגעץ האָט מען קיין שום לעבעדיק נפש נישט געזען, נאָר אַזוי פיל, וואָס פייגל האָבן צווישן די ביימער דורכגעשוועבט. אַ פּחד האָט אים וואָס אַמאָל אַלץ מער אַרומגענומען, וואָרן ר'איז אַדורכגעגאַנגען לעבן אַ צלם, אַזאַ געדיכטעניש, אַז ער האָט מיט די אויגן נישט געקענט דורכקוקן, און דאָ פלעגן טאַקע צומיינסט די גזלנים אָנפאַלן, איז האָט ער זיך איבערגעצלמט, פּאַטשערוש געזאָגט אויפן הויכן קול און מיט אַ געאיילטן טריט אָנגעהויבן לויפן.

ר'האָט זיך שוין גליקלעך געהאַט אַרויסגעקריגן פון דעם הויכן וואַלד, נאָר צווישן דעם נידעריקן סאָסנע-וועלדל און צווישן די יאַלאָווע-ביימלעך איז ער זיך געגאַנגען, ר'האָט שוין אַפילו געזען די גרינע, צעוויגטע פעלדער, ר'האָט שוין דאָס ריזלען פון טייך געהערט, די לערכעס האָבן געזונגען, ר'האָט שוין מענטשן באַ די אַקעראייזנס מיטן אויג דערכאַפּט, און אַפילו באַטשאַנעס, וואָס האָבן אין אַ צוג אויף די זומפּן געצויגן, און ר'האָט אַפילו מיטן ווינט דערפילט די קאַרשן-סעדער, וואָס האָבן געבליט... ווי עס זענען פלוצלינג פון די לעצטע קושאַקעס גזלנים אַרויסגעשפרונגען! צוועלף שטיק זענען זיי געווען און אַלע מיט מעסערס! ר'האָט זיך געווערט, אָבער די זענען אים גיך בייגעקומען, און ווייל ר'האָט דאָס געלט מיט גוטן נישט געוואָלט אַוועקגעבן, נאָר ר'האָט געשריגן, איז האָבן זיי אים אומגעוואָרפן אויף דער פלייצע, צוגעטרעטן מיט די פיס, אויפגעהויבן די מעסערס און שוין, שוין געוואָלט אים אַדורכשטעכן... אין דעם אויגנבליק זענען זיי פלוצלינג פאַרשטיינערט געוואָרן און זיי זענען אַזוי שטיין געבליבן מיט די אויפגעהויבענע מעסערס, איינגעהויקערטע, גרויזאַמע, אָן באַוועגונג — און אַלץ האָט זיך אין דעם אויגנבליק אָפּגעשטעלט אויפן אָרט... פייגל זענען אַנטשוויגן געוואָרן און געבליבן הענגען אין דער לופט... טייכן זענען שטיין געבליבן... די זון איז גלייך ווי זי וואָלט פאַרגליווערט געוואָר... דער ווינט איז אָפּגעשטאָרבן...

די ביימער זענען שטיין געבליבן אַזוי ווי דער ווינט האָט זיי געהאט אָנגענומען... די תבואה דעסגלייכן... די באָטשאַנעס ווידער זענען מיט אויסגעשפּרייטע פליגל ווי אין הימל איינגעוואַקסן געוואָרן... אַפילו דער פּויער, וואָס האָט געאַקערט, איז מיט אַן אויפגעהויבענער בייטש שטיין געבליבן — די גאַנצע וועלט איז אין דעם אויגנבליק דערשראָקן און פאַרשטיינערט געוואָרן.

ווי לאַנג דאָס האָט געדויערט, ווייסט מען נישט — ביז אַזש ס'האָט זיך איבער דער ערד די מלאכים־שירה צעטראָגן:

— „גאָט ווערט געבוירן, פאַרשטאַרט ווערט די מאַכט!”

אַלץ האָט זיך מיטאַמאָל אָנגעהויבן צו באַוועגן, אָבער די גזלנים האָבן דעם פּויער שוין גע[illegible] געלאָזט, זענדיק אין דעם ווי דער אַ וואָרעניש און זענען שוין איניינעם נאָך זידאָזיקע מלאכים־שטימען נאָכגעגאַנגען אַזש ביז יענעם שטעלעכל, כדי צו באַגריסן דעם נייגעבוירענעם! און איניינעם מיט זיי איז אויך נאָכגעגאַנגען אַלץ, וואָס לעבט נאָר אויף דער ערד און אין דער לופט.”

זיי האָבן זיך געוואַלטיק געוווּנדערט אויף דעם אַלעם, וואָס ראָך האָט דאָ דערציילט, אָבער דערנאָך האָט באַרינע, שפּעטער דער קאָוואַל אויף פאַרשידענע געשיכטעס דערציילט.

און צום סוף האָט יאַגוסטינקע, וועלכע איז די גאַנצע צייט שטיל געזעסן, האַרב אויסגערופן:

— צ'רעדט און צ'רעדט, און ס'קומט דערפון אַרויס נאָר דאָס, וואָס די צייט שלעפּט זיך ענק נישט! ס'דען, ס'אי דאָרט אמת, אַז פריִער זענען פון הימל אַראָפּגעקומען פאַרשידענע באַשיצערס, וואָס האָבן פון דעם אָרימען און דעם געדריקטן נעבעך נישט געלאָזט אַ תל מאַכן. פאַרוואָס זעט מען אַצינד נישט אַזעלכע? ווייניקער נויט איז דען דאָ, ווייניקער עלענדקייט, ווייניקער נשמה־צאַפּלעניש?... דער מענטש איז דיר ווי דער אומבאַשיצטער פויגל אויף דער וועלט אַראָפּגעלאָזט — און דאָ האָט ער דעם שפּאַרבער, דאָ די ווילדע חיה, אָ דעם הונגער, און דער סוף איז, אַז דער טויט דערדושעט אים — און זיי גאָר דערציילן דיר וועגן דערבאַרמדיקייט און מ'שפּייזט די נאַראָנים און מ'פאַרנאַרט זיי מיט אַרשידענע צוזאָגעכצן, אַז עס וועט קומען די דערלייזונג! ס'וועט

קומען, נאָר דער אַנטיכריסט, און דער וועט דיר דערלאַנגען אַ גע־רעכטיקייט, דער וועט זיך דיר דערבאַרעמען, ווי דער שפּאַרבער איבערן הינדל.

ראָך איז אויפגעשפּרונגען און מיט אַ הויך קול אָנגעהויבן שרייען:

— לעסטער נישט, פרוי, זינדיק נישט, האָרך נישט די טייוו־לאָנישע אָנרעדעכצן, וואָרן צו פאַרלענדונג פאַרפירסטו דיך, אויף אייביקן גיהנום! — אָבער ר'איז אַנידערגעפאַלן אויף דער באַנק, די טרערן האָבן אים די שטימע פאַרגאָסן, ר'האָט זיך איינגאַנצן פון הייליקן פּחד געטרייסלט, פון ווייטיק איבער דער פאַרלוירענער נשמה, און ווען ער איז אַ ביסל צו זיך געקומען, האָט ער מיט דער גאַנצער קראַפט פון זיין גלויביקער נשמה געפּריידיקט דעם אמת און אויפן גוטן וועג אַרויסגעפירט.

און לאַנג, לאַנג האָט ער גערעדט, אַז בעסער האָט אַפילו דער גלח אויף דער אַמבאָנע נישט געקענט.

און דערווייל האָט וויטעק ווידער, טיף גערירט פון די ווער־טער, אַז אין דערדאָזיקער נאַכט באַקומען די בהמות די מענטש־לעכע שפּראַך, שטיל אַרויסגערופן יוזקען און זענען ביידע אין שטאַל אַריין געגאַנגען.

האַלטנדיק זיך בײַ די הענט און ציטערנדיק פאַר שרעק, און איבערצלמנדיק זיך כסדר, האָבן זיי זיך איז שטאַל אַריין צווישן די בהמות אַריינגערוקט.

זיי האָבן אַנידערגעקניט לעבן דער גרעסטער, גלייך ווי לעבן דער מוטער פון דער גאַנצער שטאַל; ס'האָט זיי אָטעם פאַרפעלט, די נשמות האָבן געצאַפּלט, טרערן זענען אין די אויגן אָנגעלאָפן, די הערצער האָט אַ הייליקער פּחד דורכגענומען, פּונקט ווי אין קלויסטער בשעת דעם אָנהייב פון דער גאָטעס־דינסט, אָבער אַ האַר־ציקער בטחון און אַ גלויבן איז אין זיי געווען, וואָרן וויטעק האָט זיך איינגעבויגן אַזש ביזן סאַמע אויער און ציטערנדיק אַ שעפּטשע געטון:

— שיוווליאַ, שיוווליאַ!...

זי האָט נישט אָפּגעענטפערט מיט קיין איין וואָרט אַפילו, זי

האָט נאָר אָפּגעטעטשטעט, געמעלה-גרהט, באַוועגט מיטן פּיסק, און געפּאַטשט מיטן לעקער.

— ס'איז איר עפּעסטשס געשען, וואָס זי ענטפערט נישט. אפשר פאַר אַ שטראָף.

זיי האָבן אַנידערגעקניט באַ אַ צווייטער און וויטעק האָט ווידער אַ פרעג געטון, אָבער כמעט שוין מיט געוויין...

— געלאַטעטע! געלאַטעטע!...

זיי האָבן זיך ביידע צוגעלייגט צו איר פּיסק, איינגעהאָרכט זיך מיט אַ פאַרשטאַרבענעם אָטעם, אָבער זיי האָבן גאָרנישט געהערט, קיין וואָרט נישט, גאָרנישט...

— מיר זענען זינדיק אוודאי, עלן מיר נישט הערן, נאָר נישט-זינדיקע ענטפערן זיי, און אונדז זענען מיר זינדיק...

— אמת, יוזשיאַ, אמת, מיר זענען זינדיק, זינדיק... יעזוס מיינער... אמת... טאַקיש, כ'האָב צוגענומען באַם באַלעבאָס אַ שטריקל... און אויך דעם אַלטן רימען... און אויך די... ר'האָט נישט געקענט מער רעדן, אַ געוויין האָט אים אָנגעכאַפּט, אַ וויטיק און דאָס געפיל פון דער שולד, אַז ער האָט זיך אַזש צעיאָמערט, און יוזקאַ האָט אים אויך האַרציק אונטערגעהאָלפן און האָבן אַזוי בשותפותדיק געוויינט, נישט קענענדיק זיך איינבעמען, ביז וואַנען זיי האָבן זיך מתוודה געווען אייגער פאַרן אַנדערן אַלע זי ד זייערע און אַלע עבירות...

אָבער אין שטוב האָט קיינער נישט באַמערקט, אַז זיי פעלן, מ'האָט אַצינד געזונגען פרומע לידער, ווייל אַצינד פאַר האַלבע נאַכט איז נישט די צייט אויף קאָלענדעס.

אויף דער אַנדערער זייט ווידער, האָט זיך פּיעטרעק געוואַשן און געפּוצט אויף ריין און ר'האָט זיך איגגאַנצן איבערגעטון, וואָרן יאַגנע האָט אים דאָס נייע אָנטועכץ, וואָס ר'האָט אין קאַמער געהאַט, אַרויסגעטראָגן.

זיי האָבן אַזש אויסגעשריגן פון פאַרוואונדערונג, ווען ר'איז דערנאָך אַריינגעקומען אין שטוב אַריין; וואָרן ער האָט זיך באַפרייט פון שיבעל און פון דעם זעלבערישן אָנטועכץ, און ר'איז געשטאַנען אַן אָנגעטוענער ווי אַ פשוטער פויער.

— מ׳האָט געלאַכט פון מיר, טורעק האָט מען מיך גערופן, איז האָב איך מיך איבערגעטון! — האָט ער אַרויסגעבאַלעגאַטשעט.

— דאָס לשון פאַרענדער דיר, נישט די קליידער! — האָט יאַגוסטינקע צוגעוואָרפן.

— עס וועט זיך אַליין אומקער׳ן, אַליין, וואָרן די נשמה, זעט אויס, האָט ער נאָך נישט אינגאַנצן אָנגעוווירן.

— פינף יאָרן אין דער וועלט געווען, דאָס לשון זיינס נישט געהערט, איז קיין וואונדער נישט!...

זיי זענען מיטאַמאָל אַנטשוויגן געוואָרן, וואָרן די שאַרפע, דורכדרינגלעכע שטימע פון קלויסטער־גלעקל האָט זיך אין שטוב אַריין דורכגעריסן.

— מען קלינגט אויף דער ווייַנאַכטס־תפילה, מ׳דאַרף זיך פאַרנעמען!

אין אַ קורצער ווײַלע אַרום זענען אַלע אַרויסגעגאַנגען אַ חוץ יאַגוסטינקען, וועלכע איז איבערגעבליבן די שטוב אָפּצוהיטן, און דער עיקר שט, כדי דאָס פאַרקלעמטע האַרץ אַ ביסל נאָכצולאָזן.

ס׳איז געווען אַ פראָסטיקע, מיט שטערן צעפּי.קלטע ב ויע נאַכט.

דאָס גלעקל האָט כסדר געקלונגען און פונקט ווי דאָס פּיי־צעלע האָט עס געפּישטשעט רופנדיק אין קלויסטער אַריין

דער עולם האָט זיך טאַקע שוין אָנגעהויבן אַרויסרוקן פון די כאַלופּעס, ווו־נישט־ווו האָט זיך דורך אָפענע טירן אַ גאַס גע־טון אַ שטראָם ליכט און ווי אַ בליץ אַ בלענד געטון, ווו־נישט־ווו האָבן זיך פּינסטער געלאָשן, טיילמאָל האָט זיך אַ שטימע אין דער פינסטערניש אויפגעהויבן, אַ הוסט, אַ סקזשיפּ פון שניי אונטער די פיס, דאָ אַ גאָטס־וואָרט, מיט וועלכן מ׳האָט זיך באַגריסט. און אַ ־ן געדיכטער האָט געשימערט אין דערדאָ יקער גרוי־בלויער נאַכט: חברותווייז האָבן מענטשן געצויגן, אַזוי, אַז ס׳האָט זיך נאָר אַ טופּען אין דער טרוקענער לופט צעטראָגן.

ווער ס׳האָט נאָר געלעבט האָט אין קלויסטער אַריין גע־צויגן, אין די כאַלופּעס זענען נאָר פּילשטענדיקע זקנים, קראַנקע אָדער קאַלעקעס געבליבן.

שוין פונד רווייטנס האָבן זיך די צעפלאַקערטע קלויסטערפענסטער געזען; די הויפּט־טיר איז געווען אויפגעפּראַלט און געזעצט מיט ליכט, דער עולם איז טאַקע געפלאָסן דורך איר און געפלאָסן, פונקט ווי וואַסער, פאַמעלעך אָנפילנדיק דעם חלל, וואָס איז געווען באַשלייערט מיט יאָדלעס און טשוויערקעס, פונקט ווי אַ געדיכטער וואַלד וואָלט אין קלויסטער אויסגעוואַקסן. ער האָט זיך צו די ווייסע ווענט געטוליעט, די אָלטאַרזשן אַרומגעוואַקסן, פון די בענק זיך אויפגעהויבן און מיט די שפּיצן כמעט דעם אויסגעוועלבטן סופיט דערגרייכט; ר'האָט זיך געוואַקלט, געוויגט זיך אונטערן דרוק פון דער לעבעדיקער כוואַליע, און איז איינגעהילט געוואָרן אין אַ נעפּל פון אָטעם־דאַמף, הינטער וועלכן די העלע ליכט האָבן קוים פון די אָלטאַרזשן געשימערט.

און דער עולם איז כסדר נאָך אָנגעקומען און געפלאָסן אָן אַ ענדע...

ס'איז אָנגעקומען אַ גאַנצע מחנה אַזש פון פאָלבי רודעק; זיי זענען געגאַנגען אָרעם בײַ אָרעם, ראש און שווער, וואָרן פויערן זענען דאָס געווען ריזיקע, בלויז ווייסע, גלייך זיי וואָלטן געהאַט האָר פון פלאַקס אָפּגעשפּינענע, און זייערע ווייבער זענען געווען שיין איינס בײַ איינס, אין טאָפּעלע פאַרטוכער און אין טשעפּיקעס מיט רויטע טיכער אַרומגעהילט.

ס'האָבן אָנגעצויגן אויך צו ביסלעך, אין קופּקעלעך, צו צוויי, צו דרײַ די פון מאָדליץ, קראַנקע און בלויז אויסגעפּייניקטע אין געלאַטעטע גרויע קאַפּאָטעס, מיט שטעקנס, וואָרן צופּיס זענען זיי געגאַנגען; אין די קרעטשמעס האָבן זיך וועגן זיי וויצן אַרומגעטראָגן, אַז זיי דערנערן זיך בלויז מיט שלייען, וואָרן זיי זענען אויף נידעריקע פעלדער געזעסן, אין בלאָטעס, און טאָרפן־רויך האָט מען פון זיי געפילט.

און פון וואָליע איז אָנגעקומען אַן עולם, און זיי האָבן זיך געפירט גאַנצע משפחותווײַז, פונקט ווי יאַלאָווע קזשאַקעס, וואָס וואַקסן שטענדיק אין אַ צונויפגעפּרעסטער ווּפע; נישט קיין געוויקסיקע, סאַמע מיטעלע, און אָנגעפּאַקטע ווי די זעק, אָבער פלינקע, אויסגעפּיסקעוועטע, סכנותדיקע סאָנדאָוניקעס, נישט קיין

קליינע שלעגערס, אין וואַלד-שאָדן-מאַכערס, אין גרויע קאַפּאָטעס מיט שוואַרצע שנירן אָנגעטון, און מיט רויטע פּאַסן אַרומגעדרייט.

ס'האָבן אויך אָנגעצויגן די זשעפּיער שליאַכטע, וואָס האָבן לויט די מעשיות, וואָס גייען אַרום, מער נישט ווי „אַ זאַק מיט אַ פלאַכטע נאָר“, אָדער, אַז פינף האַלטן זיך בײַ איין קו-ווײדל און דריי האָבן איין היטל — זיי זענען געגאַנגען אין אַ קופּע, שווייגנדיק, פון אונטערן שטערן אַפּערגעקוקט און פון אויבן אַראָפּ, און זייערע ווייבער, ווי די הויף-דאַמעס אויסגעשלײערטע און זייערע שיינע, ווייסע אויף דער צורה, פלאַפּלענדיקע, האָבן זיי אינדערמיט געפירט און שטאַרק אויף זיי אַכטונג געגעבן.

און באַלד נאָך זיי האָבן זיך געשיט די מענטשן פון פּזשילענקע, זיי ווידער זענען ווי אַ סאָסנע-וואַלד געגאַנגען, אויסגעוואַקסענע, שלאַנקע און פעסטע, און אַזוי אויסגעשלײערט, אַז אין די אויגן האָט אַזש געבלענדט; קאַפּאָטעס האָבן זיי געהאַט ווייסע, רויטע קאַמיזוילן, די בענדער בײַ די העמדער — גרינע און געלע געפּאַסעוועטע הויזן, און נישט אָפּטרעטנדיק, נישט קוקנדיק אויף קיינעם, האָבן זיי זיך דורך דער מיט ביזן סאַמע אָלטאַרזש געשטופּט.

נאָך זיי ווידער, שוין צולעצט, זענען פּונקט ווי די פּריצים, די דעמביצער פויערן אַרײַנגעקומען, זיי זענען נישט געווען קיין סך, און יעדער איז געגאַנגען באַזונדער, מיט פּאַראַד, און גרויס געהאַלטן זיך, מיט שטאָלץ אויף די בענק פאַרן אָלטאַרזש זיך באַזעצט, פאַרנומען דעם אויבנאָן, זיכער אין זיין רייכקייט; און די ווייבער זייערע זענען געווען מיט ביכלעך, אין ווייסע טשעפּיקעס, אונטער דער גאָמבע פאַרבונדן און אין יאַקעס פון דינבקן שטאָף...

און דערנאָך איז מען נאָך געקומען פון ווייטערע דערפער, פון פאַרשידענע דערפלעך, פון הייזער צעוואָרפענע איבער די וועלדער, פון די טראַצישע בוידן, פון די הייף — ווער וואָלט עס דאָרט געקענט געדענקען און איבערציילן!...

און צווישן דעמדאָזיקן צונויפגעקוועטשטן, צונויפגעקנוילטן געדיכטעניש, וואָס האָט ווי אַ וואַלד געררוישט, האָבן זיך געדיכט

געווייסט די קאַפּאָטעס פֿון די ליפּטשאַקעס און ס'האָבן זיך געררויטלט די טיכער פֿון די ווייבער.

דאָס קלויסטער איז געווען אָנגעפּאַקט ביז אַרויף, אַזש ביזן לעצטן אָרט אין פּעדערהויז, אַזוי, אַז די, וואָס זענען געווען די לעצטע, האָבן שוין אויפֿן פּראָסט הינטער דער טיר די תּפֿילות געזאָגט.

דער גלח איז אַרויס מיט דער ערשטער גאָטעס־דינסט, דער אָרגל האָט אויפֿגעשפּילט און דער עולם האָט זיך אַ וויג געטון, זיך איינגעבויגן און פֿאַר דער מאַיעסטעט פֿון גאָט אויף די קני אַנידערגעפֿאַלן.

און ס'איז שוין געווען שטיל, קיינער האָט נישט געזונגען, נאָר יעדער האָט אַ פּאַרקוקטער אויפֿן גלח אין אויפֿן ליכטל, וואָס האָט הויך איבערן אַלטאַרזש געפֿלאַקערט, תּפֿילה געטון, דער אָרגל האָט מיט אַן איינגעשטילטער און רירנדיקער שטימע גערוישט, אַז אַ פּראָסט איז דורך די ביינער דורכגעגאַנגען; טיילמאָל האָט זיך דער גלח אומגעדרייט, צעשפּרייט די הענט, געזאָגט אויפֿן קול לאַטייניִשע הייליקע ווערטער, האָט דער עולם די אָרעמס אויסגעצויגן, טיף אָפּגעזיפֿצט, איינגעבויגן זיך אין פֿרומער חרטה, געשלאָגן זיך אין דער ברוסט און התלהבותדיק תּפֿילה געטון.

דערנאָך ווידער, ווען די גאָטעס־דינסט האָט זיך געענדיקט, איז דער גלח אַרויפֿגעקראָכן אויף דער אַמבאָנע און לאַנג געפּרעדיקט, געלערנט וועגן דעמדאָזיקן הייליקן טאָג, געוואָרנט פֿאַרן שלעכטס, ר'האָט געמוסרט, מיט די הענט געטרייסלט און געדונערט מיט פֿייערדיקע ווערטער אַז ווער־נישט־ווער האָט שווער אָפּגעזיפֿצט, ווער ס'האָט זיך אין דער ברוסט געשלאָגן, ווער ס'האָט אין געוויסן אויף די זינד חרטה געהאַט, ווער ס'האָט זיך פֿאַרטראַכט, ווער ווידער אַ וויכהאַרציקער, און באַזונדערס פֿרויען, האָט געוויינט — וואָרן דער גלח האָט גערעדט אַזוי הייס און אַזוי קלוג, אַז ס'איז יעדערן גלייך אין האַרץ או, אין פֿאַרשטאַנד אַריינגעגאַנגען, פֿאַרשטייט זיך, אַז נאָר צו די, וואָס האָבן אויסגעהערט, וואָרן ס'זענען געווען אַ סך אַזעלכע, וואָס דער שלאָף האָט זיי פֿון הי'ץ פֿאַרפֿייניקט.

און ערשט פאַר דער צווייטער גאָטעס־דינסט, ווען דער עולם איז אַ ביסל באַרירט געווען פון דער תּפילה, האָט ווידער דער אָרגל אַרויסגעזעצט און דער כאָר האָט אויסגעזונגען:

— „W żłobie leży, któż pobieży".

דער עולם האָט זיך אַ וויג געטון, פון די קני'ען זיך אויפגעשטעלט, איינגעם אונטערגעכאַפּט דעם טאָן און מיט פולע ברוסטן און מיט קראַפט ווי מיט איין קול אַ ברום געטון:

— „Kolendować małemu!"

די ביימער האָבן זיך אַ טרייסל געטון און די ליכט האָבן געציטערט פון דעמדאָזיקן האַרציקן שטורם פון שטימען.

און אַזוי האָבן זיי זיך שוין מיט די נשמות, מיטן גלויבן און מיט די שטימען צוזאַמענגעגאָסן, אַזוי, אַז ווי איין שטים וואָלט געזונגען און געשלאָגן מיט אַ ריזיק געזאַנג, וואָס האָט זיך פון אַלע הערצער אַוש ביז אונטער דעם קינדס הייליקע פיסלעך געריסן.

ווען מ'זן האָט שוין געהאַט די צווייטע גאָטעס־דינסט אויסגעהערט, האָט דער אָרגאַניסטער גענומען די קאָלענדעס מיט אַזעלכע שפּרונגענדיקע טענער אויסקלאַפּן, אַז ס'איז שווער געווען איינצושטיין, האָבן זיי זיך געדרייט, איבערגעטרעטן, אויסגעדרייט זיך צום כאָר, און פריילעך די קאָלענדעס נאָכן אָרגאַניסטער מיטגעריגן.

איין אַנטעק באָר האָט מיט דעם גאַנצן עולם נישט מיטגעזונגען. ר'איז געקומען מיטן ווייב און מיט די סטאַכעס, זיי געלאָזט פאָרויס, און אַליין איז ער איבערגעבליבן בײַ די בענק, ר'האָט נישט געוואָלט שוין מער פאַרנעמען דאָס אַמאָליקע אָרט, צווישן די באַלעבאַטים פאַרן אָלטאַרזש; ר'האָט זיך טאַקע געהאַלטן אין אַרומקוק ווו זיך דאָ אַנידערצוזעצן, ווי ר'האָט דערזען דעם טאַטן צוזאַמען מיטן גאַנצן הויזגעזינד; זיי האָבן זיך דורכגעשטופּט אינדערמיט און יאַגנע איז געגאַנגען פאָרויס

ער האָט זיך אַרונטערגערוקט אונטער אַ טשוויערק און

י'האָט שוין פון איר קיין אויג נישט מער אַראָפּגענומען, וואָרן צוליב דער געוווקסיקייט האָט מען זי פונדערווייטנס אַרויסגעזען; זי האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף דער באַנק באַלד אָן עק, באַם דורכגאַנג. נישט טראַכטנדיק אפילו וועגן דעם און נישט וויסנדיק גאָרנישט, האָט ער זיך עקשנותדיק דורכגעשפּאַרט דורך דער געדיכטעניש, ביז ר'האָט זיך צוגעקריגן לעבן איר, און ווען מ'האָט בשעת דער גאָטעסדינסט אַנידערגעקניט, האָט ער אויך אַנידערגעקניט און ר'האָט זיך אַזוי צוגעבויגן, אַז ר'האָט מיטן קאָפּ אירע קני'ען אָנגערירט.

זי האָט אים נישט באַלד באַמערקט, ווייל דאָס וואַקסענע ליכט, באַ וועלכן זי האָט מתפּלל געווען אין ביכל, האָט געוואָרפן אַ שוואַכע שיין אַרום זיך און די צווייגן פון די טשווערקעס האָבן אַזוי פאַרשטעלט, אַז מ'האָט גאָרנישט געזען אַרום. ערשט בשעתן אויפהייבן די האָסטיע, ווען זי האָט אַנידערגעקניט און, שלאָגנדיק זיך אין דער ברוסט, דעם קאָפּ אָנגעבויגן — האָט זי נישט-ווילנדיק אין דער זייט אַ קוק געטון — איז איר דאָס האַרץ אַנטפאַלן, פון פרייד פאַרשטיינערט געוואָרן. זי האָט זיך נישט געוואַגט צו רירן, נישט געוואַגט דאָס צווייטע מאָל אַ קוק צו טון, וואָרן אַ חלום האָט זיך איר דידאָזיקע זעונג אויסגעוויזן, אַ פאַנטאַזיע, מער גאָרנישט... זי האָט צוגעמאַכט די אויגן און לאַנג, לאַנג האָט זי געקניט אָן איינגעבויגענע, אָן אַראָפּגעזונקענע צו דער ערד, כמעט אומבאַוואוסטזיניק פון גערירטקייט... ביז זי האָט זיך פּלוצלינג אַנידערגעזעצט און גלייך אים אין פּנים אַריין אַ קוק געטון.

יאָ, ער איז טאַקע דאָס געווען, אַנטעק, ער, זייער אויסגעמאָגערט, שוואַרץ, אויסגעפּייניקט, אַז זי האָט דאָס ליכט אפילו אין דער דאָזיקער פינסטערניש באַמערקט, און זיינע גרויסע, אַנגרייפּדע און שטרענגע אויגן האָבן אַזוי זיס געקוקט, און ס'איז אין זיי געווען אַזוי פיל צער, אַז ס'האָט זיך איר די נשמה מיט ווייטיק און מיטגעפיל פאַרקלעמט, און די טרערן זענען איר אַליין אין די אויגן אָנגעקומען.

זי איז געזעסן שטיף, פונקט ווי די אַנדערע פרויען, זי האָט געקוקט אין ביכל, אָבער זי האָט קיין איין אות נישט אונטערשיידט, נישט די בלעטלעך אפילו, גאָרנישט, וואָרן זיינע טרויעריקע אויגן, די צערפולע אויגן, די אויגן, וואָס האָבן געקוקט מיט צע גלאַנצטקייט, זעען געשטאַנען פאַר איר; זיי האָבן העל געלויכטן ווי די שטערן, די גאַנצע וועלט פאַרשטעלט, אַז זי האָט זיך אינגאַנצן פאַרלוירן, אינגאַנצן פאַרפאַלן געוואָרן — און ער האָט כסדר געקבים, זי האָט געהערט זיין קורצן און הייסן אָטעם און געפילט די זיסע קראַפט, די שרעקלעכע קראַפט, וואָס האָט געשלאָגן פון אים, וואָס איז איר אַריינגעדרונגען גלייך אין האַרץ אַריין, אַרומגעקרעמפּעוועט פונקט ווי מיט שטריק און דורכגענומען מיט אַ שרעק און מיט אַ זיסקייט, מיט אַ צאַפּל, פון וועלכן דער שכל איז אָפּגענומען געוואָרן, מיט אַזאַ ריזיק געשריי פון ליבע, אַז יעדעס ביינדל האָט זיך אין איר געטרייסלט און דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט ווי דער פויגל, וואָס מען קלאַפּט אים זיינע פליגל אַלס אַ שפּילעכל צו דער וואַנט-צו!...

איין גאָטעסדינסט איז אָפּגעריכט געוואָרן, מען האָט שוין געהאַט געפּריידיקט, די צווייטע גאָטעסדינסט איז אַדורך, דער עולם האָט איבערגעזונגען, מתפלל געווען, געזיפצט, געוויינט — און זיי זענען געווען ווייט פון דער גאַנצער וועלט, האָבן גאָרנישט געהערט, גאָרנישט געזען און גאָרנישט געפילט אַ חוץ זיך אַליין.

שרעק, פרייד, ליבע, דעריגערונגען, צוזאָגעכצן, באַשווערונגען און באַגערן האָט אין זיי איינס נאָכן אַנדערן אויפגעפלאַקערט: זיי האָבן זיך געטראָגן פון האַרץ צו האַרץ, זיי צוזאַמענגעבונדן, אַז זיי האָבן שוין גלייך געפילט. גלייך האָבן באַ זיי די הערצער געקלאַפּט, מיטן זעלביקן פייער האָבן זייערע אויגן געשפּילט.

אַנטעק האָט זיך נאָך נענטער צוגערוקט, אָנגעשפּאַרט זיך מיט זיין אָרעם אויף איר זייט, אַז זי איז אַזש אין אומבאַוווּסטזיין אַריינגעכאַלן און אַ רויטקייט האָט זי באַגאָסן, און בשעת זי

האָט נאָכאַמאָל אַנידערגעקניט, האָט ער איר מיט קויל-הייסע ליפּן אין סאַמע אויער צוגעשעפּטשעט:

— יאַגוש! יאַגוש!

זי האָט אויפגעשוידערט און פון גערירטקייט שיִער נישט אומגעפאַלן, אַזוי האָט זי די שטימע מיט ליבע, ווי מיט אַ זיסער שאַרף און פרייד דורכגעבויערט.

— קום אַרויס וועלכן טאָג היינטער דער סטעדע... יעדן אָוונט וועל איך וואַרטן... האָב נישט קיין מורא... כ'האָב נייטיק מיט דיר צו רעדן... קום אַרויס... — האָט ער ליידנשאַפטלעך געשעפּטשעט, און אַזוי נאָענט, אַז דאָס פּנים האָט איר אַזש פון זיין אָטעם געפייערט...

זי האָט נישט געענטפערט, ס'האָבן איר כוחות פאַרפעלט; די שטימע איז איר אין האַלדז געבליבן שטעקן, דאָס האַרץ האָט געצאַפּלט און אַזוי געשלאָגן, אַז מ'האָט אוודאי געמוזט הערן אַרום — נאָר זי האָט זיך עטוואָס אונטערגעהויבן, ווי זי וואָלט שוין געוואָלט גיין אַהין... וווהין ר'האָט זי געבעטן... ווי ר'האָט איר מיט ליבע באַפוילן... היינטער דער סטערדע...

אין דער זעלבער צייט פּונקט האָט מען אַ זעץ אַרויס געטון די ערשטע קאָלענדע, דאָס קלויסטער האָט זיך אַ טרייסל געטון פון די געזאַנגען, אַז זי איז אַזש אַ ביסל צו זיך געקומען און, אומקוקנדיק זיך איבער די מענטשן און איבער דעם קלויסטער, האָט זי זיך אַנידערגעזעצט...

אָבער אַנטעק איז שוין נישט געווען, ער האָט זיך אומבאַמערקט פון איר אָפּגערוקט און פּאַמעלעך אַרויסגעגאַנגען אַזש צום צמענטאַריש-צוים.

לאַנג איז ער אונטערן גלאָקן-טורעם אויפן פראָסט געשטאַנען, ר'האָט זיך דערמונטערט, לופט אין זיך אָנגענומען, צו זיך געקומען... נאָר אַזאַ פרייד האָט אים דאָס האַרץ צעשפּאַרט, אַזאַ געשריי האָט ער אין זיך געפילט, אַזאַ שטורם פון קראַפט, אַז ר'האָט נישט געהערט דאָס געזאַנג, וואָס האָט פון די קלויסטער-טירן געזעצט און אין דער וועלט אַריין זיך אָוועקגעטראָגן, נישט

די שטילע, בעטנדיקע שטימען, וואָס האָבן זיך אין דעם גלאָקן־
שטורם געהערט... גאָרנישט, ר'האָט וועגן גאָרנישט געוווסט; ר'האָט
אָנגענומען אַ גאָרשטש שניי און גיריק איינגעשלונגען, און דערנאָך
איז ער איבער דער מויער אַריבערגעשפרונגען, אויפן וועג אַרויס —
און ווי אַ וויכער אויף די פעלדער זיך אַוועקגעטראָגן.

# V

די באַרינעס זענען ערשט פֿאַרטאָג פֿון קלויסטער צוריקגעקו־מען און אין א ווײַלע אַרום האָט שוין דאָס גאַנצע הויז געכראַפּעט, אַזש דאָס כראַפּען האָט זיך אַרום און אַרום צעטראָגן, נאָר איין יאַגוי־שיאַ, כאָטש זי איז געווען זייער אָפּגעמאַטערט, איז פֿונדעסטוועגן נישט אַנטשלאָפֿן געוואָרן; אומזיסט האָט זי זיך אין קישן אײַנגעטוליעט, אומזיסט האָט זי די אויגן צוגעשלאָסן און אפֿילו מיטן איבערבעט דעם קאָפּ זיך איבערג דעקט — ס'האָט נישט געהאָלפֿן, דער שלאָף איז נישט געקומען, נאָר עפּעס ווי די מלכּה־שבֿא וואָלט זיך אויף איר אַרויפֿגעלייגט און אויף דער ברוסט געדריקט מיט אַזאַ שווער־קייט, אַז זי האָט נישט געקענט אפֿילו אָפּעטעמען, נישט קיין גע־שריי טון, נישט פֿון בעט זיך אויפֿרייסן; זי איז געלעגן אומבאַ־וועגלעך אין אַ מין פֿאַרשטאַרטקייט פֿון האַלב שלאָף, האַלב וואַך, אין וועלכן דער פֿאַרשטאַנד קען שוין גאָרנישט אונטערשיידן, און נאָר די נשמה אַליין װ בט זיך אויס פֿון דערינערונגען, ווי פֿון אַ געשפּינעכץ און פֿאַרפּלאָנטערט מיט זיך די גאַנצע וועלט, פֿאַרשי־

דענע וווּנדערלעכקייטן זעט זי, איבער דער ערד טראָגט זי זיך, קליידט זיך אין דער זון אָן — און איז נישט מער, ווי אַ בילד, וואָס שלאָגט זיך אין אַ ריין אָבער צעשטורעמט וואַסער אָפּ... אַזוי איז געווען מיט יאַגנען, וואָס כאָטש זי איז נישט אַנטשלאָפן געוואָרן, איז איר פון זכרון אַלץ פאַרשוווּנדן, און ווי אַ פויגל האָט זי זיך איבער וווּנדערלעכקייטן געטראָגן — איבער פאַרלאָשענע טעג, איבער פאַרשטאָרבענע צייטן, וואָס נאָר אין דער דערינערונג לעבן זיי... זי האָט זיך געפילט אַזוי ווי אין קלויסטער... אַנטעקעגן לעבן איר... ער רעדט אַלץ כסדר און בריט זי מיט די אויגן, בריט זי מיט די רייד, נעמט זי דורך מיט אַ זיסער פּיין און צוגלייך מיט שרעק... דאָ האָט זיך אַ געזאַנג עפּעס צעטראָגן און דער אָרגל האָט געברויזט אַזוי דורכדרינגלעך, אַז זי האָט אַזש יעדן טאָן באַזונדער אין זיך געפילט... דאָ האָט זי דאָס רויטע גרויזאַמע פּנים פון גלח געזען און די אויסגעשפּרייטע הענט איבערן עולם... דאָ ליכט... דאָ גאָר אַנדערע, אַלטע דערינערונגען זענען איר דערנאָך אָנגעקומען... דאָס טרעפן זיך מיט אים... די קושן... די אומאַרמונגען... אַזש אַ היץ האָט זי אַדורכגענומען און אַזאַ לוסט, אַז זי האָט זיך אַזש אויסגעצויגן און פעסט צוגעדריקט זיך צום קישן... דאָ האָט זי ווידער בפירוש געהערט, זי האָט הויך געהערט: קום אַרויס!... קום אַרויס!... אַז זי האָט זיך אַזש אונטערגעהויבן און גלייך זי וואָלט אין זיך געגאַנגען, געגאַנגען... בגנבה הינטער דיביימער, אין דער פינסטערניש... און אַ פּחד האָט אין איר געצאַפּלט, עפּעס אַ געשריי איז איר באַכגעלאָפן, אַן אימה האָט פון דער פינסטערניש געווייעט.

און אַזוי האָט זיך כסדר איבערגעחרט. דאָ איז איינס, דאָ איז ס'צווייטע, דאָ איז ס'צענטע אויף איר אָנגעפאַלן, אַז נישט צו זיך צו קומען, נישט אַרויסצורייסן זיך פון דעם אַלעם האָט זי געקענט, — גאָרנישט, נאָר די מלכה-שבא האָט זי געמוזט שמייכלען אָדער דער שטן האָט זי צו עפּעס אָנגערעדט און צו אַן עבירה געצייגט.

שוין געווען גרויסער טאָג, ווען זי האָט זיך פון געלעגער אונטערגעהויבן, אָבער זי האָט זיך געפילט, ווי פון צלם אַראָפּגע-

נומען, אַלע ביינער האָבן איר ווײַ געטון; זי איז געווען בלאַס, אויפגעטרייסלט, און שרעקלעך אומעטיק.

דער פראָסט האָט עטוואָס געהאַט געלאָזט, אָבער ס'איז עפּעס שוואַרץ געוואָרן אויף דער וועלט, אַ שניי האָט צײַטנווײַז אַ פּרישע געטון, און טײַלמאָל האָט אַ שטאַרקער ווינט אַ בלאָז געגעבן, מיט די ביימער געוואָרפן, אַזוי, אַז זיי זענען ווי אין אַ שניישטורעם שטיין געבליבן, און ער האָט אויף די וועגן געפּייפט. אָבער טראָץ דעם, האָט דאָס דאָרף גערוישט מיט יום-טובדיקער פרייעלכקייט, אָן אַ שיעור מענטשן האָט אויף די וועגן געצויגן, אָפּט האָט ווער מיט אַ שליטן דורכגעפּאַטשט, דאָ איז מען גאַנצע גראָמאַדעס פאַר די טויערן אָפּגעשטאַנען און אײַנגעטענהט, דאָ האָט מען זיך שכניש-מעסיק איבער דעם אַנדערן באַזוכט, און די קינדער האָבן סטאַדעס-ווײַז, ווי די זשרעבאָקעס אויף דער פּאַשע, אויפן סטאַוו אַרומגעשטיפט, אַז אויפן גאַנצן דאָרף האָבן זיך אַזש די ליאַרמען צעטראָגן.

נאָר יאַגושען איז נישט פריילעך געווען אויפן האַרץ, ביין: אַ קעלט האָט זי דורכגענומען, כאָטש אַ פײַער האָט פריילעך געבושעוועט אויפן קוימען, עפּעס אַ טויבקייט האָט זי אַרומגענומען, טראָץ דעם כּסדרדיקן טומל און יוזקעס לידלעך, וואָס האָבן איבער דער כאַלופּע געקלונגען. אַ פרעמדע האָט זי זיך צווישן די אייגענע געפילט, אַזוי פרעמד, אַז זי האָט מיט שרעק געקוקט אויף זיי און ווי צווישן גזלנים זיך געפילט.

און אָפּטמאָל נישט קענענדיק זיך אַנטקעגנשטעלן, האָט זי זיך אײַנגעהאָרכט אין די הייסע פליסטערן אַנטעקס, וואָס האָבן כּסדר, מיט איין און דערזעלבער קראַפט אין האַרץ איר געקלונגען...

— „גאָטס צאָרן און אייביקע פּײַן אויף אַזעלכע" — האָט זי שאַרף דערהערט דעם גלחס שטימע און זײַן רויט פּנים און די אויסגעצויגענע, דראָענדיקע הענט, האָט זי פאַר זיך דערזען.

זי האָט זיך שרעקלעך באַשווירן, פון שרעק אַזש פאַרשטאַרט געוואָרן פאַר דער שולד, וואָס זי האָט טיף אין זיך גע-

פילט; ניין, כ'וועל נישט ארויסקומען! א שרעקלעכע זינד וואלט דאס געווען, א שרעקלעכע! האט זי איבערגעחזרט, שטארקנדיק זיך מיט דעם ווארט און צוריקציענדיק זיך פון דעם שלעכטס, אבער די נשמה אירע האט אין ווייטיק און אין פיין געשריג, ווארן זי האט זיך געריסן צו אים, געריסן זיך מיט דער גאנצער קראפט, מיט דער גאנצער מאכט פון לעבן, פונקט ווי דער בוים מיט גאנצע הויפנס שניי פארלייגט, רייסט זיך פרילינג־צייט צו דער זון, פונקט ווי די ערד ווערט געשפאנט אונטער דעם ערשטן הויך פון ווארעמקייט...

אבער די מורא פאר דער זינד האט נאך איבערגעוויגן, אזוי, אז זי האט זיך גובר געווען און זיך באמיט צו פארגעסן אן אים, צו פארגעסן אויף אייביק... זי איז נישט ארויסגעגאנגען פון דער כאלופע, זי האט מורא געהאט דעם קאפ פון הויף ארויסצושטעקן, ווייל טאמער ליגט ער ערגעץ באהאלטן און ווארט און וועט זי א רוף טון... וועט זי דען קענען ביישטיין דאמאלס דעם נסיון, וועט זי קענען די נשמה איינהאלטן, וועט זי דען נישט לויפן נאך דערדאזיקער שטימע!...

זי האט זיך שטרענג גענומען צום באלעבאטישקייט, נאר וואס, אז ס'איז נישט געווען קיין סך צו ארבעטן, יוזקא האט שוין אלץ אין ארדנונג געברענגט, און דערצו איז דער אלטער נאך איר כסדר נאכגעגאנגען און זי צו גארנישט געלאזט זיך צורירן.

— רו זיך אפ, שטרענג דיך נישט אן, כדי ס'זאל דיר פאר דער צייט קיין שלעכטס נישט געשען.

האט זי נישט געארבעט, נאר ארומגשלעפט זיך איבער דער שטוב אן א ציל, אן שום באדארף אינדרויסן ארויסגעקוקט, אויפן גאניק געשטאנען, און וואס אמאל האט זי א גרעסערער אומעט ארומגענומען און איינצייטיק א צערייצטקייט. ס'האבן זי גערייצט די וואכעדיקע אויגן פון מאן, ס'האט זי גערייצט די פרייד און דער טומל פון גאנצן הויז, ס'האט זי גערייצט אפילו דער באטשאן, וואס איז איבער דער שטוב ארומגעקראכן, אזוי, אז ד'האט אים בכיוון מיטן וועלניאק א קלאפ געטון, ביז זי האט שוין נישט גע־

קענט מער אויסהאַלטן, האָט זי אָפּגעקוקט אַ פּאַסיקן מאָמענט און אַוועקגעלאָפן צו דער מוטער; אָבער מיטן סטאַוו איז זי געלאָפן, דורכהאַקנדיק דאָס פעלד, און זיך מיט שרעק אומגעקוקט, צי שטייט ער ערגעץ נישט הינטער אַ בוים באַהאַלטן.

די מוטער איז נישט געווען, אינדערפרי האָט זי אַפּנים אַריינגעבליקט און צו דער וואַיטאָווע זיך אומגעקערט, יענדריק ווידער האָט אַ רויך אין קוימען געלאָזט, און וואָס אַמאָל איז ער פון הויז אַרויסגעלאָפן אויפן וועג אַרויס אַ קוק צו טון, וואָרן שימעק האָט זיך אין דער קאַמער אויסגעשלייערט.

זי איז אינגאַנצן אַנדערש געוואָרן, אַלע צרות זענען איר פאַרשוווּנדן געוואָרן, אַזוי ווי זי האָט זיך נאָר דערפילט ווי אַ מאָל, אין איר שטוב, בײַ זיך אינדערהיים. זי איז פולשטענדיק פרייליך געוואָרן און נישט ווילנדיק כמעט, האָט זי זיך אָנגעהויבן פאָרען, אַריינגעבליקט צו די בהמות, דורכגעזייגן די מילך, וואָס איז פון אינדערפרי אָן נאָך געשטאַנען אין די שקאַפּקעס, די הינער קערנער צוגעוואָרפן, צוגעקערט די שטוב, אויפגערוימט וואָס ס'איז נויטיק געווען און פרייליך מיט די שקצים זיך צונויפגערעדט. וואָרן שימעק א ז אַן אויסגעשלייערטער אין אַ נייער קאַפּאָטע געהאַט פונקט אַריינגעקומען אין שטוב אַריין און זיך פאַרן שפיגל צוגעקעמט.

— וווּהין פּוצסטו דיך אַזוי?

— איך דאַרף אַריין, בײַ די פּלאַשקעס קומען זיך שקצים צוזאַמען.

— די מאַמע וועט דיך דען לאָזן גיין, האַ?

— שטענדיק פרעגן אַ דערלויבעניש וועל איך נישט, כ'האָב מיר אויך מיין פאַרשטאַנד און מיין ווילן... און וואָס ס'וועט מיר נאָר געפעלן — וועל איך טון!...

— אוודאי וועט ער דאָס טון, אוודאי! — האָט יענדזשיק צוגעגעבן, אַרויסקוקנדיק מיט שרעק אויפן וועג אַרויס.

— און זאָלסטו וויסן, אַז כ'וועל טון, צולהכעיס וועל איך טון, צו די פּלאַשקעס וועל איך גיין, אין קרעטשמע אַריין וועל איך

גייך, מיט די שקצים וועל איך טרינקען! — האָט ער אַנטשלאָסן אויסגעשריגן.

— גיב אַ נאַר די פרייהייט, וועט ער דיר ווי אַ קאַלב אין דער גאַנצער וועלט אַריין לויפן, כאָטש ער דאַרף נאָך גיין זייגן! — האָט זי שטיל אויסגערופן, נישט אַקעגנשטעלנדיק זיך אים אין גאַרנישט, כאָטש ר'האָט אויסגערעדט אויף דער מוטער און שרעק־לעך געדראָט. זי האָט אים ווייניק־וואָס אויסגעהערט אפילו, וואָרן מ'האָט זיך געדאַרפן אומקערן אַהיים. אומקערן זיך, און איר איז דאָך אַזוי אַ שאָד געווען אַרויסצוגיין פונדאַנען, אַז זי האָט זיך כמעט מיט אַ געוויין אויפגעהויבן און פאַמעלעך און שווער איז זי אַהיימגעגאַנגען.

און אינדערהיים איז נאָך טומלדיקער און נאָך פרייליכער געווען, ווי פריער. נאַסטקע גאַלענביאַנקע איז געקומען צו לויפן און זיך אַרומגעריסן מיט יוזקען, אַז מ'האָט אַזש אויפן וועג גע־געהערט.

— צ'ווייסט, מיין ריטל האָט דאָך אויפגעבליט — האָט זי אויסגעשריגן צו דער אַריינקומענדקער יאַגנען.

— וואָס פאַר אַ ריטל?

— אין דער יענדזשעי־נאַכט האָב איך עס אָפּגעהאַקט, פאַרפלאַנצט אין זאַמד, געהאַלטן אויפן אויוון און ס'האָט אויפגע־בליט! כ'האָב נעכטן אַ בליק געכאַפּט, איז נאָך נישט געווען קיין איין בלימל אפילו, און איבער נאַכט האָט עס אינגאַנצן אויפגע־בליט, קוקטס!

זי האָט צוגעבראַכט אַ טעפּעלע אָנגעפּילט מיט זאַמד, אין וועלכן עס האָט געשטעקט אַ שפּאַר קאַרשן־צווייגל, מיט אַ צאַרט בליִעכץ באַשיט.

— אַ קאַרשן־צווייגל, ראָזע בלימעלעך און שמעקעדיקע! — האָט וויטעק ערנסט אַ מורמל געטון.

— ס'איז אמת, אַ קאַרשן־צווייגל!

זיי האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום מיט אַן אויסטערלי־שער פרייד און באַוווּנדערונג האָבן זיי באַטראַכט דאָס צעבליטע, שמעקעדיקע צווייגל, דערויף איז יאַגוסטינקע אָנגעקומען, נאָר הייגט

איז זי שוין געווען, ווי געווייַנטלעך, זיכער אין זיך, אַ שרייַעוודי־קע, אַן אַנטשלאָסענע און אַ־טווגג געגעבן, נאָר ווי עמעצן גוט צו־צודריקן.

— דאָס ריטל האָט אויפגעבליט, אמת, אָבער נישט פאַר דיר, יוזשיאַ, דו דאַרפסט נאָך אַ פּאַסעק. אָדער נאָ, עפּעס האַרטערס! — האָט זי אויסגערופן, ווי זי איז נאָר די שוועל איבערגעטרעטן.

— פאַר מיר האָט עס אויפגעבליט, כ'האָב עס אַליין אין דער יענדשעי־נאַכט אָפּגעהאַקט, אַליין...

— ביסט נאָך אַ יונגעטשקע, עס ווייזט אויף אַ שליב פאַר באַסטקען! — האָט יאַגוש דערקלערט.

— אין טעפּעלע האָבן מיר צוזאַמען איינגעפלאַנצט, אָבער כ'האָב עס אַליין אָפּגעשניטן, איז האָט עס פאַר מיר אויפגע־בליט... — האָט זי געליאַרמט און שיִער נישט אַרויסגעוויינט, וואָס זיי באַשטעטיקן דאָס נישט.

— האָסט נאָך צייט נאָך פּאַראָבקעס זיך צו יאָגן און בא די פּלויטן אָפּצושטיין, די עלטערע קומט פריִער, די עלטערע — האָט זי געזאָגט, נישט קוקנדיק אויף קייב ם און צו באַסטקען צוגעשמייכלט — שטילער נאָר, יוזשיאַ. צ האָט געהערט, באַנאַכט איז דאָך מאַגדע אין קלויסטער־פּעדערהויז געלעגן געוואָרן.

— גייסס, צ'דערציילט בבא־מעשיות!

— הלוואי וואָלט עס געווען בבא־מעשיות, אָבער ס'איז דער ריינער אמת! יאַ בראָזשי איז געגאַנגען קליגגען, האָט ער אויף איר אַרויפגעטרעטן...

— יעזוס מייב ר! או ז'איז נישט געפרוירן געוואָרן?

— וואָס דען, נישט? ס'קינד איז אויף טויט געפרוירן גע־וואָרן! און מאַגדע זשיפיעט קוים. מ'האָט זי גענומען אין דער פּלעבאַניע אַריין און מ'מונטערט זי נאָך... גלייכער וואָלט געווען מ'זאָל זי נישט דערמינטערן... וואָס בייט זי צו לעבן וואָס פאַר אַ גוטס דערוואַרט זי דען? נ ר צו ליידן און צו האַרעווען.

— מאַטעוש האָט דערציילט, אַז ווען די אָרגאַניסטערס האָבן זי אַרויסגעטריבן, איז זי כּסדר געקומען צום מילנער און דאָ־ט

פלעגט זי שעהן אָפּזיצן, צֶבער דערנאָך האָט זי פראַנעק אָנגעקיידט און אַרויסגעטריבן, אַפּנים לויטן מילבערס באַפעל.

— וואָס־זשע דען האָט ער געזאָלט מיט איר טון, אַז אַ רעמל זי איינפּאַסן און אויף דער וואַנט אויפהענגען! ר'איז אַזאַ פויער גלייך ווי אַנדערע, זי האָט נישט אָפּגעזאָגט, האָט ער צוגעזאָגט, האָט ער באַקומען, האָט אים דער טייוול גענומען! ב'אוודאי, אינגאַנצן אומשולדיק איז ער נישט, אָבער צומייניסט זענען שולדיק די אָרגאַניסטערס! כּל זמן זי איז געזונט געווען, האָבן זיי געאַקערט מיט איר ווי מיט צוויי אָקסן, זי האָט אַלץ אייגנע אַליין געטון, און אַ קליינע ווירטשאַפט האָבן זיי דען! בלויז קי האָבן זיי פינף, און אַזוי פיל קינדערטשיסקעס, חזירים, שרצים, אַזוי פיל פעלד! און אַז זי איז קראַנק געוואָרן, האָבן זיי זי אַרויסגעיאָגט. שטשערוועס איז דאָס, נישט קיין מענטשן!

— און צו וואָס האָט זי זיך אַריינגעלאָזט מיט פראַנעקן! — האָט באַסטקע אויסגעשריגן.

— וואָלסט דאָס אייגענע געטון אפילו מיט יאַשעקן, זאָלסט אים נאָר ג'ייבן, אַז ער וועט אויף אויפרופן איינצאָלן!

באַסטקע איז אויפגעבראַכט געוואָרן דערפאַר און זיך אָנגעהויבן איבערווערטלען, אָבער באַרינע איז אַריינגעקומען, זענען זיי ביידע שטיל געוואָרן.

— צ'האָט געהערט וועגן מאַגדען! זי לעבט שוין, זיי האָבן דערטאַפּט באַן איר דעם אָטעם, יאַמבראָזשי זאָגט, ווען ס'געדויערט באַך אַזוי אַ רגע, וואָלט זי שוין די פּיענטעס דער וועלט געווייזן; ראָך רייבט זי נאָך איין מיט שניי און פּאָיעט זי, אָבער זי וועט זיך אַפּנים לאַנג מוזן היילן.

— און ווו וועט זי זיך דאָס אַהינטון, די אָרימע נעבעך, ווו?

— אַכיבע די קאָזולעס וועלן זי מוזן צו זיך נעמען, וואָרן ס'איז דאָך זייערס אַ קרובהטע!

— די קאָזולעס! זיי לעבן אַליין נאָר דערפון, וואָס זיי רייסן ערגיטש אָפּ, ציגיינערן אויס, אָדער גנבענען צו, איז סאַר וואָס

װעלן זײ זי הײלן! אַזױ פֿיל באַלעבאַטים איז דאָ אין דאָרף, אַזױ פֿיל רײַכע, און קײנער אײַלט זיך נישט זי צו ראַטעװען!

— ס'דען, די באַלעבאַטים האָבן פֿולע ברונעמס, ס'פֿאַלט זײ אײַן פֿון הימל אַראָפּ, אַז נאָר כאַטש נעם און צעטײל אױף אַלע זײַטן! יעדער האָט געװנוג זײַנע צרות, װאָס איז זײַן עסק צו פֿרעמדע! װאָס נאָך, ר'זאָל יעדן אײַנציקן, װער ס'דאַרף האָבן, פֿון װעג אױפֿנעמען, אַהײמפֿירן, געבן אים עסן, הײלן און אפשר נאָך פֿאַר דאָקטױרים צאָלן! צ'זעגט אַן אַלטע, און ס'חלומט זיך נאָך אײַך אין קאָפּ גרינגע פֿײגעלעך.

— אמת איז, ס'איז נישט קײן מוז, אײנער זאָל דעם אַנדערן העלפֿן, אָבער אַ מענטש איז דאָך נישט קײן בהמה, װאָס ר'זאָל פֿגרן אונטערן פּלױט.

— אַזױ איז שױן און אַזאַ אָרדנונג װעט זײַן אױף דער װעלט, צ'װעט איבעראַנדערשן?

— כ'געדענק, אַז אַמאָל, פֿאַר דער מלחמה, נאָך פֿאַר די פּריצישע צײַטן, איז געװען אין דאָרף אַ שפּיטאָל פֿאַר אָרימע, אין דעם אײגענעם הױז, װוּ עס זיצט איצט דער אָרגאַניסטער, כ'געדענק גוט, װאָרן מ'האָט געצאָלט פֿון דער מאָרגע.

באָרינע איז געװאָרן אומגעדולדיק און ר'האָט נישט געװאָלט מער רעדן דערפֿון.

— אונדזער רעדן װעט אַזױ פֿיל העלפֿן, װיפֿיל אַ טױטן באַנקעס! — האָט ער כמורנע פֿאַרענדיקט.

— אַװדאי, װעט נישט העלפֿן, אַװדאי! װער ס'האָט נישט קײן רחמנותדיק האַרץ פֿאַר קײן מענטשלעכע פּײַן, דעם איז אַפֿילו דאָס װײנען איבערדריסיק! װעמען ס'איז גוט, דעם דאַכט זיך, אַז אַלץ קומט פֿאַר אױף דער װעלט, װי עס דאַרף צו זײַן, װי גאָט האָט געבאָטן.

אָבער דערױף האָט זיך שױן באָרינע נישט אָפּגערופֿן, איז האָט זיך יאַגוסטינקע דעריבער געװענדט צו נאַסטקען.

— װי האָלט דאָרט מיט מאַטעוּשס זײַטן, בעסער?

— מאַטעוּש, װאָס איז אים דען געשען?...

— צ'װײסט נישט?... — האָט נאַסטקע אױסגערופֿן.

ס'הייסט פאַר יום טוב נאָך, דינסטיק, דאַכט זיך מיר, האָט דאָך אים ענקער אַנטעקן צעהרגעט; ר'האָט אים אָנגענומען באַם האַלדז, פון דער מיל אַרויסגעטראָגן און האָט אים אַזאַ וואָרף געטון אויפן פלויט אַרויף, אַז פיר לייסטן האָבן געפּלאַצט, איז ער אַריינגעפאַלן אין וואַסער אַריין און ר'איז שיער נישט דערטרונקען געוואָרן. איצט ליגט ער קראַנק, שפּייט מיט בלוט, קען זיך קיין ריר נישט טון. יאַמבראָזשי זאָגט, אַז די געדערים האָבן זיך אים איבערגעדרייט און פיר זשעבערס האָבן געפּלאַצט! און ער קרעכצט אַזוי בסדר, ער סטענקעט אַזוי!

זי האָט זיך צעוויינט.

יאַגנע איז אויפגעשפּרונגען באַ די ערשטע ווערטער, גלייך עמעצער וואָלט איר אין סאַמע האַרץ אַריין אַ שטאָך געטון, וואָרן ס'איז איר באַלד אויפן געדאַנק געקומען, אַז דאָס איז זיכער צוליב איר, אָבער זי האָט זיך באַלד צוריק אַנידערגעזעצט אויפן קאַסטן און אָנגעהויבן צודריקן די בליצנדיקע אויגן־לעדלעך צו דעם קאַרשן־בלעכל און צו קילן...

אַלע אין שטוב זענען דערשטוינט געווען, וואָרן זיי האָבן וועגן גאָרנישט געוווּסט, אין גאַנצן דאָרף האָט מען פון אָנהייב אָן געהאַלטן אין איין רעדן, און צו די באָרינעס איז דאָס נישט דערגאַנגען.

— זיי האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף זייערס גלייכן, אַ גזלן אויף אַ גזלן, זיי וועלן זיך ביידע נישט איבעריק קיין עוולה טון! — האָט דער אַלטער אַ מרוק געטון, אָבער ר'האָט געמוזט זיין בייז, וואָרן ר'איז אָנגעכמורעט געוואָרן און אָנגעהויבן העלצלעך אין קוימען אַריינצוואַרפן.

— צוליב וואָס האָבן זיי זיך צעהרגעט? — האָט יאַגנע שפּעטער אַ פרעג געטון

— צוליב דיר! — האָט די אַלטע מיט כעס אַ וואָרטשע געטון.

— ס'דען, זאָגסט מיר דעם אמת.

— כ'האָב געזאָגט! מאַטעוש האָט זיך באַרימט אין דער מיל פאַר די פויערן, אַז ער פלעגט אָפט זיין באַ דיר אין קאַמער,

אַנטעק האָט דאָס דערהערט, האָט ער אים אָנגעקיילט! ווי די הינט איבער אַ צויג, אַזוי גריזשעט מען זיך צוליב דיר.

— רעד ס נישט אַזוי אין געלעכטער, וואָרן ס'איז מיר נישט לייכט דאָס צו הערן.

— פרעג דיך אויס אין דאָרף, אַז דו גלייבסט מיר נישט, יעדער וועט דיר דאָס באַשטעטיקן, כ זאָג דאָך נישט, אַז מאַטעוש האָט געזאָגט דעם אמת, נאָר דאָס וואָס ר'האָט צו מענטשן גע-זאָגט...

— אַ ציגיינער אַ פאַסקודנער, אַ ציגיינער!

— קענסט דאָך דע, אָפּהיטן פון שלעכטע מיילער! און זיי שענקען דיר טיילמאָל נישט אפילו נאָכן טויט.

— גוט, וואָס ר'האָט אים אָנגעקיילט, גוט, כ'וואָלט נאָך אַליין צוגעלייגט! — האָט זי פאַרביסן אַ שיפּע געטון...

— קוקסט זי אָן, ווי באַ אַ הינדל ווערן די בעגל ווי באַ אַ שפּאַרבער.

— פאַר נישט קיין אמת, וואָלט איך באַלד דערהרגעט! אַ ציגיינער, די שטשערווע!

— כ'זאָג עס יעדן דאָס אייגענע, נאָר זיי גלייבן נישט און מ'טראָגט דיך אַרום אויף די צונגען.

— אַז אַנטעק וועט זיי די צונגען צעהאַקן, וועלן זיי שטי-לער ווערן!

— ס'דען, מיט דער גאַנצער וועלט וועט ער זיך איינר״סן צוליב דיר, האַ? — האָט זי זיך מיט כעס פאַרקרומט.

— און עך זענט ווי דער יודאַש, צ'זאָגט אונטער ענקערס, און צ'פרייט ענק פון פרעמדע צרות.

יאַגוש איז שרעקלעך בייז געוואָרן, ס'ערשטע מאָל אין לעבן אפשר אויף אַזאַ מין אופן, זי איז אַזוי בייז געווען אויף מאַטעושן, אַז זי איז גרייט געווען צו לויפן און צו רייסן פון אים שטיקער כאַטש מיט די בעגל! זי וואָלט דעם כעס נישט אי-בערגעטראָגן, ווען נישט די דערינערונגען וועגן אַנטעקן און וועגן זיין גוטסקייט, ס'האָט זי אַרומגענומען אַ שטאַרק געפיל, אַן אומ-באַשרייבלעכע דאַנקבאַרקייט האָט אין איר האַרץ געפלאַקערט, וואָס

ער האָט זי פאַרטיידיקט און נישט געלאָזט זי באַשולדיקן. אָבער פראַק דעם האָט זי זיך אַזוי געוואָרפן אין שטוב, זי האָט אַזוי געשריגן צוליב יעדער קלייניקייט אויף יוזקען און אויף וויטעקן, אַז דער אַלטער האָט זיך אַזש באַאומרויִקט, האָט ער זיך אַנידערגעזעצט לעבן איר, אָנגעהויבן זי גלעטן איבערן פּנים און געפּרגט:

— וואָס איז דיר דאָס, יאַגוש, וואָס?

— וואָס זאָל מיר זיין, גאָרנישט. רוקטס זיך אָפּ, פּאַמעגנטשן אין די אויגן וועלן זיי זיך לאַשטשען!

זי האָט אים גראָב אָפּגעשטופּט.

— ס'דען, ר'וועט זי גלעטן און נאָך אין דער העלפט אַרומנעמען, אַ דזשאַדונג אַזעלכער, אַ שלימזל! — האָט זי מיט כּעס געטראַכט, וואָרן ס'ערשטע מאָל האָט זי באַמערקט זיין אַלטקייט, ס'ערשטע מאָל, ווי ס'האָט זיך דערוועקט אין איר אַן עקל צו איר און אַ טיפער אומווילן, כּמעט אַ שׂנאה. מיט אַ באַהאַלטענער אָבער פריידיקער פאַראַכטונג האָט זי געקוקט אויף אים אַצינד, וואָרן אינדערהמתן, איז ער אין די לעצטע צייטן פאַרעלטערט געוואָרן, ר'האָט געשלעפּט מיט די פיס, געהויקערט זיך און די הענט האָבן זיך אים געטרייסלט.

— דער דזשאַד, דער טויגעגישט!

זי האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון עקל, און זי האָט נאָך מערער געטראַכט וועגן אַנטעקן, און זי האָט זיך שוין נישט געהערט פאַר די דערינערונגען, און זי איז שוין נישט אַנטלאָפן פון די אָנרעדנדיקע, זיסע שעפּטשען.

און דער טאָג האָט זיך אומענדלעך געצויגן, נישט צום אויסהאַלטן, אַז וואָס אַ מינוט, איז זי אַרויסגעגאַנגען אויפן גאַנעק, דאָ אין סאָד אַריין און דורך די ביימער אויף די פעלדער געקוקט... אָדער זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן צווייגן-פלויט, וואָס טיילט אָפּ דעם סאָד פון דעם וועג, וואָס לויפט הינטערן דאָרף אַוועק, לענגאויס די סעדער און די געביידן, און מיט פאַרבענקטע אויגן איז זי אין דער וועלט געלאָפן, אויף די ווייסע עביי-פעלדער, צו די וועלדער, וואָס האָבן זיך נאָר געטונקלט, אַז זי האָט גאָרנישט גע-

קענט אונטערשיידן, ס'האָט זי איבגאַנצן אַרומגענומען אַזאַ טיפֿע רייד, וואָס ער האָט זיך פֿאַר איר אָנגענומען און נישט געלאָזט קיין עוולה טון.

— אַזעלכער וואָלט זיך מיט יעדן איינציקן אַן עצה געגעבן! אַ גבור איז דיר דאָס, אַ גבור! — האָט זי מיט געפֿיל געטראַכט. — ווען ר'וואָלט זיך איצט באַוויזן, אין דעם אויגנבליק! וואָלט זי זיך אים נישט אַקעגנגעשטעלט, ביין! ...

די סטערדע איז נישט ווייט געשטאַנען, באַלד באַכן וועג, עטוואָס אין פֿעלד, שפּאַצן האָבן אויף איר געצוויטשערט און גאַנצע באַנדעסווייז האָבן זיי זיך באַהאַלטן אין דעם גרויסן לאָך אַריין, וואָס איז געווען אויסגעהוילט אין היי; דעם פֿאַראָבעק האָט זיך נישט געגלוסט אַרויפֿצוקריכן און פֿונדערהייך אַראָפּצוּוואַרפֿן, כאָטש באַרינע האָט אַזוי געהייסן, האָט ער געקראַצט צו דזשעבלע, הויפּנווייז, ביז ר'האָט אויסגעקראַצט אַ לאָך, אַז עטלעכע מענטשן האָבן געקענט אַריין דערין.

— קום אַרויס! הינטער דער סטערדע! קום אַרויס! — האָט זי באַוווסטלאָז איבערגעחזרט אַנטעקס געבעט.

זי איז אַריינגעלאָפֿן אין דער כאַלופּע, וואָרן מ'האָט אָנגעהויבן קלינגען אויף דער אָוונט־תּפֿילה, און איר האָט זיך פֿאַרגלוסט אַליין צו גיין אין קלויסטער אַריין, מיט דער טויבער נישט קלאָרער האָפֿנונג, אַז זי וועט אים דאָרט טרעפֿן.

אָבער ער איז נישט געווען אין קלויסטער, נאָר פֿאַר דאָס האָט זי זיך באַלד באַם אַריינגאַנג, אין קלויסטער־פֿעדערהויז, געטראָפֿן מיט האַנקען, זי האָט גאָט געלויבט, איינהאַלטנדיק די האַנט פֿאַרן האַנט־פֿאַס, כּדי יענע זאָל זיך פֿריִער די פֿינגער אָפּטונקען. האַנקע אָבער האָט נישט אָפּגעענטפֿערט מיט קיין באַגריסונג און נישט אַ יסגעצויגן די האַנט נאָך דעם געהייליקטן וואַסער נאָר זי איז פֿאַרבייגעגאַנגען דערלעבן און זי האָט זי אַזאַ מעסט אָפּ געטון מיט די אויגן, פּונקט ווי מיט אַ שטיין געוואָרפֿן.

טרערן האָבן זיך איר אַזש אין די אויגן געשטעלט פֿון דערדאָזיקער גרינגשעצונג און אָפֿענעם כּעס, אָבער זי איז געזעסן

אויף דער באַנק און זי האָט די אויגן נישט געעפֿנט. טרייסן פֿון איר אויסגעפּייניקט, בלאָס פּנים.

— אַנטעקס ווייב, און אַזאַ צעבראָכענער שאַרבן, אַזאַ מאָגערס, נע, נע! — האָט זיך איר אין קאָפּ געפּלאָנטערט, אָבער זי האָט באַלד אָן איר פֿאַרגעסן, וואָרן מ'האָט געזונגען אין כאָר און דער אָרגל האָט אַזוי שיין צוגעשפּילט, אַזוי שטיל און פֿייערלעך, אַז זי איז אינגאַנצן פֿאַרטרונקען געוואָרן אין דער מוזיק. ס'איז איר נאָך קיינמאָל נישט אַזוי גוט און זיס געווען אין קלויסטער, קיינמאָל נאָך נישט; זי האָט אפֿילו נישט מתפּלל געווען, דאָס ביכל איז געלעגן נישט געעפֿנט, זי האָט אין די פֿינגער די שניר פּאַטשערקעס געהאַלטן און די תּפֿילה נאָך נישט געהאַט אָנגעהויבן, זי האָט נאָר אָפּגעזיפֿצט, זי האָט מיט די אויגן געפֿירט איבער דער טונקלקייט, וואָס איז פּאַמעלעך פֿון די פֿענסטער געפֿלאָסן איבער די בילדער, איבער די פֿינקלענישן פֿון די ליכט און דעם גאָלד, איבער די פֿאַרבן, וואָס מ'האָט זיי קוים דערזען און געטראָגן זיך מיט דער נשמה ווייט פֿון דער וועלט אַוועק, אין די וווּנדערלעכקייטן און הימל-בילדער, אין די אײַנגעלאָשענע אַנטשוויגענע קלאַנגען, אין די תּפֿילה-געזאַנגען, אין דער הייליקער רו פֿון עקסטאַז און זי איז עפּעס פֿאַרזונקען געוואָרן אין דער פֿאַרגעסנהייט פֿון אַלצדינג, אַז זי האָט שוין גאָרנישט געדענקט, ווו זי געפֿינט זיך, נאָר ס'האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז די הייליקע נידערן אַראָפּ פֿון די בילדער, אַז זיי גייען צו איר מיט אַ זיסן שמייכל, אַז די בענטשנדיקע הענט שפּרייטן זיך אויס איבער איר און גייען ווייטער, איבערן גאַנצן פֿאָלק, אַז עס האָט זיך אײַנגעבויגן ווי דאָס ברייטע פֿעלד, אויף וועלכן עס ווייען בלויע קליידער, רויטע קליידער, באַרמהאַרציקע בליקן, אַן אומבאַשרײַבלעך שפּילן, דאַנקפֿולע געזאַנגען — אַז ס'איז נישט צום איבערגעבן!

זי האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, ווען די אָוונט-תּפֿילה האָט זיך געענדיקט און דער אָרגל איז שטיל געבליבן, די שטילקייט האָט זי פֿון דערדאָזיקער שלאָפֿנדיקער צעטרוימטקייט אויפֿגעוועקט, מיט ווייטיק האָט זי זיך אויפֿגעהויבן און גלייך מיט אַנדערע אַרויסגעגאַנגען, אָבער פֿאַרן קלויסטער האָט זי זיך ווידער באַגעגנט מיט

האַקן, וועלכע האָט זיך איר פּונקט אַקעגן אַנידערגעשטעלט, ווי זי וואָלט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער זי האָט נאָר מיט שנאה אַ קוק געטאָן און אַוועקגעגאַנגען.

— זי זעצט אַרויס אַ פּאָר שליפּיעס און מיינט, אַז זי וועט מיך אָפּשרעקן מיט דעם, אַ נאַר דאָס איז — האָט יאַגנע אַ טראַכט געטאָן, אומקערנדיק זיך אַהיים.

דער אָוונט איז שוין אויך געהאַט צוגעפאַלן, אַ שטילער אָוונט, עפּעס ווי אַ פאַרחלשטער, אַ יום־טובדיקער; פינסטער איז אויך אויף דער וועלט געווען, די ליכט פון די שטערן זענען שוואַך געוואָרן אויפן פאַרנעפּלטן הימל, אַזוי, אַז נאָר ווו־נישט־ווו האָט עפּעס אַ שטראַל געשפּריצט, אַ שניי האָט געפּרישעט, פאַמעלעך געפאַלן, אָן גערויש, געשימערט פאַר די שויבן און מיט אַן אומאויפהערלעכער פלאַקעלעס־געשפּינעכץ זיך געוויקלט.

אין שטוב איז אויך געווען שטיל און עטוואָס שלעפעריק. שימעק איז באַלד פון אָנפאַנג אָוונט געקומען מכלומרשט אויף אַ וויזיט, נאָר דערעיקרשט צוליב דעם, כדי זיך מיט נאַסטקען צו טרעפן. זיי זענען טאַקע געזעסן איינער לעבן אַנדערן, און שטילע געשפּרעכן געפירט. בורינע איז נאָך נישט געווען. יאַגוסטינקע איז געזעסן באַם קוימען, שיילנדיק קאַרטאָפל, און אויף דער צווייטער זייט האָט פּיעטרעק שטיל אויף אַ פידל געשפּילט, נאָר עפּעס אַזוי האַרציק, אַז לאַפּאַ האָט טיילמאָל געסקאַמליעט, און לאַנג געוויעט. ווויטעק איז אויך דאָרט געזעסן מיט יוזקען, ביז יאַגנע, וועלכע דאָס שפּילן האָט אַזוי צענומען, האָט דורך דער טיר אַ געשריי געטאָן:

— הער אויף, פּיעטרעק, וואָרן ס׳גלוסט זיך מיר אַזש וויינען פון דער מוזיק.

— איך ווידער וואָלט צום בעסטן געשלאָפן באַם שפּילן — האָט זיך יאַגוסטינקע צעלאַכט.

אָבער די פידל איז אַנטשוויגן געוואָרן, ערשט אין עפּעס אַ צייט אַרום, האָט זי זיך אָנגערופן מיט אַ שטילן, קוים הערבאַרן טאָן, פון הינטער דער פערד־שטאַל, וואָרן דאָרט אַהין האָט זיך איבערגעטראָגן פּיעטרעק און לאַנג אין דער נאַכט אַריין געשפּילט.

די וועטשערע האָט זיך שוין אויך געהאַט אָפּגעקאָכט, ווען דער אַלטער האָט זיך אויפגעקערט.

— די וואַיטאַווע איז געלעגן געוואָרן, אַ גערודער איז דאָרט נישט קיין קלענער, אַז די דאָמיניקאָווא טרייבט אַזש די מענטשן אַוועק, אַזוי פיל איז אנגעקומען. וואָלסט געדאַרפן, יאַגוש, צון איר מאָרגן אַריינבליקן.

— כ׳וועל באַלד אַ לויף טון, באַלד! — האָט זי האַסטיק אויסגערופן, פלאַקערנדיק איינגאַנצן.

— קענסט אפילו באַלד, כ׳וועל מיט דיר מיטגיין.

— ע... איז אפשר מאָרגן שוין... צ׳זאָגט, אַז ס׳איז דאָרט דאָ אַזאַ גרויסער עולם, איז שוין גלייכער באַטאָג, ס׳שנייעט אינדרויסן, אַ פינסטערניש!... — האָט זי פאַרענטפערט, אָנווערנדיק פליצלינג דעם חשק, און ער איז אויך דערויף באַשטאַנען, ר׳האָט זי נישט געניייט, און גראַד איז אויך אריינגעקומען די קאָוואַלאָווע מיט די קינדער.

— און ווו איז דאָס דייבער?

— די דרעש-מאַשין איז קאַליע געוואָרן אין וואָליע, אין האָט מען אים אַהינגערופן, וואָרן דער הויפישער קאָוואַל קען זיך נישט קיין עצה געבן.

— עפּעס פאָרט ער איצט אָפּט אין הויף אַריין! — האָט יאַגוסטינקע באַדייטונגספול צוגעוואָרפן.

— ס׳מאַכט ענק קאַליע.

— וואָס זאָל עס מיר קאַליע מאַכן, כ׳באַמערק נאָר, איך טראַכט און וואַרט, וואָס עס וועט אַרויסקומען דערפון...

אָבער דערמיט האָט זיך געענדיקט, וואָרן קיינעם האָט זיך נישט געגלוסט צו פירן אַ הויך געשפּרעך פאַר אַנדערע, יעדער האָט גערעדט שטיל און פויל. אַ שלעפעריקייט האָט כמעט אַלע אַרומגענומען פון דעם נעכטיקן נישט אויסרוען זיך. אַז די וועטשערע האָבן זיי אפילו אָן אַפּעטיט געגעסן, ס׳האָט נאָר דאָ דער — דאָ יעדער מיט פאַרווונדערונג אַ בליק געטון אויף יאַגנען, וועלכע האָט זיך פיבערהאַפט איבער דער שטוב געפּאָרעט, פאַרבעטן צום עסן, כאָטש מ׳האָט שוין געהאַט די לעפל אַוועקגעלייגט, דאָ האָט

זי פון דער העלער הויט מיט אַ געלעכטער אַרויסגעזעצט, דאָ האָט זי זיך ווידער צו די שיקסעס צוגעזעצט און אײַנגעטענהט, אַז איינס צום צווייטן איז נישט געקומען, און נישט פאַרענדיקט, איז זי אויף די צווייטע זייט אַרויסגעלאָפן, אָבער שוין פון פעדערהויז האָט זי זיך אומגעקערט צוריק. זי האָט זיך געפונען אין אַ פּײַנלעכער דענערווירטקייט, וואָרן זי איז געווען פול מיט שרעק און אומרו. דער אָוונט האָט זיך לאַנג געצויגן, שווער, שלעפעריק, און אין איר איז געוואַקסן און אומאויפהערלעך זיך געשטאַרקט דער חשק אַרויסצולויפן הינטערן הויז אַרונטער... צו דער סטערדע... אָבער זי האָט זיך נישט געקענט באַשליסן, זי האָט מורא געהאַט, אַז מ'וועט באַמערקן... זי האָט מורא געהאַט פאַר אַן עברה... זי האָט זיך מיטן גאַנצן כוח אײַנגעהאַלטן, זי האָט געצאַפּלט פון פּײַן, די נשמה האָט געיאָמערט אין איר, ווי אַ הונט אויף דער קייט, ס'האַרץ האָט זיך געריסן... ניין, זי האָט נישט געקענט, זי האָט נישט געקענט... און אפשר שטייט ער שוין דאָרט... ר'וואַרט... קוקט אויס... אפשר בלאָנדזשעט ער לעבן דער כאַלופּע אַרום... אפשר ערגעץ אין סאָד ליגט ער באַהאַלטן און בליקט אין פענסטער אַרײַן און קוקט אַצינד אויף איר... און בעט... און גייט אויס פאַר ווייטיק, פאַרוואָס זי איז נישט אַרויסגעגאַנגען... זי מוז אַהינלויפן זי וועט עס לענגער נישט אויסהאַלטן... אויף אַ מינוטקעלע נאָר, אויף איין וואָרט נאָר, כדי אים צו זאָגן: גיי אַוועק כ'וועל נישט אַרויסקומען, ס'איז אַן עברה... זי האָט זיך שוין אומגעקוקט אויפן פאַרטוך זי איז שוין צו דער טיר צוגעגאַנגען... זי איז געגאַנגען... נאָר ס'האָט זי עפּעסטשיס ווי באַם קאַרק אָנגעכאַפּט און אויפן אָרט צוגעהאַלטן... זי האָט מורא געהאַט... און יאַגוסטינקעס אויגן זענען איר טריט באַ טריט נאָכגעקראָכן, ווי די שפּיר־הינט, באַסטקע האָט אויף מאָדנע געקוקט... דער אַלטער דעם לייכן... זיי ווייסן עפּעס?... זי מיאַרקירן זיך?... ניין, כ'וועל נישט אַרויסגיין היינט, ניין...

זי האָט זיך ענדלעך גובר געווען, אָבער זי האָט זיך געפילט אַזוי פאַרמאַטערט, אַז זי האָט אפילו נישט געוווסט, וואָס עס טוט זיך אַרום איר. זי האָט זיך ערשט דאַמאָלס אויפגעכאַפּט, ווען

אפּצ האָט אָנגעהויבן בײלן פֿאַרן הויז. אין שטוב איז געווען כמעט פּוסט; אין יאַגוסטינקע האָט געדרעמלט הינטערן קימען און דער אַלטער האָט געקוקט אין פֿענסטער אַריין, וואָרן דער הונט האָט וואָס אַמאָל פֿאַרביסענער געבילן.

— ס'איז זיכער אַנטעק, ר'האָט זיך נישט דערוואַרט און... — זי איז אויפֿגעשפּרונגען אַ דערשראָקענע.

אָבער דאָס איז גאָר דער אַלטער קלאָנב אין דער טיר שטיין געבליבן, און נאָך אים זענען פּאַמעלעך אַריינגעקומען, אָפּשאָקלענדיק זיך און אָפּקלאַפּנדיק אָן דער שוועל די שטיוול — ווינטשאָרעק, דער לאָמער גושעלאַ, מיכאַל צאַבאַן, פּראַנעק ביליצע, האַנקעס פּאָטערס אַ ברודער, וואַלענטי מיטן קרומען מויל און יוזעף וואַכניק...

באָרינע האָט זיך געוווּנדערט אויף דער פּראָצעסיע, אָבער, פֿאַרשטייט זיך, אַז ער האָט די פּאַרע פֿון מויל נישט אַרויסגעלאָזט, ר'האָט געענטפֿערט אויף די באַגריסונגען, געגעבן די האַנט, געבעטן זיצן, אונטערגערוקט בענק און מיט טאַבאַק מכבד געווען...

זיי האָבן זיך אויסגעזעצט אין אַ שורה, גערן געטון צו שמעק־טאַבאַק, דער האָט אַ באָס געטון, יענער האָט די נאָז אָפּגעווישט, אַן אַנדערער די אויגן, וואָרן ס'איז געווען שטאַרקער טאַבאַק; אַ פּערטער האָט זיך איבער דער שטוב אומגעקוקט, ווער ווידער האָט אַ וואָרט אַריינגעוואָרפֿן, אַ צווייטער האָט אים מיט אײַנערלייגונג און ישוב־הדעת אָפּגעענטפֿערט — אײנער האָט וועגן די שנייען אַ מעשה דערציילט, אַן אַנדערער איז מיט זײַנע צרות אַרויסגעפֿאָרן, ווער ס'האָט מער נישט נאָר אָפּגעזיפֿצט און מיט אַ שאָקל צוגעשטימט — און אַלע צוזאַמען האָבן קלוגע וויכּוחים געפֿירט און געלאָזן האָבן זיי צוג פֿירט צו דעם, נאָך וואָס זיי זענען געקומען...

באָרינע האָט זיך געדרייט אויף דער באַנק, אין די אויגן זיי געקוקט, באַ די צונגען זיי געצויגן אַן פֿון פֿאַרשידענע זייטן זיי בעוואָלט נעמען.

זיי האָבן זיך אָבער נישט געלאָזט אויפן שטריקל כאַפּן; זיי זענען געזעסן אין אַ שורה, גרויע שוין אַלע, אויסגעמאָגערטע, אויסגעגאָלטע, אַלע אין דיזעלבע יאָרן, נאָך פריש, כאָטש שוין פון דער עלטער און פון דער אַרבעט צו דער ערד געבויגן, פונקט ווי די פעלד־שטיינער מיט מאָך באַוואַקסענע, שטרענגע, האַרטע, נישט צוטריטלעכע, אָבער פיפיקע, האָבן זיי זיך געהיטן פאַר דער צייט אַרויסצוכאַפּן זיך און האָבן אַרומגעקרייזט אויף די מיעדזעס אַרום דעם ענין, פונקט ווי די קלוגע פאַסטוך־הינט, ווען זיי ווילן די שעפּסן אין טויער אַריינטרייבן.

ביז ענדלעך קלאַנב האָט אָפּגעהוסט, אויסגעשפּיגן און פייערלעך אויסגערופן.

— וואָס האָבן מיר זיך דאָ צו לאַנגווײלן און אָפּצוציען; מיר זענען זיך געקומען דערוויסן, צי עץ האַלט מיט אונדז? . . .

— אָן ענק קענען מיר נישט באַשליסן. . .

— וואָרן צ׳ענט דאָך דער ערשטער אין דאָרף.

— און קיין פאַרשטאַנד האָט ענק פאַן יעזוס אויך נישט געקאַרגט.

— און כאָטשיק אָן אַן אַמט, און עץ פירט אָן מיט דער גראָמאַדע. . .

— יעדערער קוקט נאָר אויף ענק.

— באַזונדער, ווען ס׳גייט וועגן אַלעמענס עוולה. — יעדער האָט געזאָגט זיינס מיט חניפה, אַז באָרינבע איז אַזש רויט געוואָרן, די הענט צעשפּרייט און אויסגערופן:

— ליבע מענטשן, אַז כ׳שטויס מיך נישט אָן וועגן וואָס עץ זענט געקומען?

— טאַטש וועגן אונדזער וואַלד, ז׳האַלטן אים בא האַקן נאָך די דריי קרוליעס!

— ס׳הייסט אויפן טאַרטאַק שניידט מען דאָך שוין האָלץ.

— מ׳שניידט די יידנס פון רודקע, צ׳ווייסט דען נישט?

— כ׳האָב נישט געוווּסט, ס׳איז נישטאָ קיין צייט אַרומצוגיין צווישן מענטשן און זיך אויספרעגן. . .

— און אַליין האָט עץ דער ערשטער געפּייערט אויף דזשע־יזשיק...

— װאָרן כ'האָב געמיינט, אַז ר'האָט אונדזערע פאַרעמבעס פאַרקויפט...

— נאָר װעמענס דען האָט ער פאַרקויפט, װעמענס דען? — האָט צאַבאַן אויסגעשריגן.

— פאַרשטייט זיך, אַז פון צוגעקויפטן.

— ר'האָט פאַרקויפט טאַקיש פון דעם צוגעקויפטן, ר'האָט אָבער פאַרקויפט אויף די װעלפן־גריבער אויך און ר'האַלט בא האַקן...

— אָן אונדזער דערלויבעניש װעט ער נישט האַקן.

— אוודאי, ס'האָלץ האָבן זיי שוין אָפּגעצייכנט, דעם װאַלד אויסגעמאָסטן און נאָך די דריי קרוליעס װעלן זיי אָנהייבן האַקן.

— אַז ס'איז יאָ אַזוי, דאַרף מען פאָרן מיט אַן אָנקלאַגע צום קאָמיסאַרזש — האָט באַרינע מיט ישוב־הדעת אויסגערופן.

— פון פאַרזייען ביז תבואה־שניידן, װעט דער טויט דאָ אַ סך נישט מיידן! — האָט צאַבאַן אַ מרוק געטאָן.

— און װער עס פאַלט צום טויט שוין כורעים, דעם העלפן שוין נישט קיין דאָקטוירים! — האָט װאַלענטי מיטן קרומען מויל צוגעגעבן.

— די אָנקלאַגע װעט אַזוי פיל העלפן, אַז איידער דער אמת װעט זיך צונויפפאָרן און פאַרװערן, װעט שוין קיין פּיען נישט בלייבן פון אונדזער װאַלד, און װי אַזוי אין דעמביצעס געװען, געדענקט עך?

— מיטן הויף איז װי מיט אַ װאָלף, זאָל ער נאָר איין שעפּס פאַרזוכן, װעט ער באַלד די גאַנצע סטאַדע אויסקלייבן.

— מ'דאַרף נישט לאָזן, אַז ער זאָל זיך צעװילדעװען.

— צ'האָט געזאָגט אַ קלוג װאָרט, מאַטשעי; מאָרגן, נאָכן

קלויסטער, דאַרפֿן זיך די באַלעבאַטים בײַ מיר צונויפֿקלייבן, אַז די גראָמאַדע זאָל עפּעסטשיס באַשליסן, — זענען מיר געקומען ענק פֿאַרבעטן אויף דער באַראַטונג.

— אַלע וועלן קומען?...

— אַלע, און באַלד נאָכן קלויסטער.

— מאָרגן... נו וואָס, אַז כ'מוז בייטיק פֿאָרן מאָרגן קיין וואָליע, כ'וועל זאָגן דע אמת, קרובים מײַנע טײלן זיך דאָרט מיט דעם באַלעבאַטישקייט, קריגן זיי זיך אַרום און פּראָצעסירן זיך, האָב איך זיי צוגעזאָגט אויסצוגלײַכן, אַז ס'זאָל די יתומים קיין עוולה נישט געשען, פֿאָר מוז איך, נאָר וואָס צ'וועט באַשליסן, וועל איך אַזוי אויף מיר נעמען, גלײַך כ'וואָלט מיך מיט ענק צונויפֿגעקומען באַראַטן.

זיי זענען אַרויסגעגאַנגען אַ ביסל אומעטיק, וואָרן כאָטש ר'האָט צו אַלץ צוגעשטימט און, איז אויך אַלץ באַשטאַנען, וואָס ז'האָבן נאָר גערעדט, דאָך האָבן זיי דערפֿילט, אַז ער איז נישט מיט זיי אָפּגעהאַרציק.

— ס'דען, עצהטס ענק אָפּ, נאָר אָן מיר! — האָט ער געטראַכט — נישט דער וואָיט, נישט דער מילנער, נישט די שענערע באַלעבאַטים וועלן גיין מיט ענק! זאָל זיך דער הויף דערוויסן, אַז איך שטעל מיך נישט קעגן אים, וועט ער גיכער פֿאַר דער קו באַצאָלן... און ר'וועט זיך וועלן באַזונדער פֿאַרגלײַכן... נאַראָנים... ביזן לעצטן כאַיאַק אים לאָזן האַקן... און דערנאָך ערשט — אַרויס מיט אַ געשריי, אין די סאָנדעס אַרײַן, אָן אַרעשט לייגן, צודריקן — ר'וואָלט געגעבן מער ווי באָם פֿאַרגלײַכן. זאָלן זיי זיך עצהנען, איך וועל מיר אָן דער זײַט צוּוואַרטן, ס'איז מיר נישט געאײַלציק, ניין!...

דאָס גאַנצע הויז האָט זיך שוין געלייגט שלאָפֿן, און מאַטשעי איז געזעסן, מיט קרייד אויף דער באַנק געשריבן, גערעכנט און לאַנג אין דער נאַכט אַרײַן האָט ער קאַלקולירט.

צומאָרגנס, באַלד נאָכן אָנבײַסן, האָט ער געהייסן דעם פֿאַראָבעק צוגרייטן דעם שליטן.

— ווי כ'האָב געכטן געזאָגט, איך וועל גאָרן קיין וואַליע, היט דאָ אָפּ ס'הויז, יאַגוש, און אויב ס'וועט זיך ווער באַכפּרעגן, צעפּלויש, אַז כ'האָב געמוזט פאָרן, און צו דער וואַיטאָווע כאַפּ אַריין אַ בליק.

— שפּעט וועט עץ זיך אומקערן? — האָט זי מיט אַ באַהאַל־טענער פרייד אין האַרץ אַ פרעג געטון.

— אַרום נאָכמיטאָג־צו, און אפשר אויך שפּעטער.

ר'האָט זיך איבערגעטון יום־טובדיק, און זי האָט צוזאַמענ־געטראָגן פון קאַמער דאָס אָנטועכץ, אויסגעבונדן אים דאָס בענדל באַם העמד אונטערן האַלדז, אין אַלעם געהאָלפן און מיט אַ פּי־בערדיקער אומגעדולדיקייט האָט זי אונטערגעיאָגט פּיעטרעקן, אַז ער זאָל גיכער די פערד איינשפּאַנען. זי האָט זיך איינגאַנצן גע־טרייסלט, זי האָט אויף אַן אָרט נישט געקענט איינשטיין, אַ פרייד האָט פון איר אַרויסגעשריגן, אַ פרייד, וואָס ער פאָרט אַוועק אויף אַ גאַנצן טאָג, וועט שפּעט צוריקקומען, אפשר ערשט באַ־נאַכט, און זי וועט אַליין איבערבלייבן און אַז ס'וועט פינסטער ווערן — אַז ס'וועט פינסטער ווערן, וועט זי אַרויסגיין הינטער דער סטערדע... זי וועט אַרויסגיין! העי! די נשמה האָט זיך איר שוין געריסן צום פליִען, די אויגן האָבן געלאַכט, די הענט אויסגעצויגן, די ברוסט אויסגעשטרעקט און פלאַם־פייערדיקע בליצן זענען איי־בערן פנים געגאַנגען און מיט אַ זיסע פּיין באַגאָסן... אָבער פּלוצ־לינג, אומגעריכט האָט זי אָנגעכאַפּט אַ מאָדנע שרעק און באַם האַרץ פאַרקלעמט, אַז זי איז שטיל געבליבן. זי איז אין זיך אַנטשוויגן געוואָרן און אַ צעחושטע האָט זי געקוקט אויף באָריבען, ווי ער האָט זיך אַרומגעדרייט מיטן פּאַס, אָנגעטון דאָס היטל און וויטעקן עפּעס באַפעלן אַרויסגעגעבן.

— נעמטס מיך מיט ענק מיט! — האָט זי שטיל געשעפּ־טשעט.

— אוודאי, און ווער וועט אין דער כאַלופּע בלייבן? — האָט ער זיך שטאַרק פאַרוווּנדערט.

— נעמטס מיך מיט, ס'איז היינט דער הייליקער שטשעפּאַן, קיין סך אַרבעט איז נישטאָ, נעמטס מיך מיט, ס'איז מיר אַזוי אוי־

מעטיק, נעמט מיך — האָט זי אַזוי הייס געבעטן, אָז כאָטש ער האָט זיך געוואונדערט, אָבער ר׳האָט זיך איר נישט אָקעגנגעשטעלט און האָט איר דערלויבט.

אין איין מינוט איז זי שוין געווען גרייט און זי האָט באַלד פון הויז אַוועק האָסטיק אַ ריס געגעבן, אַזש דער שליטן האָט זיך אַ גליטש געטאָן.

## VI.

— כ׳האָב געמיינט, אַז ביסט ערגיטש אין שניי איינגעזונקען! — האָט ער מיט שפּאָט אַ שעפּטש געטון.

— ס׳דען, מ׳קען זיך דאָס צוזאַמענגעבן אויף אַזאַ זאַווערוכע, טאַפּנדיק ווי אין דער פינסטער בין איך די גאַנצע צייט געגאַנגען, וואָרן ס׳שיט אַזוי מיט שניי, אַז מ׳קען די אויגן נישט עפענען, און אַזעלכע קופּעס ליגט אָנגעשיט אויף די וועגן, אַזאַ צעמישעניש, אַז אויף צוויי טריט ווייטער וועסטו גאָרנישט דערקענען.

— די מאַמע איז אין דער כאַלופּע?

— ב׳אוודאי, וווּ וואָלטן זיי געגאַנגען אין אַזאַ היבטישער צייט: אינדערפרי איז זי געווען באַ קאָזשאַלן, אָבער מיט מאַגדען האַלט שלעכט, זי שמעקט שוין אין פעלד אַריין, איז האָבן זיי איר גאָרנישט געקענט העלפן — האָט יאַגנע דערציילט, אָפּקלאַפּנדיק זיך פון שניי.

— וואָס־זשע הערט זיך אין דאָרף? האָט ער אָפּלאַכנדיק געפרעגט.

— גייטס, פרעגטס ענק, וועט עץ וויסן, נאָך קיין בייגסן לויף איך נישט אַרום!

— דער דזשעדזשיק איז דאָ אַדורכגעפאָרן, ווייסט דאָס נישט?

— אַ הונט איז שווער אויף דער זאַוויערוכע אויסצוהאַלטן, וואָלט זיך דעם דזשעדזשיק דאָרט געגלוסט...

— ווען דער מוז טרייבט אַרויס, דער קלויבט נישט אין וועטער אויס.

— אוודאי, אַז ס'איז אויף עמעצן אַ מוז... — האָט זי מיט צווייפל זיך צעשמייכלט.

— ר'האָט זיך אַליין אונטערגענומען, ס'האָטן קיינער נישט געבעטן — האָט באָרינע שטרענג אַ זאָג געטון, ר'האָט אַוועקגעלייגט דעם שניצער, אויפגעשטאַנען פון דער קאָבעלע*) און איז צוגעגאַנגען צום פענסטער אַרויסקוקן, אָבער אין דרויסן איז געווען אַזאַ שניי־שטורעם, ס'האָט אַזוי געדרייט, אַז מ'האָט נישט קיין פלעטער, נישט קיין ביימער נישט אַרויסגעזען.

— דאַכט זיך מיר, אַז דער שניי שיט שוין מער נישט — האָט ער ווייכער אַ זאָג געטון.

— ניין, ניין! נאָר ס'דרייט, ס'רייסט, ס'ווייעט און ס'שיט אַזוי, ס'קלאַפּט אַזוי איבערן פּנים, אַז מ'קען קיין וועג נישט דערקענען — האָט יאַגנע אויסגערופן, זי האָט זיך דערוואַרעמט די הענט און גענומען זיך וויקלען פאַדים פון דעם שפּינדל אויפן שפּולער אַרויף, דער אַלטער ווידער האָט זיך צוריקגעקערט צו זיין אַרבעט, אָבער וואָס אַמאָל האָט ער זיך אומגעדולדיקער אין פענסטער אַריין איינגעקוקט און זיך איינגעהאָרכט.

— וווּ איז דאָס יוזקע? — האָט ער נאָך אַ ווײַלע אַ פרעג געטון.

— זיכער בײַ נאַסטקען, זי זיצט דאָרט פסדר.

---

*) אַזאַ מין כלי צום שניצן דערויף.

— אַ לויפערין אַ שיקסל, קיין מינוט וועט זי אין שטוב נישט איינזיצן.
— ווייל ס'איז איר אומעטיק, זאָגט זי...
— ס'דען, ז'וועט זיך דאָ זוכן פאַרוויילונגען.
— אַזוי זאָגט זי, אַבי נאָר פון דער אַרבעט זיך אַרויסצודרייען.
— קענסט איר נישט באַפעלן?
— אוודאי, איין מאָל צי צוויי מאָל האָב איך איר דען שוין געזאָגט, האָט זי אויפגעפּבּנט אויף מיר אַ פּיסק ווי אויף אַ הונט, אַז עך וועט זי אין די הענט אַריין נישט בעמען, אַז זי האָט מיך וו׳ מיט מיינע באַפעלן.
אָבער דעם אַלטן זענען די באַקלאָגעכצן אין איין אויער אַריין פון אַנדערן אַרויס, וואָרן וואָס אַמאָל האָט ער אומגעדולדיקער זיך איינגעהאָרכט, נאָר וואָס, אַז קיין שום מענטשלעך קול האָט זיך פון הויף נישט דערטראָגן, דער שטורעם האָט נאָר געוואָיעט, איבער דער וועלט זיך געוואָרפן, ווי מיט די באַרעס אין די ווענט געשלאָגן, אַזש דאָס הויז האָט געקנאַקט און געקרעכצט
— צ'גייט ערגעץ? — האָט זי שטיל אַ פרעג געטון.
ר'האָט נישט אָפּגעענטפערט, וואָרן ר'האָט דערהערט דאָס עפענען פון דער טיר אין פעדערהויז אַריין, און עפּעס באַלר אין דער סעקונדע איז וויטעק אַריינגעפאַלן אַ דעריאַכמעטער און פון דער שוועל אַראָפּ אויסגעשריגן:
— דער דזשעדזשיץ איז שוין אַדורכגעפאָרן!
— שוין לאַנג? פאַרמאַך גיכער די טיר.
— אַ טאַטש מ'הערט נאָך דאָס גלעקל!
— אַליין איז ער געפאָרן?
— אַז ס'איז אַזאַ זאַווירוכע, אַז כ'האָב נאָר קוים די פערד אַרויסגעזען.
— לויף שוין די אותו רגע און ווער געוווירד, ווו ר'איז שטיין געבליבן.
— צ'עט אהינגיין צו אים? — האָט זי אַ פרעג געטון מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם.

— כ'וועל וואַרטן ביז מ'וועט מיך רופן, אײַנבעט, וועל איך מיך נישט, אָבער אַן מיר וועלן זיי דאָך גאָרנישט אויפ־[illegible]ון...

זיי זענען בײדע שטיל געוואָרן, יאַגנע האָט געוויקלט, צײלנ־דיק די פעדים און איבערבינדנדיק זיי אין פּאַסמעס, און דער אַלטער, ווײַל די אַרבעט איז אים פון די הענט געפאַלן פון אומגעדולדיקייט, האָט אַלץ אַוועקגעוואָרפן און גענומען זיך צוגרייטן צום אַרויסגיין, אָבער אײדער ר'האָט געענדיקט, איז וויטעק געקומען צו לויפן.

— דער דזשעדזשיץ זיצט באַם מילנער אין דער שטוב לעבן וועג־צו, און די פערד שטייען אין הויף.

— ווי האָסטו דיך זוי אײַנגעריכט?

— וואָרן דער ווינט האָט מיך אויף אַ קופּע שניי אומגעוואָרפן...

— אוודאי — האָסט דיך געמוזט גוט מיט די שקצים באַ די קעפ אין שניי אַרומוואַלגערן...

— דער ווינט האָט מיך אומגעוואָרפן...

— רייס דאָס אַנטון רייס, אַז כ'וועל דיך, יוכע, מיטן פּאַסעק אַנקאַטעווען, וועסטו האָבן צו געדענקען.

— אַז כ'זאָג דאָך דעם אמת... ס'ווייעט אַזוי, ס'קלאַפּט אַזוי איבערן פּנים, אַז ס'איז שווער אײַנצושטיין...

— לאָז אָפּ דעם קומען, וועסט דיך שוין באַנאַכט געניג אויסוואַרעמען, זאָג פּיעטרעקן, לאָז ער זיך נעמען צום דרעשן, העלף אים צו, יאָג דיך נישט אַרום איבערן דאָרף, ווי אַ הינט מיט אַן אַרויסגעהאָנגענער צונג.

— כ'גיי, נאָר כ'וועל נאָך אַ פּאָר העלצלעך אַרײַנברענגען, — וואָרן די באַלעבאָסטע האָט געהייסן... — האָט ער מיט צער און אומעטיק געשעפּטשעט, וואָס ער האָט נישט געקענט דערציילן וואָס ר'האָט געזען אויפן דאָרף. ר'האָט זיך אַ דריי געטון איבער דער שטוב, אַ פייף געטון אויף לאַפּען, אָבער דער הונט האָט זיך אײַנגעדרייט אין אַ קנויל און נישט געוואָלט הערן; איז ער אַליין געגאַנגען. באָריבע ווידער איז אַז אַנגעטועבער צום אַרויסגיין,

געקראָכן פון איין ווינקל אין אַנדערן, אין קוימען פּ ראַכטן, אין שייער נישט אַריינגעשמעקט, דאָ האָט ער דורכן פענסטער אַרויסגעקוקט, דאָ איז ער פאַרן הויז אַרויסגעגאַנגען און וואָס אַמאָל האָט ער אַלץ אומגעדולדיקער געוואַרט, אָבער מ'איז נאָך אים נישט געקומען.

— אפשר האָבן זיי פאַרגעסן... — האָט יאָגוש באַמערקט.

— ווי דען, אַן מיר וואָלטן זיי פאַרגעס...

— וואָרן עס גלייבט דאָך דעם קאָוואַל, און ער איז דער ערגסטער ציגיינער...

— ביסט אַ נאַר, רעד נישט וועגן דעם, וואָס דו פאַרשטייסט נישט...

זי איז אַ באַליידיקטע שטיל געבליבן. אומזיסט זענען שוין געווען זיינע ווייכע רייד, ביז וואַנען ר'האָט זיך ענדלעך אַליין צע־בייזערט, אָנגעטון דאָס היטל און מיט אַ קנאַק מיט דער טיר איז ער אַרויסגעגאַנגען.

יאָגוש האָט צוגעגרייט דעם פלאַקס, אַנידערגעזעצט זיך אונ־טערן פענסטער און אָנגעהויבן שפּינען, פון צייט־צו־צייט אַ קוק אַרויס טועגדיק אין דעם שניי־שטורם, וואָס האָט געווילדעוועט הינ־טערן פענסטער.

דער ווינט האָט שרעקלעך גערוישט, שנייִקע שטויב־וואָלקנס האָבן זיך מיט גאַנצע קנוילן, ווי די הייזער, אָדער ווי גרויסע, צע־צווייגטע ביימער, איבער דער וועלט געקאָלערט און אַלע מאָל אַ אַ קלאַפּ געטון אין דער כאַלופּע, אַז אַלץ אין שטוב האָט זיך אַזש געטרייסלט, די שיסלען אויפן שענקעלע האָבן אַזש אַ קלינג גע־טון, און פון די אָפּלאַטקעס געמאַכטע זונען האָבן זיך באַם פּולאַפּ געשאָקלט. אַ דורכדרינגענדיקע, בלאָזנדיקע קעלט האָט אַזוי גע־צויגן פון די פענסטער און טירן, אַז לאַפּאַ האָט כסדר געזוכט אַ וואַרעמער געלעגער, און יאַגנאַ האָט זיך מיט אַ פאַטשילע אַרומ־געהילט.

וויטעק האָט זיך שטיל אַריינגערוקט און נישט דרייסט אויס־גערופן:

— באַלעבאָסטע!

— וואָס?

— צ'ווייסט, אַז דער דזשעדזשיק איז געקומען מיט אַ פּאָר אָגערעס! אַ פּאָר צוגאָווע ווי די האַמאַנעס, אינגאַנצן שוואַרץ, אין רויטע שאָטקעס, מיט פּעדערן אויף די קעפּ, און גלעקלעך אויף די פּאַסן; זיי בלאַשקען פון גאָלד ווי די בילדער אין קלויסטער! און אַז זיי זענען געגאַנגען, איז דער ווינט אַ גאָרנישט אַקעגן זיי!

— ס'איז קיין וווּנדער נישט, ס'איז דאָך עפּעס הויפּישע, נישט קיין פויערישע!

— יעזוס, כ'האָב נאָך אַזעלכע שדים נישט געזען!

— אַ וווּנדער, טוען גאָרנישט, און שטייען אויף רייַנעם האָבער!

— אוודאי אַזוי, אָבער מ'זאָל אַזוי אונדזער זשריביע אויספּאַשען, דעם ווידל אָפּהאַקן, פאַרפלעכטן די גזשיווע און מיטן וואָיטס שיווע איינשפּאַנען, וואָלטן זיי אויך אַזוי געריסן, האַ? באַלעבאָסטע...

דער הונט האָט זיך פּלוצלינג אויפגעריסן אָנגעשראָקן און אָנגעהויבן בילן.

— קוק נאָר אַרויס, עמעצשטשיס איז אויפן גאַנעק.

אָבער איידער ר'האָט נאָך באַוויזן, איז עפּעס אַ מענטש, אַ באַשיטער מיט שניי אויף דער שוועל שטיין געבליבן, גאָט געלויבט, דאָס היטל אָן די שטיוול אָפּגעקלאַפּט און איבער דער שטוב זיך אומגעקוקט.

— דערלויבטס מיר זיך אָנצוואַרעמען און אַ ביסל דעם אָטעם צו כאַפּן! — האָט ער בעטנדיק אויסגערופן.

— זעצטס ענק. וויטעק, וואַרף צו אויפן פייער — האָט זי אַ צעמישטע באַפוילן.

דער אומבאַקאַנטער האָט זיך אַנידערגעזעצט באַם קוימען, עטוואָס זיך אָנגעוואַרעמט און פאַרייכערט אַ ליולקע.

— באָרינעס הויז איז דאָס, מאַטשעי באָרינעס? — האָט ער אָנגעהויבן, לייענענדיק פון אַ פּאַפּירל אַרויס.

— אַזוי איז דאָס, באָרינעס — האָט זי מיט שרעק באַשטע-

טיקט, וואָרן ס'האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז דאָס איז פון אַמט.

— דער טאַטע איז אינדערהיים?

— מיינער איז אויפן דאָרף אַוועקגעגאַנגען.

— כ'וועל צוּוואַרטן, דערל'יבטס מיר, אַז כ'וועל מיר דאָ אַזוי זיצן באַם פייער, כ'בין געפרוירן געוואָרן.

— זיצטס, ס'וועט דאָך פון דער באַנק און פונם פייער גאָרנישט אָפּקומען.

דער אומבאַקאַנטער האָט אַראָפּגענומען פון זיך דעם פעלץ, אָבער ווי ס'האָט אויסגעזען, איז אים קאַלט געווען, וואָרן ר'האָט זיך אײַנגאַנצן אויפגעטרייסלט, אײַנגעריבן די הענט און וואָס אַמאָל זיך נענטער צום פייער צוגערוקט.

— אַ שווערער ווינטער היי־יאָר — האָט ער אַ שעפּטשע געטון.

— אוודאי, נישט קיין גרינגער. און אפשר מילך אָפּקאָכן אײַך צו דערוואַרעמען זיך.

— אַ דאַנק, ווען צ'וואָלט געהאַט טיי!...

— ס'איז געווען, ס'איז געווען, באָך יעשען, ווען מײַנער איז קראַנק געווען אויפן בויך, האָב איך געברענגט פון שטאָט, אָבער ס'איז מיר אויסגעגאַנגען, און כ'ווייס נישט באַ וועמען מ'וואָלט אין דאָרף געקריגן...

— דער גלח טרינקט דאָך מסתּמא כּסדר טיי — האָט זיך וויטעק אַרײַנגעמישט.

— ס'דען, לעסטו דען אַהינלויפן צו אים באָרגן, הא!

— מ'דאַרף נישט, ניין, כ'האָב דאָ מיט מיר מיט טיי, קאָכטס מיר נאָר אויף וואַסער...

— געקאָכטס, הייסט עס!

זי האָט צוגעשטעלט אַ טעפּל מיט וואַסער אויפן פייער און האָט זיך צוריק אַנידערגעזעצט צום פלאַקס, אָבער זי האָט געשפּינען, נאָר אין טיילמאָל מיטן שפּינדל אַ רויש געטון, כּדי מ'זאָל נישט דערקענען און אויפגערקזאַם אויף אים געקוקט פול

מיט טויבער אומרו און נייגעריקייט; וואָס איז ער פאַר איינער, וואָס וויל ער, אפשר פון אמת, עפּעס אויפצונעמען, וואָרן ר'האָט כסדר אַרײַנגעקוקט אין אַ ביכעלע?... די מלבושים זײַנען אויך געווען כמעט פּרישע, גרוי מיט גרין, ווי עס טראָגן די הונפישע שיסער! און דאָ ווידער אַ פּויערישן פּעלץ און אַ היטל אויך! עפּעס אַ וווּנדערלעכער מענטש, אָדער — אַ וועלט-רײַזנדער! און אפשר גאָר עפּעס אַנדערש! זי האָט זיך פאַרטראַכט, אײַבערוואַרפנדיק זיך מיט די אויגן מיט ווייטעקן, וועלכער האָט מכּלומרשט אונטערגעלייגט אונטערן פּ״ער און צום מײַנסטנס האָט ער גאָר באַטראַכט דעם אומבאַקאַנטן און האָט זיך שטאַרק געוווּנדערט, וואָס ער האָט אַ טשמאַטשק געטון צו לאַפּען.

— ר'ווײַט אַ ביס טון, אַ בייזער הונט! — האָט ער נישט ווילנדיק אַ שעפּטשע געטון.

— האָט נישט קיין מורא, מיך וועלן קיין הינט נישט בײַסן — האָט ער זיך מאָדנע צעשמייכלט און געגלעט דעם קאָפּ פון הונט, וואָס האָט זיך אים געטוליעט צו די קני.

אין קורצן איז יוזקאַ אַרײַנגעקומען, און נאָך איר האָט באַלד אַרײַנגעבליקט די וואָזשאַנאָווע, דאָ עמעצער פון די שכנים, וואָרן ס'האָט זיך שוין געהאַט צווישן די שכנים צעטראָגן, אַז עפּעס אַ פרעמדער זיצט בײַ די באַרינעס.

און ער האָט זיך כסדר אַלץ געוואַרעמט, נישט קוקנדיק אויף קיין מענטשן, נישט אויף זייער סודען זיך און באַמערקונגען, ערשט דאַמאָלס, ווען ס'וואַסער האָט זיך אויפגעקאָכט, האָט ער אַרויסגענומען פון עפּעס אַ פּאַפּירל אַ ביסל טיי, אַרײַנגעשיט, אַליין זיך גענומען פון דעם שענקל אַראָפּ אַ ווייס טעפּעלע, אָנגעגאָסן קאָכעדיק וואַסער און צובײַסנדיק מיט אַ שטיקל צוקער, האָט ער געטרונקען און געגאַנגען איבער דער שטוב, און צוגעקוקט זיך צו די בילדער, צו די כלים. דאָ איז ער אײַנדערמיט שטיין געבליבן און אַזוי דורכדרינגלעך אין די אויגן אַרײַן געקוקט אַז די מענטשן איז אונטערן גריבל ווייך געוואָרן.

— ווער האָט דאָס אויסגעקלעבט? האָט ער אויף די זונען אויפן סופּיט אָנגעוויזן.

— דאָס האָב איך! — האָט יוזקע אַ צערויטלטע אַ פּישטש געטון.

ר'איז ווידער לאַנג אַרומגעגאַנגען און לאַפּא — טריט בײַ טריט נאָך אים.

— ווער האָט אַזוי אויסגעמאָלן? — האָט ער פאַרווּנדערט אויסגערופן, אָפּשטעלנדיק זיך בײַ די אויסגעשניטענע רייזעלעך וואָס זענען אויסג קלעבט געווען אויף די ראַמען פון די בילדער, און ווי-בייש-ווו אויף אויף דער וואַנט.

דאָס איז דאָך גאָרנישט געמאַליעוועט, נאָר פון פּאַפּיר אויס-געשוירן!

— ס'קען נישט זיין — האָט ער אויסגעשריגן.
— כ'האָב עס אַליין אויסגעשוירן, איז ווייס איך דאָך!
— און צ'האָט דאָס אַליין אויסגעטראַכט, האַ?
— אַליין, טאַטש יעדער קינד אין דאָרף קען דאָך דאָס.

ר'איז ווידער שטיל געבליבן, ר'האָט זיך אַ צווייט מאָל טיי אָנגעגאָסן, אַנידערגעזעצט זיך בײַם קוימען און אַ פּאָר גוטע מינוט האָט ער קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט.

די מעגטשן זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען, וואָרן דער אָוונט איז צוגעפאַלן און די זאַוויערוכע איז שטילער געוואָרן, אַז נאָר טיילמאָל האָט זיך נאָך אַ שאַרפער ווינט אויפגעריסן, אַ דריי גע-טון, אַ מיש געגעבן און אין דער כאַלופּע אָנגעשלאָגן, אָבער וואָס אַמאָל זעלטענער און שוואַכער געקלאַפּט, פונקט ווי אַ פויגל, וואָס האָט זיך מיטן ווייטן פליען פון די כוחות אַרויסגעשלאָגן.

יאַגנע האָט איך ענדלעך אַוועקגעלייגט דאָס שפּינען און גענומען זיך פּאָרען בײַ דער וועטשערע.

— ס'האָט געדינט בײַ אייך איינער, יאַקוב סאָכאַ? — האָט דער אומבאַקאַנטער אָ געהויבן.

— דאָס מיינט עץ, קובע! אמת, ר'האָט געדינט, אָבער ר'איז יעשען-צייט אָפּגעשטאָרבן, דער אָרימער נעבעך.

— דער גלח האָט מיר שוין דערציילט וועגן זעם, גאָט מיי-

בער, איך זוך אים שוין פון יאָרן איבער אַלע אַרומיקע דערפער און געפונען אים נאָכן טויט.

— אונדזער קובען האָט עך געזוכט? — האָט וויטעק גע־רירט אויסגערופן.

— איז מוז דער פריץ זיין דעם וואָליער דזשעדזשיצס אַ ברודער?

— פונוואַנען קענט איר־זשע מיך?

— מענטשן האָבן טיילמאָל דערציילט, אַז דעם דזשעדזשיצס ברודער האָט זיך אומגעקערט פון די וואַרעמע לענדער און זוכט איבער די דערפער עפּעס אַ קובען, אָבער קיינער האָט זיך נישט געכאַפּט וועלכן.

— סאָכען, ערשט היינט האָב איך מיך דערוווסט, אַז ער האָט בײַ אייך געדינט און ער איז געשטאָרבן.

— מ׳האָטן אונטערגעשאָסן, ס׳בלוט איז אַנטגאַנגען און ר׳איז געשטאָרבן, געשטאָרבן! — האָט וויטעק מיט טרערן אויסגערופן.

— לאַנג איז ער בײַ אייך געווען?

— פון שטענדיק אָן, צייט איך געדענק נאָר, האָט ער שטענדיק געדינט בײַ די באָריגעס.

— מ׳זאָגט, אַז ער איז געווען אַפּנים אַן ערלעכער? — האָט ער נישט דרייסט אַ פרעג געטון.

— און נאָך ווי אַזוי, ס׳גאַנצע דאָרף קען דאָס באַשטעטיקן, אַלע, אפילו דער גלח האָט געוויינט בײַם באַגראָבן און האָט גאָר־נישט גענומען פאַר דער תפילה אָפּריכטן.

— און מיך האָט ער פאַטשערזש געלערנט און שיסן האָט ער מיך געלערנט און ווי אַן אייגענער פאָטער האָט ער אויף מיר אַכטונג געטון! און צו צעבערלעך מיר טיילמאָל געגעבן און... — ר׳האָט אַרויסגעזעצט מיט אַ געוויין בײַם דערמאָנען זיך

— און אַ פרומער איז ער געווען, אַ שטילער, אַן אַרבעטס־זאַמער פּאַראָבעק, אַז נישט איינמאָל האָט אים דער גלח אַליין געלויבט...

— אויף ענקער צמענטאַרזש האָט מען אים באַהאַלטן?

— נאָר ערגעץ אַנדערש?

— יעך ווייס וווּ, כ׳קען וויזן. יאַמבראַזשי האָט אים אַ גלם אַנידערגעשטעלט אין ראָך האָט אויף אַ ברעטל אַלץ אַרויסגעשריבן, וואָס כאָטש ס׳איז פאַרווייעט מיט שניי, וועל איך פונדעסטוועגן טרעפן און כ׳קען צופירן — האָט וויטעק אויסגערופן.

— אין לאָמיר באַלד גיין, כדי מ׳זאָל מיר נאָך, איידער די נאַכט פאַלט צו, דאַנושען.

דער אומבאַקאַנטער האָט זיך אָנגעטון דעם פעלץ און אַ לאַנגע ווײַלע איז ער אין מיטן שטוב געשטאַנען, ערגעץ-ווו פאַר זיך פאַרקוקט. ר׳איז שוין געווען אַן אַלטער, עטוואָס אייגעהויקערט, אַ גרויער, דאַר ווי אַ שפּאָן; אַ פנים האָט ער געהאַט אַ צעאַקערטס און פון ערד-קאָליר, אַ לעכל אין דער רעכטער באַק — אַן אַלטער צייכן פון אַ קויל, אין אַ רויטן, לאַנגן שראַם איבערן אויג, אַ לאַנגע נאָז, אַ קושאַקעדיק, שיטער בערדל און טיף אייגעפאַלענע, נאָר העל לייכטנדיקע טונקעלע אויגן; דאָס ליולקעלע צווישן די ציין האָט ער אויף קיין רגע נישט אַרויסגעלאָזט און בסדר געהאַלטן עס אין איין פאַרייכערן. ענדלעך האָט ער זיך אַ ריר געטון און ר׳האָט געוואָלט געבן עפּעס געלט יאַגושן, אָבער זי האָט אַרונטערגענומען די הענט הינטער זיך און איז רויט געוואָרן.

— געמטס, אומזיסט גיט מען גאָרנישט אויף דער וועלט...

— אוודאי, אין דער וועלט איז אפשר אַזאַ מאָדע; אַ ייד בין איך, צי עפּעס אַ הענדלער, וואָס וועט זיך פאַר פייער און פאַר וואַסער הייסן באַצאָלן! — האָט זי אַ באַליידיקטע געשעפּטשעט.

— זאָל ענק גאָט באַצאָלן פאַר דער גאַסטפריינטלעכקייט! זאָגטס ענקערן, אַז ס׳איז דאָ געווען יאַצעק פון וואָליע. ער וועט זיך דערמאָנען אָן מיר, כ׳וועל נאָך דאָ ווען אַמאָל אַרייַנבליקן צו ענק, אַצינד האָב איך קיין צייט נישט, וואָרן די נאַכט פאַלט צו, זייט מיר געזונט.

— גייטס געזונטערהייט!

זי האָט אים געוואָלט אַ קוש טון אין דער האַנט אַריין, אָבער ער האָט זיך אויסגעריסן און פֿלינק פֿון דער כאַלופּע זיך אַרויסגעלאָזט.

אויף דער ערד איז אַראָפּגעפֿאַלן די ערשטע, קוים באַמערקבאַרע פֿינסטערניש, דער ווינט האָט אויפֿגעהערט, נאָר פֿון דעם אָנגעוויייעטן שניי, וואָס איז אין גאַנצע טאַמעס אין דער ברייט פֿון וועג געלעגן, האָט געפֿרישעט אַ טרוקענער, דראָבנער שניי, גלייך עמעצער וואָלט אַ זיפּ פֿון מעל אויסגעקלאַפּט. אָבער נאָר פֿון אינטן האָט נאָך אַזוי געטויבט און געשיט, וואָרן אינדערהייך האָט זיך שוין געהאַט איינגעשטילט, אַזוי, אַז די הייזער פֿון די סעדער האָבן אויף דער העלקייט שוין אַרויסגעשטאַרט און זיך אַרויסגעזען אין דעם שוואַכן, בלויליכן גלאַנץ פֿון בין־השמשות.

און דאָס דאָרף האָט זיך גלייך ווי אויפֿגעכאַפּט פֿון דער פֿאַרשטאַרטקייט, ס׳האָט אָנגעהויבן ווימלען אויף די וועגן, די הייף האָבן מיט שטימען אויפֿגעקאָכט, ווו־נישט־ווו האָט מען זיך גענומען דעם שניי פֿון פֿאַר די כאַלופּעס אָפּוואַרפֿן, אויסגעהאַקט אין סטאַוו לעכער אין אייז; מ׳האָט געטראָגן וואַסער, מ׳האָט די טויערן אין די שייערן אויפֿגעעפֿנט, אַזוי, אַז דאָס קלאַפּן פֿון די צעפּעס האָט זיך העכער איבער די וועגן צעטראָגן, ווו־נישט־ווו האָבן זיך שוין אויך שליטנס מיט מי אַ וועג אַדורכגעאַרבעט, אפֿילו קראָען האָבן זיך אויף די הייף באַוויזן, וואָס דאָס איז געווען אַ זיכערער סימן, אַז ס׳גייט צו אַן ענדערונג.

פֿאַן יאַצעק האָט זיך בייגעריק אַרומגעקוקט, טיילמאָל וועגן די באַגעגנטע מענטשן זיך געפֿרעגט, דאָ וועגן די כאַלופּעס, און ר׳איז געגאַנגען אַזוי מונטער, אַז וויטעק איז אים קוים נאָכגעלאָפֿן, נאָר לאַפּאַ איז געלאָפֿן פֿאָרויס און מיט פֿרייד צוגעבילן.

פֿאַרן קלויסטער זענען געלעגן אַזעלכע שרעקלעכע קופּעס אָנגעוויייעטער שניי, אַז זיי האָבן אינגאַנצן די פּלעטער צוגעלייגט און כמעט ביז איבער די צווייגן פֿון די ביימער דערגרייכט. זיי האָבן געמוזט אַרומקרייזן מיט דער אַנדערער זייט לעבן דער פּלעבאַניע, אַנטקעגן וועלכער אַ גאַנצע מחנה שקצימלעך האָבן זיך

אַרומגעיאָגט מיט אַזעלכע געוואַלטן און געוואָרפן זיך מיט שניי, און ווייל לאַפּאַ האָט געבילן אויף זיי, האָט אים עמעצער אָנגעכאַפּט באַם רוקן און אַ וואָרף אַרײַן געטאָן אין דעם פּוכיקן, נאָך שטויביקן אָנגעוויייעטן שניי. וויטעק איז אַ שפּרונג געטאָן צו הילף, אָבער ער האָט אויך אַרײַנגעכאַפּט אַ פּאָר בישקשהדיקע קוילן, אַז ער האָט זיך קוים אַרויסגעראַבעשעט. ער האָט קוים באַוויזן עפּעס צוריקצוואַרפן און גיך אַוועקגעלאָפן, וואָרן דער פּאַן יאַצעק האָט נישט געוואַרט.

זיי האָבן זיך קוים אַדורכגעקאָפּעט אויפן צמענטאַרזש אַרויף, און אויך דאָרט איז געלעגן אַ שניי אויף אַ פויער די הייך, אַזוי פיל, אַז נאָר די אָרעמס פון די צלמים האָבן זיך איבער די טאַמעס און קופּעס שניי געשוואַרצט; דאָס אָרט איז אָבער געווען אַ ביסל אָפּן, האָט נאָך דער ווינט טיילמאָל אַ צי געטאָן און אַ שניי-שטויב האָט פון צייט צו צייט פאַרהילט אַלץ מיט אַ נעפּל, אַזוי אַז נאָר נאַקעטע ביימער האָבן זיך געזען וואַרפן הין און צוריק און מיט די שטאַמען געשים ערט. די פּעלדער אָבער אַרום זענען געווען ווי מיט אַ בעלמע פאַרצויגן, אינגאַנצן פאַרבלענדט און בלויע פון פינסטערניש, אַז מ'האָט גאַרנישט געקענט דערקענען, נישט קיין ביימער, נישט קיין קושאַקעס, נישט קיין וועלדער, — נאָר דאָ באַלד הינטערן צמענטאַרזש, איבער אַ פאַרשיט וועגל האָבן זיך געצויגן באַ אַ צענדליג מענטשן, שווער אָנגעלאָדנטע און אַראָפּגעבויגענע אַזש ביז צו דער ערד. דער שניי-שטויב האָט זיי וואָס אַמאָל פאַרדעקט, אַז זיי זענען אינגאַנצן פאַרפאַלן געוואָרן, אָבער ווען ס'איז געוואָרן שטילער, האָבן זיך וואָס אַמאָל נענטער געריסלט די וועלניאַקעס פון די פויערטעס און מ'האָט זיי איינציקווייז דערזען.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מענטשן, פון יאַריד קערן זיי זיך אום?

— ע, ס'איז קאַמאַרניקעס, זיי זענען אין וואַלד אַרײַן נאָך האָלץ געגאַנגען.

— און זיי טראָגן עס אויף די פּלייצעס!

— נו אוודאי, זיי האָבן נישט קיין פערד, מוזן זיי אויף די פּלייצעס שלעפּן.

— אַ סך אַזעלכע איז דאָ אין דאָרף?

— אוודאי, נישט ווינציק. נאָר די באַלעבאַטים האָבן גרונט, און די איבעריקע זיצן אויף קאָמאָרנע, און גייען אויפן פּאַרדינסט, אָדער שטעלן זיך דינגען.

— און אָפט גייען זיי דאָ נאָך האָלץ, האַ?

— איין מאָל אין דער וואָך דערלויבט דער הויף יעדערן מיט אַ קילקע צו קומען, וואָרן וויפיל צווייגן ער ברעכט זיך אָן און פאַרנעמט אין דער פּלאַכטע, דאָס איז זיין, נאָר באַלעבאַטים האָבן אַ רעכט מיטן וואָגן און מיט דער האַק צו פאָרן אין וואַלד אַריין... מיט קובען פלעג איך כסדר פאָרן, און נישט איין און איינציק מאָל פלעגן מיר מיט אַ גוט געמיט זיך אומקערן... וואָרן קובע האָט זיך געקענט אָפּשניידן עפּעס אַ גראַבינע און אונטער די צווייגן באַהאַלטן, אַז דער גאַיאָווע האָט בשום אופן נישט דערקענט — האָט ער מיט שטאָלץ אויסגערופן.

— לאַנג איז קובע קראַנק געווען, דערציילט אַלדינג.

פאַרשטייט זיך, אַז וויטעק האָט זיך נישט געלאָזט לאַנג בעטן און דערציילט, וואָס ער האָט נאָר געוווּסט. דער פאַן יאַצעק האָט אים נאָר איבערגעריסן מיט פראַגן, אָפּגעשטעלט זיך טיילמאָל פון אויפגערעגטקייט, די הענט צעשפּרייט, עפּעסטשיס אויפן קול אויסגערופן, אָבער דאָס שגל האָט זיך נישט געמיאַרקירט וועגן וואָס עס איז אים געגאַנגען און פאַרוואָס ער האָט זיך אַזוי געוווּנדערט, וואָרן אינדערמתן האָט ער נישט אַזוי גוט געדענקט. אַ פּחד האָט אים אַ דזשעבלע אַרומגענומען, ווייל ס'האָט זיך שוין געטונקלט און דער גאַנצער צמענטאַרזש האָט זיך ווי אין תכריכים אָנגעטון, און מיט פאַרשידענע שטימען גערעדט, איז ער דעריבער פאַרויס געלאָפן און מיט צעשראָקענע אויגן האָט ער געזוכט, ר'איז געשטאַנען אונטערן סאַמע פאַרקאַן, לעבן די צעזייעטע קברימלעך פון די דערהרגעטע אין דער מלחמה, לעבן וועלכע ער האָט אין טאָג פון הזכרת נשמות מתפלל געווען.

— אָט איז דאָס, וויפֿן צלם שטייט אויפֿגעשריבן, יאַקוב זייכאַ! — האָט ער זילבנווייז איבערגעלייענט, פֿירנדיק מיטן פֿינגער איבער די הייסע, גרויסע אותיות! — דאָס האָט ראַך אויפֿגעשריבן, און דעם צלם האָט יאַמבראָזשי געמאַכט!

פֿאַן יאַצעק האָט אים געגעבן צוויי גילדן און אים אײַליק באַהייסן זיך אומקערן אַהיים.

דאָס שגצל איז מיט גיכע טריט אַוועקגעלאָפֿן, און נאָר איינמאָל האָט ער זיך אומגעדרייט, כּדי אַ פֿייף צו טון אויף לאַכען און אַ קוק צו טון, וואָס יענער טוט.

— יעזוס! — דעם דזשעדזשיצאַס אַ ברודער און ער קענט באַ קובעס קבר — האָט ער אַ דערויש אונטער געשעפּטשעט, נאָר ווייל די נאַכט איז צוגעפֿאַלן און די איינגעבויגענע ביימער האָבן זיך עפּעס שרעקלעך געטרייסלט, האָט אים אַזאַ פּחד אַרומגענומען, אַז ער איז אין גאַלאָפּ, דאָס פֿעלד דורכהאַקנדיק, צום דאָרף צו אַוועקגעלאָפֿן. באַם קלויסטער ערשט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, כּדי צו כאַפּן אַ ביסל דעם אָטעם און אַ קוק צו טון אויפֿן געלט, וואָס ר'האָט פֿעסט אין דער [illegible] געהאַלטן. דער הונט האָט אים זיך גראַד צוגעיאָגט, אַזוי, אַז זיי האָבן שוין צוזאַמען און פֿאַמעלעך אין דער כאַלופּע אַרײַן אומגעקערט.

און לעבן סטאַוו האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף אַנטעקן, וואָס האָט זיך אומגעקערט פֿון דער אַרבעט. דער הונט האָט זיך צו אים אַ וואָרף געטון לעקן, בילן און צו סקאַמליען פֿון פֿרייד, אַזש אַנטעק האָט אים אָנגעהויבן צו גלעטן.

— אַ גוטער הונט, אַן ערלעכער, אַ גוטער! פֿונוואַנען גייסטו דאָס, וויטעק?

וויטעק האָט אַלץ דערציילט, פֿאַרשטייט זיך, אַז וועגן דעם געלט האָט ער גאָרנישט געזאָגט.

— וואָלסט אַמאָל צו די קינדער אַרײַנגעבליקט.

— כ'וועל קומען צו לויפֿן, כ'וועל קומען, כ'האָב אַפֿילו פֿאַר פּיעטרושן געמאַכט אַ וועגעלע און איין ליאַלקע...

— ברענג זי, נאָדיר אַ צענערל, זאָלסט נישט פֿאַרגעסן!

— אַט קום איך שוין צו לויפן, כ'וועל נאָר אַ קוק טון, צי דער באַלעבאָס איז ניט געקומען..

— זיי זענען דען נישטאָ אינדערהיים? — האָט ער מכלומרשט ווי גלייכגילטיק אויסגערופן, אָבער ר' האָט אַזש אַ ציטער געטון.

— עפעס עצהט מען זיך דאָרט באַם מילנער מיטן דזשעדזשיק און מיט נאָך אַנדערע!

— די באַלעבאָסטע איז אינדערהיים? — האָט ער שטילער אַ פרעג געטון.

— אינדערהיים, זיי פאָרען זיך. איז וועל איך נאָר אַ קוק טון און כ'קום באַלד צו לויפן...

— קום, קום! — האָט ער אַ שעפטש געטון, ר'האָט אים געוואָלט אויספרעגן, געוווּר ווערן, אָבער ר'האָט נישט געוואַגט, מענטשן האָבן זיך געדרייט הין און צוריק, כאָטש ס'איז שוין אפילו טונקל געוואָרן, און דערצו נאָך איז דאָס שגצל אַ נאַר, ער וואָלט זיך נאָך מיט עפעס אַרויסגעכאַפּט, צעפּלוישט. ער איז גיך אַהיימגעגאַנגען, אָבער פאַרן קלויסטער האָט ער זיך אויפמערקזאַם אַרומגעקוקט, צי קיינער זעט נישט און האָט זיך אָפּגעדרייט אָן אַ זייט, אויף דעם וועגל, וואָס ציט זיך הינטער די שייערן!

וויטעק ווידער איז אַוועקגעלאָפן אין כאַלופּע אַריין.

באָרינע איז נאָך נישט געווען, אין שטוב איז געווען פינסטער, וואָרן נאָר אויפן קוימען האָבן נאָך גלאָווניעס געגליט. יאַגנע האָט זיך געפּאָרעט אַרום די נאַכטיקע אַרבעטן, נאָר זי איז געווען בייז, ווייל יוזקאַ איז ווידער ערגיטש-ווו פאַרפאַלן געוואָרן, און אַרבעט איז געווען אַזוי פיל, אַז זי האָט נישט געוווּסט, צו וואָס זיך צו נעמען פריער! זי האָט אפילו נישט געהערט וויטעקס דערציילן, ערשט דאַמאָלס, ווען ער האָט דערמאָנט וועגן אַנטעקן, איז זי פּלוצלינג שטיין געבליבן און די אויערן אויפגעשטעלט..

— זאָג נישט קיינעמען, אַז ער האָט דיר געגעבן אַ צענערל.

— אַז צ'הייסט, איז וועל איך אפילו די שאַרע נישט אַרויסלאָזן.

— גאָדיר נאָך איינס, און זאָלסט געדענקען. ר'איז געגאַבגען אַהיים?...

ניין, זי האָט שוין נישט געוואַרט אויף זיין ענטפער, זי האָט זיך פּלוצלינג פון אָרט אויפגעריסן, און ווי מיט שרעק איז זי אויפן גאַנעק אַרויסגעלאָפן און אָנגעהויבן רופן פיעטרעקן, און מיט אַ צעשראָקענעם און וואַכזאַמען בליק איז זי דעם סאָד און דעם הויף דורכגעלאָפן. אפילו הינטער דער שאָפע, הינטער דער סטערדע האָט זי אַ בליק געוואָרפן, אָבער ס'איז קיינער נישט געווען... זי האָט זיך גיך באַרויקט, אָבער ס'האָט זי אַזאַ אומעטיקייט צענומען, אַז זי האָט אָנגעהויבן שרייען אויף יוזקען און צוטרייבן זי, אַז זי זאָל שנעלער די בהמות אַ טרונק צוגרייטן, און אויסרעדן איר, אַז זי שלעפט זיך שטענדיק איבער די כאַלופעס אַרום און טוט גאָרנישט. פאַרשטייט זיך, זי איז געווען אַ האַרט שטיק, אַ פּיסקאַטע, און אַ פאַרביסענע, איז האָבן זיי זיך באַ די קעפּ אַרומגעריסן.

— פּיסקעווע, פּיסקעווע, דער טאַטע וועט קומען, וועט ער דיך באַלד שטיל מאַכן! — האָט יאַגנע זי געדראָעט, אָנצינדנדיק דעם לאָמפּ און ווידער זיך נעמענדיק צום שפּינען. זי האָט שוין גאָרנישט געענטפערט אויף יוזקעס מורמלען, וואָרן ס'האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז עס גייט עמעצער הינטערן זייטיקן פענסטער...

— וויטעק, קוק נאָר אַרויס, אַ חזירל האָט געמוזט פון כליוו אַרויסקריכן און שלעפּט זיך דאָרט אַרום איבערן סאָד.

אָבער וויטעק האָט פאַרזיכערט, אַז ער האָט אַלע פאַרטריבן און האָט די טיר צוגעמאַכט; יוזקאַ איז אַוועקגעגאַנגען אין דער צווייטער זייט אַריין און צוזאַמען מיט פיעטרעקן אַרויסגעטראָגן פאַמעשעפער מיט אַ טרונק פאַר די קי, און דערנאָך איז זי געקומען צו לויפן נאָכן שקאָפּיק צום מעלקן.

— כ'וועל שוין אַליין אויסמעלקן, רו דיך אָפּ, אַז דו האָסט דיך שוין אָנגעפּראַצעוועט!

— איז מעלקטס ענק אַליין, וועט עץווידער האַלב מילך
אין די אייטערס איבערלאָזן! — האָט זי יוזקע צוגעדריקט.
— פאַרמאַך דעם פיסק! — האָט זי מיט כעס אַ קוויטש
געטון, זי האָט אָנגעטון די טרעפּעכ, פאַרשאַרצט דעם וועל-
ניק, פאַרנומען די שקאָפּקעס און אין שטאַל אַריין אַוועקגע-
גאַנגען.
דער אָוונט איז שוין געהאַט צוגעפאַלן, דער ווינט האָט
אויפגעהערט, די זאַווערוכע האָט זיך איינגעשטילט, אָבער דער
הימל איז געהאָנגען אַ שוואַרצער, אַן אומאויסגעשטערנטער, מיט
וואָלקענעס אָנגעפילט, אַ נידעריקער; די שנייען האָבן זיך טריב
בעגרויט, עפּעס אַ טרויעריקע, פיינלעכע שטילקייט האָט די וועלט
צוגעדריקט, קיין שום שטימע האָט זיך פון דאָרף נישט דער-
טראָגן, און נאָר ערגעץ ווו פון אַ קוזשניע, האָבן זיך געטראָגן
ווייטע, טויבע קלעפּ פון האַמערס.
אין דער שטאַל איז געווען פינסטער און דושנע, די קי
האָבן געכלעפּטשעט דעם טרונק און הויך געשאַרעוועט מיט די
לעקערס איבער די דנאָען פון די פאַמעשעפער און אַלע מאָל
שווער צוגעכטענקעט.
יאַנגע האָט, אין דער פינכטער אָנטאַפּנדיק, דאָס בענקעלע
געפונען, אַנידערגעזעצט זיך צו דער ערשטער קו פון עק, אָנגעטאַפּט
דאָס אייטער, אָפּגעווישט עס מיטן פאַרטוך און אָנשפּאַרנדיק דעם
קאָפּ אָן דער קוס קאַלדון, האָט זי אָנגעהויבן מעלקן.
אַ שטילקייט האָט זי אַרומגענומען, כדי זי זאָל דאָס
לייכטסטע גערויש שאַרף דערהערן; די מילך האָט כסדר געזיגן אין
שקאָפּיק אַריין, פון דער פערד-שטאַל האָט זיך דערטראָגן אַ
טופּן פון די פערד, דאָ פון דער כאַלופּע אַ פאַרשטיקט אָבער
גיפטיק ברומען פון יוזקען.
— זי גאַדערט און די קאַרטאָפל שיילט זי נישט אָפּ! —
האָט זי אַ מרוק געטון און פלוצלינג שטיל געבליבן, איינהאָרכנ-
דיק זיך, וואָרן דער שניי האָט אַ סקזשיפּע געטון אויפן הויף,
גלייך ווי עמעצער וואָלט פון דער רעכטער זייט געגאַנגען, פון
דער שאָפּע, ווי עס ווייזט אויס, פאַמעלעך... אַפילו אָפּגעשטעלט

זיך... האָרן אויף אָן איינגבליק איז שטיל געוואָרן... מ'איז ווידער געגאַנגען... דער שניי האָט אַלעמאָל נענטער געפּרישעט... זי האָט אָפּגעבויגן דעם קאָפּ און אין דער גרויער טיר־עפנונג אַ קוק אַרויס געגעבן... ס'האָט אין איר עפּעס אַ נישט שאַרף געשטאַלט אַ שימער געטון...

— פּיעטרעק!... — האָט זי אויסגערופן.

— שטילער, יאַגוש, שטילער!

— אַנטעק!

זי איז פאַרצאַפּלט געוואָרן אינגאַנצן און יעדער פּיצל קראַפט איז איר אָפּגענומען געוואָרן, אַז זי האָט קיין וואָרט נישט מער אַרויסגעברענגט, זי האָט זיך קיין ריר נישט געקענט טון, נישט קיין טראַכט טון האָט זי געקענט, זי האָט אין אומבאַוווסטזיין געצויגן באַ די אייטערס, אַז די מילך האָט באַר אויפן וועלביאַק און אויף דער ערד געשפּריצט. אַ היץ האָט זי אַרומגענומען און ווי אַ פייער־פלאַמיקער ווינט וואָלט איר איבערן פּנים געבלאָזן, מיט בליצן פאַר די אויגן געבלענדט, מיט אַ זיסקייט דאָס האַרץ פאַרגאָסן, און ס'האָט זי עפּעסטשיס אַזוי באַם האַלדז אָנגעכאַפּט און אין דער ברוסט פאַרשטיקט, אַז ס'איז אַ וווּנדער, וואָס זי איז קיין טויטע נישט אַנידערגעפאַלן...

— פון די סאַמע הגאות אָן האָב איך אויף דיר געטשאַטעוועט, יעדן טאָג, יעדן אָוונט האָב איך ווי אַ הונט געוואַכט הינטער דער סטערדע, ביסט נישט אַרויסגעקומען... — האָט ער געשעפּטשעט.

און דידאָזיקע פאַרשטיקטע ליידנשאַפטלעכע שטימע, פאַרברענט מיט דער קראַפט פון ליבע, אָנגעפּוילט מיט לוסט האָט זי ווי מיט אַ זידיקייט, מיט פייערן, זיסקייט, געשריי פון מאַכט אָפּגעגאָסן... ר'איז געבליבן שטיין אַנטקעגן איר, זי האָט געפילט, אַז ער האָט זיך אויף דער קוי אָנגעשפּאַרט, זיך איינגעבויגן, און קוקט אויף איר פון אַזוי נאָנט, אַז זיין הייסער אָטעם האָט אים אין קאָפּ געבריט.

— האָב נישט קיין מורא, יאַגוש. קיינער האָט נישט געזען, האָבן נישט קיין מורא. כ'האָב שוין נישט געקענט אויס־

האַלטן, נישט געקענט מיר קיין עצה געבן. און סײַ באַטאָג, סײַ באַנאַכט, סײַ בײַ יעדן מאָל, שטענדיק שטייסטו פאַר מיר, אויף די אויגן הענגסטו מיר, יאַנוש; װעסטו מיר גאָרנישט זאָגן?

— װאָס זאָל איך דיר זאָגן, האַ? — האָט זי מיט אַ פאַר־חײַנטער שטימע געענטפערט.

זיי זענען בײדע אַנטשװיגן געװאָרן. ס'האָט זיי אָטעם פאַרפעלט, די גערירטקייט האָט זיי געשטיקט און די דאָזיקע גאַנצ־קייט, די אויסגעבענקטע אײַנזאַמקייט, די נאַכט, האָט אויף זיי אַזאַ אָנמאַכט, אַזאַ זיסע שװערקייט, אָבער דערבײַ אויך אַ מאָד־נע שרעקעװדיקייט אָנגעװאָרפן! זיי האָבן זיך געריסן איינס צו ס'אַנדערע, און אַצינד איז זיי אַפילו אַ װאָרט אַרױסצורעדן שװער געװען, זיי האָבן זיך קעגנזײַטיק באַגערט, און קיין האַנט צו זיך אויסצושטרעקן איז אוממעגלעך געװען — האָבן זיי גע־שװיגן.

די קו האָט הויך געכליפּעטשעט דעם טרונק און אַזוי גע־פּאַטשט מיטן װײדל אויף די זײַטן, אַז אַלעמאָל האָט זי אים אַ שמיר געטאָן איבערן פּנים, ביז ער האָט אים פעסט צוגעהאַלטן, בעסער זיך איבער דעם גאַנצן אַריבערגעבויגן, און װידער אַ שעפּטשע געטאָן:

— נישט איך שלאָף, נישט איך עס, נישט איך קען אַר־בעטן צוליב דיר, יאַנוש, צוליב דיר...

— און מיר איז אויך נישט לײַכט, נײַן...

— האָסט כאָטש געטראַכט אַמאָל װעגן מיר, יאַנוש, האָסט געטראַכט?...

— האָב איך דען געקענט נישט טראַכטן, אַז כסדר שטעקסטו מיר אין קאָפּ אַרײַן, כסדר, אַז כ'קען מיר שוין קיין שום עצה נישט געבן. איז דאָס אמת, אַז דו האָסט צוליב מיר מאַ־טיושן צעהרגעט?

— ס'איז אמת. ר'האָט געציגײַנערט װעגן דיר, איז האָב איך אים דעם פּיסק אײַנגעהאַקט, און יעדן אײנציקן װעל איך דאָס זעלבע טון!

די טיר פֿון דער כאַלופּע האָט אַ זעץ געטאָן און עס שטשיס איז גיך איבער פֿאַדוואָריש געלאָפֿן, גלײַך צו דער שטאַל, אַז אַנטעק האָט קוים געדאַנושעט אין די זשלויבן אַ אײַנצושפּאַ־נען און דאָרט זיך אויסצוציִען.

— יוזשקאַ האָט מיך געהייסן ברענגען די פּאָמעשעפּער, וואָרן מ'דאַרף די חזירים צו פֿרעסן צוגרייטן.

— נעם ביידע נעם! — האָט זי קוים אַרויסגעכלישניעט.

— אַ, די ליסוליאַ האָט נאָך נישט אויסגעטרונקען, כ'וועל דערנאָך קומען צו לויפֿן.

וויטעק איז אין איילעניש אַוועקגעלאָפֿן, מ'האָט געהערט, ווי די טיר האָט ווידער אַ זעץ געטאָן, דעמאָלס האָט זיך ערשט אַנטעק אַרויסגערוקט פֿון באַהעלטעניש.

— ר'וועט צוריקקומען די שטשערווע... כ'וועל אַהינטער־גיין הינטער דער סטערדע, כ'וועל צוּוואַרטן, וועסט אַרויסקומען, יאַגוש?

— כ'האָב מורא...

— קום, אַפֿילו אין אַ שעה אָדער כאָטשביק צוויי, און וואַרטן וועל איך, קום.. — האָט ער געחלשט פֿאַר איר.

ער האָט זיך צוגערוקט פֿון הינטן, וואָרן זי איז אַלץ נאָך געזעסן לעבן דער קו, די מעלטיק אַרומגענומען אַרום די ברוסטן, אַריבערגעבויגן דעם קאָפּ אויף אַ הינטער און ר'האָט זיך אַזוי שטאַרק מיט די ליפּן אין איר מויל אײַנגעזויגן, אַז זי האָט דעם אָטעם פֿאַרלוירן. די הענט האָבן זיך איר אַראָפּגעלאָזט, דער שקאָפּיק איז אויף דער ערד אַראָפּגעפֿאַלן; זי האָט דאָס באַוווּסט־זײַן פֿאַרלוירן, אָבער זי האָט זיך וואָס אַמאָל מער אויסגעשטיקט און אַזוי ברענענדיק זיך צו זײַנע ליפּן צוגעדריקט, אַז זיי זענען אויף טויט צונויפֿגעשלאָסן געוואָרן; זיי זענען איינער דעם אַנ־דערן אין די אָרעמס אַרײַנגעפֿאַלן און אַ לאַנגע ווײַלע האָבן זיי אַזוי געדויערט אין אַזאַ שגעונדיקן ווילדן, אומבאַוווּסטזיני־קן קיש.

ענדלעך האָט ער זיך אַוועקגעריסן און שטילערהייט פֿון שטאַל אַרויסגעלאָזן.

זי האָט זיך אויפגעריסן, כדי אים נאָכצושפּרינגען, אָבער בלויז מיטן שאָטן האָט ער נאָר אַ שימער געטון אויף דער שוועל און איז אין דער נאַכט אַריין פאַרפאַלן געוואָרן. ר'איז שוין נישט געווען, נאָר דער שטילער, ברענענדיקער שעפּטש האָט אין איר געפלאַקערט אַזוי שטאַרק, און אַזוי שטראָפנדיק, אַז זי האָט זיך מיט פאַרוווּנדערונג איבער דער שטאַל אַרומגעקוקט... ס'איז שוין טאַקע קיינער נישט געווען; די קי האָבן נאָר די פּאַשע געקייט און געפּאַטשט מיט די וויידלען. זי האָט אַרויסגעקוקט אין הויף אַריין, די נאַכט איז פאַר דער שוועל מיט אַ נישט-דורכדרינגלעכער פינסטערניש געשטאַנען, אַ שטילקייט האָט די וועלט צוגעדריקט, נאָר אַזוי פיל, וואָס דאָס קוואָקען פון די האַמערס האָבן אין די ווייטקייטן אָפּגעקלונגען... און ר'איז דאָך געווען, ר'איז דאָך געווען... געשטאַנען לעבן איר, זי אַרומגענומען, געקושט... די ליפּן ברענען נאָך, פייערן גייען איר ווי בליצן נאָך דורך און דאָס האַרץ איז איבערגעפולט מיט אַזאַ פריידנס-געשריי, אַז נישט צום איבערגעבן! יעזוס, מיין יעזוס! ס'האָט זי עפּעס אונטערגעהויבן און אַ טראָג געטון, כאָטשביק אין דער ווייטער וועלט אַוועק, באַלד, אין דעם אויגנבליק אַפילו, און זי וואָלט געגאַנגען מיט אים דאָרט אַהין!... יאַנטאָש! — האָט זי אין אומבאַוווּסטזיין אויסגעשריגן און איר אייגענע שטימע האָט זי ערשט צום באַוווּסטזיין אומגעקערט. זי האָט זיך מיט אַלע כוחות צוגעאיילט מיטן מעלקן, אָבער זי איז אַזוי אויפגעטרייסלט געווען פון גליק, אַז גייענדיק אין דער כאַלופּע אַריין, אויפן פראָסט, האָט זי ערשט דערפילט, אַז זי האָט אַ פייכט פּנים פון וויינען. זי האָט אַריינגעטראָגן די מילך, אָבער זי האָט זי פאַרגעסן דורכצוזייען, זי איז אַוועקגעלאָפן אין דער צווייטער זייט אַריין, ווייל זי האָט נאַסטקעס קול דערהערט, זי האָט צו איר גאָרנישט גערעדט און זיך אומגעקערט, צוגעפּוצט זיך פאַרן שפּיגעלע, דאַ האָט זי אַ פּאָר העלצער אונטערן פייער צוגעוואָרפן, דאָ האָט זי זיך פאַרטראַכט, אַז זי האָט עפּעס חיכטיקס צו טון... נאָר וואָס, אַז זי האָט זיך גאָרנישט געקענט דערמאַנען, גאָרנישט... נאָר דאָס איז איר געלעגן אין געדאַנק, אַז אַנטעק וואַרט הינטער דער

סטערדע, ער וואַרט... זי האָט זיך אַ צערייצטע איבער דער שטוב באַך אַ פּאָרע געטון, מיט דער פּאַטשיילע זיך אַרומגעדעקט און אַרויסגעגאַנגען.

זי האָט זיך שטיל לעבן די פענסטער דורכגעשאַרט און איז געגאַנגען מיט דער זייטיקער וואַנט צום שמאָלן דורכגאַנג צווישן סאָד און דער שאָפּע, וואָס איז געווען ווי מיט אַ דאַך פון די פאַרשנייטע צווייגן באַדעקט, אַז זי האָט זיך אַזש געמוזט איינבייגן.

אַנטעק האָט זיך באַהאַלטן לעבן פּלויט; ער איז אַ שפּרונג געטון צו איר ווי אַ וואָלף, כמעט זי איבערגעטראָגן און זי היבטער דער סטערדע, וואָס איז באַלד בײַם וועג געשטאַנען, אַוועקגעצויגן.

נאָר ס'איז זיי עפּעס נישט געגאַנגען הײַנטיקן טאָג, וואָרן אַזוי ווי זיי זענען נאָר אַרײַנגעקראָכן אין דער סטערדע, ווי זיי האָבן זיך אין קושן צוזאַמענגעגאָסן, האָט זיך באַרינעס הויכע שטימע שאַרף דערטראָגן:

— יאַגוש! יאַגוש!...

ווי אַ דונער וואָלט אין זיי אַרײַנגעזעצט, אַזוי זענען זיי זיך צעפלויגן. אַנטעק איז אַ שפּרונג געטון אָן אַ זײַט און אַראָפּגעבויגענערהייט הינטער די גערטנער זיך געטראָגן, און יאַגנע איז אַרײַנגעלאָפן אין הויף אַרײַן, נישט פילנדיק, ווי די צווייגן האָבן איר די פּאַטשיילע פון קאָפּ אַראָפּגעריסן און אינגאַנצן זי מיט שניי באַשיט. זי האָט דאָס פּנים מיט שניי איינגעריבן, אָנגענומען אונטער דער שאָפּע אַן אָרעם האָלץ און פּאַמעלעך, רויִק אין שטוב אַרײַן זיך אומגעקערט.

דער אַלטער האָט פון אונטערן שטערן אַפער עפּעס מאָדנע אויף איר אַ קוק געגעבן.

— כ'האָב אַרײַנגעבליקט צו דער שיוווליע, וואָרן זי סטענעט עפּעסטשיס און זי לייגט זיך . .

— כ'האָב דיך געזוכט אין דער שטאַל און דיך נישט געזען...

— ווייל דאַמאָלס האָב איך שוין געמוזט זײַן אונטער דער שאָפּע, כ׳האָב מיר אָנגענומען האָלץ.

— און ווו האָסטו דיך דאָס אַזוי אין שניי אײַנגעריכט?..

— ווו? פון דאַך הענגען אַראָפּ שניי-בערד, און אַז מ׳גיט זיך נאָר אַ שלאָג אָן, איז שיטן זיי זיך אויפן קאָפּ אַרויף — האָט זי זיך רויק פאַרענטפערט, אָבער דאָס פּנים האָט זי פון פייער אָפּגעדרייט, כּדי די רויטע פלעקן צו פאַרבאָרגן.

אָבער דעם אַלטן האָט זי נישט אָפּגענאַרט. ס׳הייסט גלײַך, אויג אויף אויג, האָט ער נישט געקוקט, ר׳האָט אָבער גאַנץ גוט געזען, אַז זי איז אינגאַנצן אין פלאַמען, רויט, און די צעגליטע אויגן גלאַנצן ווי אין אַ קרענק. עפּעס אַ טויבער, נישט קלאָרער חשד האָט זיך אים אַרײַנגעגליטשט אין האַרץ אַרײַן, אַ בייסנדיקע אייפערזוכט האָט אין אים אַ וואָרטשע געטון ווי אַ ווּנט און ווי אַ הונט זיך געצאַיעט. לאַנג האָט ער זיך געפּלאָגט און געטראַכט, ביז ענדלעך ס׳איז אים אײַנגעפאַלן אין געדאַנק, אַז דאָס האָט זי זיכער מאַטעוש באַגעגנט און ערגעץ-ווו צו אַ פּלויט צוגעשפּאַרט.

באַסטקע איז גראָד דערויף אַרײַנגעקומען, האָט ער דעריבער זיך גענומען זי בײַ דער צונג ציִען.

— וואָס איז, מאַטעוש, צפּנים, איז שוין געזונט, ר׳גייט אַרום?...

— ס׳דען, געזונט דאָרט!

— ס׳האָט מיר עמעצשטשיס געזאָגט, אַז מ׳האָט אים אַרום פאַרנאַכט-צו אַפּנים געזען אין דאָרף אַרומגיין... — האָט ער כיטרע אָנגעהויבן און אויפמערקזאַם געקוקט אויף יאַגנען.

— רכילותניקעס באַבשקען דאָרט, וואָס ס׳דאַכט זיך זיי נאָר אויס, מאַטעוש רירט זיך קוים, הייבט זיך אפילו פון בעט נישט אונטער, ס׳איז נאָר אַזוי פיל, אַז ער ברעכט שוין נישט מיט קיין בלוט. יאַמבראָווסקי האָט אים הײַנט געשטעלט באַנקעס, אַצינד האָט ער צוגערייט אָקשוויט מיט פאַרשידענע פעטיקייטן און זיי היילן זיך דאָרט בײַדע אַזוי פיין, אַז אויפן וועג הערן זיך זש די געזאַנגען.

— ר'האָט זיך שוין מער נישט אויסגעפרעגט, באַר פון די חשדים האָט ער זיך נישט באַפרייט.

און יאַגושיאַ הידער, ווייל דאָס שווייגן האָט זי זייער געמאַטערט און זיינע שפּיאָנירנדיקע אויגן האָבן איר קיין רו נישט געגעבן, האָט זי ברייט אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן פאַן יאַצעקס אַנוועזנהייט.

ער האָט זיך זייער פאַרטראַכט און אָנגעהויבן אויסצומיאַרקירן, וואָס דאָס האָט געקענט באַדייטן, ר'האָט זיך נישט ווייניק דעם קאָפּ געבראָכן, איבערגעקלערט, געטראַכט, יעדעס וואָרט באַזונדער אין קאָפּ זיך איבערגעלייגט, ביז ענדלעך ס'איז אים בפירוש אַרויסגעקומען, אַז דער פּריץ האָט אַרויסגעשיקט דעם פאַן יאַצעקן צו אים, כדי ער זאָל געוויר ווערן, וואָס דער עולם זאָגט וועגן דער פאַרעמבע.

— אַז ער האָט זיך אינגאַבצן נישט, וועגן אַלד גע-פרעגט.

— ס'דען, אַז אַזעלכער וועט דיך אויפן צוימל אַרויספירן, וועסטו באַרבישט פילן ווען, וואָס און ווי אַזוי דו האָסט דיך אַרויסגעפלוידערט. האָ, האָ, איך קען די דאָזיקע פּריצישע זרע.

— כ'זאָג ענק, אַז ער האָט זיך נאַר וועגן קובען און וועגן די אויסגעשוירענע רייזעלעך אויסגעפרעגט.

— ער קרייזט אַרום צווישן די מיעדזעס, כדי דעם וועג אויסצוקוקן! אין דעם מוז עפּעסטשיס זיין, עפּעס אַ פּריציש שטיקל, וואָרן ווי דען, אַ פּריצס אַ ברודער, וואָלט דאָרט אין זיי-בען געהאַט אַ קובען! אַ נאַר וועט נאָר אין אַזעלכע בבא-מעשיות גלייבן. מ'זאָגט, אַז דער דאָזיקער יאַצעק איז עפּעס אַ נאַרישע-וואַטער, טראָגט זיך שטענדיק איבער די דערפער אַרום, שפּילט אויף אַ פידל, אונטער די פיגורן און פלוידערט, וואָס איינס צום צווייטן קומט נישט. און ר'האָט געזאָגט, אַז ר'וועט קומען?

— ר'האָט געזאָגט, און וועגן ענק האָט ער זיך אויסגע-פרעגט.

— נע, נע, ס'קריכט מיר דאָס נישט אין קאָפּ אַריין.

— און צ׳האָט ענק געזען מיטן פריץ? — האָט זי ווייך אָנגעהויבן רעדן, אַבי נישט צו לאָזן אים לאַנג טראַכטן.

ר׳האָט זיך אַ וואָרף געגעבן, גלייך אַ בייזע פליג וואָלט אים אין ווייכן אָרט אַ ביס געטון.

— ניין, באַ שימאָנען בין איך די גאַנצע צייט געזעסן — האָט ער געזאָגט און איז אַנטשוויגן געוואָרן.

זי האָט שוין נישט געוואַגט מער צו פרעגן, וואָרן ר׳האָט זיך געוואָרפן איבער דער כאַלופע, ווי אַ משוגענער הונט, ווען אַ ליאַדע־וואָס האָט ער געשריגן, געטריבן, געכעסט זיך, אַז ס׳איז געוואָרן אַזוי שטיל, גלייך ווי עמעץ וואָלט מיט מאָן גע־זייעט, יעדער איז אים פון אונטער די אויגן געגאַנגען אָפּגעטרעטן, כדי פון אים קיין פּסק נישט צו כאַפּן.

און אין אַזאַ נישט אָנגענעמער שטילקייט האָבן זיי זיך געזעצט צו דער וועטשערע, ווי ראָך איז גראָד אַריינגעקומען. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט, ווי זיין געוויינהייט איז געווען, באַם פייער, עסן האָט ער נישט געוואָלט, און ווען זיי האָבן געענ־דיקט, האָט ער שטיל אויסגערופן:

— כ׳קום נישט פון מיר אַליין. אויפן דאָרף זאָגט מען, אַז דער פריץ האָט זיך פאַרעקשנט אויף ליפּצע און קיין איין פויער וועט ער צום האַקן נישט נעמען, בין איך געקומען מיך פרעגן, צי דאָס איז אמת?

— אין נאָמען פון פאָטער און זון, און פונוואַנען זאָל איך וויסן, ס׳ערשטע מאָל הער איך עס...

— ס׳איז היינט געווען אַ גאַראַדע באַם מילנער, פון דאָרטן שטאַמט אַ דאָס בייעס.

— ס׳האָבן זיך דאָרט געעצהט דער וואָיט, דער מילנער און דער קאָוואַל, אָבער נישט איך!

— וואָס הייסט, מ׳האָט געזאָגט, אַז דער פריץ אַליין איז באַ ענק געווען און אַז עץ זענט מיט אים מיטגעגאַנגען.

— כ׳האָב מיך מיט זיי נישט געעצהט, אַז צ׳ווילט — גלייבטס, כ׳זאָג ענק דעם אמת...

ר׳האָט זיך אָבער נישט מודה געווען, עס האָט אים זייער

ווי געטון דאָס אויסמיידן אים, און דאָס, וואָס זיי האָבן זיך אָן אים געעצהט!

ר'האָט זיך ווידער אויפגערעגט, ווען ער האָט זיך דאָס דער-מאַנט, אָבער ר'האָט געשוויגן, ר'האָט אַראָפּגעשלונגען די באַ-ליידיקונג ווי פּאַקזשיווּעס, זיך איינגעהאַלטן, ווי נאָר ר'האָט געקענט. אַבי ראָך זאָל נישט מיאַרקירן, וואָס אין אים טוט זיך!

דאָס הייסט! ר'האָט געוואַרט, ווי דער נאָר געשטאַנען און אויסגעקוקט, און זיי האָבן זיך אָן אים געעצהט! ר'וועט זיי דאָס נישט מוחל זיין, זיי וועלן אים האָבן צו געדענקען. ס'זעט אויס, אַז זיי האַלטן אים פֿאַר גאָרנישט, איז וועט ער זיי ווייזן, וואָס ער באַטייט אין דאָרף. נישט קיין אַנדערער, נאָר דער מילנער האָט דאָס געטון. אַזאַ פּאַראָנעק, אַ שלעפּער, דורך מענטשלעכע עוולות אַרויפגעאַרבעט זיך, און אַצינד ווילט ער זיך איבער מענטשן גרייסן; אַזאַ שווינדלער, ער ווייסט פֿון אים אַזעלכע גע-שעפטן, וואָס פֿאַר דעם קען אפילו קומען קרעמינאַל, ער חייםט... צי דער וואַיט אפילו! בהמות דאַרף ער פּאַשען, נישט מיט קיין עלטע־ע אָנצופירן, דער שיכור; מ'האָט אים געמאַכט פֿאַר אַ וואַיט, אָבער מ'קען דאָך אים מאָרגן אַזוי גוט אַ וואָרף אַראָפּ געבן אויך, און אויסקלויבן כאָטשביק יאַמבראָזשיק, מ'וואָלט געהאַט פֿון זיי אייגנס און דאָסזעלבע! און דער קאָוואַל, דאָס פֿאַרשטינקענע איידעמל! זאָל ער זיך נאָר פּרוּוון ווייזן אין שטוב אַריין! אָדער גאָר אפילו דער דזשעדזיק, ווי אַ וואָלף יאָגט ער זיך נאָך אַרום גאַנצן פֿאָלק, און לויפט אַרום, און שמעקט נאָר אויס ווו עפּעס אָפּצורייסן! אַ פּייִק, שטשורוע, זיצט אויף פּויערי-שער ערד, פֿאַרקויפט פּויערישן וואַלד, לעבט פֿון פּויערישער לאַס-קע, און ער וועט זיך דאָ קעגן פֿאָלק צוזאַמענרעדן! אַ שטשער-ווע, ער ווייסט גאָרנישט, אַז צו אַ פּריצישער פּעל טשעפּען זיך אויך אַזוי גוט צו די צינפּעס, ווי צו אַן אַנדערן! — אָבער ר'האָט קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט פֿון די אַלע מחשבות. אוודאי, ר'איז דאָך נישט קיין באַבע, אַז ער זאָל זיך פֿאַר אַנדערע דאָס האַרץ אויסרעדן און גוט-פֿרייגטשאַפֿט זוכן! ס'האָט אים שרעק-

לעך געגריזשעט, ס'האָט אים אפילו זייער געקרענקט, אָבער אַ זאַשע עמעצן צו וויסן! ר'האָט זיך באַלד געכאַפּט, אַז ס'איז נישט קיין דרך ארץ אַזוי פאַר אַ פרעמדן מיט אַ פאַרמאַכט מויל צו זיצן, האָט ער זיך אויפגעהויבן און אויסגערופן:

— נייעס, זאָגט עך, אָבער אַז דער פריץ וועט זיך פאַרעקשנען און וועט נישט רופן, וועט אים קיינער נישט נייטן.

— ס'איז אמת, אָבער אַז ס'זאָל אים עמעץ אַ בכבודיקער מענטש איבערצייגן, וויפיל מענטשן ס'וועלןליידן דערפון, איז וואָלט ער אפשר אָפּגעטרעטן.

— בעטן וועל איך אים נישט — האָט ער שאַרף אויסגערופן.

— און אַז באַ אַ צוואָנציק קאָמאָרניקעס זיצן אין דאָרף און קוקן אויס אויף דער אַרבעט ווי אויף אַ דערלייזונג! צ'ווייסט אַליין וועלכע, און דער ווינטער איז אַ שווערער, שנייען, פרעסט, נישט איינעם זענען שוין די קאַרטאָפליעס געפרוירן געוואָרן, און קיין שום פאַרדינסט איז נישטאָ. איידער די וויאָסנע וועט קומען, וועט זיך דיר מאַכן אַזאַ אָרימקייט, אַז ס'איז אַ שרעק אַ גראַכט צו טון! און ס'איז שוין אַצינד אַזוי אויך אַזאַ נויט, אַז נישט איינער עסט באָר איינמאָל אין טאָג אַביסל הייס געקעכץ און לייגט זיך שלאָפן מיט אַ הונגעריקן בויך! זיי האָבן אַלע גערעכנט, אַז ווי באָר דער פריץ וועט צוהייבן האַקן באַ די וועלפן-גריבער, וועט זיך פאַר אַלע מאַכן אַרבעט! און דאָ האָט ער זיך אָפּגים אַ שבועה געגעבן, אַז קיין איין ליפּצער וועט ער צו דער אַרבעט נישט צונעמען! ר'איז ביין געוואָרן דערפאַר, ווייל מ'האָט געזאָלט עפּעס אויף אים אָנקלאָגע שרייבן צום קאָמיסאַרוש.

— יעך האָב עס אַליין אונטערגעשריבן און כ'וועל מיך פעסט האַלטן דערביי, אַז ער וועט קיין איין כאַיאַק נישט אָפּשניידן, כל-זמן ער וועט מיט אונדז נישט אַדורכקומען און וואָס ס'איז אונדזער נישט אָפּגעבן.

— אַז ס'איז יאָ אַזוי, וועט מען אפשר דעם וואַלד אינגאַנצן נישט האַקן.

— אונדזערס וועט מען נישט האַקן.

— און ווי אַזוי וועלן זיך די אָרימעלייט אָן עצה־
געבן, האַ? — האָט ער אַ קרעכץ געטון.

— כ'קען זיי גאַרנישט העלפן, און כדי זיי זאָלן האָבן אַרבעט, וועל איך דאָך מיינס נישט אָוועקגעבן. כ'וועל אַנדערע אָפּהיטן, אָננעמען מיך פאַר ועמען, און אַז ס'וועט מיר געשען עפּעס אַן עוולה, איז וועט מיר אַכיבע דער הונט העלפן...

— פון דעם זע איך אַרויס, אַז עך האַלט נישט מיטן הויף.

— יעך האַלט מיט מיר און מיט דער גערעכטיקייט, דאָס מיאַרקירסט זנק. כ'האָב עפּעס אַנדערש אויפן קאָפּ. איך וועל נישט ווייגען, אַז וועלכער וואָיטעק אָדער באַרטעק, האָט נישט וואָס אין מויל אַריינצולייגן, דאָס איז דעם גלחס עסק, נישט מיינער. איין מענטש, ער זאָל אפילו וועלן, וועט ער אויך אַלע־מען נישט העלפן.

— אָבער אַ סך קענען יאָ העלפן, אַ סך — האָט ראָך טרויעריק צוגעוואָרפן.

— פּרוווטס נאָר מיט אַ פּזשעטשאַק*) וואַסער צו טראָגן, וועט עך זען, וויפיל צ'וועט אָנטראָגן, אַזוי איז מיט דער אָרימ־קייט; צוויי האָט שוין גאָט באַשאַפן און אַזוי, דאַכט זיך מיר, וועט בלייבן, אַז איינער האָט און דער צווייטער כאַפּט דעם הינט אין דו ויסן.

ראָך האָט נאָר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און איז אַרויסגע־גאַנגען אַ צעגריטער, וואָרן ר'האָט זיך נישט געריכט אויף אַזאַ האַרטקייט בנוגע מענטשלעכער נויט מצד באָרינען; דער אַלטער האָט אים אַרויסבאַגלייט פון הויף, און ווי ער האָט געוויינטלעך אַלע טאָג דאָס געטון, איז ער אַרומגעגאַנגען אַרום דעם פּאָד־וואָרע, אַריינגעקוקט צו די קי און צו די פערד, וואָרן ס'איז שוין שפּעט געווען.

יאַגנע האָט געבעט די בעטן און זי האָט גראָד דאָס אי־

---

*) אַ שיטערע זיפּ.

בערבעט אויפגערודערט, זאָגנדיק פּאַטשערוש מיט אַ האַלב קול. ווען מאַטשעי איז אַריינגעקומען און איר עפּעס אַ פאַרשנייעטע שמאַטע אונטער די פיס געוואָרפן.

— טיכער פאַרלירסטו, כ'האָב עס געפונען ליגן באַם פּלויט! — האָט ער שטיל אַ זאָג געטאָן, אָבער אַזוי האַרט, און אַזוי דורכ־דרינגלעך אויף איר אַ קוק געגעבן, אַז זי איז פון דערשטוינונג שיער נישט אָפּגעשטאָרבן און ערשט נאָך אַ ווײַלע האָט זי שטאַמלענדיק זיך אָנגעהויבן צו פאַרענטפערן:

— דאָס האָט... דער לאַפּאַ.. וואָס ער קען נאָר... שלעפּט ער אַרויס פון דער כאַלופּע.. נעכטן האָט ער מיר די טרעפּעס אין דער בודע אַריין פאַרשלעפּט! אַ שטשערוע נישט קיין הונט, אַזאַ שאַדנווינקל...

— לאַפּאַ?... טה... נע, נע... — האָט ער גיפטיק געשעפּטשעט, וואָרן ר'האָט איר לחלוטין נישט געגלייבט.

---

# VII

אין די דריי קרוליעס, וואָס זענען גראָד דאָס יאָר אויסגעפאַלן מאָנטיק, האָט דער עולם — איידער נאָך ס'האָט זיך געהאַט געענדיקט די אָוונט-תּפילה, פון וועלכער מען האָט נאָך געהערט דאָס שפּילן און געזאַנג פון קלויסטער — שוין פאַמעלעך געצויגן אין קרעטשמע אַריין. ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל נאָכן פאַסט און נאָך די חגאות וואָס ס'האָט געזאָלט פאָרקומען אַ מוזיק; דערצו האָבן זיך נאָך געגרייט די תּנאים פון מאַלגאָשקאַ קלענביאַנקען מיט וויצעק סאָכען, וועלכער האָט זיך געשריבן מיט זעלבן נאָמען, ווי דער פאַרשטאָרבענער קובאַ, אָבער דאָך אָפּגעלייקנט זיין קרובֿתשאַפט מיט אים; ער איז געווען נישט קיין אָרנטלעכער פאַראָבעק און האָט אַ סך געשטעלט אויף זייַנע פיר מאָרגעס.

מ'האָט אויך געזאָגט, אַז אפילו סטאַכאָ פלאָשקאָ, וועלכער האָט זיך שוין פון דעם קאַפּען אָן צוגעשאַרט צו אולישען דעם סאָלטיסעס, וועט זיכער הייַנט באַם טרינקען דעם ענין פאַרענדיקן און אַלץ פאַרגלייכן מיט דעם אַלטן, וועלכער האָט געקוקט

איך אים קרום און אים די טאָכטער אָפּגעזאָגט, ווייל כסאַבאַ איז געווען אַ געפערלעכער שלעגער, ווי אַ נישט איינגעהאַלטענער שטורעם-ווינט, און כּסדר זיך מיט די עלטערן אַרומגעריסן, און כאַ״אולישען האָט ער געוואָלט גאַנצע פיר מאָ״געס, אָדער צוויי טויזנט אויסגעצאָלטע אויף דער האַנט און צוויי קי־זיידלען אויף אַ צולאָג.

דער וואָיט האָט אויך געפּראַוועט הייגט דעם שמד, אָבער באַ זיך אין דער כאַלופּע. גאָר די אַלע באַקאַנטע האָבן אַזוי גערעכנט, אַז ווען ער וועט ווערן בגלופין, וועט ער אין שטוב נישט אויסהאַלטן און מיט דער גאַנצער קאָמפּאַניע זיך לאָזן אין דער קרעטשמע אַריין און וועט פּונדעווען.

אַחוץ ווידער די אַלע צוצוגעדיקע גוטע זאַכן, זענען געווען נאָך גרעסערע, וויכטיקערע ענינים, וואָס זענען אַלעמען גלייך אָנגעגאַנגען.

וואָרן אַזוי איז עס געשען, אַז בשעת דער סומע*), האָט מען זיך פון מענטשן פון אַנדערע דערפער דערוווּסט, אַז דער פּריץ האָט אַלע מענטשן, וויפיל ער האָט נאָר באַדאַרפט האָבן צו דער פאַרעמבע, שוין מושה געווען און האַנטגעלטער גע־געבן. פון רודקאַ האָבן געזאָלט גיין צען, פון מאַדליצע טופּצען, פון דעמביץ עפּעס באַ אַן אַכט, און בלויז פון דער זשעפּיצער שליאַכטע קנאַפּע צוואַנציק — און פון ליפּצע קיין איינער נישט. דאָס איז שוין געווען אַ קלאָרער און זיכערער אמת, וואָרן דער גאַיאָווע אַליין, וועלכער איז געווען אויף דער סומע, האָט דאָס באַשטעטיקט.

נישט קיין קליינע זאָרג איז געבעך אויף די אָרימע לייט געפאַלן, נישט קיין לייכטע.

אמת, אַז ס'זענען טאַקע געווען אין ליפּצע רייכע מיטן פולן מויל, ס'זענען אויך געווען קלענערע, וועלכע זענען דעסגלייכן נאָך קיין אַרבעט נישט געשטאַנען, ס'זענען ווידער אויך געווען

---

*) אַזאַ תּפילה אין קלויסטער.

אַנדערע, בײַ װעלכע ס'האָט אַזש געפּישטשעט פֿון נױט, אָבער זײ האָבן זיך דערצו נישט מודה געװען, כּדי דאָס גוטפֿרײַנטשאַפֿט מיט די רײַכע נישט אָנצוװערן און שטײן מיט זײ שטענדיק אין אײן שורה. — אָבער ס'זענען אױך געװען קאָמאָרניקעס, און אַזעלכע, װאָס האָבן מער נישט, װי נאָר די כאַלופּע געהאַט, האָט אױך נישט געפֿעלט: טײל האָבן בײַ די באַלעבאַטים בײַם דרעשן פֿאַרדינט, טײל מיט דער האַק בײַם טאַרטאַק, טײל װידער, װוּ עס האָט זיך נאָר געטראָפֿן עפּעס אַרבעט, און קױם עפּעס צונױפֿגעקראַצט, אַז זײ האָבן זיך מיט גאָטס זײַנער הילף װי ס'איז דערנערט. אָבער ס'זענען נאָך איבערגעבליבן בײַ אַ פֿינף פֿאַמיליעס, פֿאַר װעלכע ס'איז װינטער-צײַט אין דאָרף לחלוטין קײן אַרבעט נישט געװען, די טאַקע האָבן װי אױף אַ דערלײזונג אױף די פֿאָרעמבעס געװאַרט.

און אַצינד װאָס טוט מען?

ס'איז געװען אַ שרעקלעכער װינטער, װײניק װער ס'האָט אַן איבעריקן גראָשן געהאַט, נישט אײנעם האָבן זיך שױן די קאַרטאָפֿליעס געהאַט געענדיקט, אַן אָרימקײט איז אין כאַלופּע געװען, און דער הונגער האָט שױן פֿון הינטער די װינקלען אָפּער די צײן געשאַרפֿט; ביז װיאָסנע איז װײַט און קײן הילף איז נישטאָ פֿון ערגעץ, איז טאַקע קײן װוּנדער נישט, אַז אַ שװערע זאָרג איז אױף די הערצער געפֿאַלן, מען האָט זיך צונױפֿגעקומען אין די כאַלופּעס, איבערגעטראַכט זיך, ביז ענדלעך זײ זענען מיט אַ גאַנצער קופּע געגאַנגען צו קלאָנבן, אַז ער זאָל זײ אָװעקפֿירן צום גלח אױף אַ באַראַטונג. אָבער קלאָנב האָט זיך אױסגעדרײט מיטן תּירוץ פֿון דער טאָכטערס תּנאָים, אַנדערע האָבן זיך אױך ענלעך אױסגעדרײט פּונקט װי די שלײַען, װאָרן זײ זענען נאָר װעגן זיך געשטאַנען און זיך געהאַט זײערע חשבונות. האָט זיך דערױף באַרטעק פֿון טאַרטאַק שרעקלעך צעבײזערט, װאָרן כאָטש ער האָט געהאַט אַרבעט, האָט ער שטענדיק געהאַלטן מיט דעם אָרימערן עולם, — האָט ער צוגענומען צו זיך פֿיליפּן פֿון הינטערן װאַסער, סטאַכן, ביליצעס אײדעם, באַרטעק קאָזשיאָלן, װאַלעקן מיטן קרומען מױל און

פינף מאַן זענען אַוועקגעגאַנגען צום גלח בעטן, אַז ער זאָל זיך אָננעמען פאַר זיי באַם פריץ.

מען האָט זיי לאַנג נישט געזען, ערשט נאָך דער אָוונט־תפילה, איז יאַמבראָזשי געקומען צו לויפן צו די קאַבוסעס און געזאָגט, אַז זיי עצהבען זיך מיטן גלח און זיי וועלן באַלד קומען גלייך אין קרעטשמע אַריין.

און דערווייל איז דער אָוונט שוין צוגעפאַלן, די לעצטע הימל־רויטקייטן האָבן זיך דערטליעט ביזן גרונט, אַזוי, אַ באַר פון צייט צו צייט נאָך האָבן זיי אויף מערב־זייט פון דעם גרויען אַש אַרויס אַ גלי געטון, ווי אַ גלאָווניע, וואָס לעשט זיך שוין אויס, און די וועלט האָט זיך פאַמעלעך אין אַ בלויער גרויזאַמער פלאַכטע פון דער נאַכט איינגעהילט.

די לבנה איז נאָך נישט געווען, נאָר פון דעם טרוקענעם, דורכגעפרוירענעם עניי האָבן קילע, אייזיקע שטראַלן געשלאָגן, און וועלכע יעדער זאַך האָט אויסגעזען ווי אין תכריכים אָנגעטון און איינגאַבן ווי אָפּגעשטאָרבן; די שטערן האָבן זיך אויך אָבגעהויבן אויפן טונקעלן הימל אַרויסצושיטן, און זענען אַזוי געוואַקסן און געצטערט אין די הויכקייטן, אַזוי שאַרף געלויכטן, אַזש פונקען האָבן אויף די שנייען געבליצט. אַ שרעקלעכער פראָסט האָט גענומען, און ס'האָט אַזוי געפייערט, אַז ס'האָט אַזש אין די אויערן געקלונגען, און דאָס שטילסטע קול אפילו האָט זיך איבער דער גאַנצער וועלט געטראָגן.

אין די כאַלופּעס האָט מען פייערן אָנגעצונדן און צוגעאײַלט זיך מיט דער אָוונט־באַלעבאַטישקייט, מען האָט נאָך וואַסער פון סטאַוו געטראָגן, ס'האָט נאָך טיילמאָל אַ טויער פון אַ שייער אַ סקושיפּ געטון, אָדער עפּעס אַ בהמהלע האָט זיך ערגעץ אָנגערופן, דאָ האָט עמעצשטשיס זיך מיט אַ שליטן ערגעץ געאײַלט, און מענטשן זענען מיט גיכע טריט איבער די הייף געלאָפן, וואָרן ס'האָט געבריט אין די פּנימער ווי מיט צעגליט אייזן, און ס'האָט דעם אָטעם פאַרהאַלטן, אָבער דאָס דאָרף האָט זיך שוין איינבעשטילט איינגאַנצן.

נאָר פון דער קרעטשמע האָבן זיך וואָס אַמאָל שטאַרקער די טענער פון דער מוזיק צעטראָגן, וואָרן אוודאי, אַז כמעט פון יעדער כאַלופּע האָט זיך עמעצשטשיס דאָרט איבערגעטון צו די תנאים. אַנדערע ווידער, וועלכע האָבן צו די תנאים און צו די פאַרשידענע ענינים קיין שום שייכות נישט געהאַט, זענען אויך געגאַנגען, וואָרן דער בראָנפן האָט זיי געשמעקט. און וויל די ווייבער איז אויך אומעטיק געווען אַליין צו בלייבן און די שיקסעס האָבן אַזש געפּישטשעט צו די שטיפערייען און אויף דער מוזיק מיט די פיס שוין פון איינעם אויפן אַנדערן איבער-געטרעטן, זענען זיי אויך איינע נאָך דער אַנדערער, נאָך איידער ס'איז אינגאַנצן פינסטער געוואָרן, בגנבה צו דער קרעטשמע גע-לאָפן, מכלומרשט די מענער אַהיימצוטרייבן, אָבער זיי זענען שוין איבערגעבליבן. פאַרשטייט זיך, אַז נאָך די טאַטעס און די קינדער, זענען די עלטערע, באַזונדערס די יינגלעך שוין אויך נאָכגעגאַנגען, זיי האָבן זיך מיט אַ פייפן פון די הייף אַרויס צו-זאַמענגערופן און זענען אינאיינעם געגאַנגען, פאַרלייגנדיק דאָס פעדערהויז פון דער קרעטשמע און די פּויזבעס, כאָטש דער פראָסט האָט מיט פלאַמענדיק פייער געבריט.

אין דער קרעטשמע האָט זיך שוין געהאַט צוזאַמענגע-קנוילט אַ נישקשהדיק געדיכטעניש.

אַ פּעסט פייער האָט געבוזעוועט אויפן קוימען, אַז אַ האַל-בע שטוב איז פאַרגאָסן געוואָרן מיט אַ בלוטיקער ליכטיקייט פון די שטשאַפּעס, וואָס דער ייִד האָט כסדר דעם מיידל געהייסן צולייגן, וואָרן ווער ס'איז נאָר אַריינגעקומען, האָט אָפּגעקלאַפּט די שטיוול אָן דער קיך, אָנגעוואַרעמט די פאַרשטאַרטע הענט און איז אַריין אין דעם ענגשאַפט זיינע נאָנטע אָפּצוזוכן, וויל נישט קוקנדיק אויפן פייער און אויפן לעמפּל איבערן שענקפּאַס, איז אַ פינסטערניש אין די ווינקלען געווען, אַז ס'איז שווער גע-ווען באַלד אַ מענטש צו דערקענען. אין איין ווינקל צום וועג אַרויס, אויף די פעסער פון קרויט זענען געזעסן די מוזיקאַנטן, וואָס האָבן פון צייט צו צייט אַ רימפּל געטון, ווי אָן חשק, וואָרן די טענץ האָבן זיך נאָך נישט געהאַט ווי ס'דאַרף צו זיין אָנגעהויבן,

אַזוי פיל נאָר, וואָס עפּעס אַן אומגעדולדיק פּאָרל דאָרט האָט זיך געדרייט.

אין דער שטוב ווידער, האָבן זיך בײַ די ווענט, בײַ די טישן צוזאַמענגעפּאַקט קופּקעלעך מענטשן, אָבער ווייניק־ווער ס'האָט אַ גלעזל אין דער האַנט געהאַלטן און געטרונקען; זיי האָבן נאָר אײַנגעטענהט, אומגעקוקט זיך אַרום, און געקוקט אויף די, וואָס זענען אַרײַנגעקומען.

נאָר, וואָס בײַם שענקפּאַס איז געווען אַ גרעסער גערודער, וואָרן דאָרט זענען אין אַ גאַנצער קופּע געשטאַנען קלאָנבס געסט און סאָכעס משפּחה; זיי האָבן אויך נאָך זעלטן געטרונקען צו זיך, זיי האָבן מער געשמועסט, אָפּגעגעבן זיך כּבוד איינער דעם אַנדערן, ווי ס'פּאַסט אויף אַ תּנאָים.

אַלע האָבן אָבער אָפּט און אגב־אורחהדיק געוואָרפן בליקן צו די פענסטער, וווּ עס זענען הינטער די טירן געזעסן בײַ אַ צענדלינג זשעפּיצער. זיי זענען נאָך געקומען בײַטאָג און אַזוי איבערגעבליבן. קיינער האָט זיי קיין שלעכט וואָרט נישט געזאָגט, אָבער ס'האָט זיך אויך קיינער צו זיי נישט צוגעזעצט, נאָר, וואָס איין יאַמבראָזשי האָט זיך מיט זיי באַלד באַפרײַנדעט און אויפן העכסטן אופן בראָנפן בײַ זיי געצויגן און אָפּגעציגיינערט, וויפיל עס איז נאָר אַריין. און פון דער זייט פון זיי איז געשטאַנען באַרטעק פון טאַרטאַק מיט זיינע לייט און אויפן הויכן קול דערציילט, וואָס דער גלח האָט זיי געזאָגט, און האָט סכנותדיק אויסגערעדט אויפן פּריץ, אין וועלכן ס'האָט אים צום העכסטן אונטערגעהאָלפן וואָיטעק קאָבוס, אַ דאַרער פויער, אַ קליינער און אַזאַ היציקער, אַז ער איז כּסדר אונטערגעשפּרונגען, געקלאַפּט מיט די פויסטן אין טיש אַריין און זיך געוואָרפן, ווי דער פויגל, וועלכנס נאָמען ער האָט געטראָגן; ער האָט עס געטון אויסגערעכנט, וואָרן זיי האָבן דערשנאַפּט, אַז די זשעפּיצער גייען מאָרגן אין וואַלד אַריין, צום האַקן. אָבער יענע האָבן זיך אַלץ געמאַכט, ווי זיי הערן גאָרנישט, זיי זענען געזעסן אַזוי רויִק, פאַרנומען צווישן זיך.

קיינער אפילו פון די באַלעבאַטים האָט נישט געהערט די

אַלע אַרויסרופֿן, זיי האָבן זיך נישט איבעריק צום האַרץ גענו-
מען, וואָס דער גלח האָט זיך נישט געוואָלט אָננעמען פֿאַר זיי
באַם פּריץ, פֿאַרקערט, זיי האָבן זיך נאָך אָפּגעדרייט פֿון זיי און
אויסגעמיטן, וואָס העכער יענע האָבן געשריגן. וואָרן אין דעם
געדיכטעניש, וואָס האָט די קרעטשמע שיער נישט צעשפּאָרט,
האָט זיך יעדערער געחברט, ווי אים איז געפֿעלן און געקופּט
דאָרט, ווו ס'איז אים באַקוועמער געווען, נישט לייגנדיק קיין
אַכט אויף קיין שכנים. נאָר איין יאַגוסטינקע איז געגאַנגען פֿון
איין קופּע צו דער צווייטער, אונטערגעהעצט, געמאַכט זיך וויצן,
בייסן אין די אויערן אַריינגעשפּעטשעט, אויפֿמערקזאַם אָבער
אַכטונג געבנדיק, ווו עס קלינגען שוין די פֿליאַכעס און די גלעז-
לעך גייען שוין אַרום אין דער רייע.

און אַזוי האָט זיך דער עולם פֿאַמעלעך, געלאַסן, נישט
באַמערקט אַריינגעצויגן אין דער פֿאַרווײַלונג, וואָרן וואָס אַמאָל
האָט אַ גרעסערער טומל די שטוב אָנגעפֿילט, און וואָס אַמאָל
אָפֿטער האָבן די גלעזלעך צוגעקלונגען, און וואָס אַמאָל איז גע-
דיכטער געוואָרן, אַזוי, אַז די טיר האָט זיך שוין כמעט נישט
פֿאַרמאַכט, אַזוי זענען זיי געגאַנגען, און געגאַנגען — אַזש די
מוזיקאַנטן, וועלכע קלאַנג האָט שוין געהאַט מכבד געווען, האָבן
אַ ריס געטאָן אַ פּעסטן מאַזור און אין דער ערשטער פּאָר האָבן
זיך אַ לאָז געטאָן סאָכאַ מיט מאַלגאָשקען, און נאָך זיי ווידער
ווער ס'האָט נאָר חשק געהאַט.

אָבער נישט קיין סך זענען געגאַנגען אין טאַנץ, מ'האָט
זיך פֿאַרקוקט אויף די ערשטע ליפּצער קאַוואַלערן, אויף סטאַכאָ
פּלאָשקען, אויף וואַכניקן, אויף דעם וואָיטס ברודער און אַנדע-
רע, וועלכע האָבן אין די ווינקלען אײַנגעטענהט מיט די שיקסעס,
פֿריילעכע געשפּרעכן געפֿירט, און מיט אַ האַלב קול חוזק גע-
מאַכט פֿון דער זשעפּיצער שליאַכטע, וועלכע יאַמבראָזשי האָט
כסדר אונטערגעבאַסעוועט.

דערויף איז גראָד אָנגעקומען מאַטעוש, ר'איז נאָך געגאַנ-
גען מיט אַ שטעקן, וואָרן ר'האָט זיך קוים פֿון בעט אַראָפּגעשלעפּט,
ס'האָט זיך אים זייער געבענקט נאָך מענטשן. ער האָט זיך

גיך געהייסן צוגרייטן בראָנפֿן איבערגעקאָכט מיט האָניק, אַנידערגעזעצט זיך אין דער זייט פון קוימען, געטרונקען און אַלע מאָל מיט אַ פריילעך וואָרט צו די באַקאַנטע צוגעוואָרפן, אָבער פּלוצלינג איז ער שטיל געוואָרן, וואָרן אַנטעק איז אין דער טיר שטיין געבליבן. ער האָט אים באַמערקט, האָט ער שטרענג דעם קאָפּ אויפגעהויבן, אַ גלאָץ געטון מיט די שליפֿעס און איז אַדורכגעגאַנגען דערלעבן, ווי נישט באַמערקנדיק אים.

מאַטעוש האָט זיך אונטערגעהויבן און אויסגערופן:

— באַרינאַ! קומטס נאָר אַהער צו מיר.

— האָסט אַ געשעפט, איז קום דו צו דער ערשטער — האָט ער שאַרף אַ זאָג געטון, מיינענדיק, אַז מאַטעוש פאַרטשעפעט אים.

— כ׳וואָלט צוגעקומען, אָבער כ׳קען מיך נאָך נישט רירן אַן שטעקעלע — האָט ער ווייך אָפּגעוועגדט.

אַנטעק האָט זיך נישט צוגעגלייבט, ר׳האָט שטרענג דעם שטערן געריבצלט און איז צוגעגאַנגען, אָבער דערויף האָט אים מאַטעוש באַ דער האַנט אָנגעכאַפּט און גענייט אים זיך אַנידערצוזעצן אויף דער באַנק.

— זעץ דיך אַנידער לעבן מיר. האָסט מיך פאַרשעמט פאַר דער גאַנצער וועלט, האָסט מיך, יוכע, אַזוי צעהרגעט, אַז מ׳האָט שוין צו מיר דעם גלח גערופן, אָבער כ׳טראָג נישט אַרום אויף דיר קיין שום כעס און דער ערשטער קום איך צו דיר מיט אַ וואָרט פון שלום. טרינק אויס מיט מיר. קיינער האָט נאָך מיך נישט צעהרגעט און כ׳האָב געמיינט, אַז אַזעלכער איז גאָר אויף דער וועלט נישט פאַרהאַן. ביסט אַן אמתער גבור, אַז מ׳זאָל מיט אַזאַ פויער ווי איך בין, ווי מיט אַ סנאָפּ אַ וואָרף טון, נע, נע...

— וואָרן האָסט מיך כסדר צוגעדריקט באַ דער אַרבעט, און דערנאָך האָסטו נאָך געמיין געבילן, האָט עס מיך אויפגערעגט, אַז כ׳האָב שוין נישט געדענקט, וואָס איך טו.

— דו ביסט גערעכט, גערעכט, כ׳בין מיך אַליין מודה און נישט פאַר מורא, נאָר פון גוטן ווילן... נאָר דו האָסט מיך שוין

איינמאָל צורעכט געמאַכט, נע שטיקער בלוט האָב איך אויסגע־שפּיגן, די זשעברעס האָבן מיר געפּלאַצט. כ׳טרינק צו דיר, אַנ־טעק וואָס דאָרט, לאָז גאָמאַך, זיי נישט בייז, יעך געדענק שוין גאָרנישט, כאָטש די פּלייצעס טון מיר נאָך ווי... אָבער דו מוזסט אוודאי שטאַרקער זיין פון וואָוזשיקן פון וואָליע?...

— כ׳האָב אים דען נישט צעקיילט אויפן אָטפּוסט אין שניט־צייט, ער היילט זיך נאָך אַ פּנים...

— וואָוזשאָנעק! מ׳האָט אַזוי גערעדט וועגן דעם, אָבער כ׳האָב עס נישט געקענט גלייבן. ייד, האראַק מיט עסענביע און שוין די אותו רגע, וואָרן כ׳קייל אַ באַרג! — האָט ער אַ געשריי געטון.

— אָבער דאָס, וואָס האָסט געפּיסקעוועט פאַר די פּויערן, איז נישט אמת? — האָט אַנטעק שטיל אַ פרעג געטון.

— ס׳איז נישט אמת, פאַר כּעס האָב איך נאָר אַזוי גערעדט, אָט גלאַט אַזוי... ניין, ווו וואָלט איך געזאָגט... — האָט ער אָפּגע־לייקנט, אַדורכקוקנדיק דאָס פלעשל בײַ דער ליכט, כדי ער זאָל אים דעם אמת פון די אויגן נישט אַרויסלייענען.

זיי האָבן אויסגעטרונקען איין מאָל, ס׳צווייטע, דערנאָך האָט אַנטעק זיין רייע געשטעלט און זיי האָבן ווייטער געטרונ־קען, און אַזוי זענען זיי שוין געזעסן איינער לעבן אַנדערן, אינגאַנצן פאַרברודערט, און אין אַזאַ גוטפריינטשאַפט, אַז אַלע אין קרעטשמע האָבן זיך געוווּנדערט דערויף. מאַטעוש ווידער, ווייל ר׳האָט זיך שוין געהאַט נישקשהדיק אונטערגעטרונקען, האָט געשריגן צו דער מוזיק, אַז זי זאָל מונטערער אויפשפּילן, ר׳האָט צוגעטופּעט, און געלאָכט אויפן קול צו די שקצים, ביז ער איז פּלוצלינג שטיל געבליבן און אָנגעהויבן אַנטעקן אין אויער איינ־צורוימען:

— דאָס איז אפילו אמת אַז געמען האָב איך זי געוואָלט מיט געוואַלט, נאָר זי האָט מיך מיט די נעגל אַזוי צעאַקערט, גלייך ס׳וואָלט מיך עמעצער מיטן פּיסק איבער דערנער דורכגע־שלעפּט. דו ביסט איר ליבער געווען, כ׳ווייס גאַנץ גוט דערפון, כ׳לייקן נישט אָפּ, אַז דו, און דעריבער האָט זי נישט געוואָלט אויף מיר קוקן!... ס׳איז שווער אַן אַקס צו פירן, אויב ער וויל זיך

אַליין נישט רירן; ס'האָט מיך געגריזשעט די אייפערזוכט, אַז נישט צום איבערחזרן, העי! אַ שיקסע — אַ גאַלד, אַז ס'איז גאָר אַזוינס נישט צו געפינען, און אויף דיין אומגליק האָט זי מיטן אַלטן חתונה געהאַט, דאָס, זעסטו, קען איך שוין נישט פאַר־שטיין...

— אויף מיין אומגליק און אויף מיין מפּלה! — האָט ער שטיל אַ קרעכץ געטון און ר'איז שיִער נישט אויפגעשפּרונגען, אַזוי האָט אין אים אַ פייער אויפגעשפּילט, ווען ער האָט זיך דערמאָנט. ער האָט בלויז אַ שעלט געטון און עפּעס צו זיך אַ מרוקע געגעבן.

— שטילער, מענטשן וועלן דערהערן, זענען זיי דיך גרייט צו צערייסן.

— כ'האָב דען עפּעס געזאָגט?

— אוודאי, נאָר יעך האָב נישט דערהערט, אָבער אַנדערע האָבן געקענט הערן.

— וואָרן ס'איז מיר שוין שווער אויסצוהאַלטן, אַזוי צע־שפּרייט עס זיך מיר דאָ אין דער ברוסט, אַז ס'דרייסט זיך אַליין פון מיר אַרויס, אַליין...

— יעך זאָג דיר, לאָז דיך נישט, כל־זמן ס'איז נאָך צייט — האָט ער אים כיטרע געעצהט, ציִענדיק אים פאַמעלעך בײַ דער צונג.

— כ'קען דען, אַז די ליבע איז ערגער ווי אַ קרענק, ווי אַ פייער אין די ביינער גייט עס דורך, ווי זידיק וואַסער ריזלט עס אין האַרץ און מיט אַזאַ בענקשאַפט נעמט עס די נשמה דורך, אַז נישט עסן, נישט שלאָפן, נישט אַרבעטן, גאָרנישט, נאָר דער מענטש וואָלט דיר מיטן קאָפּ אָן דער וואַנט געהאַקט, אָדער זיך גאָר איינגאַנצן דאָס לעבן גענומען.

— ס'הייסט, כ'חייס דען נישט! יעזוס מיינער, כ'בין דען נישט אַליין נאָך יאָגנען נאָכגעלאָפן! אָבער ס איז נאָר דאָ איין עצה אויף דער ליבע: חתונה האָבן, איז ווי מ'וואָלט מיט דער האַנט אָוועקגענומען. ס'וואָלט זיך שוין געפינען אַן אַנדערע; אַז מען קען נישט מיט חתונה האָבן, קריגט מען אַ נקבה, וועט דיר

באַלד דער חשק צו איר פּאַריבערגיין און די ליבע וועט זיך ענדיקן! כ'זאָג דיר דעם גאַנצן אמת, וואָרן כ'בין דאָך אַ נישקשה־דיקער פּראַקטיקאַנט! — האָט ער באַרימענדיק זיך אויפגעוויזן.

— און אַז ס'גייט באַכדעם אויך נישט אַדורך? — האָט ער טרויעריק אויסגערופן.

— נ'אוודאי, אַזאַ איינעם, וואָס סטענקעט הינטערן פּלויט, צאַיעט זיך הינטער די ווינקלען און אַז אַ ספּידניצע גיט אַ שאָרך, ציטערן אים אויף די פּיס — אַזעלכן וועט אַזוי גיך נישט בעסער ווערן, אָבער דאָס איז דאָך אַ קאַלב, נישט קיין פויער, פאַר אַזעלכן וועל איך דיר קיין גראָשן אפילו נישט געבן — האָט ער מיט פאַראַכטונג אַ וואָרף געטון.

— האָסט געזאָגט דעם ריינסטן אמת, אָבער מיר דאַכט זיך אַז ס'זענען פאַרהאַן אַזעלכע פויערן, ס'איז פאַרהאַן... — האָט ער זיך פאַרטראַכט.

— טרינק נאָר אויס צו מיר, ס'איז מיר פשוט טרוקן געוואָרן אין האַלדז! אין דער הינטישער מאַמען דער כלבטע אַריין, מיט די באַבעס; ס'מאַכט זיך טיילמאָל איז דיר דאָ אַזאַ שלאַפע בריאה, אַז ווען דו גיסט אַ בלאָז, וואַלט זיך דאָס מיט די פּיס קאַפּויר איבערגעדרייט, און צאָפּט פירט אַזעלכעס דעם גרעסטן גבור ווי אַ קאַלב אויפן שטריקל אַרום, ס'נעמט צו די כוחות, דעם שכל נעמט דאָס צו און שטעלט דיך נאָך אויס צום געלעכטער פאַר דער וועלט! אַ טייוולאָנישע זרע די שטשערווע, כ'זאָג דיר, טרינק צו מיר!...

— כ'בין אין דיינע הענט, ברודער, אין דיינע הענט!

— לאָז גאָט באַצאָלן, כ'זאָג דיר, גיב אַ שפּיי אויף דער טייוולאָנישער זרע, האָסט דאָך דיר דיין שכל...

זיי האָבן אויסגעטרונקען איין מאָל און ס'צוויי טע און געשמועסט צווישן זיך. אַנטעק איז געווען אַ קאַפּעלע אָנגעשיכורט און ווייל ר'האָט קיינמאָל נישט געהאַט פאַר קיינעם דאָס האַרץ אויסצורעדן, האָט אים אַצינד אַ ווילדער חשק אָנגענומען אויס־

צוגיסן זיך, אַז ער האָט זיך קוים איינגעהאַלטן, ניט מער, נאָר וואָס ר'האָט דאָרט אַמאָל אַ וויכטיק וואָרט אַריינגעוואָרפן, פון וועלכן מאַטעוש האָט זיך שוין אַזוי אויך אַלץ אָנגעשטויסן, נאָר ר'האָט ניט געגעבן אויף זיך צו דערקענען.

אין דער קרעטשמע ווידער איז די פאַרווײַלונג שוין געגאַנגען מיטן גאַנצן ברען, די מוזיק האָט געריסן מיט אַלע כּוחות און טענץ נאָך טענץ זענען געגאַנגען, מ'האָט שוין אין אַלע ווינקלען געטרונקען, וו-ניט-וו איז שוין געקומען צו מחלוקהלעך, און אומעטום האָט מען אַזוי הויך גערעדט, אַז אַ געטומל האָט די שטוב אָנגעפילט, און דאָס טופּען פון די טענצערס האָט זיך צעטראָגן ווי דאָס קלאַפּן פון די צעפּעס. קלאָגבס קאָמפּאַניע האָט זיך איבערגעטראָגן אין אַלקערזש אַריין, פונוואַנען ס'האָבן זיך אויך געהערט בישקש דיקע ליאַרמען; נאָר סאָכאַ מיט מאַלגאַשקען האָבן געטאַנצט פאַרברענט, אָדער בײַ דער טאַליע זיך אַרומגענומען און אויפן פּראָסט אַרויסגעלאָפן, אויף דער לופט — באַרטעק פון טאַרטאַק מיט זײַנע לײַט זענען נאָך אַלץ כּסדר געשטאַנען אויף איין אָרט, זיי האָבן שוין געטרונקען פון דער צווייטער פלאַש, און וואַיטעק קאָבוס האָט שוין פּשוט אָן קונצן צו די זשעפּיצער מענטשן אויסגעשריגן:

— שליאַכטע, שטשערוועס, אַ זאַק מיט אַ פּלאַכטע! — וואָרן זיי האָבן זיך געהאַלטן פאַר שליאַכטשיצעס.

— פּריצים, אַ האַלב דאָרף מעלקט איין קו! — האָט פאַרביסן אַ צווייטער צוגעוואָרפן.

— קאַלטענעס, זיי באַגייען זיך אָן אַ פערד, וואָרן די בלויזע פליי טראָגן זיי אַוועק.

— יידישע פּאַראַבקעס!

— הויפישע פּאָמיעטלעס! פאַר היבט טויגן זיי, אַז זיי דערבילן אַזוי אַ גוטן ווינט!

— זיי האָבן טאַקע דערפילט אין הויף זייערס, לויפן זיי.

— זיי חעלן דאָ בײַ מענטשן די אַרבעט אַוועקנעמען.

— מ'וועט ענק אויסקעמען די קאָלטענעס, אַז צ'וועט אָן
די קעפּ אַנטלויפן.

— טעלער־לעקערס, אַרומשלעפּערס, ס'העט פּאַרפּעלט באַ
ייִדן די אויוונס צוהייצן, זענען זיי געקומען צו לויפן! — האָבן
זיי שאַרף צוגעוואָרפן, און ווער נישט־ווער ס'האָט מיט דער פויסט
געדראָעט און געריסן זיך צו זיי, און וואָס אַמאָל האָבן זיך מער
מענטשן אויפגעקאָכט קעגן זיי, וואָס אַמאָל מער האָט אַ פּלאַמי־
קער ראָד זיי אַרומגענומען, וואָרן דער בראָנפן האָט שוין אונ־
טערגעהויבן — אָבער זיי האָבן זיך נישט אָנגערופן, זיי זענען
געזעסן אייבער לעבן אַנדערן אין אַ גאַנצער קופּע, די שטעקנס
האָבן זיי נאָר צווישן די קני צוגעדריקט, געטרונקען ביער, צו־
געגריזשעט קעלבאַס, וואָס זיי האָבן מיט זיך מיטגעהאַט, און
שטרענג, נישט דערשראָקן האָבן זיי אויף די פויערן געקוקט.

ס'קען אַפילו זיין, אַז ס'וואָלט אויף אָרט געווען געקומען
צו אַ געשלעג, אָבער קלאָנב איז געקומען צו לויפן, אָנגעהויבן
צו באַרויִקן, אויסצורעדן, און בעטן. און נאָך זיי האָבן אויך די
עלטערע און יאַמבראַזשי, אַזוי, אַז קאָבוס האָט אויפגעהערט צו
פּיסקעווען. די איבעריקע האָבן זיי אויך אָפּגעצויגן אויף כבוד
צום שענקפּאַס. דערנאָך האָט די מוזיק פעסט אויפגעשפּילט און
יאַמבראַזשי האָט ווידער אָנגעהויבן צו ציגיינערן נישט געשטוי־
גענע געשיכטעס וועגן מלחמות, נאַפּאָלעאָנען, נאַטשעלניק, און
שפּעטער נאָך אַנדערע וויציקע מעשהלעך, אַז נישט אייבער האָט
זיך פון געלעכטער אַנידערגעלייגט; און ער האָט זייער אַ צו־
פרידענער נישקשהדיק אונטערגעטרונקען, צעשפּרייט זיך באַם
טיש און געפּראַוועט:

„צום לעצט וועל איך ענק דערציילן נאָך איין געשיכטע
אַ קורצע, וואָרן כ'אייל מיך צום טאַנצן און אויך קוקן די שיק־
סעס אויף מיר קרום. וואָס אי׳ קום נישט צו! צ'חייסט דאָך,
ס'איז היינט די קלאָנביאַנקעס מיט וויצעק סאָכעס תנאים. ווען
כ'וואָלט געווען בעוואָלט, וואָלטן דאָס געווען מיינע תנאים מיט
מאַלגאָשקען, מיינע! וואָרן אַזוי איז געזען די מעשה: דאָנער־
שטיק האָט מען זיך געגעבן אַ שיט אַריין צום אַלטן קלאָנב מיט

בראָנפן! אין איין צייט איז מען געקומען פון סאָכאַן און מ'איז געקומען פון פּריטשעקן; איין חברה האָט געטרונקען ביז האַ-ראַק, און די צווייטע ווידער מיט זיסן, פון אייבע טרינקט קלאַנב אויס און אויך פון די צווייטע גיסט ער נישט אָהעק. אייבער איז אַ גאַנץ גוטער און דער צווייטער איז נישט קיין שלעכטער!

די שדכנים שמייצן אַזש, אַזוי רעדן זיי און לייגן פאַר זייערע חתנים:

דער האָט אַ פּאָר פיינע מאָרגעס דורך די סקאָווראָנקעס*) באַמיסטיקס, און דער צווייטער האָט אויך אַזעלכע, אויף וועלכע הינט פּראָווען באַר זייערע חתונות.

אייבער האָט אַ כאַלופּע אין וועלכער די חזירים קריכן דורך די אונטער-בעלקעס אַריין, און דער צווייטער האָט נישט קיין ערגערע.

ביידע זענען וואַזשנע גבירים, אַז מ'דאַרף חייט צו זוכן!

סאָכאַ האָט אַ גאַנצן קאָלנער פון אַ פעלץ, וואָרן די רעשט האָבן די הונט צעטראָגן. פּריטשעק ווידער האָט די אויבערשטע טייל פון די יום-טובדיקע הויזן און אַ בלאַזשגענדיק קנעפּל, ווי פון גאָלד!

אייבער איז אַ שלאַנקער שגץ, ווי אַ קאָפּיעץ און דעם צווייטן איז דער בויך פון קאַרטאָפליעס אָנגעבלאָזן!

פיינע פּאַראָבקעס!

סאָכען רינט די שלינע פון כויל, און פּריטשעק האָט טריפנדיקע אויגן!

אין אַלדינג זענען זיי גלייך און אַזעלכע אַרבעטזאַמע און פייערדיקע, אַז כאָטש צו האַלבע פּערטל קאַרטאָפליעס שטעל זיי אַנידער, וועלן זיי אויפעסן און דאָס צווייטע אויסקוקן! זיי טויגן ביידע אויף איידעמעס, ביידע קענען די בהמות פּאַשען, די שטוב

---

*) לערכעס.

צוקערן, דאָס מיסט אַרויסוואַרפן ; ביידע וועל דער שיקסע קיין שום עוולה נישט טון, וואָרן זיי האַלטן זיך נישט איינס מיט די באַטשאַנעס.

פעסטע פּאַראָבקעס, באַרעדעוודיקע, קלוגע, פּאַרשטענדיקע, מיטן עסן וועלן זיי דיר שטענדיק אין מויל אַריין טרעפן און נישט ערגעץ אַנדערש.

וואָס טוט מען דאָ, אַז זיי זעען ביידע גלייך אויס באַם אַלטן אין די אויגן, איז דרייט ער זיך, גראַבלט זיך אין דער באָז, און פרעגט מאַלגאָשקען, וועלכן ווילסטו?...

— זיי זענען ביידע פּאָקראַקעס, טאַטוליו, פּאַזוואָליעטס מיר, וועל איך מיר אויסקלויבן יאַמבראָזשין!

דער אַלטער האָט געדרייט מיטן קאָפּ, לאַנג געוואַקלט זיך מיט דער דעה, ס'איז דאָך באַוויסט, אַז דער אַלטער איז דער קלוגער אין דער גאַנצער כאַלופּע. און דאָ יאָגן די שקצים אונטער, די שדכנים האַלטן כסדר אין איין רעדן, דאָ האָט ער זיך אָנגעטרונקען פון אייגע מיט האַראַק, פון די צווייטע מיט זיסן, און גיט אַ זאָג: אַ וואָג ברענגטס מיר!

האָבן זיי געברענגט אַ וואָג, אַנידערגעשטעלט, און ער פּרוּווּעט.

— וועגטס ענק אָפּ, יונגען, וועלכער ס'וועט זיין שווערער, דעם וועל איך אויסקלויבן פאַר אַן איידעם.

זענען די שדכנים באַטריבט געוואָרן, האָבן געשיקט נאָך בראָנפן און קלערן אַריין: וועלכער? וואָרן זיי זענען ביידע געווען, ווי די וואַנצן אויסגעטרוקנטע.

זענען פריטשעקס שדכנים געפאַלן אויף אַן המצאה, זיי האָבן אים אָנגערוקט שטיינער הינטערן בוזעם און אין די קעשענעס אָנגעשטופּט. אָבער סאָכעס שדכנים זענען אויך נישט געווען קיין נאַראָנים, ס'איז נישט געווען וואָס, האָט מען אים אַ באָנער הינטער דער קאַפּאָטע אַרונטערגערוקט — און מ'שטעלט אים אויף דער וואָג... מ'ציילט, ביז עפּעסטשיס הייבט אָן צו סיקען: ס... ס... ס... סאָכאַ, הייסט עס, און דער גאַנער גיט אַ דזובענק אַראָפּ אויף דער ערד! האָבן זיך אַלע צעלאַכט און קלאָנב זאָגט:

ר'איז אַ הב"ה־מאַן די יוכע, כאָטש ער האָלט נישט אויס די וואָג, אָבער דו וועסט זיין מיין איידעם!"

פאַרשטייט זיך, אַז אין דער גאַנצער מעשה איז אויסער דאָס מיטן וועגן, קיין פּיצל אמת נישט געווען, נאָר ר' האָט עס אַזוי וויציק דערציילט, אַז זיי האָבן זיך צעווייבט פון הנאה און אַרויסגעזעצט מיט אַזאַ געלעכטער, אַז ס'האָט זיך אויף דער גאַנצער קרעטשמע געטראָגן.

און באַלד האָבן זיך קלאַנבס געסט אַ שיט אַרויס געטאָן פון אַלקערזש און מיט אַ גאַנצער מחנה זענען זיי געגאַנגען אין אַ טאַנץ, איז האָט זיך דאָס אויפגעהייבן אַ געטומל, אַ געטופּעריי, געשרייען, אַז מ'האָט שוין קיין שום קול באַזונדער נישט דערקענען.

פון די קעפּ האָט אָנגעהויבן גיין אַ פּאַרע, אַ היץ האָט צענומען, די שמחה איז געוואַקסן, האָבן טאַקע די יונגעלייט מיטן גאַנצן כוח געהוליעט, און די עלטערע ווידער האָבן די טישן באַזעצט, זיי האָבן זיך צוזאַמענגעקנוילט, ווו זיי האָבן נאָר געקענט און ווו עמעץ האָט געקענט אייבשטיין, וואָרן די טענצערס האָבן זיך צעלאָזט אין וואָס אַמאָל אַ גרעסער ראָד אַרומגענומען, און יעדער האָט גערעדט אויפן קול, געטרונקען לחיים, זיך געפרייט מיטאַנאַנדער, זייערס אויפגעוויזן, געפילט זיך יום־טובֿדיק.

די מוזיק ווידער האָט פייערדיק געריסן און פאַרברענט טענץ זענען געגאַנגען, כאָטש ס'איז געווען אַזאַ געדיכטעניש — קאָפּ אויף קאָפּ, פּלייצע באַ פּלייצע זענען די טענצער געשפּרונגען, איבער דער שטוב זיך געטראָגן, פרייליך אויסגעשריגן און געקלאַפּט מיט די אָפּצאַסן, אַז נאָר די פּאָדלאָגע־ברעטער האָבן געקוויטשעט און דער שענקפּאַס האָט געציטערט!

אַ פייערדיקע פאַרווײלונג איז דאָס געווען, וואָרן אַלע האָבן זיך דיר צוגעטאָן דערצו מיט דער גאַנצער קראַפט, מיט דער גאַנצער נשמה.

וואָרן ווינטער איז דאָך דיר געגאַנגען, דאָס פאָלק האָט די פאַרהאָרעוועטע הענט פון דער מיטער ערד אָפּגעריסן, די

אראפגעבויגענע קערבער אויפגעהויבן, די באטריבטע נשמות אויפגעהייטערט, זיך אויסגעגלייכט, צעוואקסן און איינער מיטן אנדערן איז גלייך געווען אין פרייהייט און אפרו, און אין דעם פרייען געדאנק, אזוי, אז יעדער מענטש האט זיך באזונדער און שארף ארויסגעזען — פונקט ווי דער וואלד, פון וועלכן וועסט אין זומער קיין בוים נישט קענען אונטערשיידן, ווארן אין גלייך גרינער געדיכטעניש שטייט ער צוגעוואקסן צו דער מאמע ערד, און זאל נאר א שניי אראפפאלן, זאל די ערד זיך איינהילן, וועסטו באלד יעדער ביימל דערזען באזונדער און אין דעם אויגנבליק דערקענען: צי איז דאס א דעמבל, צי איז דאס א גראבינע, צי איז דאס אן אשינע!

אזוי אויך, מיינע ליבענקע, איז מיטן פאלק.

נאר אנטעק מיט מאטעושן האבן זיך פון זייערע ערטער נישט גערירט, זיי זענען געזעסן לעבן זיך חבריש, און שטילערהייט וועגן פארשיידנס איינגעטענהט, נישט מער נאר, וואס כסדר איז עמעץ צו זיי צוגעשטאנען און זיינס צוגעלייגט; צוגעקומען איז סטאכא פלאשקא, צוגעקומען באלצערעק, ס'איז צוגעקומען דעם וואיטס ברודער און אנדערע, די אלע ערשטע קאוואליערן אין דארף, וועלכע זענען אויף יאגושעס חתונה דרושזבעס געווען. פון אנפאנג זענען זיי נישט דרייסט צוגעשטאנען, ווייל זיי האבן נישט געוווסט, צי אנטעק וועט זיי מיט קיין שלעכט ווארט נישט א שליידער טון; אבער נישט, ר'האט יעדערן די האנט געגעבן און מיט גוטסקייט געקוקט. האבן זיי אים באלד אין א פארמאכט ראד ארומגערינגלט, אויפמערקזאם אויסגעהערט, פריינטשאפט ארויסגעוויזן און האבן זיך צו אים צוגעלעקט און אין אלץ אים נאכגעגעבן, ווי פריער, ווען ער האט נאך מיט זיי אנגעפירט. ר'האט נאר ביטער געשמייכלט עפעס, ווארן ר'האט זיך דערמאנט, אז נאך נעכטן ערשט האבן אים די זעלבע פונדערווייטנס אויפן וועג אויסגעמיטן.

— נישט מען זעט דיך אין ערגעץ, אין קרעטשמע קומסטו נישט צריין! — האט פלאשקא געזאגט.

— פֿון דער פֿרי אָן ביז באַכט אַרבעט איך, איז ווען האָב איך דאָס צייט אויף דער קרעטשמע.

— אמת, אמת! — האָבן זיי מיט אַ האַלב קול פּאַטאַקעוועט, און דערנאָך זענען זיי פּאַמעלעך איבערגעגאַנגען אויף פֿאַרשידענע דאָרפֿישע ענינים, אויף די טאַטעס, דאָ האָבן זיי וועגן שיקסעס גערעדט, דאָ וועגן וויבער, דאָ האָט זיך עפּעס דאָס געשפּרעך נישט געקלעבט. אַנטעק האָט ווינציק גערעדט, און בסדר אויף דער טיר געקוקט, ר'האָט זיך געריכט, אַז יאַגנע וועט קומען. ערשט דאַמאָלס, ווען באַלצעריק האָט אָנגעהויבן דערציילן וועגן דער באַראַטונג, וואָס איז פֿאָרגעקומען יום-טוב באַ קלאָנבן, וועגן וואַלד, האָט ער אויפֿמערקזאַם זיך צוגעהערט.

— וואָס האָבן זיי באַשלאָסן? — האָט ער אַ פֿרעג געטון.

— וואָס, זיי האָבן געסקאַמליעט, באַקלאָגט זיך, אויסגערעדט זיך די הערצער, און קיין שום באַשלוס נישט אָנגענומען אַ חוץ דעם, אַז מען דאַרף נישט דערלויבן צו האַקן.

— און צו וועלן זיי דיר דאָס אַ קלוגע זאַך באַשליסן די שטרויענע וויעכטשעס! — האָט פֿלאַשקאַ אויסגעשריגן. — זיי בעמען זיך צוזאַמען, טרינקען זיך אָן מיט בראָנפֿן, סאָפּען זיך אויס, באַקלאָגן זיך און ס'קומט אַזוי פֿיל אַרויס פֿון די אַלע נאַראַדעס*), וויפֿל פֿון פֿאַריאָריקן שניי, און דער פּריץ מעג זיך רויק אַפֿילו דעם גאַנצן וואַלד אויסהאַקן.

— מ'דאַרף נישט דערלאָזן — האָט מאַטעוש קורץ אַ וואָרף געטון.

— ווער וועט אים דאָס צוהאַלטן, ווער וועט אים דאָס פֿאַרווערן! — האָבן זיי אָנגעהויבן אויסצושרייען.

— ווער-זשע דען, אַז נישט עך?

— ב'אוודאי, זיי וועלן דיך דען דערלאָזן צו עפּעס, כ'האָב מיך דאַוועניטשטשיס עפּעס אָנגערופֿן, האָט דער טאַטע מיך אָנגע-

*) באַראַטונג.

שריגן, אַז כ׳לאָז מיר היטן די באָז, אַז דאָס איז נישט מיין עסק, באַר זייערס, די באַלעבאַטימס! ב׳אוודאי האָבן זיי אַ רעכט דערצו. וואָרן זיי האַלטן אַלץ אין דער גאַרשטש און אַפּיליק אויף אַ מינוט לאָזן זיי דאָס אויך נישט אַרויס, און מיר וואָס זעבען, פינקט אַזוי פיל ווי די פּאַראַבקעס! — האָט זיך פלאָשקאַ געהיצט.

— ס׳איז שלעכט, לגמרי שלעכט.

— און נישט אַזוי באַדאַרף דאָס זיין!

— ב׳אוודאי, אַז די יונגעלייט דאַרף מען צו דעם גרונט און צום רעגירן צולאָזן.

— און אַליין זאָלן זיי גיין אויף קעסט!

— יעך האָב אָפּגעדינט באַ די זעלנער, די יאָרן רוקן זיך מיר, און דאָס, וואָס איז מיין, ווילן זיי מיר נישט געבן — האָט פלאָשקאַ געשריגן.

— ס׳אי שוין יעדערן צייט אויף זייבעם צו ביין.

— און אַלע זעבען מיר דאָ באַעוולהט.

— און צום מיינסטן צנטעך.

— מ׳וואָלט געדאַרפן אין דאָרף אַן אָרדנונג צו מאַכן! — האָט שטרענג אַ מורמל געטון שימעק, יאַגושעס ברודער, וועלכער איז עטשט נישט לאַנג געהאַט אָנגעקומען און ר׳איז שטיל היבטער אַנדערע געשטאַנען. זיי האָבן אַלע אויף אים פאַרוווּנדערט אַ קוק געטון, און ער האָט זיך אַרויסגערוקט פאָרויס און אָנגעהויבן הייס צו פריידיקן וועגן זייבע עוולות און האָט יעדערן אין די אויגן געקוקט און געטרייסלט זיך, ווייל ר׳איז נישט געווינט געווען פאַר אַנדערע צו רעדן און ר׳האָט נאָך אַביסל מורא געהאַט פאַר דער מאַמען.

— נאַסטקאַ האָט אים אַזוי שכל אויסגעלערנט! — האָט עמעצער אַ מורמל געטון, אַלע האָבן זיך צעלאַכט, אַז שימעק איז אַזש שטיל געוואָרן און האָט זיך פאַררוקט אין אַ שאָטן, דאַמאָלס האָט דעם וואָיטס ברידער, גזשעלאַ ראַקאָסקי, כאָטש ר׳איז נישט געווען קיין באַרעדעוודיקער און ר׳האָט זיך אַ ביסל פאַרשעמט, אָנגעהויבן צו פריידיקן.

— אַז די אַלטע האַלטן דעם גרונט, און די קינדער לאָזן
זיי נישט צו, ס'איז טאַקע שלעכט אַזוי, ווייל ס'איז אַן עוולה —
אָבער דאָס איז צום ערגסטן, וואָס זיי פירן באַריש. מיטן וואַלד
וואָלט דאָך שוין לאַנג אַן ענדע געווען, ווען זיי וואָלטן זיך גע-
חען מיטן פריץ אויסגעגלייכט.
— ווי אַזוי, ר'האָט בעגעבן צו צוויי מאָרגעס, ווען אונדז
באַר קומט צו פיר אויף אַ האַלבן וולוקל.
— צי ס'קומט יאָ, צי ס'קומט נישט, ווייסט מען באַך נישט,
דאָס וועלן די באַאַמטע שוין צופּסקענען.
— אַז זיי האַלטן דאָך גאָר מיט די פּריצים!
— אוודאי, זיי האַלטן דאָרט, ס'הייסט דער קאָמיסאַרוש
אַליין האָט דאָך געזאָגט, אַז מען זאָל זיך נישט פאַרגלייכן אויף
קיין צוויי מאָרגעס, וועט דער פּריץ מוזן געבן מער! — האָט באַל-
צערעק דערקלערט.
— שווייגטס באַר שטיל, וואָרן דער קאָוואַל גייט מיט עפּעס
אַן עלטערן מענטש! — האָט מאַטעוש אַ שעפּטשע געטון.
זיי האָבן זיך אומגעקוקט צו דער טיר, ווייזט אויס אמת,
דער קאָוואַל האָט זיך געפירט אונטער דער האַנט עפּעס מיט אַן
עלטערן, ביידע זענען שוין נישקשהדיק געווען אָנגעשיכורט, איז
האָבן זיי זיך שטאַרק אַדורכגעשטופּט דורך דער געדיכטעניש און
גלייך זיך צום שענקפּאַס געריסן, אָבער זיי זענען דאָרט לאַנג
נישט געשטאַנען, וואָרן דער ייד האָט זיי אַריינגעפירט אין אַל-
קערוש אַריין.
אויפן שמד באַם וואָיט האָבן זיי זיך געלאָזט וויל גיין.
— ער פּראַוועט דען היינט? — האָט זיך אַנטעק אַ פרעג
געטון.
— טאַטש אונדזערע טאַטעס זיצן דאָך דאָרט. דער סאָלטיס
האָט גענומען דאָס קומישאַפּט מיט דער באַלצערקאָווע, וואָרן דער
אַלטער באָרינע אַפּנים האָט זיך צעקריגט און נישט געוואָלט —
האָט פלאָשקאַ דערקלערט.
— און ווער איז דאָס פּאַר אייבער? — האָט באַלצערעק
אויסגעשריגן.

— דאָס איז דער פאַן יאַצעק, דעם פּריצס ברודער פון וואָליע! — האָט גזשעלאַ דערקלערט, אַז זיי האָבן זיך אַזש אַלעז אויפגעשטעלט, זיך צוצוקוקן, וואָרן דער פאַן יאַצעק האָט זיך פּאַמעלעך דורכגעשטופּט און מיט די אויגן עמעצן געזוכט, ביז ער האָט זיך אויף בארטעקן פון טאַרטאַק אָנגעשטויסן און איז מיט אים אונטער דער וואַנט, צו די זשעפּיצער אַוועקגעגאַנגען.

— וואָס קען ער דאָ וועלן?

— וואָס, גאָרנישט, ער גייט זיך גלאָט אַזוי אַרום איבער די דערפער, טעבהט איין מיט די פּויערן, נישט איינעם העלפט ער, שפּילט אויף דער פידל, לערנט לידלעך די שיקסעס, ער איז אַפנים אַ ביסל נאַרישעוואַטע.

— ענדיק נאָר, גזשעלאַ, וואָס האָסט אָנגעהויבן! ענדיק!

— וועגן וואַלד האָב איך אָנגעהויבן רעדן; מיין עצה איז, אַז מ׳זאָל דעם עבין נישט בלויז די אַלטע אַליין איבערלאָזן דורכצופירן, ווייל זיי וועלן קאַליע מאַכן.

— וואָסי, דערויף איז נאָר דאָ איין עצה, ווען זיי וועלן אָנהייבן האַקן דעם וואַלד, דאַרף דאָס גאַנצע דאָרף אַרויסגיין, צעטרייבן זיי און נישט לאָזן אַזוי לאַנג, ביז דער פּריץ וועט זיך נישט מיטן דאָרף פאַרגלייכן! — האָט אַנטעק אַנטשלאָסן אויסגערופן.

— דאָס אייגענע האָט מען אויך באַשלאָסן בײַ קלאָנבן.

— זיי האָבן באַשלאָסן, אָבער זיי וועלן גאָרנישט אויפטון, ווייל ווער וועט זיי נאָכגיין.

— די באַלעבאַטים וועלן גיין.

— נישט אַלע.

— אַז באָריבע וועט פירן, וועלן שוין אַלע גיין.

— מ׳ווייסט אָבער נישט צי מאַטשעי וועט וועלן.

— וועט אַנטעק פירן — האָט באַלצערעק הייס אויסגערופן.

אַלע האָבן הייס פּאָטאַקצוועט, איין גזשעלאַ נאָר האָט זיך אָקעגנגעשטעלט. און ווייל ער איז שוין געווען אויף דער ברײ-

טער וועלט און דעם גאַזעט „זאַרושאַ“ אויך געלייענט, האָט ער אָנגעהויבן באַלערנד און ווי פון אַ ביכל אַרויס צו פּריידיקן, אַז געמען מיט קיין געוואַלט טאָר מען נישט, וואָרן מ׳וועט זיך אַריינלאָזן אין סאָנדעס, און אַ חוץ זיצן אין קאָזע, וועט קיינער גאָרנישט אויספירן, אַז מ׳דאַרף דאָס דאָרף זאָל זיך אַראָפּבריינגען פון שטאָט אַן אַדוואָקאַט, און ער זאָל לויט דער גערעכטיקייט אַלץ אויסריכטעווען.

מען האָט אים לאַנג נישט געוואָלט אויסהערן און נישט איינער האָט פון אים חוזק געמאַכט, איז ער שרעקלעך בייז געוואָרן און האָט געזאָגט:

— צ׳באַקלאָגט ענק אויף די טאַטעס, אַז זיי זענען נאַראָנים, און אַליין האָט ענק פאַר קיין גראָשן קיין שכל נישט, נאָר פּונקט ווי די קינדער, וואָס ריכן נאָך אויף אַלע פיר אַרום, רעדט ענק אַנדערע נאָך.

— באָרינע מיט יאַגושען און די שיקסעס — האָט עמעצן באַמערקט.

אַנטעק, וועלכער האָט געוואָלט גזשעלאַן עפּעס ענטפערן איז שטיל געבליבן און איז מיט די אויגן יאָגנען נאָכגעלאָפן.

זיי זענען געקומען שפּעט, שוין נאָך דער וועטשערע, ווייל דער אַלטער האָט זיך לאַנג אַנטקעגנשטעלט יוזקעס סקאַמליען און נאַסטקעס אָנרעדן, ר׳האָט געוואַרט ביז יאַגושיאַ אַליין וועט אים בעטן, אָבער זי האָט נאָך תיכף נאָך מיטאָג שאַרף געמאָלדן, אַז זי וועט גיין אויף דער מוזיקע. ער האָט איר שטרענג געגעבן אָנצוהערן, אַז ער וועט זיך מיט קיין פוס פון דער כאַלופּע נישט רירן. אויב ער איז נישט געגאַנגען צום וואָיט, וועט ער שוין אין ערגעץ נישט גיין.

זי האָט אים שוין מער נישט געבעטן, זי האָט זיך אַזוי איינגעעקשנט, אַז זי האָט זיך שוין מער מיט קיין וואָרט נישט אָנגערופן. זי האָט נאָר אין די ווינקלען געוויינט, אַלעמאָל מיט די טיר אַ קנאַק געטון, פאַרן הויז אויפן פראָסט געשטאַנען און ווי אַ בייזער שטורם-ווינט זיך איבער דער שטוב געוואָרפן, אַז

ס׳האָט אַזש אַ פּראַסק געיאָגט פון איר כּעס, און ווען זיי האָבן זיך צו דער וועטשערע אַנידערגעזעצט, איז זי נישט געגאַנגען עסן, נאָר אָנגעהויבן די וועלניאַקעס פון קופערט אַרויסנעמען, צומעסטן און אויסשלייערן זיך.

וואָס-זשע האָט דער אַלטער געזאָלט טון, ער האָט בעשאָלטן, גערעדט, געטענהט, אַז ער וועט נישט גיין. דער סוף איז אָבער געווען, אַז ער האָט זי נאָך שטאַרק געמוזט איבערבעטן און יאָ גערן, נישט גערן, האָט ער זי אין קרעטשמע אַריין אַוועקגעפירט.

ער איז אַריינגעקומען שטרענג, דעם קאָפּ אויפגעהויבן, ווייניק מיט וועמען זיך באַגריסט, וואָרן פון זיינס גלייכן איז קיין סך נישט געווען, ווייל די שענערע באַלעבאַטים האָבן זיך באַם וואָיט אויפן שמד-מאַלצייט געלאָזט וווילגיין, דעם זון ווידער האָט ער נישט באַמערקט, כאָטש ער האָט זיך זייער אויפמערקזאַם צווישן עולם אומגעקוקט.

אַנטקעגן דערפאַר האָט שוין די אויגן פון יאַנושן נישט אַראָפּגעלאָזט, זי איז גראָד געשטאַנען באַם שענקפאַס, די שקצים האָבן זיך אַ לאָז געטון צו איר, כדי זי צו פאַרבעטן צום טאַנצן. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט, פריילעך איינטענהנדיק און בגנבה מיט די אויגן צווישן עולם געזוכט — זי האָט אַזוי הערלעך היינט אויסגעזען, אַז כאָטש דער עולם איז שוין געווען שיכּור, האָבן די דאָך מיט באַוווּנדערונג אויף איר געקוקט. די שענסטע פון אַלע איז זי געווען. ס׳איז דאָך דאָרט געווען באַסטקע, וואָס איז מיט די רויטע קליידער און מיטן געוווּקס צו אַ מאַלווע ענלעך געווען; ס׳איז געווען אויך ווערראָנקע פלאָשקוונאַ, וואָס האָט אויסגעזען, ווי אַ רויטע געאָרגינע, און האָט שטאַרק געהאַלטן פון זיך; געווען די סאָכוונע, אַ צוציק נאָך, נאָר-וואָס אונטערגעוואַקסן, אַ בויגעוודיקע און מיט אַ פּנימל, ווי צוקער-זיס; ס׳זענען געווען אויך אַנדערע שיינקייטן, געוווּקסיקע, וואָס האָבן צוגעצויגן די אויגן פון די פּאַראָבקעס. און ווי באַלצערקוונאַ מאַרישקאַ איז דאָס צו אַלעמענס באַוווּנדערונג אויפגעוואַקסן, אַ הייסע, אַ קערנדיקע שיקסע, די ערשטע טענצערין אין דאָרף — אָבער-

קיין איינע האָט זיך מיט יאַגבען נישט געקענט פאַרגלייכן, קיין איינע.

זי האָט אַלע איבערגעשטיגן מיט איר שיינקייט, קליידונג, ניגור, און מיט דידאַזיקע בלויע, העל־לייכטנדיקע שליפּיעס. פּונקט ווי אַ רויז שטייגט איבער די באַסטורציען, מאַלוועס, געאָר־גיניעס און מאַן=בלומען, אַז זיי זעען אויס ווי די געמיינסטע אַקעגן איר, אַזוי האָט זי אַלע איבערגעשטיגן און איבער אַלע געוועלטיקט. אויסגעשלייערט האָט זי זיך אויך היינט, ווי אויף עפּעס אַ חתונה; אַ וועלניאַק האָט זי אָנגעטאָן אַ פּ לאַמענדיק־געלן מיט גרינע און ווייסע פּאַסן, אַ סטאַניק פון בלויען סאַמעט מיט אַ גאָלד־פּאָדעם אויסגעהאַפטן און טיף, ביז די האַלבע בריסטן אויסגעשניטן. אויפן דינבעקן העמד, וואָס האָט זיך מיט ווייסענקע קאָראַנקעס אַרום האַלדז און אַרום די הענט געדיכט געכוואַליעט, האָט זי אָנגעהאָנגען שורות קרעלן, בורשטינען און פּערל. אויף די האָר האָט זי געהאַט אַ זיידן, בלוילעך טיכעלע מיט רויז געשפּריצט, די עקן אויף די פּלייצעס אַראָפּגעלאָזט.

פאַר דעם אויסשלייערן זיך האָבן זי די פּויערטעס אויף די צונג גענומען און מיט כּעס איר שטעכווערטלעך צוגעוואָרפן. דאָס האָט זי לחלוטין נישט געאַרט. אינגיכן האָט זי דערזען אַנ־טעקן. רויט ווערנדיק פון פרייד, פּונקט ווי דאָס וואַסער בשעת זון־אונטערגאַנג, האָט זי זיך אויסגעדרייט צום אַלטן, וועלכן דער ייִד האָט עפּעס איינגערוימט און באַלד אים אַריינגעפירט אין אַלקער אַריין, וווּ ער איז שוין פאַרבליבן.

פאַרשטייט זיך, אַז אַנטעק האָט באַר אויסגעקוקט דאָס, וואָרן ער האָט זיך באַלד זייטיק דורך אַלע דורכגעשטופּט און זיך רוּיק באַגריסט, כאָטש יאַזקאַ האָט זיך אוועקגעדרייט פון אים.

— צ׳זענט געקומען אויף דער מוזיק, צי אויף מאַלגאָשקעס תנאים!

— אויף דער מוזיק... — האָט זי שטיל אָפּגעענטפערט, וואָרן דאָס לשון איז איר פון געריכטקייט אָפּגענומען גע־וואָרן.

זיי זענען אַ שטיקל צייט געשטאַנען לעבן זיך, קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט, נאָר האַסטיקער געאָטעמט, און בגנבֿה זיך אין די אויגן אַריינגעקוקט, די טעננערס האָבן זיי צו דער וואַנט צוגעשטופּט, באַסטקען האָט שימעק אַוועקגענומען צום טאַנצן, יוזקאַ איז אויך ערגעץ פֿאַרפֿאַלן געוואָרן, אַזוי, אַז זיי זענען איינע אַליין איבערגעבליבן.

— אַלע טאָג וואַרט איך, אַלע טאָג... — האָט ער שטיל געשעפּטשעט.

— קען איך דען אַרויסקומען... מ׳היט מיך... — האָט זי מיט ציטערניש אָפּגעענטפֿערט. די הענט האָבן זיך זיי אַליין צונויפֿגעכאַפּט, זיי האָבן זיך מיט די זייטן צונויפֿגערירט און בלאַס געוואָרן, ס׳האָט זיי אָטעם פֿאַרפֿעלט, אין די אויגן האָבן זיך פֿונקען אָנגעצונדן, אין די הערצער איז אַזאַ מוזיק פֿאַרגעקומען, אַז מ׳קען עס מיט קיין ווערטער נישט איבערגעבן.

— טרעט אָפּ אַ קאַפּ, לאָז אָפּ!... — האָט זי שטילעטשקע געבעטן. וואָרן ס׳זענען געווען פֿול מענטשן אַרום.

ער האָט גאָרנישט אָפּגעענטפֿערט דערויף, נאָר זי פֿעסט אַרום דער טאַליע אַרומגענומען, פֿונאַנדערגעשטופּט די געדיכטעניש, אַרויסגעפֿירט זי אין רעדל אַריין און צו די מוזיקאַנטן אַ געשריי געטאָן:

— אַן אָבערטאַס, כלאָפּעס, נאָר פֿעסט!

זיי האָבן טאַקע אַ זעץ אַרויס געגעבן מיטן גאַנצן כּוח, אַז דער באַס האָט אַזש אויפֿגעקרעכצט. זיי האָבן דאָך אים געקענט, אַז ער צעהוליעט זיך, איז ער גרייט אַפֿילו דער גאַנצער קרעטשמע צו פֿונדערווען!

און נאָך אים האָבן זיך אויך אַ לאָז געטאָן צום טאַנץ זיי־נע קאַמראַטן. ס׳האָט געטאַנצט פֿלאָשקאַ, ס׳האָט געטאַנצט באַלצערעק, ס׳האָט געטאַנצט גזשעלאַ, ס׳האָבן געטאַנצט אויך אַנדערע. מאַטעוש צבער, ווייל די זשעבערעס האָבן אים נאָך ווי געטאָן, האָט בלויז צוגעטופּעט און געשריגן, און חשק צוגעגעבן!

אַנטעק האָט ווילד געהוליעט, האָט אַרויסגעטאַנצט פֿאָרויס, האָט אַלע איבערגעיאָגט און געשוועבט אין דער ערשטער פּאָר אַזוי פֿייערדיק, אַז ער האָט שוין גאָרנישט געדענקט און אויף גאָרנישט קיין אַכט געלייגט, וואָרן יאַגוש האָט זיך זיס צו אים צוגעדרוקט, און אַלע מאָל, קוים דעם אָטעם כאַפּנדיק, אים געבעטן:

— נאָך, יאַנטאָש, נאָך אַ קאָפּ.

זיי האָבן לאַנג געטאַנצט, זיך אָפּגערוט, נאָר כּדי דעם אָטעם צו כאַפּן און מיט ביער זיך אָנצוטרינקען און זיך ווייטער אין אַ טאַנץ אַוועקגעלאָזט, נישט קוקנדיק, וואָס מענטשן האָבן אָנגעהויבן אויפמערקזאַם צו ווערן, צו מורמלען, קרומען זיך און רעדן.

אָבער אַנטעקן איז שוין הייבס אַלצייבס געווען. קוים האָט ער זי נאָר לעבן זיך דערפֿילט, צו זיך צוגעדריקט, אַז זי איז אַזש שטייף געוואָרן און האָט די ליבע, בלויע אויגן פֿאַרמאַכט, האָט ער זיך שוין איבגאַנצן געהאַט פֿאַרגעסן! אַ פֿרייד האָט אין אים אויפגעזונגען, אַזאַ חדווה, גלייך ס'וואָלט אין אים אַ פֿרילינג־טאָג אויפגעגאַנגען. ר'האָט פֿאַרגעסן אָן מענטשן, אָן דער גאַנצער וועלט, דאָס בלוט האָט אים אויפגעקאָכט, אַזאַ עקשנותדיקע, נישט אָפּטרעטנדיקע קראַפֿט האָט זיך אין אים אויפגעוועקט, אַזש די ברוסט איז אים שיער נישט צעשפּאַרט געוואָרן? יאַגוש איז אויך געווען איבגאַנצן ווי פֿאַרטרונקען אין תאווה און אין פֿאַרגעסנהייט! ער האָט זי אַ נעם געטון ווי אַ שד, זי האָט זיך נישט געוועהרט קעגן דעם, וואָרן האָט זי זיך דען געקענט הערן. ער האָט זי אַרומגעדרייט, געטראָגן, צוגעדריקט צו זיך, אַז מינוטנווייז איז איר פֿינצטער געוואָרן און זי האָט אָן דער גאַנצער וועלט פֿאַרגעסן. ס'האָט אין איר געשפּילט אַזאַ פֿרייד, אַזאַ יונגקייט, לוסטיקייט, אַז זי האָט שוין גאָרנישט געזען, נאָר די שוואַרצע ברעמען זיינע, די תּהומידיקע אויגן, און די רויטע תּאוותדיקע ליפּן.

און די פֿידלען האָבן פֿייערדיק געריסן, געיאָמערט און אין אַ ליד פֿאַרגאַנגען, וואָס האָט ווי אַ פּלאַכיקער ווינט געגליט.

פון וועלכן דאָס בלוט איז אין פייער פאַרוואַנדלט געוואָרן און דאָס האַרץ האָט מיט פרייד און קראַפט אויפגעבראַזט; די בעסער האָבן צאַפּלענדיק צוגעבאַסעוועט צום טאַקט, אַז די פיס אַליין האָבן געטראָגן און געקלאַפּט מיט די צאָפּצאַסן; די פלייט האָט געפייפט און געכישופט, פונקט ווי דער סאָלאָוויי אין פרילינג, און מיט אַזאַ ליבלעכקייט דורכגענומען, אַזוי דאָס האַרץ געעפנט, אַז אַ פראָסט איז אַזש דורכגעגאַנגען. אין קאָפּ האָט זיך געמישט, ס'האָט אָטעם פאַרפעלט. עס האָט זיך געוואָלט אי וויינען אי לאַכן, אי שרייען, אי צוטוליען זיך, אי קושן, און ערגעץ-ווו לויפן, אין דער ברייטער וועלט אַריין, אין פאַרגעסנהייט. — דאָ האָבן זיי ווידער געטאַנצט אַזוי פייערדיק, אַז די קרעטשמע האָט זיך אַזש געטרייסלט און די פעסער מיט די מוזיקאַנטן האָבן געדריגעט.

אפשר פופציק פאָר האָבן געשימערט אין דעמדאָזיקן גיגאַנטישן ראָד, וואָס האָט זיך געדרייט פון וואַנט צו וואַנט, מיט אַ געזונגעריי, מיט שיכורער פרייד און מיט אַזאַ קראַפט, אַז די פלאַשן האָבן זיך איבערגעקערט, די לאָמפּן האָבן זיך אויסגעלאָשן, די נאַכט האָט זיי אַרומגעהילט, אַ צעציטערטע פינסטערניש, וואָרן נאָר די גלאָוויניעס אין קוימען, וואָס זענען דורכן אימפּעט פון ווינט צעגליט געוואָרן, האָבן געשיט מיט פונקען און געזעצט מיט אַ בלוטיקן פלאַם, אין וועלכן ס'האָט קוים געשימערט דער צוזאַמענגעשלאָגענער מענטשן-קנויל, וואָס האָט זיך געדרייט אַרום מיט אַזאַ געדיכטעניש, אַז מ'האָט מיטן אויג נישט געקענט דערכאַפּן, נישט אונטערשיידן, ווו מאַן, ווו פרוי! די קאַפּאָטעס האָבן געשוועבט אינדערהייך, ווי די ווייסע פליגל. וועלניאַקעס, טיכער, פאַרטוכער, צעפלאַקערטע פנימער, גליענדיקע אויגן, פייערדיקע טופּערייען, געזאַנגען, אויסגעשרייען, אַלץ האָט זיך איביינעם אויסגעמישט, געדרייט זיך אין ראָד פונקט ווי אַ שפינדל, פון וועלכן ס'האָט געזעצט אַן אומגעהייער געשריי, וואָס איז דורך דער אָפענער פעדערהויז-טיר אין דער שנייקער, פראָסטיקער ווינטער-נאַכט אַריין געלאָפן.

אַנטעק אָבער האָט כסדר געטאַנצט פאָרויס, צום הילכיקסטן

געקלאַפּט מיט די אָפּצאַסן, ווי אַ וויכער זיך געדרייט, צו דער ערד צוגעפאַלן, אַז מ'האָט געמיינט: ער פאַלט! נאָר ווו, ער איז שוין ווידער געשטאַנען, שוין ווייטער זיך געטראָגן, געשריגן, טיילמאָל עפּעס אַ לידל צו די מוזיקאַנטן צוגעוואָרפן און גע־טראָגן זיך צווישן דער ענגשאַפט, צעשלאָגן, געטרעטן, ווי אַ הוראַגאַן איז ער געגאַנגען, אַז אַ מורא האָט אַזש נישט איבעם אָנגעכאַפּט און ווייניק ווער ס'האָט אים אָכגעדאָנזשעט.

באַ אַ גוטע שעה האָט ער אַזוי פאַראַרבעט, וואָרן כאָטש אַנדערע האָבן זיך שוין געהאַט פאַרמאַטערט און אויפגעהערט, אַפילו דער מוזיק זענען שוין די הענט פאַרשטאַרט געוואָרן, האָט ער זיי געלט צוגעוואָרפן, אונטערגעיאָגט זיי צום שפּילן און ווייטער געטאַנצט. אַזוי, אַז צום סוף זענען זיי נאָר כמעט אין צווייען אין דעם ראָד געבליבן.

פאַרשטייט זיך, אַז דאַמאָלס האָבן שוין די באַבנס גע־באַפּט פון אַזאַ מין הוליען, זיי האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ, געמאָלן מיט די צונגען, און מיטגעפילט באַריבען. ביז יונקע, וועל־כע איז בייז געווען אויף אַנטעקן און נאָך מער אויף דער שטיפ־מוטער, איז צום צלטן אַוועקגעלאָפן.

— טאַטע, אַנטעק טאַנצט דאָרט מיט דער שטיפמוטער, אַז מענטשן וווּנדערן זיך אַזשיק! — האָט זי אים איינגערוימט.

— לאָזן זיי טאַנצן, דערויף איז אַ קרעטשמע! — האָט ער אָפּגעענטפערט און ווידער זיך גענומען אָנקלאַפּן מיט דעם על־טערן הער און מיט דעם קאָוואַל, און עפּעס פריידיק.

זי האָט זיך אומגעקערט מיט גאַרנישט, אָבער האָט זיי אויפמערקזאַם גענומען באַקוקן. וואָרן נאָכן טאַנץ זענען זיי גע־שטאַנען באַם שענקפאַס מיט דער גאַנצער חברה שיקסעס און שקצים. ס'איז זיי געווען גאַנץ פריילעך, וואָרן יאַמבראָזשי האָט זיי, שוין אינגאַנצן אַ שיכּורער, געפריידיקט אַזעלכע מעשהלעך, אַז די שיקסעס האָבן זיך אַזש מיט די פאַרטיכער פאַרשטעלט, און די פאַראָבקעס האָבן הויך אויפן קול געלאַכט, און נאָך זיי־ערס צוגעגעבן. אַנטעק האָט אַלעמען געפונדעוועט ביער, ער האָט דער ערשטער צו זיי אויסגעטרונקען, די פאַראָבקעס אין די

אַרעמס אַרײַן גענומען, צו זיך צוגעדריקט, די שיקסעס גאַנצע גאַרשטשעס קאַרמעלקעס הינטערן בוזעם אַרונטערגעשטופּט, כּדי ער זאָל דערנאָך אויך יאַגושען קענען אָנלייגן. און נישט קוקנדיק דערויף, וואָס ער איז געווען פאַרמאַטערט, האָט ער צום הילכיקסטן געלאַכט, און פריידיק זיך פונאַנדערגערעדט.

די איבעריקע אין קרעטשמע האָבן זיך אויך נישקשהדיק פאַרווײַלט. דער עולם האָט זיך שוין געהאַט אינגאַנצן צעהוליעט און צעהיצט. דאָ האָבן כּסדר פאַרשידענע פּאָרלעך געטאַנצט, אַנדערע האָבן זיך צונויפגעפּאַקט ווי ס'האָט זיך נאָר געלאָזט און אײַנגעטענהט, געטרונקען אײנער צום אַנדערן, געקומעט זיך אײנע מיט די אַנדערע און די פרײלעכקייט מיטן גאַנצן האַרץ גענאָסן. די זשעפּיצער שליאַכטע האָט זיך אַ ריר געטון פון איר טיש, וואָרן זיי האָבן זיך שוין געהאַט באַפרײַנדעט באַם בראָנפן מיט די ליפּצער, אַ טייל האָבן זיך שוין אַפילו צום טאַנץ גענומען. די שיקסעס האָבן זיך נישט אָפּגעזאָגט, ווײַל זיי האָבן געהאַט אַן אײַדעלערע באַנעמונג און האָבן פײַן געבעטן.

אַנטעקס חברה אָבער האָט זיך געווײַלט באַזונדער, ווײַל ס'איז געווען בלויז יונגוואַרג און די בעסערע פון דאָרף. ער אָבער אַליין האָט טראָץ דעם, וואָס ר'האָט מיט יעדן אײנציקן אײַנגעטענהט, שוין כּמעט נישט געוווּסט אויף וועלכער וועלט ער איז און איז פּשוט הייבט ווי פאַרשיכּורט געווען. ר'האָט שוין אויף גאָרנישט געקוקט און מיט גאָרנישט באַהאַלטן זיך, וואָרן ער וואָלט דאָס גאָרנישט געקענט באַווײַזן אַפילו — האָט ער זיך שוין נישט גערעכנט מיט דעם, וואָס מענטשן אַרום קוקן אויפמערקזאַם און הערן זיך פלײַסיק צו. אַוודאי, ס'איז אים אַ סך דאָרט אָנגעגאַנגען. ער האָט איר כּסדר געהאַלטן אין אײַנרוימען אין אויער אַרײַן, צו דער וואַנט זי צוגעדריקט, אַרומגעכאַפּט, בײַ די הענט אָנגענומען, זיך שוין קוים געקענט אײַנהאַלטן איר נישט אַ קוש צו טון! ער האָט נאָר מיט משוגענע אויגן געקוקט אין אַלע זײַטן און אין דער ברוסט האָט אים אַזאַ שטורעם געברויזט, אַז ער איז גרייט געווען אויף אַלעם, אַבי נאָר באַלד, אין איר קעגנוואַרט, וואָרן ער האָט געזען אין אַ רע

בלויע, צעפלאַמטע אויגן באַוווּנדערונג און ליבשאַפט. איז ער טאַקע וואָס אַמאָל מער געוואַקסן, געגרויסט זיך און געדונערט, פונקט ווי דער וויכער איידער ער שטורעמט אַרויס! דערבײַ האָט ער פעסט געטרונקען און יאַגושן אָנגעגאָסן, אַז ס'האָט זיך איר אַזש אין קאָפּ געמישט, אַז זי האָט שוין אַפילו נישט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך מיט איר, בײַ מאָמענטנווײַז, ווען די מוזיק איז אַנטשוויגן געוואָרן און די קרעטשמע האָט זיך אַ ביסל אײַנגעשטילט, איז זי אַ ביסעלע צו זיך געקומען. אַ פּחד האָט זי אַרומגענומען, זי האָט זיך אַרומגעקוקט מיט פאַרווונדערונג, ווי זוכנדיק הילף בײַ עמעצן, זי האָט אַפילו חשק געהאַט צו אַנטלויפן, אָבער ער איז געשטאַנען דערלעבן און אַזוי געקוקט, אַזאַ היץ האָט פון אים געשלאָגן, אַזאַ ליבע האָט אין איר אויפגעברויזט, אַז אין איין רגע האָט זי וועגן אַלץ פאַרגעסן.

דאָס האָט זיך גענוג געצויגן, וואָרן אַנטעק האָט שוין בעשטעלט בראָנפן דער גאַנצער קאָמפּאַניע. דער ייִד האָט גערן געגעבן און יעדער קוואָרט צוויי מאָל אויף דער טיר אויפגעצייכנט.

ווען אָבער דער גאַנצער קאָמפּאַניע האָט זיך שוין אָנגעהויבן אין די קעפּ צו מישן, זענען זיי אַלע מיטאַמאָל געגאַנגען טאַנצן, כּדי זיך אויסצוניכטערן אַ ביסל. פאַרשטייט זיך, אַז אַנטעק מיט יאַגנען האָבן געטאַנצט די ערשטע.

דערויף איז באַריגע אַרויסגעקומען פון אַלקערוש. אַרײַנגעפירט האָבן אים די אויפגערעגטע ווײַבער, ר'האָט אַ קוק געטון און זיך באַלד אין אַלעם אָנגעשטויסן. אַ שרעקלעכער כעס האָט אים אָנגעכאַפּט, ר'האָט נאָר די ציין פאַרביסן, פאַרקנעפּלט די פּעטליעס פון דער קאַפּאָטע, אַראָפּגערוקט דאָס היטל און אָנגעהויבן זיך אַדורכשטופּן צו זיי. מ'האָט אים אָפּגעטרעטן פון וועג, וואָרן ר'איז געווען בלאַס ווי די וואַנט און מיט די אויגן ווילד געפלאַקערט.

— אַהיים! — האָט ער הויך אויסגערופן, ווען זיי זענען אָנגעלאָפן, און געוואָלט זי בײַ דער האַנט אָנכאַפּן, אָבער אין דעם אויגנבליק האָט אַנטעק אויפן אָרט אַ דריי אויס געגעבן

און זיך אָװעקגעטראָגן װײַטער, אַזױ, אַז אירע פֿרױען אַרױסצו־רײַסן זיך זענען געװען בחנם.

איז באַרינע דאַמאָלס אַ שפּרונג־צו געטון, צעקלאַפּט דאָס ראָד, אַרױסגעריסן זי פֿון אַנטעקס אָרעמס, נישט צעגלאָזט שױן, און נישט קײן קוק טוענדיק אפילו אויפֿן זון, האָט ער זי פֿון דער קרעטשמע אַרױסגעפֿירט.

די מוזיק האָט ראַפּטום אױפֿגעהערט, אַ שטילקייט איז פּלוצלינג אָנגעפֿאַלן, אַז אַלע זענען געבליבן שטײן, װי אײַנגע־גראָבן. קײנער האָט זיך אפילו מיט קײן װאָרט נישט אָנגערופֿן, װײַל זײ האָבן זיך געכאַפּט, אַז דאָ קומט פֿאָר עפּעס שרעקלעכס. אַנטעק האָט זיך אַ װאָרף געטון נאָך זײ, צעטופּט דאָס ענג־שאַפֿט װי די סנאָפּקעס און פֿון דער קרעטשמע אַרױסגעלאָפֿן. נאָר־קוים האָט אים דער פֿראָסט אַ היל אַרום געטון, האָט ער זיך אַ װאַקל געגעבן אויף אַ קלאָץ, װאָס איז פֿאַרן הױז געלעגן, און אַרײַנגעפֿאַלן אין שנײ. ר'האָט זיך אָבער געשװינד אױפֿגע־הױבן און זײ אויף דער פֿאַרקרימונג פֿון װעג לעבן סטאַװ דעריאָגט.

— גײ דײַן װעגס און פֿאַרטשעפּע נישט קײן מענטשן! — האָט דער אַלטער אַ געשרײ געטון, אומדרײענדיק זיך צו אים.

יאַגנע איז מיט אַ ליאַרם אין דער כאַלופּע צעלײגעלאָפֿן און יוזקע האָט דעם אַלטן עפּעס אַ פּלאָקן אין דער גאָרשטש אַרײַנ־געשטופּט און געקװיטשעט:

— שלאָגטס אים, דעם רוצח, שלאָגטס אים, טאַטוליו!...

— לאָזטס זי אָפּ, לאָזטס אָפּ! — האָט אַנטעק אין אומ־באַװוסטזײַן מיט דער צונג געקאַרקלט און זיך צוגערוקט מיט די פֿױסטן גרײט צו שלאָגן.

— כ זאָג דיר, גײ אַװעק, װאָרן װי גאָט איז אין הימל, כ'װעל דיך דערמאָרדן װי אַ הונט! דו הערסט! — האָט דער אַלטער, זײענדיק גרײט אויף אַלעם, װידער אַ געשרײ געטון. אַנטעק איז נישט װילנדיק צוריקגעטרעטן אַן צפּהענטיקער, ס'איז

אויף אים אַזאַ שטאַרקע מורא אָנגעפֿאַלן, אַז ר'האָט ציטערן אָנגעהויבן, און דער אַלטער איז פֿאַמעלעך אַהיימגעגאַנגען.

ער איז אים שוין נישט נאָכגעשפּרונגען, געבליבן שטיין אַ צעטרייסלטער, אַן אומבאַוווסטזיניקער און מיט פּוסטע אויגן אַרום זיך אַרומגעבלאָנדזשעט; ס'איז שוין קיינער נישט געווען, די לבנה האָט העל געשיינט, דער שניי האָט געפֿינקלט און אַ טרויעריקע ווייניקייט האָט זיך אומעטום געזען. ר'האָט זיך בשום אופֿן נישט געקענט קיין רעכענונג אָפּגעבן, וואָס דאָ איז געשען. ר'איז ערשט עטוואָס צו זיך געקומען אין דער קרעטשמע, וווהין ס'האָבן אים אַרייַנגעפֿירט די גוטע פֿרייַנט, וואָס זײַנען אים געלאָפֿן אויף הילף, וואָרן ס'איז צעטראָגן געוואָרן, אַז ער שלאָגט זיך מיטן פֿאָטער.

די פֿאַרוויילונג האָט זיך אויך פֿאַרענדיקט, מ'איז זיך צעגאַנגען אַהיים, וואָרן ס'איז שוין טאַקע שפּעט געווען. די קרעטשמע האָט זיך גיך אויסגעליידיקט, נאָר אויף די וועגן האָבן אַ שטיק צייט נאָך אָפּגעהילכט די געוויישן און די געזאַנגען. געבליבן זענען נאָר די זשעביצער, וועלכע האָבן געזאָלט נעכטיקן, און דער פֿאָן יאַצעק האָט זײַן טרויעריקע לידער אויף דער פֿידל צוגעשפּילט. זיי זענען געזעסן הינטערן טיש אויף די הענט אָנגעשפּאַרט און געזיפֿצט, און אויך אַנטעק, וועלכער איז אײַנזאַם אין ווינקל געזעסן, ווייל מ'האָט זיך גאָרנישט געקענט מיט אים צוזאַמענרעדן, ר'האָט קיינעם גאָרנישט געענטפֿערט, און אַלע האָבן אים פֿאַרלאָזט. ר'איז געזעסן ווי אַ טויטער און נישט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך מיט אים, אַזוי, אַז דער ייִד האָט אים אומזיסט דערמאַנט, אַז ער פֿאַרמאַכט די קרעטשמע; ער האָט נישט געהערט און לחלוטין נישט פֿאַרשטאַנען. ר'האָט זיך ערשט אויפֿגעכאַפּט אויפֿן קול פֿון האַנקען, וועלכער מענטשן האָבן שוין געהאַט מודיע געווען, אַז ר'האָט זיך ווידער צעהרגעט מיטן פֿאָטער.

— וואָס דאַרפֿסטו? — האָט ער אַ פֿרעג געטון.

— קום אַהיים, ס'איז שוין שפּעט — האָט זי געבעטן אײַנהאַלטנדיק די טרערן.

— גיי אַליין, כ׳וועל נישט גיין מיט דיר! כ׳זאָג דיר, גיי אַוועק! — האָט ער שטרענג אַ געשריי געטון, און דערנאָך האָט ער פּלוצלינג, נישט ווייסנדיק פאַר וועמען און פאַרוואָס, זיך איינגעבויגן צו איר אין אין סאַמע פּנים אַריין אַ זאָג געטון: — מ׳זאָל מיך אַפילו אין קייטן שליסן, אין תּפיסה איינזעצן, וואָלט איך געווען אַ סך פרייער, ווי מיט דיר צוזאַמען, דו הערסט, אַ סך פרייער!

האַנקע האָט זיך יעמערלעך צעוויינט און איז אַוועקגעגאַנגען.

אַצינד האָט ער זיך אויך אויפגעהויבן, אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן און צו דער מיל זיך אַוועקגעשלעפּט.

ס׳איז געווען אַ העלע נאַכט, אַ צעברענטע פון לבנה-ליכט; די ביימער האָבן געלייגט לאַנגע, דורכויס בלויע, באַזילבערטע שאָטנס, דער פראָסט האָט אַזוי געברענט, אַז פון צייט צו צייט האָט מען געהערט דאָס קנאַקן פון לייסטן און ווי אַ שטילער, דורכנעמענדיקער געפּישטש האָט זיך איבער די צעפּינקלטע שנייען געטראָגן; אַ טויטע, פאַרשטאַרטע שטילקייט האָט די גאַנצע וועלט אַרומגעהילט. דאָס דאָרף איז שוין געשלאָפן, קיין איין פענסטער האָט מיט קיין ליכט נישט געבלישטשעט, נישט קיין הונט האָט אַ ביל געטון, נישט די מיל האָט גערוישט, גאָרנישט — נאָר פון דער קרעטשמע האָט זיך דערטראָגן דאָס הייזעריקע געזאַנג פון יאַמבראָזשיק, וועלכער האָט לויט זיין געוווינהייט אין דערמיט וועג געזונגען — נאָר שוואַך, אַזוי ווי פון שלאָף.

אַנטעק האָט זיך געשלעפּט שווער און פאַמעלעך אַרום סטאַוו, ר׳האָט זיך אַלעמאָל אָפּגעשטעלט, אומבאַוווסטזיניק זיך אַרומגעקוקט, מיט שרעק זיך איינגעהאָרכט, וואָרן ס׳האָבן אים כּסדר אין קאָפּ גערוישט דעם טאַטנס שרעקלעכסטע ווערטער; ר׳האָט כּסדר געזען זיינע צאָרנדיקע בליקן, וואָס האָבן אים ווי מיט אַ מעסער געשטאָכן, אַז ער האָט נישט ווילנדיק אָפּגעטרעטן. אַ שרעק האָט אים געדריקט באַם האַלדז, דאָס האַרץ איז אים אָפּגעשטאָרבן, די האָר האָבן זיך אים אויפגעשטעלט — און פון זכּרון איז אים דאָס עקשנות אַרויסגעפלויגן, אַוועקגעפלויגן די

ליבע, אַלץ איז פאַרפלויגן, און ס'איז נאָר איבערגעבליבן אַ שטערבלעכע אימה, אַ צאַפּלדיקע שרעק, און אַ פאַרצווייפלטע, ווייטיקלעכע אָנמאַכט...

ר'האָט אַליין נישט געוווּסט ווען ער האָט אָנגעהויבן צו גיין אַהיים, ווי פאַרן קלויסטער האָט זיך צו אים דערטראָגן אַ שמערצלעך געוויין און אַ הויך קלאָגן; אונטער דער פיגור, וואָס איז בײַם סאַמע טויער פון צמענטאַרזש געשטאַנען, איז עמעץ געלעגן אויפן שניי צעקרייצט, אין שאָטן, וואָס איז פון פאַרקאַן געפאַלן, האָט מען גאָרנישט געקענט דערקענען. ר'האָט זיך איינגעבויגן, מיינענדיק, אַז דאָס איז עפּעס אַ פרעמדער וואַנדערער, אָדער אַ שיכּורער — און דאָ איז גאָר האַנקע געלעגן, בעטנדיק דערבאַרמונג.

— קום אַהיים, אַזאַ קעלט, קום, הגוש! — האָט ער געבעטן, וואָרן דאָס האַרץ איז אים אויסטערליש ווייך געוואָרן, און ווײַל זי האָט זיך נישט אָנגערופן, האָט ער זי מיט געוואַלט אויפגעהויבן און אַהיימגעפירט.

זיי האָבן גאָרנישט גערעדט צווישן זיך, וואָרן האַנקע האָט העשענדיק געוויינט.

---

## VIII

באַ די באַרינעס איז ווי אין אַ קבר שטיל געווען נאָך דעמדאָזיקן יום־טוב — נישט קיין געוויין, נישט קיין געשרייען, נישט קיין זידלערייען, נאָר אַ פייגלעכע שטילקייט, וועלכע האָט אין זיך פאַרבאָרגן אַ שרעקלעך פאַרגעפיל און איז פיל געווען מיט איינגעהאַלטענעם צאָרן און ליידן.

דאָס גאַנצע הויז איז אַנטשוויגן געוואָרן, מיט מרה שחורה זיך אַרומגעוועבט, און געלעבט אין כסדרדיקן פחד און אין דערוואַרטונג פון עפעס שרעקלעכס, ווי אונטער אַ דאַך, וואָס דאַרף אַ ליאַדע רגע אויף די קעפ אַראָפפאַלן.

דער אַלטער האָט נאָכן אומקערן זיך אַהיים, נישט שפעטער, נישט צומאָרגנס אפילו, קיין איין שלעכט וואָרט יאַגושען נישט געזאָגט, אפילו פאַר דער דאָמיניקאָווען האָט ער זיך נישט פאַרקלאָגט, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געשען.

ער איז נאָר קראַנק געוואָרן פאַר צרות, און פון בעט זיך נישט געקענט אויפהייבן, וואָרן ס׳האָט אים כסדר צום חלשן

געבייגט, ס'האָט אים אין דער זייט געשטאָכן און אַ היץ האָט אים צעב׳מען.

— ס'איז נישט אַנדערש, נאָר די לעבער אַליין האָט זיך באַ אים פאַרבראָכט, אָדער די געדערים האָבן זיך איבערגעדרייט! — האָט די דאָמיניקאַווא אויסגערופן, שמירנדיק אים די זייטן מיט הייסן אייל; ער האָט זיך גאָרנישט אָנגערופן, נאָר שמערצלעך בעקרעכצט און עקשנותדיק אויפן פולאָפ געקוקט.

— נישט יאַנושעס שולד איז דאָס, ניין! — האָט זי שטיל אָנגעהויבן, אַז מ'זאָל אויף דער שטוב נישט דערהערן, וואָרן זי האָט זיך שרעקלעך געזאָרגט דערפון, וואָס ער האָט קיין וואָרט נישט דערמאָנט פון דער נעכטיקער געשיכטע.

— נאָר וועמענס? — האָט ער אַ מרוק געטון.

— מיט וואָס איז זי דאָס שולדיק? עך האָט זי אייגנע אַליין איבערגעלאָזט און געגאַנגען טרינקען אין אַלקערזש אַריין, די מוזיק האָט געשפּילט, אַלע האָבן געטאַנצט, געוויילט זיך, איז וואָס, האָט זי געזאָלט ווי דער גער אייגנע אַליין אין אַ ווינקל שטיין, ז'איז דאָך יונג, געזונט און דאַרף זיך ווײַלן. ער האָט זי פאַרבעטן, נו איז זי געגאַנגען טאַנצן. האָט זי דען געקענט נישט גיין, יעדער אייניקער אין דער קרעטשמע האָט דאָס דערכט צו בעטן צום טאַנץ, וועלכע ס'געפעלט אים נאָר, און אַז ער האָט זי גראָד אויסגעקליבן און ר'האָט זי נישט אָפּגעלאָזט, דער רוצח איינער, איז נאָר דערפאַר, וואָס ער איז אין כעס אויף ענק, וואָס ער איז אין כעס!

— עך שמירטס נאָר און מאַכטס כ'זאָל גיך געזונט ווערן, און לערנטס מיך נישט קיין שכל, כ'ווייס גאַנץ גוט, ווי אַזוי דאָס איז געווען, כ'דאַרף נישט ענקערע מעשיות.

— אַז צ'זענט יאָ אַזוי קלוג, איז דאַרפט עך דאָס אויך וויסן, אַז אַ יונגע בקבה, אַ געזונטע דאַרף זיך אויך אירע פאַרגעניגנס האָבן, זי איז נישט קיין האָלץ און נישט קיין אַלטע באָבע, זי האָט גענומען אַ מאַן, איז דאַרף זי אַ מאַן האָבן, נישט קיין דזשאַדוך דאָרט, אַז זי זאָל מיט אים די תפילות זאָגן גיין.

— איז פאַרוואָס־זשע האָט עץ זי מיר געגעבן? — האָט ער גיפּטיק אַ וואָרף געטון.

— פאַרוואָס? און ווער האָט דאָס ווי אַ הונט געסקאַמליעט? נישט יעך בין אויף ענק אָנגעזעסן, אַז צ׳זאָלט זי נעמען. נישט יעך האָב זי ענק אונטערגעשטופּט, נישט זי אַליין! זי האָט זיך געקענט חתונה האָבן פאַר יעדן צווייטן און פון די בעסטע פון דאָרף, ס׳איז געווען גענוג...

— ס׳איז געווען, נאָר נישט צום חתונה האָבן...

— אַז ס׳זאָל ענק די צונג אָפּגעדאַרט ווערן פאַר דעם הונטישן בילן!

— דער אמת, זע איך, האָט ענק ווי פּאָקזשיוועס אָפּגעבריט, אַז צ׳האָט ענק אַזאַ וואָרף געגעבן!

— ס׳איז אַ מיאוסער ליגנט, ס׳איז נישט אמת, אַ ליגנט!

ר׳האָט אַרויפגעצויגן דאָס איבערבעט אויף דער ברוסט, צו דער וואַנט זיך אומגעדרייט און מיט קיין וואָרט זיך מער נישט אָנגערופן אויף אירע הייסע טענות. ערשט דאַמאָלס, ווען זי האָט מיט אַ געוויין אויסגעבראָכן, האָט ער צאָרניק אַ מורמל געטון:

— אַז אַ באַבע קען זיך מיט קיין קיאָנקע נישט קיין עצה געבן, מיינט זי, אַז מיט וויינען וועט זי עפּעס העלפן!

ר׳האָט גאַנץ גוט געוווסט, וואָס ר׳האָט געזאָגט, גאַנץ גוט! וואָרן אַצינד ערשט, ווען ער האָט זיך פון בעט נישט געקענט אויפהייבן, איז אים אויפן געדאַנק געקומען דאָס, וואָס מ׳האָט וועגן איר אַמאָל גערעדט. ר׳האָט זיך דאָס איבערגערעכנט, צוזאַמענגעלייגט, צוזאַמענגענומען אין איין קופּע, איבערגעקלערט זיך — און אַזאַ צאָרן האָט אים אַרומגענומען, אַזאַ אייפערזוכט האָט אים געפרעסן, אַז ר׳האָט נישט עקענט איינליגן. ר׳האָט זיך געוואָרפן אויפן בעט, געשאָלטן שטילערהייט, דאָ האָט ער זיך איבערגעדרייט מיטן פּנים צו דער שטוב און מיט אַ פּאָר בייזע, שפּאַרבער־שליפיעס יאָגנען נאָכגעשפּירט... זי ווידער איז געווען אַזוי בלאַס, אויסגעמאַגערט; ווי אַ פאַרשלאָפענע איז זי איבער דער שטוב אַרומגעגאַנגען, און מיט טרויעריקע אויגן נאָר פון אַ באַוולהט

קינד האָט זי אויף אים אַלעמאָל אַ בליק געוואָרפן און אַזוי אָפּגעזיפצט, אַז ס'האָט אים אַזש באַנג געטון און דאָס האַרץ איז אים אַ קאַפּ ווייכער געוואָרן, אָבער דערפאַר איז אויך די אייפערזוכט מער געוואַקסן.

דאָס האָט זיך אַזוי געשלעפּט כמעט אַ גאַנצע וואָך, אַז ס'איז שוין אין שטוב שווער געווען אויסצוהאַלטן; וואָרן זי האָט געהאַט אַ זייער פילבאַרע נשמה — ווי אַט די בלום, וואָס לאָז באַר אַ קאַלט חינטל אַ הויך טון, וועט זי באַלד איינגעשרומפן ווערן און פון ווייטיק זיך צעצאַפּלען. זי איז טאַקע צוקוקנדיק אויסגעדאַרט געוואָרן, זי האָט נישט געקענט שלאָפן, דאָס עסן האָט איר נישט געשמעקט, ס'איז איר שווער געווען אויף אַן אָרט איינצוזיצן, און מיט אַן אַרבעט זיך צו פאַרנעמען, וואָרן ס'איז איר אַלץ פון די הענט געפאַלן און אַ פחד האָט זי שטענדיק באַגלייט; ווי דען, אַז דער אַלטער איז כסדר געלעגן, געקרעכצט, קיין גוט וואָרט איר נישט געגעבן, און ווי אַ רוצח האָט ער אויף איר געקוקט. זי האָט כסדר זיינע בליקן אויף זיך געפילט, כסדר, אַז זי האָט שוין נישט געקענט אויסהאַלטן. ס'לעבן איז איר שווער געוואָרן, אַן אומבאַשרייבלעכע בענקשאַפט האָט זי דורכגענומען, וואָרן זי האָט וועגן אַנטעקן אפילו גאָרנישט געוווּסט, ער האָט זיך אַ גאַנצע וואָך נישט געוויזן, כאָטש זי האָט טיילמאָל, ווען דער בין השמשות איז צוגעפאַלן, מיט אַ שרעקלעכן פחד, הינטער דער סטעודע אַרויסגעבליקט! זי האָט זיך אויך נישט געוואַגט קיינעם צו פרעגן. ס'איז איר שוין אַזוי נמאס געוואָרן אין דער כאַלופּע, אַז צו עטלעכע מאָל אין טאָג איז זי געלאָפן צו דער מוטער, אָבער די דאָמיניקאָווע איז ווייניק אין דער כאַלופּע געזעסן, דאָ איז זי בײַ קראַנקע געווען, דאָ איז זי אין קלויסטער געזעסן. אויב זי איז שוין יאָ געווען, האָט זי איר אַ שטרענג פנים געוויזן און ביטערע פאָרוואָרפן געמאַכט. די שקצים זענען אַרומגעקראָכן פאַרכמאַרעטע, בייזע און באַטריבטע, וואָרן די אַלטע האָט שימעקן מיט דעם פלאַקס-ברעכער אָנגעקיילט, דערפאַר וואָס ר'האָט בשעת די דריי קרוליעס אין דער קרעטשמע גאַנצע פיר גילדן פאַרשיכורט. דערנאָך האָט זי צו די

שכנים אַרייַנגעבליקט, אַבי דעם טאָג ווי ס'איז אַפּגעפּטרן, אָבער ס'איז אויך דאָרט נישט גוט געווען. אמת טאַקע, מ'האָט זי נישט אַרויסגעטריבן, אָבער ווי דורך די ציין האָבן זיי די ווערטער געזיגן, שטרענגע בליקן געוואָרפן, און אַלע האָבן צוגלייך דעם אַלטנס קרענק באַדויערט, ביטער באַקלאָגנדיק זיך, וואָס פאַר אַ פּאַסקודנע צייטן ס'זענען אָנגעקומען.

און יוזקע האָט זי אויך, ווי זי האָט נאָר געקענט, אויף שריט און טריט צוגעדריקט. אפילו וויטעק האָט מורא געהאַט, ווי זיין געוווינהייט איז געווען, צו פלוידערן פאַרן באַלעבאָס אין די אויגן, אַז זי האָט פּשוט קיין וואָרט נישט געהאַט מיט וועמען אויסצורעדן. דאָס איינע פאַרגעניגן און צעשטרייַונג האָט זי נאָר געהאַט, וואָס פּיעטרעק האָט אין דער שטאַל, אַלע אָוונטן, נאָך דער אַרבעט, שטיל אויף דער פּיזל אויסגעשפּילט, וואָרן אין דער כאַלופּע האָט דער אַלטער נישט געלאָזט.

און דער ווינטער איז אַלץ געווען אַ גרויזאַמער, אַ פראָסטיקער און ווינטיקער, אַז מ'האָט געמוזט אין דער שטוב זיצן!

ערשט אַרום שבת צו, האָט זיך דער אַלטער, כאָטש ר'איז נאָך נישט געזונט געווען, פונם בעט אַראָפּגעשלעפּט, אָנגעטאָן זיך וואַרעם, וואָרן ס'איז געווען אַ קנאַקעדיקער פראָסט און ר'איז אויפן דאָרף געגאַנגען.

ער איז אין פאַרשידענע כאַלופּעס אַרייַנגעגאַנגען מכלומרשט זיך אַ ביסל אָנצוואַרעמען, דאָ וועגן פאַרשידענע ענינים צו שמועסן. ער האָט זיך גערן אָפּגעשטעלט אַפילו מיט אַזעלכע, וואָס ר'האָט מיט זיי פריִער קיין וואָרט נישט אויסגערעדט, און אומעטום האָט ער דער ערשטער אָנגעהויבן וועגן דער קרעטשמע און פון דעם גאַנצן ענין געמאַכט אַ גאַרנישט, און פרייַלעך דערציילט, ווי ער האָט זיך געהאַט פעסט אָנגעשיכורט און דעריבער איז ער קראַנק געוואָרן.

מ'האָט זיך זייער געוווּנדערט דערויף, מ'האָט אים פּאַטאַקעוועט, מיט די קעפּ צוגעשאָקלט, אָבער קיינער האָט זיך נישט געלאָזט פירן אין באָד אַריין, מ'האָט דאָך גוט געקענט זיין נישט בויגזאַמען שטאָלץ, און אויך דאָס, אַז קוים איז אים גנ-

באנגעז אין אמביציע, האט מען אים שוין געקענט מיט גליענדיק פייער ברענען, און ער וואלט קיין פישטש נישט געלאזט פון זיך הערן; מ'האט אויך גלייכצייטיק געוווסט, ווי ער האט זיך שטענדיק העכער פון אנדערע אויפגעהויבן, געגרייסט זיך, בע-האלטן זיך פארן בעסטן פון דארף, און האט זייער אכטונג גע-געבן, אז מען זאל אים אויף די צונגען נישט ארומטראגן.

מ'האט אויך פארשטאנען, אז ער וויל כאפן די פיש פאר דער נעץ, און אפשוואכן די רכילות, וואס זענען אנטשטא-נען.

אפילו דער אלטער שימאן האט אים גלייך אין די אויגן אריין געזאגט, ווי זיין געוווינהייט איז געווען:

— גו דערצייל, דערצייל: א קו איז איבערן דאך גע-פלויגן, און סך הכל איז די מעשה נישט געשטויגן! די מענטשנס רייד זענען פונקט ווי א פייער, צ'ועט עס נישט פא לעשן מיט די בעגל, אליין מוז עס זיך אויסברענען, און כ'ועל ענק נאר דערמאנען, וואס כ'האב געהאט געזאגט פארן שלוב: אז ועסט אן אלטן מיט א יונגער בתולה באווייבן — ועסטו דעם טייוול מיט קיין ווייווך נישט פארטרייבן!

איז ער בייז געווארן דערויף און האט זיך גלייך אומגע-קערט אהיים. יאגוש ווידער, טראכטנדיק, אז קוים איז ער אויפ-געשטאנען, איז אלץ שוין פארביי און ס'ועט זיך צוריק אומ-קערן ווי ס'איז געווען. האט זי לייכטער אפגעעטעמט, און אנגע-הויבן צו אים צו רעדן, דא אין די אויגן אריינקוקן, אונטער-חנפענען זיך און איבער דער שטוב זיס צו פלאפלען, ווי פריִ-ער... אבער ער האט זי באלד מיט אזא שארף ווארט דער-מאנט, אז זי איז אויפגעציטערט געווארן; אויך דערנאך איז ער נישט אנדערש געווארן, ר'האט זי נישט געפיעשטשעט, נישט גע-צערטלט, נישט געפרווט אירע געדאנקען צוצוטעפן, נישט וועגן איר ליבע זיך באמיט, נאר שטרענג, ווי אויף עפעס א שיקסע האט ער פאר די אומארדנונגען געשריגן און זי צו דער ארבעט בעיאגט.

פון דעם טאג אן האט ער צוריק אלץ אין די אייגענע

פֿורס ן אַריינגענומען, אַליין אָפּגעהיטן, און פֿון די הענט נישט אַרויסגעלאָזט. גאַנצע טעג האָט ער, ווי ר'איז נאָר געזונט געווען, מיט פּיעטרעקן געדראָשן און אין שייער באַ דער תּבֿואה זיך געפּאָרעט, כמעט נישט אַרויסגעריסן זיך קיין טריט פֿון הויף אַרויס. אַפֿילו אין די אָוונטן האָט ער אין דער כאַלופּע דאָס פֿערד-געשפּאַן צוגעגרייט אָדער אויף דער קאָבעלע פֿאַרשידענע כּלים פֿון באַלעבאַטישקייט אויסגעשניצט — און דערבײַ האָט ער אַזוי אויפֿמערקזאַם יאַגנען געהיט, אַז זי האָט קיין טריט נישט געקענט מאַכן, ער זאָל איר נישט נאָכקוקן. אַפֿילו די יום־טובֿדיקע מלבושים האָט ער פֿאַרשלאָסן און דעם שליסל באַ זיך אַרומגעטראָגן.

זי האָט דאָס שוין איינמאָל געליטן, שוין איינמאָל! וואָרן נאָך ווייניק, וואָס ער האָט פּאַר אַ ליאַדע וואָס געשריגן, און קיין גוט וואָרט נישט געגעבן, נאָר ר'האָט פּשוט אַלץ אַזוי געטון, גלייך ווי נישט זי וואָלט געווען די באַלעבאָסטע, וואָרן נאָר יוזקען האָט ער באַפֿוילן, וואָס ס'איז דאָ צו טון, מיט יוזקען האָט ער זיך אויסגעטענהט וועגן פֿאַרשידענע זאַכן, וועלכע דאָס שיקסל האָט אַפֿילו נישט פֿאַרשטאַנען, און יוזקען האָט ער געהייסן אויף אַלעם אַכטונג געבן!

און יאַגנע — איז גלייך זי וואָלט אינגאַנצן נישט געווען; זי האָט גאַנצע טעג געשפּינען, אַרומגעגאַנגען ווי אַ צעמישטע, אָדער צו דער מוטער געלאָפֿן פֿון האַרץ זיך אָפּצורעדן; די אַלטע האָט דערויף גאָרנישט געקענט העלפֿן, וואָרן ר'האָט איר שאַרף אָפּגעענטפֿערט:

— זי איז געווען אַ פּריצה, זי האָט געטון, וואָס זי האָט געוואָלט, ס'האָט איר גאָרנישט געפֿעלט. און אַז זי האָט דאָס נישט געקענט אָפּשאַצן, זאָל זי פֿאַרזוכן עפּעס אַנדערש! און דאָס זאָג איך ענק צו, עץ מעגט איר זאָגן, אַז כּל זמן איך ריר נאָך מיט אַ פֿוס, וועל איך מײַן גוטס אָפּהיטן און כ'וועל נישט דערלאָזן, אַז מ'זאָל פֿון מיר חוזק מאַכן, ווי פֿון אַ ליאַלקע עפּעס, וואָלט עץ געדענקען.

— אום גאָטעס ווילן, ס'טייטש, זי האָט דאָך קיין שום שלעכטס נישט געטון!

— ווען זי וואָלט געהאַט געטון, וואָלט איך אַזוי נישט גערעדט און כ'וואָלט מיך נישט אַזוי באַגאַנגען מיט איר! נאָר בענגיג איז שוין דאָס, אַז זי האָט זיך מיט אַנטעקן אַרייַנגעלאָזט!

— ס'הייסט, ס'איז דאָך געווען אין קרעטשמע, בשעתן טאַנצן פאַר אַלע אין די אויגן!

— ס'דען, נאָר אין קרעטשמע! ס'דען!... — וואָרן ער האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז ווען ער האָט איר פאַרטוך געהאַט באַם פלויט געפונען, האָט זי דאַמאָלס צו אַנטעקן געמוזט אַרויסגיין.

ער האָט זיך נישט געלאָזט דעריבער איבערצייגן, ר'האָט נאָרנישט געגלייבט, און עקשנותדיק באַ זייַנס זיך געהאַלטן, און צום סוף האָט ער אַ זאָג געטון:

— יעך בין אַ גוטער מענטש, אַ בשלומדיקער, אַלע ווייסן דערפון, אָבער אַז עמעץ גיט מיר אַ שמיר מיט אַ בייטש, בין איך אים גרייט מיט דער קלאָניצע אָ צוגעבן.

— שלאָגטס דעם, וועמ ס'איז עבק שולדיק, אָבער באַעוולהן וואָלט עך נישט, וואָרן פון יעדער עוולה וואַקסט אַרויס נקמה.

— ווער ס'באַשיצט זיין אייגנטום, דער טוט נישט קיין עוולה!

— צ'זאָלט נאָר באַצייטנס דערזען, ווו ענקערס לאָזט זיך אויס.

— צ'דראָעט, זע איך!

— יעך זאָג מיר נאָר מיינס, נאָר עך שטעלט צופיל אויף זיך. צ'דאַרפט דאָס אויך געדענקען, אַז ווער ס'זאָגט אויף יענעם, אַז ער איז געמיין, — דער איז עס אַליין!

— כ'האָב שוין גענוג ענקערע לערעס און גלייכווערטלעך, כ'פאַרמאָג נאָך מיין אייגענעם שכל! — האָט ער זיך צעבייזערט.

דערויף האָט עס זיך געענדיקט, וואָרן די דאָמיניקאַנקאַ

האָט, זעענדיק זיין האַרטקייט און עקשנות, נישט באַניית מער דעמדאָזיקן ענין. זי האָט געגלייבט, אַז דאָס וועט אַליין פאַרביי און ס'וועט שוין ווי ס'איז קומען צו אַן אויסגלייך, אָבער ער האָט אפילו קיין איין טאָג נישט באַגנעלאָזט, ר'האָט זיך פאַר־עקשנט און אפילו אין דעם פּעס האָט ער אַ טעם געפונען; כאָטש טיילמאָל באַזאַכט, דערהפרנדיק יאָגושעט ווייגען, איז ער נישט ווילנדיק פון בעט אויפגעשפרונגען, כדי צוצולויפן צו איר, אָבער ר'האָט זיך באַצייטנס געכאַפּט, און געמאַכט זיך, אַז ער איז בלויז אויפגעשטאַנען, כדי דורכן פענסטער אַרויסצובליקן אָדער אַ קוק צו טון, צי די טיר איז פאַרמאַכט.

אַזוי האָט זיך געצויגן אָן אַן אויפהער אַ שיינע פּאָר וואָכן; יאַגנען איז געווען אומעטיק, טרויעריק און אַזוי שלעכט, אַז זי האָט עס קוים אויסגעהאַלטן; זי האָט נישט געוואַגט אויף קיין מענטש אַ קוק צו טון, ס'איז איר געווען אַ בושה פאַרן דאָרף, וואָרן אַלע האָבן דאָך גאַנץ גוט געוווּסט, וואָס בײַ די באָרינגעס טוט זיך אָפּ!

דאָס גאַנצע הויז איז פאַרמרהשחורהט געוואָרן, אַז מ'האָט דאָרט שטיל, שרעקעוודיק, ווי די שאָטנס אַרומגעשלייכט.

וואָס אָן אמת, האָט ווייניק ווער דאָ אַריינגעשמעקט, יע־דער האָט געהאַט געבוג זיינע אייגענע צרות! דער וואָיט האָט זיך אויך נישט געוויזן, ער איז געווען בייז, וואָס באָרינע האָט נישט געוואָלט נעמען דאָס קוואַטערשאַפט. בלויז די דאָמיניקאַנעס שקצים האָבן טיילמאָל אַריינגעבליקט, אויך גאַסטקע גאַלאָנביאַנקע פלעגט טיילמאָל קומען צו לויפן מיטן שפינעכץ, אָבער זי איז מער צו יוזקען געקומען און אויך כדי מיט שימעקן זיך צו טרעפן; יאַגנע האָט דעריבער פון איר אויך קיין שום נחת נישט געהאַט. פון צייט צו צייט האָט זיך אויך ראָך באַוויזן, אָבער זעענדיק די באַטריבטע, דערצערנטע פּנימער, איז ער אויך גאַנץ ווייניק געזעסן.

באַר וואָס דער קאָוואַל פלעגט יעדן אָוונט צו קומען און אָפּזיצן שעהן, און ווי אַזוי ר'האָט נאָר געקענט, האָט ער גאָך אונטערגעהעצט דעם אַלטן קעגן יאַגנען און פרישע חסדים פון

אים אויסגענאַרט. פאַרשטייט זיך, אַז יאַגוסטינקע פּלעגט אויך אָפּט אַרייַנקומען, און גערן אירס צוגעוואָרפן דאָרט ווי מענטשן האָבן זיך געקריגט, די דאָמיניקאָווע פּלעגט אויך אַלע טאָג צו זיין און איטלעכן טאָג דאָס אייגענע איבערגעחזרט, אַז יאַגנע זאָל מיט הכנעה דעם אַלטן איבערבעטן

נאָר וואָס, אַז יאַגנע האָט נישט געקענט אונטערטעניק ווערן, פאַר קיין שום געלט אין דער וועלט נישט, פאַרקערט גאָר, אַ ווידערשטאַנד האָט זיך אין איר אויפגעהויבן און אַ צאָרן האָט זי וואָס אַמאָל אָפטער אַרומגעכאַפּט. אַ סך האָט איר דערצו יאַגוסטינקע מיטגעהאָלפן, וואָרן איינמאָל האָט זי צו איר אין דער שטיל אַזוי געמאַכט:

— יאַגיש, הייסט, ביסט מיר שרעקלעך אַ שאָד, פּונקט ווי אַן אייגענע! דער אַלטער הונט וועט דיך אַזוי פייניקן! און דו ליידסט נעבעך ווי אַ שעפּעלע! נישט אַזוי טוען אַנדערע ווייבער, ניין!...

— ווי־זשע דען? — האָט זי זייער בייגעריק אַ פרעג געטון, וואָרן ס'איז איר שוין דערדאָזיקער צושטאַנד דערעסן געוואָרן.

— קיין שלעכטס וועסטו מיט גוטס נישט גובר זיין, נאָר מיט נאָך מער שלעכטס! ער האַלט דיך פאַר אַ שיקסל דאָרט, און דו שווייגסט; די קליידער האָט ער דיר אַפּנים אין קופערט פאַרשלאָסן, אויף יעדן טריט היט ער דיך, קיין גוט וואָרט גיט ער דיר נישט — און דו וואָס? זיפצסט, סמסט דיר אָפּ דאָס לעבן און וואַרטסט, אַז גאָט זאָל דיר העלפן! אַז אַ מענטש באַמיט זיך אַליין נישט אין לעבן, וועט אים גאָט אויך גאָרנישט געבן! ווען דאָס טרעפט אַזוי אויף מיר, וואָלט איך שוין געוווּסט, וואָס כ'האָב צו טון! יוזקען וואָלט איך אָנגעקיילט, לאָז זי נישט אַרומרעגירן אין שטוב, ביסט דאָך עפּעס אַ באַלעבאָסטע, כ'וואָלט דעם מאַן אויך אויף קיין האָר נישט אָפּגעטרעטן! אַז ער וויל מלחמה, זאָל ער האָבן אַזעלכע, אַז ס'זאָל אים פון האַלדז אַרויסקריכן! אוודאי, פרוּוו לאָז דעם מאַן רעגירן, נעמט ער זיי-

באַלד צום שלאָגן און קענסט גאָר ניט וויסן, וואָס דער סוף וועט זיין!

— און צו אַלעם ערשט — האָט זי דאָס קול אַראָפּגעלאָזט און אין אויער איר איינגערוימט — שטעל אים אָוועק, ווי דאָס קעלבל פון דער קו, לאָז אים ניט צו צו דיר אפילו אויף קיין האָר ניט, ווי דעם הונט פאַר דער שוועל האַלט אים! וועסטו באַלד זען, ווי ער וועט ווייכער ווערן, ווי ער וועט גוט ווערן!

יאַכנע איז פון שפּיגעל אויפגעשפּרונגען כדי, דאָס פאַרויטלטע פּנים צו באַהאַלטן.

— וואָס שעמסטו דיך, באַרעלע? ס'שטעקט ניט קיין שום בייז דערין! אַזוי טוען אַלע און אַזוי וועלן זיי טוען, יעדן בין ניט די ערשטע, וואָס האָב דאָסדאָזיקע מיטל אויסגעטראַכט! ס'איז דאָך באַוווּסט, אַז אַ מאַנספּערשוין קענסטו מיט אַ ספּודניצע ווייטער פאַרפירן, ווי אַ הונט מיט סלאָניגע, וואָרן אַ הונט וועט זיך דיר גיכער כאַפּן דערויף! און אַן אַלטן איז נאָך לייכטער ווי אַ יונגן, וואָרן ר'איז מער גיריק און ס'איז אים שווער זיך אין פרעמדע כאַלופּעס אַרומצושלעפּן! טו אַזוי, און וועסט מיר אייביק דאַנקבאַר זיין! און דאָס, וואָס מען באַבלט אויף דיר מיט אַנטעקן, גיט דיר ניט צום האַרץ, זאָלסט אפילו זיין ווי דער ווייסטער שניי — וועלן זיי גאָר סאַדזעס זען! אויף דער וועלט איז שוין אַזוי, אַז ווער עס לאָזט זיך, וועט מען קיין ווונק מיט פינגער ניט אַדורכלאָזן, און ווער עס מאַכט זיך גאָר ניט דערפון, וואָס מען רעדט וועגן אים, ר'איז פעסט און אויסגעהאַלטן, קען ער טון, וואָס זיין האַרץ גלוסט נאָר. קיינער וועט אפילו מיט קיין וואָרט ניט אַ פּישטש טון, און וועלן זיך צולעקן ווי די הינטלעך! צו די שטאַרקע געהערט די גאַנצע וועלט, צו די ניט אָפּטרעגדיקע און פאַרביסענע! אויף מיר האָט מען גענוג אויסגערעדט, גענוג, און אויף דיין מאַמען אויך, אַז זי האָט זיך מיט ד. ם פלאָרעקן, ס'איז דאָך אַ באַוווּסטע מעשה...

— די מאַמען לאָזטס אָפּ!

— לאָז זי דיר בלייבן הייליק! דאָס איז אַן אמת, אַז יעדערער דאַרף עפּעס האָבן אַ הייליקייט.

זי האָט נאָך לאַנג געפּריידיקט, געלערנט זי, און אַלץ אַזוי געלאַסן; און אומגעבעטן האָט זי איר אָנדערציילט וועגן אַנטעקן, אַזעלכע מעשיות, וואָס זי איז נאָר ביכולת געווען אויס צוטראַכטן! יאַגושיאַ האָט זי גיריק אויסגעהערט, נישט פאַראַנטענדיק זיך מיט קיין איין וואָרט אפילו. דידאָזיקע עצות אָבער האָט זי זיך שטאַרק אין קאָפּ אַריינגענומען און אַ גאַנצן טאָג אין דעם אַריינגעטראַכט! און אין אָוונט טאַקע, ווען ראָך, דער קאָוואַל און נאַסטקע זענען אַוועקגעגאַנגען, האָט זי אויסגערופן צום אַלטן:

— גיט'ס מיר נאָר די שליסלען פון קופערט, כ'דאַרף מיר די מלבושים אויסצולופטערן!

ר'האָט איר געגעבן, עטוואָס פאַרשעמענדיק זיך, וואָרן נאַסטקע האָט אַ זעץ אַרויס געטון מיט אַ געלעכטער. אָבער נישט קוקנדיק דערויף, האָט ער, נאָכדעם ווי זי האָט געענדיקט דאָס איבערלייגן, די האַנט נאָך די שליסלען אויסגעצויגן.

— דאָרט ליגן בלויז מיינע מלבושים, וועל איך מיר שוין אַליין אָפּהיטן! — האָט זי שטרענג אַ זאָג געטון.

און פון דעם אָוונט אָן האָט זיך אַ גיהנום אָנגעהויבן אין דער כאַלופּע! דער אַלטער איז נישט אַנדערש געוואָרן, אָבער זי האָט אויך נישט אָפּגעטרעטן, אויף איין וואָרט האָט זי מיט אַ שאַק אָפּגעענטפערט און אַזוי הויך, אַז אויפן וועג האָט מען אַזש די געשרייען געהערט. דאָס האָט אָבער קיין סך נישט געהאָלפן, האָט זי אַלץ אויף להכעיס אָנגעהויבן צו טון.

צו יוזקען האָט זי זיך אויף שריט און טריט צוגעטשעפּעט, און טיילמאָל זי אַזוי שמערצלעך באַשטראָפט, אַז דאָס שיקסל איז מיט אַ געוויין געלאָפן זיך באַקלאָגן. דאָס האָט גאָר נישט געהאָלפן, וואָרן זי האָט זי נאָך ערגער געפּייניקט, קוים איז עפּעס נישט געווען לויט איר ווילן. אין די אָוונטן האָט זי זיך אומישבנע איבערגעטראָגן אויף דער צווייטער זייט, איבערלאָזנדיק דעם אַלטן אין דער ערשטער שטוב. דאָרטן האָט זי פּיעטרעקן געצוואונגען ער זאָל שפּילן, צוזינגענדיק אים די צחייטע שטימע בוך

פֿאַרשידענע לידלעך, ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין; דאָ האָט זי זיך ווידער זונטיק ווי צום שענסטן אויסגעשלייערט און, נישט וואַרטנדיק אויפֿן מאַן, איז זי אַליין אין קלויסטער אַריין אַוועקגעגאַנגען, אָפּשטעלנדיק זיך מיט די פֿאַרגעסענע ווייסן ווענט.

דער אַלטער איז דערשטוינט געוואָרן פֿון זײַן ז׳ערז׳אַזיקער פֿאַרענדערונג, ר׳איז שוין נישט משוגע געוואָרן פֿון כּעס, ר׳האָט געפּרוּווט נישט צו לאָזן זיך, אָנגענומען אַלץ מיטלען, ס׳זאָל זיך איבערן דאָרף נישט צעטראָגן, ר׳האָט זיך אָבער גאָרנישט געקענט העלפֿן קעגן איר עקשנות, און וואָס אַמאָל אָפּטער, האָט ער צוליב שלום וועגן, געמוזט אָפּטרעטן.

— מײַן טײַערע! ווי אַ שעפּעלע האָט זי זיך אויסגעוויזן, ווי אַן הכנעהדיק שעפּסעלע, און אַצינדערט שטעלט זי זיך ווי אַן אַקאָן*) אַקעגן! —האָט ער איינמאָל צו יאַגוסטינקען אויסגערופֿן.

— דער האָבער שטעכט זי, האַלט זי זיך גרויס! — האָט זי מיט אויפֿרעגונג אָפּגעענטפֿערט, וואָרן זי האָט שטענדיק דעם ליב געהאַט צו פּאַטאַקעווען, ווער ס׳האָט זיך מיט איר שוואָל עצה געוועז, — נאָר דאָס זאָג איך ענק, אַז כּל זמן ס׳איז נאָך צײַט, דאַרף מען מיט עפּעס אַ האַרטע זאַך איר דאָס עקשנות אַרויסטרײַבן, וואָרן דערנאָך וועסטו זיך מיט קיין קלאָביצע נישט קיין עצה געבן!

— דאָס איז נישט דער שטייגער פֿון די באָריבעס! — האָט ער שטאָלץ אָפּגעענטפֿערט.

— דאַכט זיך מיר, אַז ס׳וועט בײַ די באָרינעס אויך דערצו קומען! — האָט זי מיט כּעס אַ מורמל געטון.

עפּעס אין אַ פּאָר טאָג דערנאָך, באַלד נאָך דער גראָמניצחגא, האָט יאַמבראָזשי אין אָוונט געגעבן צו וויסן, אַז דער גלח וועט מאָרגן נאָך דער קאָלענדע אַרומפֿאָרן.

באַלד פֿון דער פֿרי אָן זענען זיי פֿאַרפֿאָרעט געווען מיטן אויפֿרוימען, אַז אפֿילו דער אַלטער האָט, וועלנדיק אויסמיידן דאָס

---

*) אַזאַ פֿיש.

גיהנום. וואָרן יאַגנע האָט זיך פעסט צו יוזקען געוואָשן, גענומען זיך אַליין צום אָפּוואַרפן דאָס שניי פון דעם הויף-צוגאַנג; מ'האָט אויסגעלופטערט די שטובן, אָפּגעקערט דאָס שפּינוועבס פון די ווענט, יוזקע האָט מיט געלן זאַמד דעם גאַנעק און דאָס פעדער-הויז אויסגעשיט, און אײלעניש זיך יום-טובדיק איבערגעטון, וואָרן דער גלח איז שוין געווען און דער נאָענטער שכנותשאַפט, בײַ די באַלצערקעס.

באַלד נאָכדעם, איז פאַרן גאַנעק שטיין געבליבן דעם גלחס שליטן, און ער אַליין, אָנגעטון אין דעם קיטל אויפן פוטער, איז מיט דעם אָרגאַניסטערס צווײ זין, וואָס זענען געגאַנגען פאָרויס, אָנגעטוענע ווי צו דער גאָטעס-דינסט, אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב אַרײַן — ר'האָט אָפּגעזאָגט די לאַטײַנישע תּפילות, באַשפּריצט, און געגאַנגען אין הויף אַרײַן באַשפּריצן מיט הייליק וואַסער אַלע געבײַען און דאָס גאַנצע פאַרמעגן. באַרינע האָט געטראָגן פאַר אים אַ טעלער מיט הייליק וואַסער, און ער האָט בקול רם מתפּלל געווען און אַלץ כּסדר געהייליקט, דעם אָרגאַניסטערס זין זענען געגאַנגען לעבן אים, צוזינגענדיק די קאָלענדעס און געהאַלטן אין איין קלינגען מיט די גלעקלעך, און די איבעריקע זענען פון הינטן, ווי נאָך אַ פּראָצעסיע נאָכגעגאַנגען.

נאָכדעם ווי ער האָט געענדיקט, האָט ער זיך אומגעקערט אין שטוב אַרײַן און זיך אַנידערגעזעצט אָפּרוען. איידער באַרינע האָט מיטן פאַראָבעק אין שליטן אַ האַלב קערצל האָבער און אַ פערטעלע אַרבעס אַרײַנגעשיט, האָט ער דערווײַל אָנגעהויבן יוזקען מיט וויטעקן דעם פּאַטשערזש צו פאַרהערן.

זיי האָבן אַזוי פײַן געקענט, אַז ר'האָט זיך אַזש געוווּנדערט און געפרעגט, ווער ס'האָט זיי געלערנט.

— פּאַטשערזש האָט מיך קובאַ אויסגעלערנט, און דעם קאַטעכיזם און אין עלעמענטאַרזש — ראָכאָ! — האָט וויטעק דרייסט אָפּגעענטפערט, אַז דער גלח האָט אים אַזש אַ גלעט געטון איבערן קאָפּ, נאָר יוזקע האָט אַזוי אָנגעוווירן די דרייסטקייט, אַז זי האָט זיך נאָר פאַררויטלט, און אָנגעהויבן וויינען, און קיין וואָרט נישט אַרויסגעברענגט! ר'האָט זיי געגעבן צו

צוויי בילדלעך, און געלערנט זיי, אַז זיי זאָלן זיך האָרכן עלטע-
רע, פּאַטשערזש זאָגן און פֿון עבֿרות זיך אָפּהיטן, וואָרן דער
טייוול לויערט אויף שריט און טריט און רעדט אָן צו אַלדאָס
בייז. דערנאָך האָט ער, אויפֿהייבנדיק העכער דאָס קול, אַ קוק
געטון אויף יאַגנען און שטרענג פֿאַרענדיקט:

— כ'זאָג ענק, אַז עס ווערט גאָרנישט פֿאַרהוילן פֿאַרן
אויג פֿון גאָטס גערעכטיקייט, גאָרנישט! היטס ענק פֿאַרן יום הדין און
פֿאַרן טאָג פֿון שטראָף, טוטס תּשובֿה און פֿאַרבעסערטס ענק, כּל-
זמן ס'איז נאָך צייט!

די קינדער האָבן אַרויסגעזעצט מיט אַ געוויין, וואָרן
ס'האָט זיך זיי אויסגעוויזן, ווי זיי וואָלטן אין קלויסטער געווען,
בשעת דעם פּריידיקן. יאַגושן האָט אויך דאָס האַרץ מיט שרעק
אָנגעהויבן קלאַפּן און אַ רויטקייט האָט איר דאָס פּנים פֿאַרגאָסן,
וואָרן זי האָט גאַנץ גוט פֿאַרשטאַנען אַז דאָס האָט ער צו איר
געזאָגט; נאָר אַזוי ווי מאַטשעי האָט זיך אומגעקוקט, איז זי
באַלד אַרויסגעגאַנגען, בישט וואַגנדיק דעם גלח אין די אויגן
אַריין צו קוקן.

— כ'וואָלט געוואָלט מיט ענק עפּעס רעדן, מאַטשעי! —
האָט ער אַ שעפּטש געטון, ווען זיי זענען אַליין איבערגעבליבן;
ר'האָט אים געהייסן לעבן זיך אַנידערזעצן, האָט אָפּגעהוסט,
דערלאַנגט אים דעם טאַבאַק, די נאָז אָפּגעריבן מיטן טיכל, פֿון
וועלכן עס האָט זיך געטראָגן ריחות, ווי פֿון אַ קטורת-פֿאַן, ווי-
זיטעק האָט דערנאָך דערציילט. ר'האָט זיצנדיק זיך אויסגעקנאַקט
די פֿינגער און אינדערשטיל אָנגעהויבן:

— מענטשן האָבן מיר דערציילט וועגן דעם, וואָס ס'איז
אין קרעטשמע פֿאָרגעקומען, מ'האָט מיר דערציילט!

— פֿאַרשטייט זיך, אַז ס'איז דאָך געווען פֿאַר אַלע אין די
אויגן! — האָט דער אַלטער טרויעריק באַשטעטיקט.

— גייטס בישט אין קרעטשמע אַריין און פּירסט בישט
אַהין קיין ווייבער, וויפֿיל מאָל כ'האָב עס ענק שוין פֿאַרזאָגט,
כ'רייס מיר דאָס האַרץ אָפּ, כ' עט, ס'העלפֿט גאָרנישט, איז האָט
ען פֿאַר ענקערס, נאָר יעדנפֿאַלס דאַרפֿט ען דאַנקען גאָט, וואָס

ס׳איז דאָרט קיין גרעסערע עבירה נישט געשען, כ׳זאָג ענק, ס׳איז נישט געשען!

— ס׳איז נישט געשען! — דאָס פּנים האָט אים אויפגעלויכטן, וואָרן דעם גלח האָט ער געגלייבט.

— מ׳האָט מיר אויך דערציילט, אַז איר באַשטראָפט זי שטרענג דערפאַר, צ׳טוט נישט גלייך, און ווער עס טוט אַן אומרעכט — זינדיקט, כ׳זאָג ענק, ער זינדיקט!

— נישט אמת, כ׳האָב זי נאָר געוואָלט אַ ביסל אין דער האַנט אַריין נעמען! נאָר...

— אַנטעק איז שולדיק, נישט זי! — האָט ער אים האַסטיק איבערגעריסן. — ר׳האָט בכיוון, פון כעס צו אייך, געצוואונגען זי צום טאַנצן. ווייזט אויס, ער האָט אייך געוואָלט מאַכן אַן אוואַנטורע, כ׳זאָג ענק, אַז ר׳האָט געוואָלט מאַכן אַן אוואַנטורע! — האָט ער פייערלעך פאַרזיכערט, זייענדיק פריִער אָנגעדרייט דורך דער דאָמיניקאָווען, אָן וועלכער ער האָט זיך איינגאַנצן אָנגעטרויט. — נאָר, וואָס האָב איך עס נאָך געהאַט צו זאָגן... אהאַ... דאָס זשרעבאָקל קריכט אַזוי אַרום אין דער פערד־שטאַל, מען דאַרף עס אין דער פאַרצוימונג צו פאַרמאַכן, וואָרן דער וואַלאַך קען עס נאָך אַ קאָפּע טון און ס׳איז אַ פאַרטיק אומגליק. פאַריאָרן האָט מען מיר פון אַ קלאַטש אַזוי אַ תל געמאַכט! פון וואָס פאַר אַן אָגער שטאַמט זי?

— פון מילנערס!

— כ׳האָב טאַקע באַלד אָן דער פאַרב דערקענט און פון דעם ליס אויפן שטערן, אַ פעטער זשרעבאַק! נאָר מיט אַנטעקן באַדאַרפט עץ אָן שום ספק שלום מאַכן, צוליב די אַלע מחלוקתן איז דער פויער איינגאַנצן צעלאָזט געוואָרן.

— כ׳האָב מיך נישט מיט אים געקריגט, וועל איך מיך נישט באַ אים קיין שלום בעטן — האָט ער פאַרביסן געזאָגט.

— איך עצה ענק ווי אַ גלח, און טון זאָלט עץ ווי דאָס געוויסן דיקטירט ענק, נאָר דאָס זאָג איך, אַז צוליב אייער שולד ווערט אַ תל פון אַ מענטש, מ׳האָט מיר שוין הייַנט איבערגעגעבן,

אז ער זיצט כסדר אין קרעטשמע און בײַנטעוועט אַלע שכנים, רעדט אַקעגן עלטערע און קען הויף אַ פּנים פאַרנעמט ער זיך עפּעס.

— מ׳האָט מיר גאָרנישט דערציילט וועגן דעם.

— אַז ס׳כאַפּט זיך אַריין אַ פאַרשיווע שעפּס צווישן אַ סטאַ־דע, שטעקט ער אַלע אָן! און פון די אַלע צוזאַמענרעדעכצן קען הויף קען אַגרויס אומגליק פאַרן גאַנצן דאָרף אַרויסקומען — אָבער באָריבע האָט נישט געוואָלט רעדן וועגן דעם ענין, דער־בער האָט דער גלח אָנגעהויבן רעדן וועגן פאַרשידענע אַנדערע זאַכן און צום סוף האָט ער אויסגערופן:

— נאָר מיט שלום, מײַנע טײַערע, מיט שלום. — ר׳האָט געטון אַ שמעק טאַבאַק און אָנגעטון דאָס היטל. — אויף שלום שטייט די גאַנצע וועלט; בשלום, און מיט גוטן, איז וואָלט אפילו דער הויף זיך מיט ענק אויסגעגלייכט. ר׳האָט מיר געזאָגט, ר׳האָט מיר עפּעס דערמאָנט וועגן דעם, דער פּריץ, ר׳איז אַ גוטער מענטש און ער וואָלט געוואָלט, ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ שכן, אַ סוף מאַכן פון דעם עסק...

— אַ וועלפישער שכן, פאַר אַזעלכן איז צום בעסטן אַ דראָנג אָדער אַ שטיק אײַזן.

דער גלח האָט זיך אָפּגעטרייסלט, אַ קוק געטון אים אין פּנים אַרײַן, אָבער באַגעגנענדיק זיך מיט זײַנע גרויע, קאַלטע, אומברחמנותדיקע און פאַרביסענע ליפּן, האָט ער זיך אײליק אָפּ־געדרייט, גערוועז די העבט אַ רייב געטון, ווײַל ר׳האָט נישט ליב געהאַט קיין מחלוקת.

— כ׳מוז שוין גיין. דאָס וועל איך ענק נאָך זאָגן, אַז עץ דאַרפט נישט מיט קיין צופיל שטרענגקייט דאָס ווײַב פון זיך אָפּשטויסן. זי איז יונג, זי האָט פעפער אין דער נאָז, ווי יעדע פרוי, איז דאַרף מען זיך מיט איר קלוג און גערעכטיק באַגיין; איינס דאַרף מען נישט דערזען, ס׳צווייטע נישט דערהערן און אויפן דריטן זיך נישט ווינגדיק צו מאַכן — כדי אויף אַזאַ אופן צו פאַרהיטן זיך פון פאַרשידענע רייבונגען, פון דעם קומען די ערגסטע זאַכן אַרויס. גאָט בענטשט שטענדיק די, וואָס לעבן

בשלום, כ'זאָג ענק, ער בענטשט! וואָס פאַר אַ רוח איז דאָס! — האָט ער אויפשפרונגענדיק אַ געשריי געטון, וואָרן דער באָטשאַן, וואָס איז די גאַנצע צייט אומבאַוועגלעך געשטאַנען לעבן קופערט, האָט מיטן גאַנצן כּוח אַ דזשאָבע געטון אין דעם גלחס גלאַנציקן שטיוול אַריין!

— ס'טייטש, ס'איז דאָך אַ באָטשאַן, וויטעק האָט אים נאָך יעשען-צייט אין שטוב אַריינגענומען, וואָרן ר'איז נעבעך איבערגעבליבן דער פויגלטשיבע, האָט ער אים אויסגעהיילט, חייל ר'האָט געהאַט אַ צעבראָכענעם פליגל און אַצינד זיצט ער אין דער כאַלופּע און כאַפּט מייז ווי אַ קאַץ.

— נו, צ'ווייסט, כ'האָב נאָך נישט געזען קיין שטוב-באָטשאַן, אַ ווונדערלעכע זאַך, אַ ווונדערלעכע זאַך!

ר'האָט זיך אַראָפּגעבויגן צו אים, געוואָלט אים אַ גלעטן, אָבער דער באָטשאַן האָט זיך נישט געלאָזט אָנרירן, ר'האָט אויסגעדרייט דעם האַלדז, און מיטן שנאָבל זיך ווידער צייעגדיק גענומען דזשאָבען אין גלחס שטיוול אַריין.

— צ'ווייסט, ער געפעלט מיר אַזוי, אַז כ'וואָלט אים זייער גערן פון ענק אָפּגעקויפט, צ'וועט פאַרקויפן?

— וואָס וועל איך דאָרט גיין פאַרקויפן, דאָס שגצל וועט אים באַלד צו דער פּלעבאַניע אַוועקטראָגן.

— כ'וועל שיקן נאָך אים וואַלעקן.

— ר'וועט זיך פון קיינעם נישט לאָזן אָנרירן, נאָר אייך וויטעקן האָרכט ער זיך!

מ'האָט אַ רוף געטון דאָס שגצל, דער גלח האָט אים געגעבן אַ גילדן און געהייסן אים צוברענגען דעם באָטשאַן אַרום בין-השמשות, ווען ער וועט זיך אומקערן פון דעם אַרומפאָרן. אָבער וויטעק האָט אַ זעץ אַרויס געטון מיט אַ געבעטש און באַלד נאָך דעם גלחס אַרויסגיין, האָט ער אַריינגענומען דעם באָטשאַן אין שטאַל אַריין און דאָרט האָט ער כּמעט ביז פאַרנאַכט געריטשעט, אַז דער אַלטער האָט אים אַזש געמוזט מיט דעם רימען איינשטילן, דערמאַנענדיק אים, אַז מען דאַרף דעם פויגל אָפּטראָגן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס שגצל האָט זיך געמוזט האָרכן,

אָבער דאָס האַרץ האָט אים געפּישטשעט פון ווייטיק, ר׳האָט אפילו דעם רימען נישט איבעריק געפילט, ר׳איז אַרומגעגאַנגען ווי צעמישט, מיט פאַרשוואָלענע אויגן פון וויינען, און ווי ר׳האָט נאָר געקענט, איז ער צוגעפאַלן צום באָטשאַן, מיט די אָרעמס אים אַרומגענומען, געקושט און מיט אַ יעמערלעך געוויין זיך פאַרגאַנגען...

אַרום אָוונט-צו, ווען דער גלח האָט זיך שוין געהאַט אומגעקערט פון דאָרף, האָט ער אַרומגעדעקט דעם באָטשאַן מיט זיין קאַפּאָטע, כדי אים פון פראָסט צו באַשיצן, און ווייל דער פויגל איז געווען אַ שווערער האָט ער צוזאַמען מיט יוזקען, ביטער וויינענדיק, אים צו דער פּלעבאַניע אַוועקגעטראָגן, לאַפּאַ איז זיי אויך נאָכגעלאָפן און אויך עפּעס אַזוי אומעטיק געבילן.

דער אַלטער האָט, וואָס מער ער האָט זיך פאַרטיפט אין גלחס רייד און אין זיינע אויפריכטיקע פאַרזיכערונגען, אַלץ מער אויפגעלויכטן, באַרויקט זיך און פאַמעלעך, נישט באַמערקט האָט ער געביטן זיין אָרט באַגיין זיך מיט יאַגושען.

אַלץ האָט זיך אומגעקערט אויפן פריערדיקן שטייגער, אָבער עס האָט זיך שוין נישט אומגעקערט אין דער כאַלופּע אַריין דאָס אַמאָליקע פריילעכע געטומל, דידאָזיקע אינעווייניקסטע רו און דידאָזיקע שטילע, טיפע זיכערקייט!

עס איז פונקט אַזוי געווען, ווי מיט יענעם צעבראָכענעם טעפּל, וואָס כאָטש עס איז געווען אַרומגעדראָטעוועט און אויסגעזען צו זיין פולשטענדיק גאַנץ, און דאָך האָט עס ערגעצשטשיס גערונען און וואַסער אַדורכגעלאָזט אויף אַזאַ אָרט, וואָס מ׳האָט אַקעגן דער ליכט אַפילו נישט געקענט אָנזען.

אַזוי איז אויך געווען אין דער כאַלופּע, וואָרן דורך דעם דאָזיקן שלום, האָבן דורך נישט-אָנזעעוודיקע שפּאַרקעלעך אַדורכגערונען פאַרבאָרגענע אומצוטרויען, שוין עטוואָס אָפּגעשוואַכטע ווייטיקן, אָבער נאָך לעבעדיקע און לגמרי נאָך נישט אָפּגעטויטע חשדים.

וואָרן דער אַלטער האָט, נישט קוקנדיק אויף די אויפריכטיקסטע באַמיִונגען זיינע, דאָך נישט געקענט פאַרווישן אין זיך דעם

אומצוטרוי און כמעט נישט ווילנדיק, האָט ער כסדר פונדעסטוועגן אַכטונג געגעבן אויף יאַגנעס יעדער באַוועגונג; זי ווידער, האָט אים אויף קיין אויגנבליק נישט געקענט מוחל זיין די אַלע קרייגערייען און שטרענגע ווערטער, עס האָט געקאָכט אין איר אַ נקמה־געפיל, ווייל זי האָט נישט געקענט אַנטרינען פון דידאָזיקע דורכדרינגלעכע, היטנדיקע אויגן זיינע.

און אפשר טאַקע דערפאַר, וואָס ר'האָט זי אַזוי געהיטן און איר נישט געגלייבט האָט זי אים נאָך שטאַרקער פיינט געקריגן, און וואָס אַמאָל מעכטיקער צו אַנטעקן זיך געריסן.

זי האָט זיך שוין אַזוי קונציק געקענט איינאָרדענען, אַז וואָס אַ פּאָר טאָג האָט זי זיך מיט אים געזען הינטער דער סטערדע. געהאָלפן דערין האָט זיי וויטעק, וואָס האָט פיינט געקריגן דעם באַלעבאָס צוליבן באַטשאַן, און זיך איינגאַנצן צוגעקלעבט צו יאַגנען, וואָרן זי האָט אים אַצינד בעסערע וועטשערעס געגעבן, מער באַשמאַלצן, און פון מאָל צו מאָל איז אָפּט אויך פון אַנטעקן אַ גראָשן צוגעפאַלן. אָבער צום מייסט האָט זיי צוגעהאָלפן יאַגוסטינקע. זי האָט זיך אַזוי געקענט אין יאַגנעס האַרץ אַריינגנבענען, און אַזוי פיל צוטרויען באַ אַנטעקן אויפגעוועקט, אַז ס'איז פשוט קיין אופן נישט געווען אָן איר מיטהילף זיך צו זען. זי האָט דאָס געטראָגן די ידיעות צווישן זיי, זי האָט אויף דעם אַלטן אַכטונג געגעבן, פאַר פאַרשידענע סיורפריזן זיי אָפּגעהיטן! און דאָס אַלץ האָט זי געטון צוליב ריינער שנאה צו דער גאַנצער וועלט! זי האָט גענומען נקמה באַ אַנדערע פאַר איר אייגענעם נע ונד זיין און פאַר אירע עוולות; וואָרן באמת האָט זי נישט געליטן יאַגנען, נישט אַנטעקן, אָבער נאָך מער דעם אַלטן, פּונקט ווי זי האָט, איבעריקנס, אַלע רייכע פון דאָרף נישט געליטן דערפאַר, וואָס זיי האָבן אַלץ, און זי פאַרמאָגט נישט אפילו דאָס ווינקעלע, ווו זי וואָלט געקענט דעם קאָפּ אַנידערלייגן, און נישט קיין לעפל געקעכץ! זי האָט אָבער גלייכצייטיק אויך פיינט געהאַט אָרימעלייט און נאָך שטאַרקער זיי אויסגעלאַכט.

פשוט אַ טייוולאָנישע קומע, אָדער נאָך עפּעס ערגער'ס פלעגט מען אויף איר זאָגן.

— ז'וועלן זיך באַ די קעפּ אַרומפירן און וועלן זיך צעבייסן ווי די משוגענע הינט — האָט זי אָפּט געטראַכט, ז״ענדיק שטאַרק צופרידן פון איר אַרבעט, וואָרן ווינטער איז דאָך קיין סך נישט געווען צו טון, איז זי אַרומגעקראָכן איבער די כאַלופּעס מיטן בינטל פלאַקס, אונטערגעהאָרכט זיך, און געהעצט איינעם אויפן אַנדערן, אָפּלאַכנדיק גלייכצייטיק פון אַלע. מ'האָט נישט געוואַגט די טיר פאַר איר צו פאַרמאַכן, מורא האָבנדיק פאַר איר צונג, און צום מיינסטן דערפאַר, וואָס זי האָט אַזנים אַ שלעכט אויג געהאַט רחמנא לצלן... זי פלעגט אויך אַרײַנכאַפּן אַ בליק צו די אַנטעקס, אָבער צום מיינסטן האָט זי זיך מיט אים באַגעגנט, ווען ער האָט זיך אומגעקערט פון דער אַרבעט און דאַמאָלס האָט זי אים די נייעס פון יאַגגען אין אויער איינגערוימט.

עפּעס אין אַ צוויי וואָכן אַרום נאָכן גלח'ס זײַן באַ די אָרינעס, האָט זי אים דערטאַפּט באַם סטאַוו.

— דו ווייסט, דער אַלטער האָט דיך שטאַרק פאַרמסרט פאַרן גלח.

— ווענן וואָס האָט ער דאָס ווייטער געבילן? — האָט ער נאַכלעסיק אַ פרעג געטון.

— אַז דו רעדסט אָן די מענטשן קעגן הויף, אַז מען וואָלט דיך געדאַרפן די סטראַזשניקעס איבערצוגעבן, און נאָך פאַרשידענע מעשיות...

— זאָל ער נאָר פרוּוון! נאָך איידער מ'וואָלט מיך גענומען, וואָלט איך אים אַזאַ רויטן האָן אויפן דאַך אַרויפגעלאָזט, אַז אַ שטיין אויף קיין שטיין וואָלט נישט איבערגעבליבן! — האָט ער ליידנשאַפטלעך אויסגערופן.

זי איז באַלד מיט דערדאָזיקער פּאַטשט צום אַלטן אַוועקגעלאָפן. ר'האָט לאַנג געטראַכט און עגדלעך שטיל אויסגערופן:

— ס'איז צו גלייבן אויף אים, אַזאַ רוצח, ס'איז צו גלייבן.

און מער האָט ער נישט גערעדט, ר'האָט זיך נישט גע־וואָלט אַריינלאָזן מיט קיין באַבע אין אַזעלכע טענות, באַר אַזוי ווי ראָכאָ איז נאָר אין אָוונט געקומען, האָט ער זיך באַלד־פאַרן פאַרטרויט.

— גלייבטס נישט אַלדינג, וואָס די יאַגוסטינקע ברענגט ענק צו טראָגן, אַ נישגוטס איז זי דידאָזיקע פּיערטע!

— ס'קען זיין ס'איז נישט אמת, אָבער ס'זענען זיך שוין פאַרלאָפן אַזעלכע ענלעכע מעשיות. טאַטש דער אַלטער פּריטשעק, ר'האָט דאָך דעם שוואָגער זיינעם פאַרברענט, דער־פאַר וואָס ר'האָט באַם צעטיילן באַעוולט, ר'איז טאַקע אָפּגעזעסן דערפאַר אין קרימינאַל, אָבער ר'האָטן פאַרברענט. אַנטעק קען אויך דאָס אייגענע טון, עפּעס האָט ער דאָך געמוזט לאָזן פאַלן, וועגן דעם איגגאַנצן האָט זי זיך נישט אויסג טראַכט.

און ראָכאָ, ווייל ר'איז טאַקע געווען דער גוטער מענטש, איז זייער באַטריבט געוואָרן דערפון און האָט אים אָנגעהויבן איינצורעדן.

— בעטס ענק איבער, לאָזטס אים אָפּ אַ שטיקל גרונט, ער דאַרף דאָך אויך לעבן, ר'וועט גלייכער אַזויערנאָך געזעצט ווערן, און ס'וועלן שוין נישט זיין דעריבער קיין סיבות זיך אַרומצוקריגן און צו דראָען איינער דעם אַנדערן...

— ניין, כ'זאָל אפילו וויסן פון מיר אַ תּל צו מאַכן, כ'זאָל אפילו דאַרפן אין די הייזער אַרומצוגיין — וועל איך גיין, און כּל־זמן איך לעב, וועל איך אפילו קיין בייט נישט אָוועקגעבן. דאָס וואָס ר'האָט מיך אָנגעהרגעט און ווי אַ הונט דערנידעריקט, וואָלט איך אים נאָך ווי ס'איז געשאָנקען, כאָטש ס'איז מיר זייער שווער — אָבער אַז ער פאַרנעמט זיך נאָך אויף עפּעס אַנ־דערש אויך!...

— מ'האָט ענק אָנגעפּלוידערט און איר נעמט ענק דאָס צום האַרץ!...

— פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נישט אמת, פאַרשטייט זיך...

אָבער אַז דאָס זאָל קענען געשען... אין קאָפּ הייבט זיך מיר אויש אָן דרייען און אַ קעלט גייט מיר די ביינער דורך... ווען כ'גיב נאָר אַ טראַכט, אַז דאָס וואָלט געקענט געשען..

ר'האָט די פויסטן צוזאַמענגעבײלט און פאַרשטיינערט געוואָרן פון דער בלויזער שרעק צוצולאָזן זיך דעם געדאַנק פון אַזאַ מעגלעכקייט. ר'האָט לחלוטין נישט געוווסט, ר'האָט קיינמאָל נישט געטראַכט וועגן דעם, ר'איז אפילו טיף בײַ זיך זיכער געווען אין יאַנקושעס אומשולד, אָבער ר'האָט דערפילט, אַז אין דעם ווגס שנאה צון אים, מיז זיין עפּעס מער, ווי נאָר כעס און ווייטיק צוליב דעם גרונט. אַז די ווילדקייט, וואָס ר'האָט דאַמאָלס אין זיינע אויגן דערזען, שלאָגן פון אַן אַנדערן קוואַל. ר'האָט דאָס גאַנץ גוט געפילט — און אין דער אותו-רגע טאַקע, האָט ער אַליין דערפילט אין די געדערים פונקט די זעלבע קאַלטע, בקמהדיקע און אומברחמנותדיקע שנאה. ר'האָט זיך אומגעדרייט צו ראָכן און שטיל געזאָגט:

— צו ענג איז פאַר אונדז ביידן דאָ אין ליפּצע!

— וואָס פאַלט ענק דאָרט איין, וואָס? — האָט ער אַ דערשראָקענער אַ געשריי געטון.

— און לאָז גאָט אָפּהיטן, אַז ער זאָל מיר ווען אַריינפאַלן אין מיינע נעגל בײַ אַזאַ מין געלעגנהייט...

ראָכאָ האָט אים באַרויקט, אויסגערעדט, אָבער ר'האָט גאָרנישט אויפגעטון.

— ער וועט מיך פאַרברענען, צ'וועט זען!

און פון דער מינוט אָן האָט ער שוין מער קיין רו נישט געהאַט. יעדער אויפדערנאַכט האָט ער, נישט באַמערקט פון קיינעם, געהיטן, געצייעט זיך הינטער די ווינקלען, דאָס הויז און די געביידעס אַרומגעגאַנגען, אַרונטערגעבליקט אונטער די דעכער, אינמיטן דער נאַכט האָט ער זיך אָפּטמאָל אויפגעכאַפּט, גאַנצע שעהן זיך איינגעהאָרכט און פון דעם קלענסטן קלאַפּ איז ער פון בעט אויפגעשפּרונגען און מיטן הונט אַלע ווינקלעך דורכגעניש-טערט. איינמאָל האָט ער הינטער דער סטעדלע עפּעס באַמערקט אויסגעטרעטענע, האַלב פאַרווייעטע טריט, שפּעטער האָט ער אויך

רערזען דאָסזעלבע באַ דער פּלויט־עפֿענונג און ס'איז באַ אים נאָך מער באַשטעטיקט געוואָרן די השערה, אַז צאַנטעק קומט דאָס אונטער אַלע נאַכט און קוקט נאָר אויס באַ אַ געלעגנהייט אונ-טערצוצינדן; עפּעס אַנדערש איז אים נאָך דערווייל אויפֿן געדאַנק נישט געקומען.

ר'האָט געקויפֿט פֿון מילנער זייער אַ בייזן הונט, געמאַכט אים אַ בודע אונטער דער שאָפּע, און כסדר גערייצט אים, גע-געבן ווייניק עסן, אָנגעהעצט, אַזוי, אַז דער הונט איז גאַנצע נעכט אַרומגעלאָפֿן און אַרומגעביסן זיך ווי אַ משוגענער, געוואָרפֿן זיך אויף יעדן איינציקן, און נישט איינעם האָט ער גוט צוסקאַ-לעטשעט, אַז ס'זענען אָנקלאַגעס צוליב דעם אַנטשטאַנען.

אָבער באַ די אַלע וואַכענישן און היטענישן, האָט דער אַל-טער אָנגעהויבן מאָגער צו ווערן און אַזוי אײַנצודאַרן, אַז דער פּאַסעק איז אים ביז די האַלבע באָקעס אַראָפּגעפֿאַלן. ר'איז שוואַרץ געוואָרן, זיך איינגעהויקערט, מיט די פֿיס זיך נאָכגעשלעפּט און פֿון די אַלע פֿאַרבאָרגענע געדאַנקען און צרות איז ער אויסגע-טריקנט געוואָרן ווי אַ שפּאָן, אַזוי אַז די אויגן האָבן אים ווי אין אַ קרענק געגליט.

און אַזוי ווי ער האָט גאָנט צו זיך קיינעם נישט צוגעלאָזט, און פֿאַרטרויען זיך און דאָס האַרץ אויסגיסן האָט ער נישט גע-האַט פֿאַר וועמען, האָט עס אים נאָך שטאַרקער געברענט און אַ פֿייער האָט אין אים געגליט.

קיינער ווידער האָט זיך נישט געקענט אָנשטויסן, וואָס עס זיצט אים דאָרט אין דער לעבער און גריזשעט אים.

צום מײַנסטנס האָט ער אַכטונג געגעבן אויפֿן פֿאַרמעגן. ער האָט זיך געשאַפֿט אַ בייזן הונט, האָט אַ גאַנצע נאַכט געוואַכט, האָט מען פֿאַרשטאַנען, אַז ער טוט דאָס צוליב די וועלף, וואָס האָבן זיך צו אַלעמענס פֿאַרוווּנדערונג הייעריקן ווינטער זייער געמערט; ס'איז נישט געווען די נאַכט, וואָס זיי זאָלן זיך נישט גאַנצע סטאַדעס־ווייז הינטערן דאָרף צונויפֿקלויבן. טײלמאָל האָט מען זייער וואָיען געהערט. אָפֿטמאָל האָבן זיי זיך אויך אונטער אַ שטאָל אונטערגעגראָבן, און ערגעץ עפּעס אָוועקגעשלעפּט.

דערצו נאָך האָבן זיך, ווי שטענדיק פאַר וויאָסנע, וואָס אַמאָל אָפטערע קלאַנגען וועגן גנבים אַרומגעטראָגן. בײַ אַ דעמביצער פויער האָט מען אַ פּאָר קלאַטשעס אַרויסגענומען, אין רודקע האָט מען אַ חזיר אַרויסגעפירט, דאָ ערגעץ אַ קו — און ווי אַ שטיין אין וואַסער אַריין, קיין סימן נאָך זיך נישט איבערגעלאָזט! — האָט זיך נישט אײנער אין ליפּצע אין קאָפּ געקראַצט, די שלעסער באַקוקט און די פערדשטאַל געהיט, וואָרן זיי האָבן די בעסטע פערד אין דער געגנט געהאַט.

און אַזוי איז זיך די צײַט געפלאָסן פּאַמעלעך און איינטאָניק, פּונקט ווי די שעהן אויפן זייגער, נישט געלאָפן פאָרויס נישט זיך אײַנגעהאַלטן!

דער ווינטער איז כסדר געווען אַ שטרענגער, כאָטש אַ פאַרשידנאַרטיקער, ווי זעלטן ווען. ס'זענען געווען אַזעלכע פרעסט, וואָס די עלטסטע מענטשן האָבן דאָס נישט געדענקט. דאָ זענען אומגעהײַערע שנייען אַראָפּגעפאַלן, דאָ זענען ווידער גאַנצע וואָכן פײַכטע וועטערן געווען, אַזוי, אַז דאָס וואַסער איז אין די ראָוועס געשטאַנען, און ווי-נישט-ווי האָבן זיך אויך די בײַטן געשוואַרצט. דאָ זענען ווידער אָנגעקומען אַזעלכע שניי-ווינטן, אַזעלכע שניי-שטורמען, אַז מ'האָט די וועלט נישט אַרויסגעזען. און נאָך דעם פלעגן אָנקומען רויִקע טעג, שטילע, די זון האָט אַזוי געוואַרעמט, אַז די וועגן האָבן פון קינדער געווימלט. מ'האָט די טירן געעפנט, די מענטשן האָט אַ פרייד אַרומגענומען, און די אַלטע לײַט האָבן זיך הינטער די ווענט געוואַרעמט.

אין ליפּצע איז דאָס לעבן געגאַנגען אויפן אַלטן שטייגער. וועמען דער טויט איז באַשערט געווען — דער איז געשטאָרבן, וועמען עס איז באַשערט געווען פרייד — דער האָט זיך געפרייט, וועמען נויט — דער האָט זיך באַקלאָגט, וועמען קראַנק צו זײַן — האָט ער זיך מתוודה געווען און אויפן סוף געוואַרט — און אַזוי האָט זיך מיט גאָטס הילף ווי ס'איז דורכגעשטופּט, פון טאָג אויף טאָג, פון וואָך אויף וואָך, אַבי נאָר די וויאָסנע צו דערלעבן אָדער דאָס, וואָס ס'איז איינעם אָנגעצייכנט.

דערווײַל האָט יעדן זונטיק געזעצט די מוזיק אין דער

ק־עטשמע, מ׳האָט געהוליעט, מ׳האָט געטרונקען, טײַלמאָל האָט מען זיך פֿאַרטשעפּעט, טײַלמאָל באַ די קעפּ זיך געריסן, אַז דער גלח האָט דערנאָך פֿון דער אַמבאָנע אַראָפּ געשטראָפֿט, און לאַנגע ספּראַוועס האָבן זיך געצויגן. ס׳איז פֿאָרגעקומען די קלאַנביאַנקעס חתונה. דרײַ טעג האָט מען זיך געווײַלט און אַזוי רוישיק, אַז מ׳האָט געשמועסט, אַז קלאָנב האָט געזאָלט אויף דער דאָזיקער חתונה פֿופֿציק רובל באַם אָרגאַניסטער צובאָרגן. דער סאָלטיס האָט אויך אַ בישקשהדיקע תּנאים דער טאָכטער מיט פֿלאָשקען געפּראַוועט. ערגעץ אַנדערש איז אַ שמד־מאָלצײַט פֿאָרגעקומען, אָבער זעלטן, וואָרן אַ סך פּויערטעס האָבן זיך ערשט אויף אַרום וויאָסנע געריכט אין קימפּעט אַרײַן.

דער אַלטער פּריטשעק איז אויך איבער דער צײַט געשטאָרבן, עפּעס איין וואָך געקרענקט. ער איז ערשט אַלט געווען, דער אָרימער [illegible], באַ פֿיר און זעכציק יאָר — דאָס גאַנצע דאָרף איז אויף דער לוויה געגאַנגען, וואָרן די קינדער האָבן אַ פֿיין באַגרעבעניש־מאָלצײַט געפּראַוועט. . .

ערגעץ אַנדערש איז מען זיך צום שפּינען צוזאַמענגעקומען, ס׳האָבן זיך פֿאַרזאַמלט דאָרט אַזוי פֿיל שיקסעס מיט פּאַראָבקעס, אַז ס׳איז געוואָרן אַזאַ פֿאַרווײַלונג, געלעכטערן, און פֿרייד— אַ מחיה, וואָרן מאַטעוש האָט, זײַענדיק אינגאַנצן שוין געווּנט, אָנגעפֿירט מיט דעם יינגוואַרג און צום מײַנסטנס אַרומגעוואויוועט.

און פֿון דידאָזיקע פּסדרדיקע ליאַרמען, באַרעדעכצן, אומצופֿרידנקייטן, קריגערייען, שכנישע אַרומרייסענישן, בייעסלעך — האָט דאָס דאָרף זיך געטרייסלט. און טײַלמאָל פֿלעגט זיך טרעפֿן אַן אָפּטער דזשאַד, האָט ער דערציילט פֿאַרשידענע מעשׂיות פֿון דער וועלט און גאַנצע וואָכן פֿלעגט ער אין דאָרף אָפּזיצן.

טײַלמאָל ווידער איז אַ בריוו פֿון וועלכן שגץ פֿון די זעלנער אָנגעקומען. וואָס פֿאַר אַ געלייענערײַ, וואָס פֿאַר אַ באַראַטונגען און מעשׂיות עס זענען פֿאָרגעקומען, וויפֿיל מיידלערישע זיפֿצן און מוטערלעכע געוויינען, אַז ס׳איז אויף גאַנצע וואָכן גענוג געווען!

אין אַנדערע געשעענישן! אַט איז מאַגדע אין קרעטשמע אַריין גיגאַנגען דינען: דאָ האָט באַרינבעס הונט וואַלעקס שנעל צעביסן, אַז יענע האָבן מיט אַ פּיאַצעס געדראַפּט; דאָ האָט זי בײַ די יענדזשעס אַ קו מיט אַ קאַרטאָפּליע דערשטיקט, אַז יאַמבראָזשי האָט זי געמוזט דערשעכטן; דאָ האָט גושלאַ געבאָרגט הונדערט און פופציק רובל בײַם מילנער און אַלס משכון די לאַנקע אַוועקגעגעבן; דאָ האָט דער קאָזאַל אַ פּאָר פערד געקויפט, וואָס מ'האָט זיך זייער געוווּנדערט דערויף און שטאַרק זיך געאַמפּערט איבער דעם; דאָ איז דער דאָבראָרזשעי אַ גאַנצע וואָך קראַנק געווען, אַז דער טימאָווער גלח איז אים אַזש געקומען פאַרטרעטן — און דאָ האָט מען וועגן גנבים גערעדט, אָפט אויך וועגן וועלף, וואָס האָבן אַפּנים די שעפּסן אין הויף אויסגעדושעט; וועגן באַלעבאַטישקייט, וועגן דער וועלט, וועגן מענטשן, און נאָך וועגן אַנדערע זאַכן, וואָס נישט קיינער קען עס געדענקען אַפילו, נישט קיינער איז דאָס אימשטאַנד איבערצוגעבן! און אַזוי כּסדר אַזעלכע בייעסן, אַז ס'איז פאַר אַלעמען גענוג געווען איף גאַנצע טעג און אויף די לאַנגע אָזנטן, וואָרן קיין צײַט האָט ווײַטער קיינעמען נישט געפעלט.

מיט דעמזעלבן האָט מען זיך אויך פאַרווײַלט בײַ די באָרינעס, נאָר מיט דעם אונטערשיד, וואָס דער אַלטער איז ווי אַ שטיין אינדערהיים געזעסן, אויף קיין שום פאַרווײַלונג נישט געגאַנגען און די ווייבער האָט ער אויך נישט געלאָזט גיין, אַזוי, אַז יאַגושן האָט שוין אַ פאַרצווייפלונג אַרומגענומען און יוזקע האָט גאַנצע טעג געמורמלט פון כּעס, וואָרן ס'האָט זי אויסטערליש גענודזשעט אין דער כאַלופּע צו זיצן. די גאַנצע טרייסט איז נאָר געווען, וואָס ר'האָט נישט פאַרווערט מיטן בינטל פלאַקס צו גיין, אָבער נאָר אין די כאַלופּעס אַריין, ווו ס'פלעגן זיך בלויז אַלטע ווייבער צוזאַמענקומען.

דעריבער זענען זיי טאַקע אין די אָזנטן מערסטנטיילס אינדערהיים געזעסן.

אין אַ געוויסן אָזנט שוין אַרום סוף לוטי, זענען זיך עפּעס צוזאַמענגעקומען אַ פּאָר פאַרשוין. די זענען געזעסן אויף דער

אַנדערער זייט, ווייל דאָרט האָט די דאָמיניקאָווא לייוונט געוועבט באַ אַ לעמפּל. די איבעריקע האָבן זיך צוליב דער קעלט געטוליעט ארום קוימען. יאַגושיאַ מיט נאַסטקען האָבן געשפּינען, אַז די שפּינדלען האָבן אַזש גערוישט. די וועטשערע האָט שוין געהאַלטן באַ פאַרטיק ווערן, יוזקע האָט זיך אַרומגעפּאָרעט איבער דער שטוב, דער אַלטער האָט מיט דער ליולקע אין קוימען אַריינגעפּיפּקעט און עפּעס טיף זיך פאַרטראַכט, וואָרן ר'האָט זיך כמעט נישט אָנגערופן. — ס'האָט אַלעמען געלאַנגווייליקט דידאָזיקע שטילקייט. — דאָס פייער האָט געקנאַקט, אַ גריל האָט פון אַ ווינקל געשפּילט, די וועב־שטול האָט פון צייט צו צייט אַ רויש געטון, עפּעס אַלע האָבן געשוויגן, דעריבער האָט נאַסטקע די ערשטע אָנגעהויבן:

— צ'וועט גיין מאָרגן שפּינען צו די קלאָנביס?

— מאַרישיאַ האָט אונדז היינט פאַרבעטן.

— ראָך האָט צוגעזאָגט מאָרגן אַרויסצולייגן פון ביכל פאַרשידענע געשיכטעס פון מלכים.

— כ'וואָלט געגאַנגען, נאָר כ'ווייס נאָך נישט.. — זי האָט געוואָרפן אַ פרעגנדיקן בליק אויפן אַלטן.

— איז וועל יעך אויך גיין, טאַטוליו... — האָט יוזקע געבעטן.

ר'האָט נישט געענטפערט, וואָרן דער הונט האָט אויפן גאַנעק שרעקלעך אָנגעהויבן צו בילן און באַלד האָט זיך נישט דרייסט אַריינגערוקט יאַשיעק, וואָס מ'האָטן פון חוזק וועגן געגעבן אַ צונאָמען פּושעוואָרטני.

— פאַרמאַך די טיר, נאַפ, וואָרן ס'איז דאָ נישט קיין שטאַל! — האָט די דאָמיניקאָווא אַ קוויטש געטון.

— וואָס האָסטו אַזוי מורא, מ'וועט דיך דאָ נישט אויפעסן, וואָס קוקסטו דיך אַזוי אום? — האָט איס יאַגנע געפרעגט.

— וואָרן דער... באָטשאָן האָט זיך געמוזט ערגיטש באַהאַלטן און ר'עט מיר נאָך אַ דזשאַב־טון... — האָט ער געשטאַמלט, בלאָנדזשענדיק מיט די צעשראָקענע אויגן איבער די ווינקלען.

— אַהאַ, דעם באַטשאַן האָט דער באַלעבאָס דעם דאָבראָרזשעי אָוועקגעשיקט, ר'וועט דיר שוין גאָרנישט טון! — האָט וויטעק אַ מרוק געגעבן.

— און כ'וויס טאַקע נישט צו וואָס מ'האָט נייטיק געדאַרפן האַלטן, ר'האָט נאָר מענטשן אַן עוולה געטון!

— זעץ דיך אַנידער, נודזשע נישט! — האָט אים באַסטקע באַפוילן, אָנווייזנדיק אים אַן אָרט לעבן זיך.

— ב'אוודאי, ר'האָט דאָס אַ סך עמעצן באַעוולהט, אַכיבע נאָר נאַראָנים, אָדער פרעמדע הינט! ר'האָט זיך אַרומגעשפּאַצירט ווי אַ דזשעדזשיק איבער דער שטוב, געכאַפּט מייז, יעדן פון וועג אָפּגעטרעטן, איז מען געגאַנגען און מ'האָט אים אַוועקגעגעבן! — האָט דאָס שגצל מיט פאָרוורף געמורמלט.

— שטילער, שטילער, וועסט דיר אויף וויאָסנע אַן אַנדערן צוגעוויינען. אויב דו בענקסט אַזוי נאָך באַטשאַנעס.

— כ'וועל נישט דאַרפן צוצוגעוויינען, וואָרן דער וועט נאָך זיין מיין, לאָז זיך נאָר מאַכן וואַרעם, האָב איך שוין אויסגעקלערט אַזאַ מיטל אויף אים, אַז ער וועט נישט אויסהאַלטן אויף דער פּלעבאַניע און ר'וועט קומען צולויפן!

יאַשעק האָט דווקא געוואָלט זיך דערוויסן דאָס דאָזיקע מיטל, אָבער וויטעק האָט אַ בורטשע געטון:

— נאַרוליעץ! די הינער גיי טאַפּן, ר'מיינט טאַקע, אַז ער טויג צו עפּעס בעסערס. ווער ס'האָט שכל, וועט זיך שוין אַ מיטל געפינען, און ר'וועט זיך נישט גיין לערנען בײַ קיין אַנדערע!

באַסטקע האָט זיך אָנגעבייזערט אויף אים, פאַרטיידיקנדיק יאַשעקן, ווייל זי איז זייער נאָך אים געשטאַנען; אמת טאַקע, ער איז געווען אַ נאַרישעוואַטער, דאָס גאַנצע דאָרף האָט פון אים חוזק געמאַכט, אַ שלימזל, אָבער פאָרט אַ בן יחיד אויף צען מאָרגעס. האָט זיך דאָס שיקסל אַזוי איבערגערעכנט, אַז שימעק האָט נאָר פינף מאָרגעס און אויך ווייסט מען נישט, צי די דאָמיניקאָוואַ וועט אים לאָזן חתונה האָבן, דעריבער האָט זי דעם שגץ צוגעלאָזט צו זיך, אַזוי, אַז ר'איז איר כסדר נאָכגעקראָכן —

און זי האָט אים געהאַלטן אין רעזערוו, ווי ס'זאָל זיך נישט מאַכן.

ר'איז טאַקיש געזעסן אַצינד לעבן איר, געקוקט איר אין די אויגן אַריין און געטראַכט, פון וואָס אַזוינס זאָל ער דאָ אָנהייבן רעדן, ווי דער וואָיט איז גראָד אַריינגעקומען. ער האָט זיך שוין געהאַט מיטן אַלטן איבערגעבעטן, און באַלד פון דער שוועל צראָפּ האָט ער אויסגערופן:

— כ'האָב ענק געברענגט אַ פּאָוויעסטקע, צ'דאַרפט מאָרגן מיטאָג צו קומען אין סאַנד אַריין.

— אין קרייז אַריין, וועגן דער קו?

— אַזוי שטייט דאָ טאַקע, וועגן דער קו, מיטן הויף!

— מ'דאַרף פרי אַרויסצופאָרן, וואָרן אין פּאָוויאַט אַרייָן, איז אַ שיין שטיקל וועגס. וויטעק, ביי שוין אַהין צו פּיעטרעקן און גייט צו וואָס מען דאַרף, און די פּאָרסט מיט פּאַר אַן עדות. און באַרטעקן האָט מען צווויסן געגעבן!

— כ'בין געווען הייַנט אין קאַנצעלאַריע, האָב איך פּאַר אַלע געבררענגט פּאָוויעסטקעס. אַ גאַנצע באַנדע וועט עך פאָרן, אויב דער הויף איז שולדיק, טאָ זאָל ער צאָלן.

— וואָס דען ר'איז נישט שולדיק, אַזאַ ריזיקע קו!

— קומטס אַריבער אויף דער אַנדערער זייט, כ'האָב מיט ענק עפּעס צו רעדן! — האָט דער וואָיט איינגערוימט.

— זיי זענען אַריבערגעגאַנגען און זענען דאָרט אַזוי לאַנג געזעסן, אַז יוזקע האָט זיי אַהין די וועטשערע אַריינגעדערלאַנגט.

דער וואָיט האָט אים שוין נישט איינמאָל צוגערעדט, ער זאָל זיך פאַרייניקן מיט זיי, נישט איינרייסן מיטן הויף, אָפּשלעפּן די ספּראַווע און צוּוואַרטן, נישט גיין באַזאַמען מיט קלאָגן און מיט די איבעריקע און אַזוי ווייטער. דער אַלטער האָט זיך ביז איצט געשלאָגן מיט דער דעה, איבערגעלייגט זיך, נישט אָפּגעזאָגט, אָבער ר'האָט זיך אויך נישט צו איין צד, נישט צום אַנדערן צוגעבייגט, וואָרן ר'איז שטאַרק ביז געווען דערפאַר,

וואָס דער פריץ האָט אים דאַמאָלס אויף דער באַראַטונג צום מילנער נישט גערופן.

דער וואַרט ווידער, זעענדיק, אַז ער וועט זיך מיט אים קיין עצה נישט געבן, האָט ער צום סוף שוין, כדי אים צוצוגעבן חשק, אַ זאָג געטון:

— פון דעם ווייסט עץ דאָך, אַז יעך, דער מילנער און דער קאָוואַל האָב'מיר געמאַכט אַן אָפּמאַך מיטן הויף, אַז מיר אַליין זאַלבעדריט וועלן אָפּפירן דאָס האָלץ צום טאַרטאַק און דערנאָך די ברעטער אין שטאָט אַריין.

— אוודאי ווייס איך, מ'האָט שוין גענוג אויף ענק אויסגערעדט דערפאַר, אַז צ'לאָזט קיינעם נישט פאַרדינען.

— ס'אַרט מיך דאָרט אַ סך, וואָס מ'פּיסקעוועט; ס'איז אַ שאָד דערויף צייט קאַליע צו מאַכן, דאָס וועל איך ענק טאַקע זאָגן, וואָס מיר האָבן זאַלבעדריט באַשלאָסן — הערטס אויס, וואָס איך רעד.

דער אַלטער האָט נאָר אַ גלאָץ געטון מיט די שליפּיעס און אויפגעפּאַסט, וואָס פאַר אַ הינטערפּיסל דאָ וועט ווייטער זיין.

— מיר האָבן באַשלאָסן ענק צוצולאָזן צום שותפות. פירטס עץ אַזוי פיל, ווי אונדז! אַ געשפּאַן האָט עץ אַ גוטס, דער פאַראָבעק שלעפּט זיך סיי ווי אַרום, און ס'איז אַ זיכער פאַרדינסט, מ'צאָלט פון קוביק. איידער די אַרבעט אין פעלד וועט זיך נאָך אָנהייבן, קענט עץ דערווייל אַריינכאַפּן אַ הונדערטער.

— ווען הייבט עץ אָן דאָס אָפּפירן — האָט ער אויסגערופן נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת.

— אַפּילו פון מאָרגן אָן קען מען שוין אָנהייבן! מען האַקט שוין אויף די נאָנטע פאָרעמבעס, די וועגן זענען אויך נישקשהדיקע, איז כל זמן ס'איז אַ שליטוועגס קען מען אָנפירן אַ שלל, מ'ין פאַראָבעק פאָרט אַרויס דאָנערשטיק.

— אין אַלדע רוחות, ווען כ'זאָל אַזוי וויסן, ווי עס וועט אויספאַלן מיט דער ספּראַווע מיינער וועגן דער קו.

— שטייטס גאָר צו צו אונדז וועט שוין אַלץ גוט זיין, יעך וואָיס זאָג עס ענק...

דער אַלטער האָט זיך לאַנג מיישב געווען, אויפמערקזאַם געקוקט אויפן וואָיט. מיט אַ שטיקל קרייד האָט ער זיך עפּעס אויף דער באַנק געשריבן, געקראַצט זיך אין קאָפּ, ביז ר'האָט ענדלעך אויסגערופן:

— גוט, כ'וועל פירן און כ'וועל מיך צוזאַמענפאָרן מיט ענק.

— אויב ס'איז יאָ אַזוי, כאַפּט ס. אריין אַ בליק צום מילנער מאָרגן נאָכן סאָנד, וועלן מיר זיך נאָך באַראַטן, כ'מוז שוין לויפן, וואָרן דער קאָוואַל קאָוועט מיר אונטער דעם שליטן.

ר'איז אַוועקגעגאַנגען זייער אַ צופרידענער, טראַכטנדיק, אַז ר'האָט שוין דעם אַלטן אָפּגעקויפט מיט דעמזאָזיקן אָפּפירן אין אויף זיין זייט אַריבערגעצויגן.

אוודאי, דעם מילנער איז גרינג געווען מיטן הויף אַדורכצוקומען, גרונט האָט ער געהאַט בשט קיין פויערישן און צום וואַלד דעריבער קיין שום טענות נישט געקענט האָבן; דער וואָיט איז אויך געזעסן אויף קלויסטער-ערד, דער קאָוואַל דעסגלייכן, אָבער נישט ער, באָריבע! ר'האָט זיך אַזוי געטראַכט: אָפּפירן איז אָפּפירן, דער ענין וועגן וואַלד אָבער איז אַן אַנדערע מעשה; איידער ער וועט זך פאַרגלייכן מיטן פּריץ, אָדער איידער ס'וועט קומען דערצו מ'זאָל דאַרפן פירן מלחמה וועט אַוועקגיין אַ שטיק צייט... און וואָס אַרט דאָס אים, אַז ער באַמקעט יענע צו, מאַכט זיך מכלומרשט פאַר אַ נאַר, האַלט מיט זיי, אַז סיי ווי וועט ער בײַ אַ געלעגנהייט זיינס נישט שענקען. גוט איז דערווייל ר'וועט פאַרדינען די עטלעכע פאָר רובל, די פערד דאַרף מען סיי ווי סיי צוגעבן עסן און אַ פאַראָבעק קאָסט! — ר'האָט צו זיך אַליין אַ שמייכל געטון, אַ רייב געגעבן זיך אין די הענט און צופרידן געברוקעט:

— זיי זענען נאַריש די יוכעס ווי די קעלבלעך, זיי מיינען, אַז ז'האָבן מיך געפירט אין באָד אַריין ווי אַ שוטה, נאַראָנים.

ר'האָט זיך אומגעקערט צו די ווייבער זייער אַ צופרידענער, יאַנוש איז אין שטוב נישט געווען.

— ווו איז יאַנושיאַ?

— זי האָט די חזירים צו פרעסן אַוועקגעטראָגן! — האָט באַסטקע דערקלערט.

ר'האָט פריילעך איינגעטענה'ט, געוויצלט זיך מיט יאַשעקן, דאָ מיט דער דאָמיניקאָװען, און וואָס אַמאָל האָט ער אַלץ אומרויִקער אויפן ווייב געוואַרט, וואָרן עפּעס שוין צו לאַנג, ווי זי קומט נישט צוריק. ר'האָט זיך גאַרנישט וויסנדיק געמאַכט און אַרויסגעגאַנגען אין הויף אַריין. די שקצים האָבן אין דער סטאָדעלע אויף דער קלעפּיסקע צוגעגרייט דעם שליטן אויף דער מאָרגנדיקער רייזע, מ'האָט געדאַרפן אַרויפלייגן אויף אים די פּולקאָשקעס און צופּעסטיקן. ר'האָט זיך אַרומגעקוקט, אַ שמועס געטון, צו די פערד אַרייַנגעבליקט, אַרייַנגעקוקט צו די חזירים, דאָ אין דער קו-שטאַל אַריין — יאַגנע איז אין ערגעץ נישט געווען. ר'האָט זיך אָפּגעשטעלט אונטערן אָפּדאַך עטוואָס אין שאָטן און געוואַרט, ס'איז געווען אַ פינסטערע נאַכט, אַ קאַלטער ווינט האָט זיך אויפגעריסן און געררישט. גרויסע, שווערע חאַלקנס האָבן סטאַדעסווייז איבערן הימל געיאָגט, אַ שניי האָט צייטנווייז אַ פרישע געטון.

אפשר אין אַ מינוט צי אין צוויי אַרום האָט עפּעס אַ שאָטן אַ שימער געטון אין דעם דורכגאַנג פון דער פלויט-עפענונג — דער אַלטער האָט זיך גיך אַרויסגערוקט, צוגעשפּרונגען און ווילד אַרויסגעמורמלט:

— ווו ביסטו דאָס געווען, האַ?

אָבער יאַגנע האָט, כאָטש זי האָט זיך נתחילת דערשראָקן, גיפטיק אָפּגעענטפערט:

— גיטס אַ שמעק נאָכן ווינט באָך, וועט עך גרינג דערגיין! — און זי איז אַרייַנגעגאַנגען אין דער כאַלופּע.

ר'האָט שוין אין שטוב נישט געמאַכט קיין שום עסק דערפון, און ווען זיי האָבן זיך שוין געגרייט צום שלאָפן, האָט ער גוטמוטיק און זייער ווייך, נישט אויפהייבנדיק די אויגן אויף יאַגנען, אויסגערופן:

— ווילסט דיר מאָרגן אַהינגיין צו די קלאָגביס?
— אַז צ׳וועט נישט פאַרווערן, וועל איך אַהינגיין מיט יוז־קען.

— אַז דו ווילסט, וועל איך דיך נישט צוהאַלטן... אָבער יעך פאָר אין סאָנד אַריין, דאָס הויז בלייבט אויף הפקר, וואָלט אפשר גלייכער געווען זאָלסט בלייבן אין שטוב...

— צ׳וועט דען נישט אַהיימקומען ביז ס׳וועט פינסטער ווערן?...

— דאַכט זיך מיר אַזוי, אַז אפשר ערשט אַרום האַלבע נאַכט ... ס׳זעט אויס אויף אַ שניי, ס׳איז ווייט, וועל איך נישט באַווייזן... נאָר אויב דו ווילסט דווקא, גיי, כ׳פאַרווער דיר נישט...

---

# IX

שוין פון פריִען מאָרגן אָן האָט זיך געוויזן אויף אַ שניי-שטורם. דער טאָג האָט זיך געשטעלט אַ וואָלקנדיקער, אַ ווינטי-קער און זייער אַן אָנגעברוגזטער. ס'האָט געפרישעט אַ דראָב-נער, שאַרף-טרוקענער שניי, פונקט ווי קאַשע קוים צעמאָלענע; גלייכצייטיק האָט וואָס אַמאָל אַ מער שטאַרקערער און זייער שטורמדיקער ווינט אויפגעברויזט, אומגעריכט פון פאַרשידענע ריכטונגען געבלאָזן, אַזוי, אַז ווי אַ שיכורער האָט ער זיך אויף אַלע זייטן געוואַקלט, געקוויטשעט, געפייפט און מיט שנייען ווילד געשיט.

נישט קוקנדיק פונדעסטוועגן אויפן וועטער, האָט זיך האַנקע מיטן אַלטן ביליצע און מיט זיי נאָך עטלעכע קאָמאַרניצעס אַרויסגעלאָזט באַלד נאָך מיטאָג נאָך טרוקענע צווייגן אין וואַלד אַריין.

ס'איז געווען זייער אַ פאַסקודנע צייט; דער ווינט האָט זיך געטשיקעט איבער די פעלדער, געקלאַפט מיט די ביימלעך, געשטורעמט איבערן דאָרף און וואָס אַ ווייַלע וואָלקנס שניי אויפ-

געריסן, אַ דריי געטון זיך מיט אַ געפּייפעריי און זיי איבער דער וועלט צעשיט, פּונקט ווי די טיכער פּיזל מיט ווייסע און שטעכיקע פלאַקס-פּאַסמעלעך, אַזוי, אַז אַלץ האָט זיך געטרונקען אין אַ נישט דוכזיכטיקן מישמאַש און געפּייפעריי.

באַלד הינטערן דאָרף זענען זיי איינע הינטער דער אַנדערער ווי די גענדז וואַקלדיק געגאַנגען איבער די פאַרווייעטע סטעזשקעס, צו די וועלדער-צו, פון וועלכע מ׳האָט קוים די שפּיצן אין דעם שניי-שטורם אַרויסגעזען און וועלכע זענען נאָך געווען ווייט.

דער ווינט האָט זיך נאָך מער געשטאַרקט, געיאָגט פון אַלע זייטן, געטאַנצט, געדרייט זיך און אַזוי געשמיסן, אַז זיי האָבן זיך קוים אויף די פיס געקענט איינהאַלטן, זיך נאָר מער צו דער ערד איינגעבויגן, און ער איז פאַרלאָפן פאָרויס, געריסן דעם טרוקענעם שניי מיט זאַמד אויסגעמישט און געטמאַליעט איבער די פּנימער, אַז מ׳האָט די אויגן אַזש געדאָרפן פאַרשטעלן.

זיי זענען געגאַנגען שטילשווייגנדיק, וואָרן דער ווינט האָט די ווערטער אין מויל פאַרשטאָפּט אָדער אַרויסגעריסן; זיי האָבן צוגעקרעכצט און די הענט מיט שניי איינגעריבן, ווייל ס׳איז געווען אַ דורכנעמענדיקע קעלט, וואָס האָט דורך די געמיינע מלבושים דורכגעדרונגען. פון די פעלד-קושאַקעס און פון די ביימער האָבן זיך אָנגעווייעטע שניי-קופּעס געמאַכט און ווי מיט גרעבליעס פאַרשטעלט, אַזוי, אַז יעדעס האָט מען געמוזט אויסמיידן, אָנלייגנדיק דערביי נישט ווינציק וועג.

האַנקע איז געגאַנגען פאָרויס, אָפט זיך אומגעקוקט צום טאַטן, וועלכער האָט זיך פון הינטן נאָכגעשלעפּט אַן איינגעהויקערטער, דעם קאָפּ מיט אַ פאַטשיילע אַרומגעהילט, אָנגעטון אין אַנטעקס אַלטן פעלץ, וואָס איז מיט אַ שטרוי-גאַרטל געווען אַרומגעפאַסעוועט. ער האָט זיך קוים גערירט אויפן ווינט, ס׳האָט אים כסדר געשטיקט, געמוזט זיך אַלעמאָל אָפּשטעלן, כדי דעם אָטעם צו כאַפּן און פון ווינט די פאַרטרערטע אויגן אויסצווישן.

דערנאך איז ער, צוואיילנדיק זיך, אונטערגעלאפן, קרעכצנדיק שטיל:

— כ׳גיי, האנוש, כ׳גיי... האב נישט קיין מורא, כ׳וועל נישט בלייבן הינטערשטעליק!

פארשטייט זיך, ר׳וואלט גלייכער געוואלט אויפן פיקעלעך בלייבן, א סך גלייכער, נאר וואס, אז זי, די ארימע נעבעך, איז געגאנגען, וואלט ער דען געהאט דאס הארץ איבערצובלייבן! אין דער כאלופע איז קאלט נישט אויסצוהאלטן, די קינדער פישטשען אויש פון קעלט, ס׳איז שוין נישט געווען דאס געקעכץ בא וואס אפצוקאכן, אז זיי האבן נאר טרוקן ברויט געגעסן... און דא נעמט אזא קאלטער ווינט די ביינער דורך, פינקט ווי מיט אייז-קאלטע פינגער... — האט ער זיך אזוי געטראכט, אין איילעניש זיי נאכלויפנדיק.

אוודאי, אז ווען דער מוז כאפט אן באם קאפ, ווערסטו דיך מענטש, נישט ארויסדרייען, נישטא וואס צו רעדן.

האט נאר האנושיא מיט די ציין פארהאקט, און צוזאמען מיט די קאמארניצעס נאך האלץ געגאנגען. אמת, ס׳איז שוין אזוי ווייט דערגאנגען, אז אינייגעם מיט דער פיליפקען, קראקאלינען, מיט דער אלטער קאבוסאחען און מיט מאגדע קאזלאווען, מיט די גרעסטע קבצנים אין איין ריי, צוזאמען.

זי האט נאר שווער אפגעזיפצט, מיט די ציין געקריצט, און געגאנגען און דאס שוין נישט צום ערשטן מאל, ניין.

— און זאל זיין אזוי! זאל זיין אזוי! — האט זי עקשנותדיק געמורמלט, אננעמענדיק אין זיך קראפט און אויסהאלטעוודיקייט.

דארף מען, גייט זי נאך האלץ, בייגט זיך אין דרייען, אין איין ריי מיט אזעלכע בעטלערינס ווי פיליפקע וועט זי זיך שטעלן, און ווייגען וועט זי נישט, נישט באקלאגן זיך, קיין הילף בא קיינעם וועט זי אויך נישט בעטן.

און וווהין וועט זי דען גיין? מ׳וואלט איר אפשר געגעבן, אבער בלויז אזא מיטפילנדיק ווארט, פון וועלכן דאס בלויז קען געזעצט ווערן... דער פאן יעזוס פרווחט זי אויס, ער קרייציקט

זי, און אפשר וועט ער זי אַמאָל באַלויבען דערפאַר... און זאָל זיין אַזוי, זי וועט אַלדינג איבערהאַלטן, נישט לאָזן, ס'זאָל פון איר מיט די קינדער אַ תל ווערן, נישט אַראָפּלאָזן די הענט, און אַז מענטשן זאָלן אויף איר רחמנות האָבן אָדער חוזק מאַכן, וועט זי אויך נישט לאָזן!

זי האָט זיך די לעצטע צייט אַזוי פיל אָנגעליטן, אַז יעדער ביינדל האָט זיך אין איר געטרייסלט און יעדעס באַזונדער האָט פון ווייטיק געבראָכן — זי האָט זיך דאָס אָנגעליטן!

נישט דאָס, וואָס איז אויף איר אַזאַ נויט און זי וואַלגערט זיך אַרום, וואָס ס'איז אָפט אַ הונגער אין שטוב, אַז עס קלעקט קוים פאַר די קינדער; נישט דאָס, וואָס אַנטעק האָט מיט זיינע קאַמראַדן אין דער קרעטשמע געטרונקען, וואָס די שטוב איז אים גאָרנישט אָנגעגאַנגען, ווי אַ פאַרוואָגלטער הונט בגנבה אין דער כאַלופּע זיך אַריינגעשלייכט און פאַר אַ ליאַדע מוסר-וואָרט, וואָס זי פלעגט אים אַמאָל זאָגן, האָט ער זיך צום שטעקן געכאַפּט — דאָס געשעט אפילו נישט זעלטן ערגעץ אַנדערש אויך — דאָס וואָלט זי אים נאָך מוחל געווען; אָט איז אויף אים אָנגעפאַלן אַ שלעכטע שעה, דאַרף מען נאָר געדולדיק איבערוואַרטן, און ס'וועט פאַרבייגיין. — אָבער דאָס, וואָס ער איז איר אומטריי געוואָרן, דאָס האָט זי אים נישט געקענט פאַרגעסן, נישט איבערווייטיקן און שענקען!

ניין, זי האָט דאָס נישט געקענט באַגרייפן. וואָס הייסט, ר'האָט דאָך אַ ווייב מיט קינדער און צוליב יענער פאַרגעסט ער אַזוי אָן אַלדינג... דאָס האָט זי ווי מיט צעגליטע צוואַנגען באַם האַרץ פאַרקוועטשט, געפרעסן זי און ווי אַ ברענענדיק פייער זיך אין איר צעוואַקסן און פון זכרון נישט געקענט אַרויס.

יאַגנען לויפט ער נאָך, זי האָט ער ליב, איבער איר איז דאָס אַלדינג!

ס'האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז דער טייוול גייט לעבן איר און שעפּטשעט איר כסדר אין אויער אַריין דידאָזיקע שרעקלעכע דעריבערונגען, נישט זי קען פון זיי פטור ווערן, נישט פאַרגעסן, גאָרנישט. אַ ווייטיק פון נשמהדיקער גע-ונעדקייט, דערני-

דערונג, בושה, קנאה, נקמה און אַזוי אַלע אָנטשעפּעניש פון אומגליק, האָבן זייערע שטעכיקע קעפּ אין איר האַרץ אַרייַנגעזעצט און האָבן אַזוי געריסן, אַז כאָטש נעם און צעיאָמער דיך אין אַ הימל-געשריי און שלאָג מיטן קאָפּ אָן דער וואַנט!

— דערבאַרעם דיך, רבונו של עולם, לאָז מיך אָפּרוען, יעזו! — האָט זי אין זיך געיאָמערט, אויפהייבנדיק די צעגליטע, די קיינמאָל פון טרערן נאָך נישט אויסגעטריקנטע אויגן צום הימל.

זי האָט אָנגעהויבן צו שטעלן אַ גיכערן טריט, וואָרן ס'האָט אַזוי געווייעט לעבן וואַלד, אַז זי האָט שוין נישט געקענט אויסהאַלטן פון קעלט; די באַבעס זענען עטוואָס געבליבן הינטערשטעליק און זענען געגאַנגען פּאַמעלעך, פּונקט ווי די רויטע קנוילן, וואָס מ'האָט זיי קוים אין דעם שניי-שטורעם אַרויסגעזען. דער וואַלד איז שוין געווען נישט ווייט; ווען די נעפּלען זענען אויף אַ רגע אָפּגעפאַלן, איז ער פּלוצלינג אַ וואַקס אויף געגעבן פון דער ווייסקייט אַרויס מיט אַן אומגעהייערער טונקעלער וואַנט פון צוזאַמענגעדריקטע שטאַמען, דורך וועלכע עס האָבן זיך שטילע אייזיקע טיפענישן געטונקלט.

— קומטס גיכער, אין וואַלד וועט עץ ענק אָפּרוען! — האָט זי אומגעדולדיק צו זיי גערופן.

אָבער די פיערטעס איז נישט געווען געאייַלציק, זיי האָבן זיך כסדר אָפּגערוט, אַנידערזעצנדיק זיך טשיפּקע אויפן שניי, מיט די קעפּ פון ווינט אָפּגעדרייט, ווי אַ סטאַדע קוראָפּאַטוועס, און שטילערהייט איינגעטענהט. אויף אירע כסדרדיקע רופן האָט פיליפּקע נישט גערן אַ מרוק געטון:

— האַנקע יאָגט אַזוי, פּונקט ווי אַ הונט נאָך אַ קראָ און מיינט אַז זי וועט גיכער עפּעס כאַפּן.

— צו וואָס זי האָט זיך דערלעבט, די אָרימע נעבעך — האָט קראַקאַליבע מיטפילנדיק אַ שעפּטשע געטון.

— זי האָט זיך גענוג אויסגעוואַרעמט אין באַרינעס כאַלופּע, זיך פעט אָנגעגעסן, אָנגעסמאַקעזעט זיך מיט גוטס, קען זי איצטער אַ ביסל גוט פאַרזוכן. אַ מענטש שטאַרבט דאָס גאַנצע

לעבן פֿון הונגער, האָרעװעט װי אַן אָקס, און קײנער באַדױערט אים נישט אפֿילו.

— און פֿריִער האָט זי זיך אפֿילו נישט באַגריסט מיט אונדז...

— מײַנע ליבע, ברױט מאַכט װאַקסן הערנער, און הונגער — מאַכט שפּרינגען איבער דערנער, זאָגט מען.

— כ׳האָב געװאָלט אָנומלטן באָרגן באַן איר די טערליצע, האָט זי געענטפֿערט, אַז זי האָט נאָר פֿאַר זיך.

— אמת טאַקע, אַז זי האָט די אָפּענע האַנט פֿאַר קײן מענטשן נישט געהאַט, זיך גרעסער געהאַלטן פֿון אַנדערע, װי אַלע באַרינעס, אָבער פֿונדעסטװעגן איז אַ שאָד דאָס מענטש, אַ שאָד.

— לויט דער גערעכטיקײט, אָבער דער אַנטעק, דאָס איז אַ לײדאַק, נע.

— דאָס איז אמת, אַ לײדאַק איז ער, אמת. אָבער דאָס איז אױך באַװוּסט, אַז די צױג װיל נישט, װעט דער הונט נישט נעמען, יעדער מאַנספּערשױן װעט דיר לױפֿן, אַז װעסטן מיט דער ספּודניצע צולאָקן.

— װען דאָס איז אַזױ אױף מיר, װאָלט איך יאַגנען אין מיטן װעג דעם קאָפּ אַראָפּגעריסן, און װאָלט איר אױסגערעכנט, און אָנגעשאָלטן, און די קודלעס װאָלט איך איר צעקעמט, אַז זי זאָל אױפֿן גאַנצן לעבן האָבן צו געדענקען.

— ס׳װעט נאָך קומען דערצו אױך, אױב ס׳זאָל זיך נאָר מיט עפּעס ערגערס נישט ענדיקן!

— דאָס איז שױן אַזאַ פּאַטשעשאָװע זריעה, די דאָמיניקאָװאַ איז אױך נישט בעסער געװען, ניין.

— גײ׳מיר; דער װינט בלאָזט פֿון אונטן, קען ער אַמאָל אױף באַנאַכט אױפֿהערן.

זײ האָבן זיך צוגעשלעפּט צום װאַלד און זענען זיך פֿאַנאַנדערגעגאַנגען, אָבער נאָנט אײנע פֿון דער אַנדערער, כּדי זײ זאָלן זיך באַם צוריקקער קענען גרינג צונױפֿרופֿן.

אַ פינסטערניש האָט זיי אַרומגענומען און אינגאַנצן פאַרשלונגען, אַזוי, אַז ס׳איז קוים ערגעץ-ווו אַ סימן נאָך זיי געבליבן.

דער וואַלד איז געווען אַן אַלטער, אַן אומגעהייער גדויסער, אַ חונדערלעכער; די סאָסנעס זענען געשטאַנען איינע לעבן דער אַנדערער ענג, געדיכט, און אַזוי שלאַנק, גלייך און מעכטיק, אַז זיי האָבן אויסגעזען אַקוראַט, ווי גיגאַנטישע זיילן פון פאַרשימלטן קופער, וואָס האָבן געשימערט אין דער טונקלקייט פון די גרוילעך-גרינע געוועלבן, אויסגעשטעלט אין געשלאָסענע שורות. אַ טריבע, אייזיקע ליכטיקייט האָט געשלאָגן פון אונטן פון די שנייען. פון אויבן האָט דורך די צעקודלטע גראָבע צווייגן, ווי דורך אַ לעכערדיקן דאַך, אַ ווייסלעכער און מאָטנער הימל געלויכטן.

אַ שטורמווינט האָט זיך דורכגעטראָגן אינדערהייך, אַז ס׳איז טיילמאָל אַזוי שטיל געוואָרן, פונקט ווי אין אַ קלויסטער, ווען דער אָרגל ווערט פלוצלינג אַנטשוויגן, די געזאַנגען הערן אויף — און עס רוישן נאָר די לעצטע זיפצן, דאָס טרעטן מיט די פיס, די אויסגייענדיקע קלאַנגען פון די תפילות און די פאַרבאָרגענע, אָפּשטאַרבנדיקע טענער. דער וואַלד איז דאַן שטיין געבליבן אומבאַוועגלעך, פאַרשטומט, ווי איינגעהאָרכט אין דעם דונערנדיקן רעש, אין ווילדן געשריי פון די צעטראַטעוועטע פעלדער, וואָס האָט זיך געריסן פון ערגעץ פון דער וועלט און געטראָגן זיך הויך, ווייט, אַזוי, אַז ער האָט נאָר מיט אַ קרעכץ איבערן וואַלד געציטערט.

אָבער באַלד האָט דער שטורמווינט איבערן וואַלד מיטן גאַנצן כּוח אַ זעץ געטון, מיט אַלע בעגל זיך אין די שטאַמען איינגעקלאַמערט, זיך איינגעפרעסן ווילד אין דער טיפעניש, געברומט אין דער פינסטערניש, געוואָרפן מיט די ריזן, אָבער אומזיסט, ער איז אים נישט בייגעקומען. ער איז, אַן אָפּגעשטאַנענער פון די כּוחות, געפאַלן, פאַרטויבט געוואָין, אָפּגעשטאַרבן מיט אַ געוואָיערײ אין די געדיכטע נידעריקע קושאַקעס — און דער וואַלד האָט אפילו נישט קיין ציטער געטון, מיט קיין צווייג

נישט קיין קנאַק געגעבן, מיט קיין איין שטאָם זיך נישט קיין וויג געטון. די שטילקייט אין אים איז נאָך טיפֿער, נאָך שרעקלעכער געוואָרן, אַזוי, אַז טייַלמאָל האָט מען אַפֿילו געהערט, ווי אַ פֿויגל האָט אין דער פֿינסטערניש מיט די פֿליגל געקלאַפּט.

טייַלמאָל איז אַ שטורמווינט אַזוי פּלוצלינג, אומגעריכט און מעכטיק אַראָפּגעפֿאַלן, פּונקט ווי אַן אויסגעהונגערטער רויב-פֿויגל פֿאַלט אַראָפּ. ער האָט אַזוי געקלאַפּט מיט די פֿליגל, געריסן די ביימער-שפּיצן, געבויגן און געבראָכן אַלץ מיט אַ ווילדן געברום — אַזש דער וואַלד האָט ווי אַן אויפֿגעוועקטער אַ ציטער געטון, אָפּגעשאָקלט זיך פֿון דער טויטקייט און זיך אַ וואַקל געטון פֿון איין עק ביזן צווייטן. די ביימער האָבן זיך געוויגט. אַ גרויזאַמער, פֿאַרשטיקטער געברום האָט זיך געטראָגן. דער וואַלד האָט זיך פּלוצלינג אויסגעגלייכט, זיך אויפֿגעהויבן, גלייך ווי ער וואָלט זיך געלאָזט גיין. ער האָט זיך שווער אָנגעבויגן, מיט אַ שרעקלעכן געשריי אַ ברום געטון און גערוישט ווי אַ מעכטיקער הערשער מיט צאָרן און נקמה. אַ ליאַרם האָט זיך אויפֿגעהויבן, אַ שלאַכט האָט דעם וואַלד אָנגעפֿילט, אַ פּחד איז געפֿאַלן אויף יעדן באַשעפֿעניש, וואָס האָט זיך אין זיין אייגענער פֿעל באַהאַלטן, און די פֿייגל, וואָס זענען פֿון שרעק צעמישט געוואָרן, האָבן צווישן די שנייען, וואָס האָבן זיך אין אויפֿגעשטורעמטע קוואַלן געגאָסן, און צווישן די צעשמעטערטע צווייגן און ביימער-שפּיצן געבלאָנקעט.

און דערנאָך איז אַנטשטאַנען אַ פֿולקומע טויטע שטילקייט, פֿון וועלכער מ'האָט שאַרף אַרויסגעהערט עפּעס ווי אַ ווייט, שווער קראַכן.

— מען האַקט דעם וואַלד בײַ די וועלפֿן-גריבער, ער לייגט זיך געדיכט — האָט דער אַלטער געמורמלט, צולייגנדיק זיך צו דער ערד און איינהאָרכנדיק זיך אין די טויבע אויפֿציטערן.

— פֿלאַפּלטס נישט אַזויפֿיל, מיר וועלן דאָך נישט זיצן דאָ ביז אין דער נאַכט אַריין.

זיי זענען פֿאַרקראָכן אין אַ הויך, יונג וועלדל אַריין, אין אַזאַ געדיכטעניש פֿון פֿאַרפֿלאָנטערטע און צוזאַמענגעוואַקסענע

צווייג, אַז זיי האָבן זיך קוים געזעגנט אין דער מיט אַרײַנקריגן. אַ טויטע שטילקייט האָט זיי אַרומגענומען קיין מינדסטער קלאַנג האָט שוין דאָרט אַהין נישט געגרייכט. אפילו דאָס ליכט האָט זיך מיט שווערקייט קוים דורכגעזייגן דורך דער גראָבער שניי-דעק, וואָס איז ווי אַ דאַך אויף די ביימער-שפּיצן געהאָנגען. אַן ערד-גרויקייט האָט דעם חלל אָנגעפּילט. אויף דער ערד איז כּמעט קיין שניי נישט געווען. בלויז לאַנג אַראָפּגעפאַלענע, אויסגעטריקנטע בלעטער זענען ערטערווייז אויסגעשפּרייט געווען, אַזוי פיל, אַז זיי האָבן איבער די קני געגרייכט. ערגעץ-ווו האָבן קליינע מאָך-פעלדער געגרינט, יאַגדעס, אָפּגעטריקנטע ווילדע שוואָמען האָבן זיך געגעלט, צונויפגעטוליעט, ווי זיי וואָלטן זיך פאַרן ווינטער באַהאַלטן.

האַנקע האָט מיט אַ קילקע אָפּגעבראָכן די גרעבערע צווייגן, זיי צוגעשניטן אויף איין מאָס, איינלייגנדיק זיי אין דער אויסגעשפּרייטער פּלאַכטע. זי האָט אַזוי היציק געאַרבעט, אַז זי האָט אַזש דאָס טיכל פון הייסקייט אַראָפּגעוואָרפן. אין משך פון אפשר איין שעה האָט זי זיך אַזאַ משא האָלץ אָנגעלייגט, אַז זי האָט דאָס קוים געקענט פאַרנעמען. דער אַלטער האָט זיך אויך אָנגעלייגט אַ נישקשהדיקן בינט, אַרומגעבינדן עס מיט אַ שטריק און געשלעפּט אים, אומקוקנדיק זיך אַלע מאָל און טראַכטנדיק, ווי אַזוי עס וועט אים גרינגער זײַן אויף די פּלייצעס דאָס צו פאַרנעמען.

זיי האָבן געשריגן, גערופן די פּויערטעס, אָבער אין גרויסן וואַלד האָט ווידער אַ שטורעם-ווינט געווילדעוועט, אַז זיי האָבן זיך נישט געקענט דערשרייען צו זיי.

— האַנוש, מען דאַרף זיך צוקריגן צום טאָפּאָלן-וועג, וועט זײַן בעסער, ווי דורך די פעלדער.

— לאָמיר-זשע גיין, האַלטס ענק לעבן מיר און בלייבטס נישט הינטערשטעליק.

זיי האָבן זיך באַלד פאַרנומען ליניקס. דורך אַ שטיקל אַלטן דעמבע-וועלדל, אָבער ס'איז געווען שווער, אַ שניי איז געלעגן ביז איבער די קני, ערטערווייז זענען גאַנצע בייטן אָנגעשיט

געווען, ווייל די ביימער זענען דאָ געווען שיטער און אָן בלעטער. ערגעץ־ווו האָבן זיך נאָר צווישן די איסגעשפּרייטע, ריזיקע צווייגן, ווי גרויע בערד געטרייסלט, אַ יונג דעמבל האָט זיך מיט פאַרוויטלטע קודלעס באַדעקט און זיך אַ בייג געטון צו דער ערד מיט אַ סוויסטש. דער ווינט האָט געבלאָזן מיט זיין גאַנצער קראַפט און אַזוי געפּרישעט דעם שניי, אַז ס'איז אוממעגלעך געווען צו גיין. דער אַלטער איז תּיכּף פאַרמאַטערט געוואָרן און איז אָפּגעשטאַנען. אויך האַנקען האָבן כּוחות פאַרפעלט, האָט זי זיך נאָר מיט דער משא אָן אַ בוים אָנגעשפּאַרט, זוכנדיק מיט די צעשראָקענע אויגן אַ בעסערן וועג.

— מיר וועלן דאָ אַרום נישט דורכגיין, און נאָכן דעמבינע־וועלדל איז פייכט, לאָמיר זיך אומקערן צו די פעלדער.

זיי האָבן זיך ווי עס איז אומגעקערט אין דעם גרויסן און געדיכטן סאָסנע־וואַלד אַריין, וווּ ס'איז שטילער געווען און דער שניי איז נישט געלעגן אַזוי הויך, און באַלד זענען זיי אויף די די פעלדער אַרויסגעקומען. דאָרט האָט אַזוי געווייעט, אַז מ'האָט דריי טריט ווייט נישט געקענט זען, וואָס עס טוט זיך. גאָרנישט, בלויז אַ ווייסע, צעקנײַלטע, צעבושעוועטע זאַוויערוכע האָט אין דער לופט געדרייט. דער ווינט האָט זיך אַ יאָג געטון צום וואַלדצו, אָבער ער האָט זיך, ווי אָן אַ וואַנט אָנגעשלאָגן, איז אַ פאַל געטון אַהינטער צוריק אויף די פעלדער, און אַ נישט בייגעקומענער אויפגעשטאַנען צוריק, צוזאַמענגעשאַרט גאַנצע בערג מיט שניי און ווי מיט אַ ווייסער כמאַרע אַ שלאָג געטון אין די ביימער, אַז אַ קרעכץ האָט זיך אַזש איבערן גאַנצן וואַלד צעטראָגן, ער האָט אַזוי געמישט, געדרייט און געשלאָגן, אַז זיי זענען קוים אויף די בייטן אַרויפגעגאַנגען. דעם אַלטן האָט עס אַ שיט געטון אויף דער ערד, אַז זי האָט אים געמוזט אַזש שלעפּן, קוים האַלטנדיק זיך אַליין אויף די פיס.

זיי האָבן זיך אומגעקערט אין וואַלד אַריין און, אַנידערזעצנדיק זיך טשיפּקע הינטער די שטאַמען, האָבן זיי זיך אָנגעהויבן שלאָגן מיט דער דעה, מיט וועלכן וועג צו גיין, וואָרן

מ'האָט שוין לחלוטין נישט געוווּסט אין וואָס פֿאַר אַ זייט אַריין זיך צו ווענדן.

— מיטן וועגל לינקס וועלן מיר זיכער אַרויסקומען צום טאַפּאָלן־וועג, לעבן צלם.

— אַז כ'זע אינגאַנצן נישט דאָסדאָזיקע וועגל.

ער האָט איר לאַנג געמוזט איינרעדן, ווייל זי האָט זיך מורא געהאַט צו לאָזן אויף דעם נישט זיכערן וועג.

— צ'מיאַרקירט כאָטש אין וואָס פֿאַר אַ ריכטונג מ'דאַרף זיך פֿאַרנעמען?

— פֿון דער לינקער האַנט, דאַכט זיך מיר.

זיי האָבן זיך געלאָזט לענגויס דעם וואַלד, פֿאַרשטעלנדיק זיך עטוואָס פֿון שטורמווינט.

— קומטס גיכער, איידער מען קוקט זיך אום פֿאַלט די נאַכט צו.

— לאָמיך נאָר דעם אָטעם כאַפּן, גיי איך שוין, האַנוש, גיי איך שוין...

אוודאי איז זיי נישט גרינג געווען זיך אַדורכצוקריגן. דאָס וועגל איז אינגאַנצן פֿאַרשיט געווען. דערצו האָט פֿון דער זייט פֿון די פֿעלדער כסדר געבושעוועט דער שטורמווינט און געשיט מיט אַ שניי־שטויב. זיי האָבן זיך אומזיסט היגטער די ביימער באַהאַלטן, ווי די העזלעך אונטער די יאַלאָוויעץ־ביימלעך זיך צוגעשפּאַרט — אומעטום האָט דער ווינט ביזן ביין דורכגענומען. גיין מיט דער זייט פֿון וואַלד איז נאָך שרעקלעכער געווען. די ביימער האָבן ווילד געראַשט, דער גאַנצער וואַלד האָט זיך געוויגט און כמעט די ערד מיט די צווייגן אויסגעקערט; די צווייגן האָבן געשמיסן איבער די פּנימער און סאָסנעס זענען מיט אַזאַ קנאַק צו דער ערד געפֿאַלן, אַז ס'האָט זיך אויסגעדאַכט — דער גאַנצער וואַלד פֿאַלט אום אַ צעשמעטערטער.

זענען זיי געצאַפּן וויפֿיל זיי האָבן נאָר כּוח געהאַט און אויף וויפֿיל דער אָטעם האָט זיי געסטאַרטשעט, אַבי וואָס גיכער צום וועג זיך צוצוכאַפּן און אָנקומען איידער די נאַכט וועט צופֿאַלן, וואָרן עס האָט שוין געגרויט אויף די פֿעלדער, און דורך דעם

רייענדיקן שנײַ האָבן זיך אומזעבאַרע שטרײַפֿן, ווי לײַכטע רויכן געצויגן.

זיי האָבן זיך ענדלעך צוגעכאַפּט צום וועג און קוים, עבעדיקע פֿון פֿאַרמאַטערטקייט זענען זיי אַ פֿאַל געטון אונטערן צלם.

דער צלם איז געשטאַנען אין עק וואַלד, באַלד לעבן וועג. געהיטן האָבן אים פֿאַרן וואַלד פֿיר ריזיקע בזשאָזעס אין ווײַסע תּכריכים, מיט אַראָפּגעהאָנגענע צווײַגן, ווי די צעפּ. אויף אַ שוואַרצן סלופּ איז אויפֿגעקרײַציקט געווען אַ בלעכענער קריסטוס, אָפּגעמאָלט מיט אַזעלכע קאָלירן, אַז ער האָט אויסגעזען ווי אַ לעבעדיקער. דער ווינט האָט אים, ווײַזט אויס, אָפּגעריסן, ווײַל ער איז געהאַנגען באַר אויף איין האַנט, זיך אָנגעקלאַפּט אַלעמאָל אָן בוים און אָן געסקזשיפּעט מיט אַ פֿאַרזשאַווערט קול, ווי ער וואָלט רחמנות און הילף געבעטן. די בזשאָזעס, וואָס דער ווינט האָט זיי כּסדר געוואָרפֿן אַהין און צוריק, האָבן אים ווי אין זיך אײַנגעהילט. זיי האָבן זיך געטרײַסלט, געבויגן, און פֿאַרשיט אים מיט אַ שנײַ־שטויב, אַז ער איז אינגאַנצן ווי אין אַ נעפּל אײַנגעהילט געווען. און פֿון דעם נעפּל האָט אַרויסגעשימערט יעזוסעס בלויער קערפּער, און זײַן בלאַס פֿאַרבלוטיקט פּנים האָט זיך פֿון צײַט צו צײַט אַרויסגעזען פֿון דער ווײַסקייט, אַז ס'איז אַזש טרויעריק געוואָרן אויפֿן האַרץ.

דער אַלטער האָט מיט שרעק אַ קוק געטון אויף אים, זיך איבערגעצלמט, אָבער נישט געוואָגט מיט קיין וואָרט זיך אָנצוצורופֿן, וואָרן האַנקע האָט געהאַט אַ שטרענג פּנים, אַ פֿאַרביסנס, און אַ געהײמנישפֿולס, ווי די נאַכט וואָס האָט זיך שוין אַ לויערנדיקע אָנגערוקט מיט די ווינטן, שנייען, נעפּלען — אויף דער וועלט.

ס'האָט זיך גערדאַכט, אַז האַנקע זעט גאָרנישט, לייגט נישט קיין אַכט אויף גאָרנישט. זי איז געזעסן פֿאַרזונקען אין פֿינסטערע געדאַנקען, און כּסדר וועגן איינס און דעמזעלבן געטראַכט: וועגן אַנטעקס אומטרייהייט; אַ נעפּל האָט זיך געקנוילט אין איר, פֿול בלוטיקע זיפֿצן, פּונקט ווי יעזוסעס קערפּער איבערן צלם, פֿול פֿאַרגלי־

זוערטע, אָבער ברענענדיקע טרערן, פֿול לעבעדיקע קלאַגנען, וואָס זענען אין פֿיין פֿאַרשטומט געבליבן.

— ער האָט קיין בושה נישט, האָט פֿאַר גאָט קיין מורא נישט, ס'איז דאָך פּונקט אַזוי, ווי ער וואָלט זיך מיט דער אייגענער מאַמען פֿאַרבונדן! יעזוס! יעזוס!

אַ שרעק האָט זי אויפֿגעשטורעמט פּונקט ווי אַ הוראַגאַן, אַ פּחד האָט זי איינגעטרייסלט, און זי אויפֿגעקאָכט מיט אַזאַ ווילדן און נקמהדיקן כעס, פּונקט ווי דער וואַלד, וואָס האָט זיך מיטאַמאָל אַ בייג געטאָן און אַ צעבושעוועטער זיך אויפֿן שטורעמווינט געוואָרפֿן.

— לאָמיר גיין גיכער, לאָמיר גיין! — האָט זי אויסגערופֿן, פֿאַרוואַרפֿנדיק דעם פּאַס אויף זיך, און אַן איינגעבויגענע אונטער דער משא, איז זי אַרויף אויפֿן וועג, נישט אומקוקנדיק זיך אויפֿן אַלטן. עס האָט זי געטריבן אַן אומבאַזיגבאַרער און פֿאַרביסענער כעס.

— כ'וועל דיר פֿאַר אַלץ אָפּצאָלן, פֿאַר אַלץ! — האָט זי ווילד אַ וואָיע געטאָן, פּונקט ווי די צעשריגענע באַקעטע טאָפּאָלן, וואָס האָבן זיך מיטן שטורמווינט געראַנגלט.

— כ'האָב שוין גענוג דאָס. אפֿילו אַ שטיין וואָלט שוין געפּלאַצט, ווען ער וואָלט פֿון אַזאַ וואָרעם דורכגעבויערט געוואָרן! אויב ז בטעק וויל, זאָל ער זיך אַלע מאָל פֿאַרפֿאַלן ווערן, זאָל ער זיך אין דער קרעטשמע זיצן, אָבער פֿאַר מיין עוולה וועל איך נישט שענקען, ניין, כ'וועל איר פֿאַר אַלץ באַצאָלן, און וועל איך אין קרעמינאַל פֿאַר דעם פֿאַרפֿוילט ווערן, לאָם איך פֿאַרפֿוילט ווערן. עס וואָלט שוין אויף דער וועלט קיין גערעכטיקייט נישט געווען, ווען אַזעלכע זאָל זיך רויק אויף דער הייליקער ערד אַרומגיין... — האָט זי פֿאַרביסן געטראַכט. אָבער ביסלעכווייז האָט זיך דער כעס אין איר איינגעלאָשן און איז בלאַס געוואָרן, פּונקט ווי אַ בלום אויף פֿראָסט, וואָרן ס'האָבן איר כוחות אָנגעהויבן פֿאַרפֿעלן. די משא האָט זי צוגעדריקט, די סענקעס האָבן זיך איר אין דער פּלייצע איינגעשניטן, און כאָטש דורך דער דערע און דורכן קאַפּטאַן, האָבן זיי זיך דאָך אין איר הוילן פֿלייש אַריינגעדריקט. די

אַ׳עמס האָבן איר פֿרעקלעך ווײַ געטון און דער קניפּ פֿון דער
פֿלאַכטע, וואָס איז אײַנגעדרייט געווען אין אַ שטעקן, האָט זיך
איר אין האַלדז אײַנגעשניטן און געשטיקט. זי איז געגאַנגען וואָס
אַמאָל פּאַמעלעכער און שווערער.

דער וועג איז געווען פֿאַרוויִעט און פֿאַרלייגט מיט גאַנצע
קופּעס שניי און אָפּן פֿאַר די ווינטן, אַזוי, אַז די טאָפּאָלן פֿון בײ=
דע זייטן האָבן זיך קוים געזען אין דעם שניי=שטורם. זיי זענען
געשטאַנען אין אַ וואַקלדיקער, אומענדלעכער שורה, האָבן פֿאַר=
צווייפֿלט געררישט, וואַרפֿנדיק זיך פּונקט, ווי די פֿייגל, וואָס זענען
פֿאַרפּלאָנטערט אין אַ נעץ, און קלאַפּן בלינדערהייט מיט די פֿליגל
און שרייען. דער ווינט, ווי ער וואָלט די כּוחות שוין געהאַט אָנ=
געווירן, איז אַ ביסל שטילער געוואָרן אינדערהייך, אָבער דער=
פֿאַר האָט ער זיך וואָס אַמאָל ווילדער געוואָרפֿן איבער די
פֿעלדער, פֿון ביידע זייטן וועג, אויף די פֿלאַכן, אין די גרויסע און
פֿאַרנעפּלטע ווייטקייטן. דער שניי=שטורם האָט כּסדר געבֿרויזט ווי
אין אַ קעסל=גרוב. טויזנטער ווירבל=ווינטן האָבן זיך אין אַ טייוואָ=
נישן טאַנץ אַוועקגעלאָזט, טויזנטער קנוילן האָבן פֿון דער ערד
אויפֿגעריסן, געקאָלערט זיך, געוואַקסן ווי ריזיקע ווייסע, רוישנדי=
קע שפּין=רעדער, טויזנטער גיגאַנטישע גופֿים, צעשטורעמטע סטויגן,
גראָבליעס האָבן זיך איבער די פֿעלדער געטראָגן. ס'האָט זיך גע=
רודערט, געקנוילט, איז אין די אויגן אויפֿגעוואַקסן, אינדערהייך
זיך אויפֿגעהויבן, אַזש ביז צום הימל געגרייכט, די וועלט פֿאַר=
שטעלט און מיט אַ געפּייפֿערײַ און רעש געפּלאַצט. די גאַנצע ערד
האָט אויסגעזען, פּונקט ווי אַן אויפֿגעקאָכטער קעסל מיט אַן אײַז=
היך באַצויגן. פֿון אומעטום, צוזאַמען מיט דער נאַכט, האָבן זיך
געטראָגן טויזנטער קולות, האָבן איבער דער ערד זיך אויפֿגעהויבן,
געסיטשעט אינדערהייך, געדונערט, עפּעס געסוויסטשעט, פּונקט ווי
זיי וואָלטן מיט בייטשן אַרום זיך געשמיסן. אַ שפּילן, נישט צו
איסן פֿונוואַנען, האָט איבער דער ערד געציטערט. די ווילדער
האָבן געררישט, פּונקט ווי מיט אַן אָרגל=מוזיק בשעת מ'הייבט אויף
די האָסטיע. דאָ האָבן עפּעס אַזעלכע לאַנגע, טרויעריקע געשרייען
די לופֿט דורכגעריסן, פּונקט ווי די געשרייען פֿון פֿאַרבלאָנדזשעטע

בייגל, דאָ ווידער שלוכצן וואַיענדיקע, שרעקלעכע, דאָ אַ שטיל־שווייגן, דאָ די שאַרפֿע, טרוקענע סווישטשע־ייען פֿון די טאָפּאָלן, וואָס האָבן זיך געוויגט אין די געפּלהאַפּטע, ווייסע שניי־שטורמען, פּונקט ווי געשפּענסטער מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס צום הימל.

מ'האָט גאָרנישט געזען אַרום זיך, אַפֿילו אויף קיין איין טריט נישט, אַזוי, אַז האַנקע האָט זיך געשלעפּט, כמעט ווי טאַפּנדיק אין דער פֿינסטער, פֿון איין טאָפּאָל צום אַנדערן, האָט זיך אָפּט אָפּגערוט, מיט שרעק זיך איינהאָרכנדיק אין די קולות.

ערגעץ אונטער אַ טאָפּאָל האָט זיך געשוואַרצט אַ באַהאַלטן הענזל, וואָס האָט, דערזעענדיק זי, זיך אַ לאָז געטון אין דער זאַוויערוכע. דער שטורעם האָט עס אַ כאַפּ צעריין געטון ווי אין נעגל, אַז ס'האָט זיך אַזש אַ ווייטיקלעכער פּישטש אין דעם שניי־שטורעם צעטראָגן. זי האָט עס מיט רחמנות נאָכגעקוקט, ווייל אויך זי האָט זיך שוין נישט געקענט רירן. זי האָט זיך וואָס אַמאָל נידעריקער איינגעבויגן און קוים באַוויזן די פֿיס פֿון שניי אַרויסצוציען, אַזוי האָט זי די משא צוגעדריקט. ס'האָט זיך איר טייל מאָל אויסגעדאַכט, אַז דאָס שלעפּט זי אַזוי דעם גאַנצן ווינטער, די שנייען, די שטורעם־ווינטן, די גאַנצע וועלט אויף זיך און אַז זי גייט אַזוי שוין אייביק שטערבלעך פֿאַרמאַטערט, קוים אַ לעבעדיקע, מיט אַ בלוטנדיקער, טרויעריקער נשמה אין זיך, און וועט אַזוי שוין אייביק, אייביק ביזן סוף פֿון דער וועלט זיך שלעפּן. דער וועג האָט זיך אַזוי לאַנג געצויגן, עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט גאָר קיין סוף נישט געהאַט, און די שווערע משא האָט זי אַזוי צוגעדריקט, אַז זי האָט זיך וואָס אַמאָל געמוזט אַלץ אָפּטער צו אַ בוים צושפּאַרן און לענגער זיצן אַ פֿאַרטויבטע, האַלב אין חלשות. זי האָט זיך מיט שניי דאָס צעגליטע פּנים געקילט, די אויגן איבערגעווישט, געמינטערט זיך, ווי ווייט זי האָט נאָר געקענט, און פֿון צייט צו צייט איז זי פֿאַרזונקען ביזן סאַמע דעק פֿון דעם דאָזיקן ווילדן, צעשריגענעם סטיכישן געווירבל. זי האָט נאָר יעמערלעך געוויינט, די טרערן האָבן זיך איר אַליין געגאָסן, קוועלנדיק פֿון די טיפֿסטע, באַהאַלטנסטע מענטשלעכע ליידן, פֿון דער טיפֿסטער טיפֿעניש פֿון

צעריסענעם האַרץ, פונם ראַנגלען זיך מיט זיך אַליין, און זיי זענען אָן שום רעטונג פאַרלוירן געוואָרן; טיילמאָל פלעגט זי אין אַלעם פאַרגעסן און מתפלל זיין, פלעגט תפילות שעפּטשען מיט אַ קלאָגנדיקער שטימע, מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער אין זיך, פונקט ווי אַ געפּרווירן פייגעלע, וואָס גיט נאָר אַמאָל אַ קלאַפּ מיט די פליגעלעך, און ווייל עס האָט שוין מער קיין כוח נישט, זעצט עס זיך, טוליעט זיך, פּישטשעט, און פאַלט אַריין אַלץ מער אין אַ טיפערן שלאָף!

פלוצלינג האָט זי אויפגעציטערט, אויפגעשפּרונגען אַ דערשראָקענע פון אָרט, וואָרן ס'האָט זיך איר אויסגעוויזן, ווי זי הערט עפּעס אַ געוויין און קינדערישע אויסרופן, ווי איר פּיעטרוש וואָלט זי גערופן!...

און זי איז ווייטער מיט אַלע כוחות געלאָפן, אָנגעשטויסן זיך אויף הויפנס שניי, געשטרויכלט זיך אויף די אָנגעווייטע קופּעס און גלייך מ'וואָלט זי געיאָגט, אַזוי איז זי געלאָפן, פול מיט שרעק, וואָס איז זי פּלוצלינג באַפאַלן צוליב די קינדער, ווי מ'וואָלט זי מיט אַ בייטש געטריבן. אַז זי האָט שוין גאָרנישט געפילט נישט קיין מידקייט און נישט קיין קעלט.

מיטן ווינט האָט זיך צעטראָגן צוזאַמען מיט איר עפּעס אַ געקלונגערײַ, אַ געקלאַנג פון אָרטשיקעס און מענטשלעכע שטימען, אָבער אַזעלכע אָפּגעריסענע, אַז כאָטש זי האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיך איינגעהאָרכט, האָט זי פונדעסטוועגן קיין וואָרט נישט געקענט אויפכאַפּן. עמעצער איז אָבער דאָך געפאָרן הינטער איר און וואָס אַמאָל נענטער צוגעקומען, ביז ס'האָבן זיך אַ פּאָר פערדישע קעפּ פון שניי־שטורעם אַרויסגעוויזן.

— דער טאַטע! — האָט זי אַ מורמל געטון, דערזעענדיק די ווייסע לישינע פון דער זשריביע, און נישט וואַרטנדיק, האָט זי זיך ווייטער געלאָזט גיין.

זי האָט נישט געהאַט קיין טעות, באַרינע האָט זיך טאַקע דאָס צוריקגעקערט פון סאָנד מיט וויטעקן און יאַמבראָזישן; זיי זענען געפאָרן גלאַסן, וואָרן מ'האָט זיך קוים געקענט אַדורכקריגן דורך די אָנגעווייטע קופּעס שניי, און אויף די ערגערע ערטער

האָט מען אפילו געמוזט די פערד באַ די ציימלעך אַדורכפירן; ווי ס'האָט אויסגעזען, זענען זיי געווען נישקשהדיק אָנגעשיכורט, וואָרן זיי האָבן אויפן הויכן קול אײַנגעטענהט, אַריספּלאַצנדיק אַלע מאָל מיט אַ געלעכטער, און יאַמבראָזשי האָט, ווי זיין שטייגער איז, צוגעזונגען, נישט קוקנדיק אויף דער גאַנצער זאַוויערוכע.

האַנקע האָט אָפּגעטרעטן פון וועג, אַראָפּציִענדיק טיפער דאָס טיכל איבער די אויגן, אָבער טראָץ דעם, האָט זי דער אַלטער, בשעתן אויסמיידן, פון ערשטן בליק באַלד דערקענט, האָט ער די פערד צו ביימשן צוגעלייגט, כדי וואָס גיכער פאַרבייצו־פאָרן. די שקאַפּעס האָבן אַ ריס געטון פון אָרט, אָבער זענען באַלד ווידער איינגעזונקען אין אַ פרישן הויפן שניי; דאַמאָלס האָט ער זיך אומגעקוקט און די פערד איינגעהאַלטן. און ווען זי האָט זיך אַרויסגעוויזן פון דער זאַוויערוכע און זיך אויסגעגלייכט מיטן שליטן, האָט ער אַ זאָג געטון:

— לייג אָפּ ס'האָלץ אין פּולקאָשעק אַריין, און זעץ דיך אויף, כ'על דיך צופירן.

זי איז אַזוי צוגעוווינט געווען צום פאָטערס באַפעלן, אַז זי האָט אַלץ אָן שום וואַקלעניש אויסגעפירט.

— ביליצען האָט באַרטעק אויפגענומען, ר'איז געזעסן, שטעל דיר פאָר, אונטער אַ בוים און געוויינט, זיי פאָרן הינטער אונדז.

זי האָט גאָרנישט אָפּגעענטפערט, זי איז געזעסן איינגעבויגן אַ פאַרמרה־שחורהטע אויפן פעדערשטן געזעס, פאַרקוקט אין דער נעפּלדיקער באַכט אַריין, אין דער זאַוויערוכע, וואָס האָט געבושע־וועט אַרום און אַרום. דערביי האָט זי זיך געטרייסלט פון אָפּגע־מאַטערטקייט און נישט געקענט צו זיך קומען. דער אַלטער האָט זיך לאַנג און אויפמערקזאַם אין איר איינגעקוקט. זי איז געווען אויסגעדאַרט, אַז ס'איז געווען אַ רחמנות אויף איר אָפּגעמאָגערט, בלוי־אָפּגעפרוירן פּנים צו קוקן, אויגן האָט זי געהאַט אָנגעשוואָלענע פון וויינען און דאָס מויל יסורימדיק פאַרקרומט. זי האָט זיך אינגאַנצן געטרייסלט פון אָפּגעמאַטערטקייט און קעלט, באַ־

מיִעגדיק זיך אומזיסט אין דער צעריסענער פּאַטשיילעטשינע איינ־צוטוליען

— דאַרפסט דיך אָפּהיטן, אין אַזאַ צייט איז נישט קיין גרויסע זאַך זאָלסט קראַנק ווערן...

— און ווער־זשע וועט אַרבעטן פאַר מיר! — האָט זי שטיל אַ מורמל געטון.

— אויף אַזאַ צייט אין וואַלד אַריין זיך אויסצופּאָרען!

— ס'האָט פאַרפעלט האָלץ, ס'איז נישט געווען באַ וואָס ס'ביסל געקעכץ אָפּצוקאָכן...

— די שקצימלעך זענען געזונט?

— פּיעטרוש האָט געקרענקט עטלעכע וואָכן, אָבער אַצינד זעט ער אַזוי גוט אויס, אַז ר'וואָלט אָכאַמאָל אַזוי פיל געגעסן — האָט זי אויפוואַכנדיק פון פאַרשטאַרטקייט דרייסט אָפּגעענטפערט. זי האָט אָפּגעדעקט דאָס טיכל פון פּנים, אַריינגעקוקט אים גלייך אין די אויגן אַריין אָן דער אַמאָליקער מורא און אָפּגעשראָקענער אונטערטעניקייט. דער אַלטער ווידער האָט כּסדר איינגעטענהט און זיך אויסגעפרעגט, זייער געשטוינט איבער איר פאַרענדערונג, וואָרן ר'האָט בשום אופן נישט געקענט דערקענען אין איר די אַמאָליקע האַנקאַ. אַן אויסטערליש־פּראָסטיקע רויִקייט האָט געשלאָגן פון איר, עפּעס אַ פאַרשטיינערטע, עקשנותדיקע קראַפט האָט זיך אַראָפּגעזען פון אירע פאַרביסענע ליפּן. ר'האָט זי שוין נישט אַזוי בעראַשט ווי אַמאָל, זי האָט מיט אים ווי מיט איר גלייכן אָדער ווי מיט אַ פרעמדן גערעדט וועגן פאַרשידענע זאַכן, נישט פאַרלאָגט זיך פאַר אים אַפילו מיט קיין איינציק וואָרט, נישט אויסגערעדט זיך דאָס האַרץ פאַר אים... זי האָט דערציילט פּראָסט־פּשוט צו דער זאַך, מיט אַזאַ אויסטערליש־שטרענגער, ליידנדיקער שטימע, וואָס האָט אויסגעזען אַזוי ווי פאַרגליווערט און ווי רויִע שטיקער פון פאַרבאָרגענע ווייטיקן; באָר אין די בלויע, אויסגעוויינטע אויגן, האָט זיך בעטליעט אַ שאַרף גליִענדיק פייערל פון אַ שטאַרק פילנדער נשמה.

— ביסט פאַרענדערט געוואָרן, זע איך.

— די נויט שמידט לייכטער איבער אַ מענטש, ווי אַ קאָוואַל אייזן.

ר׳האָט זיך פאַרטראַכט איבער דעמדאָזיקן ענטפער, און נישט געוווּסט, וואָס ר׳האָט צו זאָגן דערויף, האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו יאַמבראָזשין און אָנגעהויבן רעדן מיט אים וועגן דער ספּראַווע מיטן הויף, וואָס ר׳האָט טראָץ דעם וואָיטס פאַרזיכערונג פאַרשפּילט, און ר׳האָט נאָך געמוזט די געריכטס־הוצאות באַצאָלן.

— כ׳וועל מיר אָפּנעמען, וואָס כ׳האָב היזק געהאַט, כ׳וועל מיר אָפּנעמען... — האָט ער רויִק געזאָגט.

— אַ שווער עסק וועט דאָס זיין, דער הויף האָט לאַנגע הענט און ער וועט זיך אומעטום קענען פאַרשטעלן.

— און אויף דעם פאַרשטעלן זיך איז דאָ אַ מיטל, אויף אַלץ איז דאָ אַ מיטל, נאָר צו האָבן געדולד און אָפּוואַרטן אַ געלעגנהייט.

— צ׳זענט גערעכט, מאַטשעי, אָבער אַ פּראָסט איז, בע. ס׳וואָלט כדאי געווען אין דער קרעטשמע אַריין אָפּצוטרעטן זיך צו דערוואַרעמען.

— מיר וועלן אָפּטרעטן. האָט צו זיין זויער, איז זאָל זיין ווי עסיק. נאָר כ׳זאָג ענק, אַז נאָר אַ קאָוואַל דאַרף שמידן דאָס אייזן, כּל־זמן ס׳איז הייס, אַ מענטש אָבער, אויב ער וויל עפּעס געווינען, מוז אויף קאַלטס זיין גורל שמידן און אין סבלנות אים האַרטעווען.

זיי זענען צוגעפאָרן צום דאָרף, ס׳איז שוין געווען אַ געדיכטע פינסטערניש, דער שטורעמווינט האָט אויפגעהערט, ס׳האָט נאָך אפילו נישקשהדיק געווייעט אויפן וועג, אַז מ׳האָט די הייזער נישט אַרויסגעזען, אָבער ביסלעכווייז איז אינדרויסן שטיל געוואָרן.

פּונקט אַקעגניבערן וועגל צו דער כאַלופּע, האָט דער אַלטער די פערד איינגעהאַלטן, און ווען זי איז אַראָפּגעשטיגן, האָט ער איר געהאָלפן פאַרנעמען די משא אויף די פּלייצעס און ענד־

לעך האָט ער בלויז צו איר אין דער שטיל אַ זאָג גע־טון:

— כאַפּ דיך אַריין צו מיר ועלכן טאָג, כאָטשביק אפילו מאָרגן. כ׳שטעל מיר פאָר, אַז ס׳האַלט מיט ענק זייער נישט גוט. דער ליידאַק פאַרטרונקט אַלץ און דו שטאַרבסט מיט די קינדער אוודאי פון הונגער.

— צ׳האָט דאָך אונדז אַרויסגעטריבן, איז ווי־זשע וואָלט איך נאָך די העזה געהאַט צו קומען...

— ביסט אַ נאַר דאָס איז עפּעס אַנדערש, נישט דיין עסק. כ׳זאָג דיר, זאָלסט קומען, ס׳וועט זיך נאָך געפינען פאַר ענק אויך.

זי האָט אים אַ קוש געטון אין דער האַנט אַריין. און נישט אויסרעדנדיק קיין וואָרט, איז זי אַוועקגעגאַנגען. די טרערן האָבן איר אַזוי געשטיקט אין האַלדז, אַז זי האָט דאָס וואָרט נישט געקענט אַרויסברענגען.

— וועסטו קומען? — האָט ער איר אויסטערליש ווייך און וואַרעם נאָכגעשריגן.

— כ׳וועל קומען. לאָז ענק גאָט באַצאָלן, אַז צ׳הייסט, נו וועל איך קומען...

ר׳האָט אַ טרייב געטון די פערד און זיך באַלד צו דער קרעטשמע אַראָפּגעדרייט. האַנקע האָט, שוין נישט וואַרטנדיק אויפן פאָטער, וועלכער איז פונקט אויך אַראָפּגעקראָכן פון באַרטעקס שליטן, אַריינגעלאָפן אין דער כאַלופּע אַריין.

אין שטוב איז געווען פינסטער און אַזוי קאַלט, אַז ס׳האָט אויסגעזען נאָך ערגער, ווי אינדרויסן. די קינדער זענען אונטערן איבערבעט געשלאָפן איינגעקאָרטשעטערהייט אין בעט, זי האָט זיך פלינק גענומען פאַרען באַם געקעכץ און אויפצורוימען; זי האָט כסדר נאָכגעטראַכט וועגן דעם אויסטערלישן צוזאַמענטרעפן זיך מיט באָרינען.

— ניין, זאָלסט אַפילו קראַפּירן, וועל איך אויך נישט קו־מען, אַנטשק וואָלט מיר געגעבן! — האָט זי מיט כעס אויסגע־שריגן, אָבער גלייכצייטיק זענען איר אויך אַנדערע, זייער רויקע

געדאַנקען אין קאָפּ אַריין געקומען און צוזאַמען מיט זיי אַ שרעק־לעכער אויפברויז קעגן מאַן.

— וואָס הייסט, צוליב וועמען דען האָט זי צום מיינסטנס געליטן, אויב נישט צוליב אים!

דער אַלטער האָט דעמדאָזיקן חזיר דעם גרונט אָפּגעשריבן און זיי אַרויסגעיאָגט, טאַקע אמת, אָבער אַנטעק האָט דאָך אים דער ערשטער צעהרגעט און שטענדיק געבילן אויף אים, איז ער אין כּעס געוואָרן... ר'איז גאַנץ גערעכט געווען, יעדער איינער וואָלט דאָס אייגענע געטון, דער גרונט איז טאַקע זיינער און די קינדערס, אָבער כּל־זמן ער לעבט, איז בּאַ אים די ברירה יאָ צו געבן אָדער נישט צו געבן. און ווי וייך ער האָט דאָס אַ זאָג גע־טון: קום! וועגן די קינדער זיך אויסגעפּרעגט, וועגן אַלץ! ב'אוודאי, קיין העלפּס פון די צרות און דעמדאָזיקן אַרומוואַלגערן זיך וואָלטן זיי נישט געליטן, ווען אַנטעק וואָלט זיך מיט דערדאָזיקער צויג נישט געווען אַריינגעלאָזט. דער אַלטער איז אין דעם גאָרנישט שול־דיק, לחלוטין נישט.

זי האָט כּלערליי מחשבות איבערגעטראַכט און אויסגערעדט זיך, און וואָס אַמאָל מער איז דער כּעס צום אַלטן פון איר אָפּגע־טרעטן.

בּיליצאַ האָט זיך אויף געבּרענגט צו שלעפּן אַ דערפרוי־רענער און אַ שרעקלעך פאַרמאַטערטער, אַז ר'האָט זיך פריִער בּאַ אַ גוטע שעה באַם קומען דערוואַרעמט, איידער ר'האָט אָנגעהויבן צו דערציילן, ווי אַזוי ר'איז שוין געהאַט אינגאַנצן אָפּגעש־אַנען, און ער וואָלט אפשר געווען אויף טויט אונטער אַ בּוים פאַרפרוירן געוואָרן, ווען נישט בּאַרינע.

— ר'האָט מיך דערזען און געוואָלט אויפנעמען אויפן שליטן, אָבער ווען כ'האָב אים געזאָגט, אַז דו ביסט פאָרויס אַוועקגעגאַנגען, האָט ער מיך איבערגעלאָזט בּאַרטעקן, און אַליין האָט ער אַ טרייב געטון די פערד, כּדי ער זאָל דיך דעריאָגן...

— אַזוי איז געווען? ר'האָט מיר גאָרנישט וועגן דעם גע־זאָגט.

— ר'איז נאָר האַרט פון אויבן אויף, מ'זאָל נישט דערקע־
נען.

נאָך דער וועטשערע, ווען די קינדער זעגען אַנגעקאָרמעטע צו דער זעט, איינגעטוליעטע אינם איבערבעט, ווידער אַנטשלאָפן געוואָרן, האָט זיך האַנקע אַנידערגעזעצט באַם פייער די אָרגאַניס־טעכעס רעשטע וואָל צו שפּינען. דער אַלטער האָט זיך נאָך כסדר אַלץ געוואָרעמט, נישט דרייסט אַלעמאָל אַ בליק געוואָרפן, אָפּגע־הוסט, זיך אַנגענומען מיט מוט, ביז ער האָט ענדלעך שרעקעוודיק אָנגעהויבן:

— מאַך מיטן שלום, פאַרקוק דיך נישט אויף אַנטעקן, נאָר דיך מיט די קינדער האָב אין זינען.

— ס'איז גרינג דאָס צו זאָגן.

— אַז ער איז דער ערשטער צו דיר צוגעקומען מיט אַ גוט וואָרט, טראָגט ער שוין נישט קיין כעס אויף דיר. באַ אים אין שטוב דאָרט איז אַ גיהנום... נישט היינט, איז מאָרגן וועט ער יאַגנען אַרויסטרייבן און ער וועט בלייבן אַליין... יוזקאַ וועט זיך מיט אַזאַ גרויס באַלעבאַטישקייט נישט קיין עצה געבן, ר'איז טאַקע נאָך נישט אַזוי אַלט, אָבער אַלץ טון קען ער אויך נישט, ר'קען נישט אַזוי געטונג געבן... גוט וואָלט געווען, זאָלסט דער־ווייל אַ שטיקל חסד באַ אים האָבן... איז דאַרפסטו זען טון וועגן דעם... וואָלסט אים פונקט אין דער רעכטער צייט צו דער הנט געווען... און מ'קען נישט וויסן, וואָס ס'וואָלט געשען... אפשר וואָלט ער ענק צו־יקגערופן... וועסט דידאַזיקע בויט נישט אויס־האַלטן, באַין אופן נישט...

באַ די ווערטער האָט זי אָפּגעלאָזט דאָס שפּינדל, אָנגע־שפּאַרט דעם קאָפּ אויפן שפּין־וואַלעק און טיף זיך פאַרטראַכט איבער איר מזל, איבערלייגנדיק זיך געלאָסן דעם טאַטנס עצות.

דער אַלטער האָט זיך גלייך געמאַכט דאָס געלעגער און שטיל אַ פרעג געטון:

— ר'האָט עפּעס גערעדט אויפן וועג מיט דיר?

זי האָט אים דערציילט ווי אַזוי ס'איז געווען.

— איז גיי, טאָכטער, לויף כאַטשביק שוין מאָרגן, שטעל

דיך פאַר אים, אַז ער רופט דיך, לויף... האָב נאָר דיך מיט די קינדער אין זינען... האַלט דיך מיטן אַלטן... לייכט אים צו מיט די אויגן... זיי צום איס אַ גוטע... אַ גוט קעלבל זייגט בײַ צוויי מוטערס... מיט ביידן האָט נאָך קיינער די וועלט נישט איינגענומען... אַנטעק וועט נאָך צוריקקומען צו דיר... דער נישט־גוטער האָט אים אין זיין נעץ געפֿאַנגען און וואַרפט מיטן אַרום איבער דער וועלט... אָבער ר׳וועט זיך איינגיכן אַרומזען און ר׳וועט צוריקקומען... דער פאַן יעזוס שיקט דיר אונטער די גוטע שעה, כדי פון דער נויט דיך אַרויסצושלעפּן... איז האַרך נישט קיינעם, נאָר לויף...

ר׳האָט לאַנג אין איר אַריינגערעדט, זי איבערצייגט, און נישט דערוואַרטנדיק זיך אויף קיין שום ענטפער, איז ער אַן אומעטיקער אַנטשוויגן געוואָרן. האָבנדיק זיך פריער צוגעגרייט דאָס געלעגער, האָט ער זיך שטילערהייט געלייגט, האַנקע ווידער האָט ווייטער געשפּינען, פאַרטראַכטנדיק זיך איבער זיינע עצות.

טיילמאָל האָט זי דורכן פענסטער אַרויסגעקוקט, צי אַנטעק קערט זיך נישט אום, אָבער מ׳האָט קיין שאָרך נישט געהערט.

האָט זי זיך צוריק אַ־ידערגעזעצט צו דער אַרבעט, אָבער ר׳ האָט נישט געקענט שפּינען הייַנט. דאָ האָט זיך איר דער דרום געריסן, דאָ איז איר דאָס שפּינדל פון דער האַנט אַרויסגעפאַלן, וואָרן וואָס אַמאָל האָט זי אויפמערקזאַמער צעגומען באַרינגעס ווערטער.

— און אפשר וועט טאַקע אַזוי געשען, אפשר וועט טאַקע קומען אַזאַ שעה, אַז ר׳וועט זי צוריקרופן...

און פאַמעלעך, פאַמעלעך, אַרומטראַכטנדיק נאָך אַזוי, פאַרזונקען אין ספקות, איז אויפגעשטאַנען באַ איר אַן אומגעווייַנטלעכער חשק צו מאַכן שלום און זיך אומקערן צום אַלטן.

— אין דרייען ליידן מיר נויט, און ס׳וועט נישט לאַנג געדויערן וועט זיין פיר! כ׳וועל מיר דען דאַמאָלס אַן עצה געבן, האַ?

אַנטעקן האָט זי שוין נישט אַריינגערעכנט, זי האָט נאָר געזען זיך מיט די קינדער, געפילט זיך אַליין גרייט איינצושטעלן פאַר

אַלע. אַוודאי, אויף וועמען דען וועט זי זיך פֿאַרלאָזן? ווער דען וועט איר העלפֿן, אַכיבע נאָר איין גאָט, אָדער גאָר אפֿשר באָריבע!

זי האָט אָנגעהויבן חלומען, אַז ווען זי זאָל זיך נאָר צוריק צוכאַפּן צום באַלעבאַטישקייט, זאָל זי נאָר צוריק דערפֿילן די ערד אונטער די פֿיס, ווי זי וועט זיך דאָס אַ טו צו טון צו דעם, אַזוי מיט דער נשמה און מיט די בעגל זיך איינטשעפּען, אַז ס'וועט זי קיין שום זאַך אין דער וועלט נישט קענען אָפּרייסן און גובר זיין. די האָפֿנונג איז באַ איר געוואַקסן צוזאַמען מיט אַזאַ צופֿלוס פֿון כּוחות, אַז ס'האָט זי פּשוט אינעווייניק צעשפּאַרט פֿון קראַפֿט, פֿון עקשנות און מוט. פֿייערן זענען איבער איר פּנים געלאָפֿן, די אויגן האָבן זיך באַ איר צעפֿינקלט... זי האָט זיך שוין אַפֿילו געפֿילט דאָרט, באַ די באָריבעס, זי האָט מיט אַלעם רעגירט, זי איז באַלעבאַסטע...

לאַנג, אפֿשר ביז אין סאַמער האַלבע נאַכט האָט זי זיך אַזוי פֿונאַנדערגעטרוימט, באַשליסנדיק גלייכצייטיק, אַז באַלד אינדערפֿרי, אַזוי ווי ר'האָט איר געהייסן, וועט זי פֿאַרנעמען מיט זיך נאָר די קינדער און וועט אַהינגיין צום אַלטן, כאָטשבי אַנטעק זאָל איר ווי כ'ווייס נישט ווי האָבן פֿאַרבאָטן, ווען ר'וואָלט זי אַפֿילו אויסגעקיילט דערפֿאַר, וועט זי אים נישט האָרכן און זי וועט גיין, און די דיזיקע גוטע געלעגנהייט וועט זי נישט אַדורכלאָזן. אַן אומבאַזיגבאַרע קראַפֿט האָט זי אין זיך דערפֿילט, אַפֿילו מיט דער גאַנצער וועלט צו גיין קעמפֿן, האָט זי זיך שוין נישט געוואַקלט, ז'האָט פֿאַר גאָרנישט קיין מורא געהאַט!

זי האָט נאָכאַמאָל אַ קוק אַרויס געטון אינדרויסן, דער ווינט האָט אינגאַנצן אויפֿגעהערט, ס'האָט זיך פֿולשטענדיק באַרויִקט, די נאַכט איז געווען פֿינסטער, נאָר וואָס דער שניי האָט קוים געגרויט. אויפֿן הימל האָבן זיך אומגעהייערע וואָלקנס געקנויטשט און האָבן זיך ווי מיט וואַסערן פֿאַרגאָסן. פֿון די ווייטע וועלדער, צי אפֿשר פֿון דער נישט־דורכזיכטיקער פֿינסטערניש האָבן זיך עפּעס ווייטע, טויבע גערוישן דערטראָגן.

זי האָט אויסגעלאָשן די ליכט און, שעפּטשענדיק פֿאַטשערוש, האָט זי זיך אָנגעהויבן אויסטון...

מיטאמאָל האָט עפּעס אַ ווייטער, פאַרשטיקטער געטומל אין דער שטילקייט אויפגעציטערט, אויפגעוואַקסן, וואָס אַמאָל שאַרפער זיך צעטראָגן, און צוזאַמען מיט אים האָט אויך אַ רויטע שיין אין די פענסטער אַ שלאָג געטון.

זי איז אַ דערשראָקענע פאַר דער שטוב אַרויסגע־לאָפן.

ס'האָט געברענט, ערגעץ פון דער מיט דאָרף האָבן זיילן פייער, רויכן און פונקען געדעצט.

דער גלאָק האָט אָנגעהויבן קלינגען אויף אַן אַליאַרם און די געשרייען זענען שטאַרקער געוואָרן.

— ס'ברענט! שטייטס אויף, ס'ברענט! — האָט זי אַריינגעשריגן צו די סטאַכעס, זי האָט זיך אויף אינדערגיך אָנגעטון און אויפן וועגל זיך אַרויסגעלאָזט, אָבער באַלד האָט זי זיך כמעט אָנגעשטויסן אויף אַנטעקן, וועלכער איז פייל פון בויגן פון דאָרף געלאָפן.

— באַ וועמענען ברענט? . . .

— כ'ווייס נישט, גיי אַריין צוריק אין שטוב אַריין.

— אפשר אי דאָס באַם טאַטען, וואָרן ס'איז עפּעס פונקט אינדערמיט! — האָט זי אין טויט־שרעק געבאַלעגאָטשעט.

— גיי אַריין, הינטישע יוכע! — האָט ער אַ ריטש געטון, מיטרייסנדיק זי מיט געוואַלט אין שטוב אַריין.

ר'איז געווען פאַרבלוטיקט, דאָס פּנים פאַריסן און ווילד, אַ פייערל פון משוגעת האָט אין די אויגן געבליט.

---

# X

דעמזעלבן טאָג, נאָכן אָפּפּאָרען זיך אינדערהיים, ווען ס'איז שוין געווען גוט פינסטער, האָט מען זיך אָנגעהויבן צוזאַמענקומען צו די קלאָנבּיס טאַקע אויף דעמדאָזיקן שפּין־אָוונט.

די קלאָנבאָווע האָט איינגעלאַדן מערסטנטיילס די עלטערע ווערטעס, אירע קרובים, אַדער קומעס. זיי זענען געקומען טאַקע צו דער צייט, איינע נאָך דער אַנדערער, נישט לאַנגדיק לאַנג וואַרטן אויף זיך, וואָרן יעדע קומע האָט גערן געצויגן צו דער אַנדערער, כדי צוזאַמען זיך אויסצוטענהן און עפּעס נייעס הערן.

די ערשטע, ווי איר שטייגער איז געווען, איז געקומען די זאַכניקאָווע מיט אַ בונט וואָל אין פאַרטוך און זאַפּאַס־שפּינדלעך אין בוזעם; דערנאָך איז געקומען די גאַלענביאָווע, מאַטעושעס מוטער, אַ פאַרקרומטע, ווי נאָך עסיק, מיט אַן אַרומגעבונדן פּנים. זי האָט אַ טבע זיך נאָר שטענדיק צו באַקלאָגן און האַלט אין איין אויסרעדן זיך דאָס האַרץ אויף אַלדינג; און נאָך איר, איז פּונקט די אַ צעקוואַקעטע, צעשויבערטע קוואַקע, גע ומען די וואַלענטאַדע; עס איז אויך געקומען די שיקאַרעכע, דאַר ווי אַ בעזים, אַ

גריגערין אַ באָבע, וואָס איז בשעת קריגערייען מיט שכנים די פאַרביסנסטע פון אַלע; און נאָך איר האָט זיך אַריינגעקאָלערט, גראָב ווי אַ פאַס, די פלאָשקאָווע, רויט אויפן פּיסק, אויסגעפּאַשעט, שטענדיק אויסגעסטראָיעט, בלאָזט פון זיך, לאַכט אָפּ פון יעדן אייניציקן, און אַ פּיסקאַטע, ווי ווייניק וועלכע; קיינער האָט זי נישט ליב; באַלד נאָך איר האָט זיך שטיל אַריינגערוקט, שאַרנדיק זיך ווי אַ קאַץ, די באַלצערקאָווע, אַ טרוקענע, אַ קליינע, אַן איינגעשרומפּענע, אַ מרה-שחורהדיקע און אַ פייערדיקע סאָנדאָווניצע. זי האָט זיך שטענדיק מיט אַ האַלב דאָרף באַ די קעפּ אַרומגעריסן, און יעדן חודש אין סאָנד געשטאַנען; נאָך זיי איז זיך אַריינגעקראָכן, אַן אומגעבעטענע, די קאָבוסאָווע, וואָיטעקס ווייב, די גרעסטע רכילותניצע און פאַרביסענע מקנאניצע, אַז מ'האָט זיך געהיטן פאַר איר גוט-פריינטשאַפט, ווי פאַר פייער. עס איז נאָך אויך געקומען אַ פאַרסאַפּעטע און אָפּגעיאָגטע, גזשעלאַ דעם קרומען פּיסקס ווייב, אַ באַבע, אַ שיכורניצע, אַ שווינדלערקע און פּיפּיקע און אַ שאַדנוויגקל אין פרעמדס — אַז גאָט זאָל אָפּהיטן! אויך די אַלטע סאָכאָווע, קלאָנבס איידעמס מוטער האָט נישט געפעלט, אַ שטילע פויערטע, זייער אַ פרומע, וואָס בלייבט שטענדיק לענגער פון אַלע מיט דער דאָמיניקאָווע אין קלויסטער; ס'זענען אויך געקומען אַנדערע, פאַרשידענע, אָבער שוין אַזעלכע דורכשניטלעכע, וועגן וועלכע ס'איז נישטאָ וואָס צו זאָגן, ווייל זיי זענען ענלעך איינע צו דער אַנדערער, פּונקט ווי די געגנדז אין דער סטאַדע, אַזוי, אַז מ'האָט נישט געקענט אונטערשיידן איינע פון דער אַנדערער, אַ חוץ אפשר לויט דער קליידונג. אַזוי איז זיך צונויפגעקומען אַ שפּאַר ביסל ווייבער, און יעדע איינע מיט וואָס זי האָט נאָר געקענט: מיט וואָל צום שפּינען, מיט פלאַקס, מיט פּאַקלעס, מיט עפּעס צום נייען, אָדער מיט אַ גאָרשטש פּעדערן צו שלייסן, אַבי נישט צו דערלאָזן מ'זאָל מיינען, אַז זיי זענען זיך גלאַט אַזוי אומזיסט צונויפגעקומען, בלויז אַ ביסל צו שמועסן.

זיי האָבן זיך אויסגעזעצט אין אַ גרויס ראָד אינדערמיט שטוב אונטערן לאָמפּ, וואָס איז געהאָנגען אָן פּולאָפּ, פּונקט ווי די

קזשאַקעס אויף אַ ברייטער בייט, צעוואַקסענע, צייטיקע, שפּעט־האַרבסטיקע, וואָרן זיי זענען שוין געווען עלטערע און כּמעט אַלע פון דיזעלבע יאָרן.

די קלאָנבאָווע איז פון אַלע גלייך צופרידן געווען. זי האָט זיך שטיל באַגריסט מיט יעדער איינציקער, ווייל זי האָט געהאַט אַ שוואַכע ברוסט און האָט גערעדט געלאַסן, ווי פאַרקייכנדיק זיך; קלאָנב ווידער ווי אַ וועלטסלעכער מענטש, אַ קלוגער, וואָס לעבט מיט אַלע בשלום, האָז גערעדט זיסע ריידעלעך און אַלייז אונטער־גערוקט טישלעך און בענק יעדן.

אַ ביסעלע שפּעטער איז אונטערגעקומען יאַגושיאַ מיט יוז־קען און נאַסטקען און צוזאַמען מיט זיי נאָך אַ פּאָר שיקסעס, נאָ וועלכע ס'האָבן זיך איינציקווייז די פּאַראָבקעס נאָכגע־שלעפּט.

אַ שפּאָרער עולם האָט זיך צונויפגעקליבן, וואָרן די נעכט זענען געווען לאַנגע און קיין אַרבעט האָבן זיי נישט געהאַט. אַ שרעקלעכער ווינטער האָט זיך געצויגן, לעסטיקע טעג, און לאַנגווייליקע ווען צו גיין שלאָפן, גלייך מיט די הינער: מען האָט זיך בין פאַרטאָג אַזוי אויך גענוג אויסגעשלאָפן און גענוג אויסגעליגן, אַז די ביינער האָבן אַזש ווי געטון.

זיי האָבן זיך אויסגעזעצט, ווו זיי האָבן נאָר געקענט, ווער אויף די בענק, ווער אויף די קופּערטעס. פּאָר טייל האָבן די קלאָנביס, פּונקט ווי פּאָר די פּאַראָבקעס, קלעצלעך פון הויף אַרייגעברענגט, און דאָך איז נאָך געבליבן גענוג אָרט אין דער שטוב, ווייל דאָס הויז איז געווען גרויס, כאָטש אפילו נידעריק, אויפן אַלטן שטייגער געבויט, אַפּנים נאָך, דורך קלאָנבס עלטערזיידן. מ'האָט גערעכנט, אַז עס איז שוין אַלט אפשר אַ הונדערט און פופציק יאָר נאָך מיט אַ שמיצל. עס איז שוין געווען אין דער ערד איינגעזונקען, איינגעגאַרביעט ווי אַ זקן, דער שטרוי־דאַך האָט דעם פלויט דערגרייכט, און מען האָט עס געמוזט מיט דרענגער אונטערשפּאַרן, ס'זאָל זיך אינגאַנצן נישט איינלייגן.

קיין טומל איז דערווייל נישט געוואָרן, ווייל זיי האָבן נאָך איינגעטענהט שטיל, אַזוי צווישן זיך. בלויז די שפּינדלעך האָבן גע־

ברומט און געפויקט אויף דער פאָדלאָגע, ערגעץ־ווו האָט אויך אַ רעדל געוואָר שעט, אָבער נאָר איינס, אפשר צוויי. מען האָט נישט איבעריק געגלייבט אין די נייע דערפינדונגען, און מען האָט ליבערשט געוואָלט שפּינען אויפן אַלטן שטייגער, אויף שפּין־וואַלעקעס

די קלאָנביאַקעס, פיר שקצים זענען זיי געווען אויסגעוואַקסענע, ווי די סאָסנעס און כמעט שוין מיט וואָנסעס, האָבן אָנגעדרייט שטרוי גאַרטלען לעבן דער טיר, די רעשט פּאַראָבקעס האָבן זיך צעלייגט אין די ווינקלען, רייכערנדיק פּאַפּיראָסן, שטשירענדיק די ציין און לאַכנדיק צוזאַמען מיט די שיקסעס, אַזוי, אַז די שטוב האָט זיך אַלעמאָל אַ טרייסל געטון פון דעם כאָכאָטשעריי, און די עלטערע האָבן אויך גערן אונטערגעהאָלפן, עס זאָל זיין נאָך מער צו לאַכן און ווײלן זיך.

ענדלעך איז אויך דער אָפּגעוואַרטער ראָכאָ געקומען, און באַלד נאָך אים מאַטעוש.

— ס'ווייעט נאָך? — האָט עמעץ אַ פרעג געטון.

— ס'האָט אינגאַנצן אויפגעהערט און ס'זעט אויס אויף אַן ענדערונג.

— פון די וועלדער רוישט עפּעס, וועט אַוודאי פּאָלגעווען — האָט קלאַנב געזאָגט.

ראָכאָ האָט זיך אַוועקגעזעצט אין אַ זייט לעבן דער אַנידערגעשטעלטער שיסל. ער האָט איצט באַ די קלענביס די קינדער געלערנט, האָט ער דאָ געוווינט און געגעסן. מאַטעוש האָט זיך מיט אַ טייל באַגריסט, נישט קוקנדיק אַפילו אויף יאַגנען, ווי ער וואָלט זי גאָרנישט באַמערקט, כאָטש זי איז געזעסן אינדערמיט און האָט זיך אים די ערשטע אין די אויגן אַ וואָרף געטון. זי האָט דערויף לייכט אַ שמייכל געטון, קוקנדיק גלייכגילטיק אויף דער אַריינגאַנג־טיר.

— היינט האָט געווייעט, זאָל גאָט אָפּהיטן. די פויערטעס האָבן זיך האַלב לעבעדיקע פון וואַלד געבראַנגט צו שלעפּן, און האַנקע מיט ביליצען זענען אַפּנים נאָך נישט צוריקגעקומען — האָט די סאָכאָווע אָנגעהויבן.

— אוודאי, דער אָרימער האָט שטענדיק דעם וויגט אין דער פּלייצע — האָט די קאָבוסאָווע אַ מרוק געטון.

— צו וואָס די האַנקע האָט זיך דאָס דערלעבט! — האָט די פלאָשקאָווע אָנגעהויב. אָבער באַמערקנדיק, אַז יאַגנען האָט דאָס פּנים אויפגעפלאַמט, האָט זי גיך אָפּגעהאַקט און פאַרענדיקט מיט עפּעס אַנדערש.

— יאַגוסטינקע איז נישט געווען? — האָט ראַכאָ אַ פרעג געטון.

— מיט פּליאָטקעס און רכילות ווערט זי זיך דאָ באַ אונדז דאָס האַרץ נישט דערכאַפּן, דאַרף זי נישט אַזאַ קאָמפּאַניע.

— אַ פּליעטשון*) אַ באַבע, זי האָט היינט אַזוי אָנגעליימערט באַ די שימעקס, אַז די סאָלטיסאָווע האָט זיך אַזש צעקריגט מיט דער וואָיטאָווע, און ווען נישט מענטשן, וואָלט צו אַ געשלעג געקומען.

— אַז מען לאָזט זי אַזוי אַרומרודערן.

— און מ׳טרעט איר אָפּ, ווי עפּעס אַן אָרנטלעכן מענטש.

— ס׳געפינט זיך גאָרנישט קיינער, וואָס זאָל איר באַצאָלן פאַר אירע כּסדרדיקע קריגערייען און באַבלערייען.

— אַלע ווייסן דאָך ווער דאָס איז פאַר איינע, פאַרוואָס־זשע גלייבט מען אַזאַ באַבלערין.

— ווייל מען קען דען וויסן, ווען זי זאָגט אמת און ווען זי ציניינערט!

— דאָס איז אַלץ דערפאַר, ווייל יעדע איינע האָרכט גערן אויס רכילות אויף דער צווייטער — האָט די פלאָשקאָווע פאַרענדיקט.

— וואָלט זי באַר מיט מיר געשושקעט, וואָלט איך איר שוין נישט געשענקט! — האָט טערעסקאַ די זעלנערקע אויסגעשריגן.

— אוודאי, פּונקט ווי זי וואָלט וועגן דיר נישט געפּיסקע־

*) אַ רכילותניצע

ווען גאַנצע טעג איבערן דאָרף... — האָט די באַלצערקאָווע גיפּ־טיק אַ מורמל געטון.

— צ'האָט געהערט, דערציילטס! — האָט זי אַ פּאַרוויטשטע אַ געשריי געטון, וואָרן אַלע האָבן גוט געוווסט, אַז זי קען זיך מיט מאַטעושן.

— כ'וועל דערציילן, כ'וועל דיר גלייך אין די אויגן זאָגן, זאָל גאָר דייַנער פֿון די זעלבער אַהיימקומען!

— אַ זאַשע ענק צו מיר, וואָס, כ'וועל יעדער איינער לאָזן רעדן וועגן מיר, וואָס עס געפעלט איר!

— רייס דיך נישט אַזוי, אַז קיינער טשעפּעט דיך נישט — האָט זי די פּלאָשקאָווע שטרענג אָפּגעזידלט, אָבער טערעסקאַ האָט זיך לאַנג נישט געקענט באַרויקן און געוואָרטשעט עפּעס שטילער־הייט

— מען איז שוין געווען מיטן גער? — האָט ראָכאָ אָנ־געהויבן, כּדי די אויפמערקזאַמקייט אין אַ צווייטער זייט אָפּצו־ווענדן.

— מען קיקט זיי טאַקע אויס, זיי זענען איצט באַ די אָר־גאַניסטערס.

— ווער גייט דאָס אַלץ אַרום?

— אַ טאַטש גולבאַסעס הפקר־יונגען און די פּיליפּקינס שקצים.

— זיי גייען שוין, זיי גייען! — האָבן די שיקסעס אָנגע־הויבן שרייען, ווייל עס האָט זיך דערהערט פֿון פאַרן הויז אַ לאַנ־גער ריטש, און באַלד אים האָבן זיך פֿון פֿעדערהויז שטימען פֿון פאַרשידענע חיות צו דערטראָגן. דאָ האָט אַ האָן געקרייעט, שעפּסן האָבן געמעקעט, פערד האָבן געהירזשעט, און אָנגעפירט מיט זיי האָט עפּעס איינער מיט אַ פּישטשאַלקע. ענדלעך האָט זיך די טיר געעפנט און דער ערשטער איז אַריינגעקראָכן אַ שגצל איבערגעטון אין אַ פּעלץ מיט דער וואָל אַרויף, מיט אַ הויך היטל, די צורה אויסגעריסט, אַז ער האָט אויסגעזען ווי אַ ציגיינער. ער האָט נאָכ־געצויגן נאָך זיך אויף אַ לאַנגער שטרוי־גאַרטל טאַקע דעם בער,

וואָס איז אַרומגעבוינדן געווען מיט גראָכאָווינעס, האָט געהאַט אַ פוטערנעם קאָפּ, פּאַפּירענע אויגן, וואָס האָבן זיך באַוועגט, און אַ רויטן לעקער, אפשר אויף אַן אייל אַרויסגעשטעקט. צו זיינע הענט זענען צוגעבונדן געווען שטעקנס, אַרומגעדרייטע מיט גראָכאָווינעס און אַריינגעשטעקטע אין טרעפּעס, אַזוי, אַז ער איז כּלומרשט געגאַנגען אויף אַלע פיר. באַלד נאָך אים איז באַכגע אַנגען נאָך אַ פירער, מיט אַ שטרוי-ראַפּניק און אַ שטעקן מיט שאַרפע סענקעס, אויף וועלכע עס זענען אָנגעשטאָכן געווען שטיקלעך סלאָנינע, ברויט, אָנגעפּאַקטע טאַרבעלעך אַזעלכע, און ערשט נאָך זיי איז געגאַנגען מיכאַל פון די אָרגאַניסטערס צושפּילנדיק אויף אַ פּישטשאַלקע, מיט אַ גאַנצער מחנה שקצימלעך מיט שטעקנס, וואָס האָבן געקלאַפּט אין דער פּאַדלאָגע און געשריגן מיטן גאַנצן כּוח.

דער בער האָט גאָט געליובעט, דערנאָך אַ קריי געטון ווי אַ האָן, אַ בעטשע געטון ווי אַ שעפּס, אַ הירזשע געטון ווי אַ צעהיצטער אָגער און אָנגעהויבן אויסצושרייען:

— בערנטרייבערס זענען מיר פון אַ לאַנד אַ ווייטן, פון יענער זייט ים דעם ברייטן, פון אַ וואַלד אַ גרויסן פון אַלטע צייטן! ווו מענטשן גייען מיט די פיס אַרויף, ווו פון קעלבאַסעס שטעלט מען פּלעטער אויף, און בײַ פייערן קילט מען זיך אַן סוף; מ'שטעלט צו טעפּלעך צו דער זון אין יענער געגנט, ווו הזירים שווימען איבער טייכן מען באַגעגנט, און פון הימל מיט בראָנפן דאַרטן רעגנט; מ'פיר מיר דאָ אַ בער מיט שרעקלעכן ברום, גייען מיר מיט אים אויף דער וועלט אַרום! געזאָגט האָבן אונדז מענטשן, אַז אין דעם דאָרף געפינען זיך באַלעבאַטים רייכע, און באַלעבאַסטעס ווילע, און שיינע שיקסעס! זענען מיר געקומען פון דעם לאַנד דעם ווייטן, פון הינטער דעם דונײַ דעם ברייטן, מ'זאָל אונדז באַזאָרגן, פיין אונדז אויפנעמען און אויפן וועג אונדז עפּעס געבן, אָמן!

— ווייזטס, וואָס עך קענט, וועט זיך אפשר עפּעס געפינען פאַר ענק אין קאַמער — האָט קלאַנב אויסגערופן.

— מיר וועלן באַלד ווייזן! העי! שפּיל פּישטשאַלקע! טאַנץ,

מישקע! *) טאַנץ, — האָט ער אַ געשריי געטון, אַ פליק געבנדיק אים מיטן שטעקן. יאון באַלד האָט די פישטשאַלקע אַ הילכיקן קוויטש געטון, די שקצימלעך האָבן אַ זעץ געטון מיט די שטעקנס אָן דער פּאָדלאָגע און גענומען שרייען, דער אָנפירער האָט נאָכגעמאַכט ולות פון פאַרשידענע חיות, און דער בער האָט אָנגעהויבן שפרינגען אויף אַלע פיר, באַוועגן מיט די אויערן, פּאַטשן מיטן לעקער, וויערגען מיט די פיס, יאָגן די שיקסעס. דער אָנטרייבער האָט אים פלומרשט איינגעהאַלטן, און מיטן שטרוי־ראַפּניק געקיילט אַלע אַ ום זיך און געשריגן:

— האָסט דיר קיין מאַן נישט געקענט געפינען, נאַ־זשע דיר, באַבע, גראַכאָווינע!

אַ געשריי האָט זיך אין שטוב אויפגעהויבן, אַ געוואַלט, אַ געטומל, אַ געלויפעריי, אַ געיאָגעריי, אַ געקוויטשעריי, און אַזאַ שמחה איז זיי באַפאַלן, אַז זיי האָבן זיך אַזש באַ די זייטן אָנגעכאַפּט. דער בער ווידער האָט כסדר אַרומגעשטיפט, פאַרשידענע קונץ־שטיק אָפּגעאַרבעט, געוואַלגערט זיך אויף דער ערד, געריטשעט, פרייליך אַרומגעשפרונגען, די שיקסעס מיט די הילצערנע לאַפּעס באַ די טאַליעס אַרומגעכאַפּט, זיי צום טאַנץ געצויגן, צום טאַקט פון מיכאַלס פישטשאַלקע, און די פאַרשטעלטע בערנטרייבערס האָבן צוזאַמען מיט די שקצים אַזוי אַרומגעוואָיעוועט, אַז ס'איז אַ וווּנדער, וואָס די כאַלופּע האָט זיך פון די געוואַלטן, געיאָגערייען און געלעכטערן נישט איינגעלייגט!

די קלאָנבאָווע האָט זיי פיין באַלוינט. זיי האָבן זיך ענדלעך אַרויסגעטראָגן, אָבער נאָך לאַנג האָט מען אויפן וועג געהערט די געוואַלטן און דאָס געבילעריי פון די הינט.

— ווער איז דאָס פאַרשטעלט געווען פאַרן בער? — האָט די סאָכאָווע געפרעגט, ווען ס'איז אַ ביסל רויִקער געוואָרן.

— טאַטש יאַשעק פזשעווראָטני, עץ האָט אים דען נישט דערקענט?

*) בער

כ'האָב אים איבער דעם פוטערגעם קאָפּ נישט געקענט דער־קענען.

— מענטשן מיינע, צו קונץ־שטיק האָט ער שכל, די פּאָק־ראָקע! — האָט די קאַבוסאָווע באַמערקט.

— צ'רעדט אַזוי, ווי יאַנעק וואָלט שוין טאַקע געווען דער גאַנצער נאַר! — האָט זיך נאַסטקע פאַר אים איינגעשטעלט. מ־טעוש האָט איר צוגעהאָלפן, דערציילנדיק וועגן אים פאַרשידענע זאַכן, אַז ער איז נאַר נישט קיין דרייסטער, אָבער גאָר קיין נאַר נישט. ער האָט אַזוי פאַרטיידיקט יאַשקען, אַז קיינער האָט זיך נישט אַנטקעגנגעשטעלט, נאָר כיטרע, פאַרבאָרגענע שמייכלעך האָבן אָנגעהויבן איבער די פּנימער צו שוועבן. זיי האָבן זיך צו־ריק אויסגעזעצט אויף די פריערדיקע ערטער און פריילעך איינ־געטענהט. די שיקסעס ווידער מיט יונגען בראָש אַלס די דרייס־טערע פון אַלע, האָבן צוגעשטופּט ראָכאָן צום קוימען־צו און אָנ־געהויבן אים פייניקן און בעטן. ער זאָל דערציילן עפּעס אַ מעשה, ווי באַ באַרינען האַרבסט־צייט...

— געדענקסטו דען, יוזשיאַ, וואָס כ'האָב דאַמאָלס דער־ציילט?

ווי דען! דאָס איז געווען וועגן דעם בורעק פאָן יעזוי־סעס!

— כ'וועל ענק דערציילן היינט וועגן מלכים, אַז עץ זענט אַזוי טשיקאַווע.

זיי האָבן אים צוגערוקט אַ טישל אונטערן לאָמפּ, זענען אָפּ־געמרעטן אַ ביסל, און ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אינדערמיט, ווי אַן אַלטער, גרויער דעמב אויפן פעלד, אַרומגערינגלט אין אַ האַלב ראָד בעדיכטע, איינגעבויגענע קושאַקעס און האָט אָנגעהויבן דער־ציילן געלאַסן און נישט הויך.

אַ שטילקייט האָט די שטוב אַרומגענומען, אַז מען האָט נאָר געהערט ווי די שפּינדלעך האָבן געוואָרטשעט, טיילמאָל האָט דאָס פייער אַ קנאַק געטון אויפן קוימען, אָדער עמעצער האָט אַ זיפץ גע־טון — און ראָכאָ האָט דערציילט פאַרשידענע וווּנדער און מעשיות וועגן מלכים, וועגן שרעקלעכע מלחמות, וועגן

בערג, ווו עס שלאָפן פאַרכּישופטע זעלנער, וואָס וואַרטן נאָר אויפן טרומייטן־שאַל, כּדי אויפצוּוואַכן און אָנפאַלן אויפן שונא, צו דערשלאָגן אים און די ערד פון שטן צו באַפרייען; וועגן ריזיקע שלעסער, מיט גאָלדענע שטובן, ווו פאַרכּישופטע מלכּות אין ווייסע קליידער זיצן און קלאָגן אין די לבנה־נעכט און וואַרטן אויפן דערלייזער, ווו עס שאַלט אַ מוזיק אַלע נאַכט אין די פוסטע צימערן, עס קומען פאָר פאַרוויילונגען, ס'פאַרזאַמלען זיך מענטשן, און זאָל דער האָן נאָר אַ קריי טון, ווערט אַלצדינג פאַרשווונדן און לייגט זיך צוריק אין די קברים אַריין; וועגן לענדער, ווו ס'זענען פאַרהאַן מענטשן ווי די ביימער, ווו עס לעבן גבורים, וואָס וואַרפן מיט בערג, ווו עס געפינען זיך אומגעהייערע אוצרות, וואָס ווערן דורך מחבלים געהיטן, ווו עס געפינען זיך פייגל — מענטשן־פרעסערס, מאַדען, שפעקנס, וואָס גייען אַליין, און די לעלע־פאָלעלע*), פאַרשידענע שדים, רוחות, סטראַשידלעס, מכשפים, פאַרשידענע וווּנדערלעכקייטן! — און נאָך אַנדערע זאַכן, אַזעלכע הערלעכע, אַזעלכע פשוט אומגלויבלעכע, אַז די שפּינדלעך זענען זיי אַזש פון די הענט געפאַלן און די נשמות האָבן זיך אין די באַצויבערטע וועלטן געטראָגן, די אויגן האָבן געפלאַקערט, טרערן זענען פון אומגעהייערער ליבלעכקייט געפלאָסן און די הערצער זענען זיי שיער נישט פון די ברוסטן אַרויסגעשפרונגען פון פאַרבענקטקייט און דערשטוינטקייט.

און צום סוף האָט ער זיי דערציילט וועגן אַ מלך, וועלכן די פריצים האָבן, שפאַסנדיק פון אים, פויערישער מלך אַ נאָמען געגעבן, ווייל דאָס איז געווען אַ גוטהאַרציקער האַר, אַ רעכטפאַרטיקער און האָט דעם גאַנצן פאָלק גוטס געטון: וועגן זיינע שרעקלעכע מלחמות, וועגן זיין גלות אָפריכטן, וועגן זיין איבערטון זיך אין פויערישע קליידער, אין וועלכע ער איז איבער די דערפער אַרומגעגאַנגען, געבראָדערט זיך אין קומעשאַפט, אויסגעפרעגט זיך וועמען ס'איז שלעכט, ווער ס'האָט געהאַט

*) אַ לעגענדאַריש־סלאַוויש געשטאַלט.

אַן עוולה — דעם האָט ער פּאַרגיטיקט, געלינדערט דאָס שלעכטס און דערנאָך, כּדי אינגאַנצן שוין צו ווערן אייגס מיט די פֿויערן, האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ באַלעבאַטישער טאָכטער פֿון הינטער קראָקע, זאָפּיאַ. האָט זי געהייסן, געהאַט מיט איר קינדער, זי אַוועקגעפֿירט אין קראָקעווער שלאָס אַריין און דאָרט ביז אין דער טיפֿער עלטער די מלוכה געפֿירט, פּונקט ווי דער בעסטער פֿאָטער פֿון פֿאָלק און דער ערשטער באַלעבאָס!

זיי האָבן וואָס אַמאָל אויפֿמערקזאַמער אויסגעהערט, נישט פֿאַרלירנדיק קיין איין וואָרט אַפֿילו, איינגעהאַלטן אין זיך דעם אָטעם, אַבי נישט איבערצורייסן די קייט פֿון די דאָזיקע וווּנדערלעכע מעשׂיות. יאַגושיאַ ווידער האָט לחלוטין נישט געקענט שפּינען, די הענט האָבן זיך איר אַראָפּגעלאָזט, זי האָט דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן, און אָנשפּאַרנדיק זיך מיט דער באַק אָן שפּינוואַלעק, האָט זי פֿאַרזונקען אירע בלויע, פֿאַרטרערטע אויגן אין ראָכאָס פּנים, וועלכער האָט פֿאַר איר אויסגעזען פּונקט ווי אַ הייליקער, וואָס וואָלט פֿון די בילדער אַראָפּגענידערט, וואָרן ער איז טאַקע אַזוי ענלעך געווען מיט זיינע גרויע האָר, מיט דער לאַנגער ווייסער באָרד און מיט די בלאַסע אויגן, וואָס זענען ערגעץ אין די ווייטע וועלטן אַריין פֿאַרקוקט געווען — זי האָט אים אויסגעהערט מיט דער גאַנצער נשמה, מיט דער גאַנצער קראַפֿט פֿון איר שטאַרק פֿילנדיק האַרץ און אַזוי הייס זיך צום האַרץ גענומען זיינע דערציילונגען, אַז זי האָט קוים געקענט אָטעמען פֿון גערירטקייט. זי האָט אַלץ געזען ווי לעבעדיק, און דאָרט אַהין מיט דער נשמה געגאַנגען, וווּ ער האָט מיט די ווערטער געפֿירט, און צום מייניסטנס האָט זי באַם האַרץ אָנגענומען יענע געשיכטע וועגן מלך מיט דער דאָזיקער באַלעבאַטישער טאָכטער. יעזוס, ווי הערלעך דאָס האָט זיך איר אויסגעוויזן!

— און דאָס האָט טאַקע דער מלך אַליין אַזוי געלעבט

ביז די פויערן? — האָט קלאָנב נאָך אַ לאַנג שטילשווייַ־
גן זיך אַ פרעג געטון.

— דער מלך אַליין.

יעזוס, כ׳וואָלט געשטאָרבן, ווען דער מלך גיט צו מיר
ריד! — האָט נאַסטקע אַ שעפטש געטון.

— כ׳וואָלט אים אין דער וועלט אַריין נאָכגעגאַנגען
פאַר זיינס אַ וואָרט! אין דער ווייטער וועלט אַריין! — האָט
יאַגנאַ ליידנשאַפטלעך אויסגעשריגן, זייענדיק אַדורכגענומען
פון אַזאַ שטאַרקער און אינגאַנצן פאַרשלונגענער גערירטקייט,
אַז קוים וואָלט ער זיך אין דעם מאָמענט באַוויזן, קוים וואָלט
ער נאָר איין וואָרט אַרויסגערעדט, וואָלט זי שוין מיט אים
מיטגעגאַנגען אַזוי ווי זי איז געשטאַנען, אין דער נאַכט
אַריין, אויפן פראָסט, אין דער ווייטער וועלט אַריין!

זיי האָבן באַלד אָנגעהויבן ראָכאָן באַפאַלן מיט פראַגן —
ווו עס געפינען זיך די אַלע שלעסער, די זעלנער, דאָס
רייכטום, די כוחות, די אַלע הערלעכקייטן, מלכים, ווו?

האָט ער עטוואָס מיט אַ טרויעריק קול זיי דערציילט,
און אַזוי קלוג פאַרשידענע אמתן אַרויסגעזאָגט, אַז זיי האָבן
נאָר שווער אָפּגעזיפצט, אַריינטראַכטנדיק זיך און אויפמערק־
זאַם זיך פונאַנדערקלויבנדיק אין די פאַרשידענע איינריכטונ־
גען אויף דער וועלט.

— נאָר בלויז דער היינט געהערט דעם מענטש און דער
מאָרגן איז שוין אין גאָטס מאַכט! — האָט קלאָנב אויסגע־
רופן.

ראָכאָ האָט זיך אַ פאַרמאַטערטער אָפּגערוט, און ווייל
אַלעמענס נשמות זענען נאָך פאַרכאַפּט געווען פון יענע וווּנ־
דערלעכקייטן, האָבן זיי אָנגעהויבן צווישן זיך, מתחילת שטיל
און צום סוף שוין פּאַר אַלע, אויפן קול, צו דערציילן וואָס
איינער האָט נאָר געקענט:

פריִער האָט איינע דערציילט, נאָך איר אַ צווייטע, דאָ
האָט זיך אַ דריטע עפּעס דערמאָנט און אַ פערטע, און יעדע
האָט עפּעס נייעס אַריינגעטראָגן, אַזוי, אַז די מעשהלעך האָבן

זיך געשפּינען, פּונקט ווי די פעדעם פון פלאַקס, פּונקט ווי
דאָס לבנה־ליכט, וואָס שפּילט מיט פאַרבן אויף די בלענדע־
אָפּגעשטאָרבענע וואַסערן, וואָס ליגן אין די וועלדער פאַרבאָרגן —
דאָ וועגן אַ דערטרונקענער, וואָס קומט אַלע נאַכט אָנקאָרמען
דאָס הונגעריקע קינד — וועגן וואַמפּירן, וואָס מען האָט זיי
געמוזט אײַ דער טרומנע די הערצער מיט אָשינע־פּלעקער
צוקלאַפּן, כּדי זיי זאָלן דאָס בלוט פון מענטשן נישט אויסזייגן.
וועגן נישטגוטע, וואָס דישען אויף די מיעדזעס, וועגן רעדנ־
דיקע ביימער, וועגן ווילקאָלאַקעס, וועגן שרעקלעכע געשפּענס־
טער אין האַלבער נאַכטיקע שעהן, סטראַשידלעס, געהאָנגענע,
וועגן מכשפות און אָפּקומענדיקע נשמות — און וועגן אַזעלכע
אויסטערלישע, דערשטוינבאַרע זאַכן, וואָס די האָר האָבן זיך
פון בלויז הערן קאַפּויער געשטעלט, די הערצער זענען פון שרעק
אַנטפאַלן, אַ קאַלטער שוידער האָט אַלע דורכגענומען, אַזוי, אַז
זיי זענען מיטאַמאָל אַנטשוויגן געוואָרן, אומקוקנדיק זיך
מיט מורא, אײַנהאָרכנדיק זיך, וואָרן ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז
ס׳גייט ווער אַרום אויפן פּולאַפּ, אַז עפּעס גנבעט זיך הינטער
די פענסטער, אַז דורך די שויבן בלוטיקן אַריין עפּעס מאָדנע
שליפּיעס און אין די פינסטערע ווינקלען קנוילן זיך מאָדנע
אומבאַקאַנטע שאָטנס... נישט איינע האָט זיך גיך איבערגעצלמט,
פליסטערנדיק שטילערהייט פּאַטשערזש מיט טרייסלנדיקע ציין...
אָבער דאָס אַלץ איז גיך פאַרביי, פּונקט ווי אַ שאָטן, ווען אַ
וואָלקנדל פאַרדעקט די זון, אַז דערנאָך געדענקט מען אַפילו
גאָרנישט צי ער איז געווען... און מ׳האָט ווידער דערציילט,
געשפּינען און ווייטער געפלאָנטערט די אומענדלעכע מעשהלעך,
צו וועלכע ראָכאָ אַליין האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט און
אַ נייע געשיכטע וועגן אַ פערד דערציילט...

— „איינער אַן אָרימער באַלעבאָס, וואָס האָט מער נישט פאַר־
מאָגט ווי פינף מאָרגעס, האָט געהאַט אַ פערד, אָבער אַזאַ איינגע־
שפּאַרטס און אַ פוילס, ווי מען טרעפט זעלטן. אומזיסט האָט ער עס
אַלץ נאָכגעגעבן, מיט האָבער געפּאַשעט און אַלץ נאָך נישט גענוגן
געטון, דאָס פערד האָט נישט געוואָלט אַרבעטן, געריסן דאָס געשפּאַן

און געשלאָגן מיט די קאָפּיטעס, אַז מען האָט נישט געקענט צוטרעטן דערצו... איינמאָל איז דער פויער שרעקלעך אין כּעס געוואָרן, וואָרן ר׳האָט געזען, אַז מיט גוטן וועט ער גאָרנישט אויפטון, האָט ער אים איינגעשפּאַנט אין אַקעראייזן און בכּיוון אָנגעהויבן צו אַקערן אַן אַלט פאַרלעגן שטיק פעלד, כּדי אים צו דערפּייניקן און צווינגען צו געהאָרכזאַמקייט, אָבער דאָס פערד האָט נישט געוואָלט ציִען, האָט ער עס אָנגעקיילט וויפל ס׳איז נאָר אַריין דערין און גענייט מיט געוואַלט צו דער אַרבעט. דאָס פערד האָט טאַקע געאַרבעט, אָבער ווייל עס האָט דאָס געהאַלטן פאַר אַן עוולה, האָט עס זיך דאָס גוט גענומען אין זכּרון אַריין און אָפּגעוואַרט די ריכטיקע צייט, ווען דער באַלעבאָס האָט זיך איינמאָל אַראָפּגעבויגן, כּדי אים אַראָפּצונעמען די פּענטעס פון די פיס, האָט עס אים אַ זעץ געטון מיט די הינטערשטע קאָפּיטעס און אויפן אָרט דערהרגעט, און אַליין האָט עס זיך אין דער ברייטער וועלט אַריין אַוועקגעלאָזט אויף דער פריי!

זומער־צייט איז עס געגאַנגען נישקשה. עס איז זיך געלעגן אין די שאָטנס און האָט זיך אין פרעמדע תּבֿואות געפּאַשעט. נאָר אַזוי ווי עס איז אָנגעקומען דער ווינטער, ס׳זענען אַראָפּגעפאַלן די שנייען, ס׳האָט געכאַפּט אַ פראָסט, קיין פּאַשע איז נישט געווען און אַ קעלט האָט עס ביז די ביינער דורכגענומען, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט ווייטער זוכן שפּייז. עס איז געלאָפן אַזוי טאָג און נאַכט, וואָרן, עס איז כּסדר געווען ווינטער, שנייען און פרעסט, און וועלף האָבן עס געיאָגט, אַזוי, אַז נישט איינער האָט עס שוין געהאַט גוט מיט די נעגל די זייטן אָנגעטאַפּט!...

לויפט עס אַזוי, לויפט און לויפט, ביז עס איז אַרויסגעקומען אויפן ראַנד פון ווינטער, אויף אַ לאָנקע עפּעס, ווו עס איז געווען וואַרעם, גראָז ביז איבער די קני, קוועלעכלעך האָבן געריזלט און געפינקלט קעגן דער זון, קילע שאָטנס האָבן זיך געוויגט אויף די ברעגן און אַ ליבלעך ווינטעלע האָט דורכגעצויגן, האָט עס זיך באַלד פאַרזונקען אין גראָז און גענומען פרעסן,

וואָרן ס'איז געווען טויט-הונגעריק — אָבער וואָס עס האָט געוואָלט אַ כאַפּ טון מיט די ציין, האָט עס נאָר שאַרפע שטיינער איינגעגריזשעט — דאָס גראָז איז פאַרשוווּנדן געוואָרן! ס'האָט געוואָלט אַ טרינק טון וואַסער — איז נישט געווען, ס'איז נאָר איבערגעבליבן אַ פאַרעיפּושטע בלאָטעטשינע! האָט עס זיך געוואָלט אין שאָטן אַנידערלייגן — זענען די שאָטנס אַנטלאָפן און די זון האָט געברענט מיט פלאַמעדיק פייער! אַ גאַנצן טאָג האָט עס זיך אַזוי געמאַטערט און אומזיסט. עס האָט זיך שוין געוואָלט אומקערן צוריק אין די וועלדער אַריין, זענען קיין וועלדער נישט געווען! האָט דאָס פערדלטשינע ווייטיקלעך אַ הירזשע געטון, האָבן עס עפּעס פערד פונדערווייטנס אָפּגעענטפערט. האָט עס זיך אַוועקגעשלעפּט נאָכן קול נאָך און ענדלעך דערזען נאָך די לאָנקעס עפּעס זייער אַ שיינעם הויף, ווי ער וואָלט אינגאַנצן געווען פון זילבער, שויבן זענען געווען פון טייערע שטיינער, און דער דאַך איז געווען ווי אַ הימל מיט שטערן באַזייעט, עפּעס מענטשן האָבן זיך דאָרט אַרומגעפּאָרעט. האָט עס זיך אַוועקגעשלעפּט צו זיי, וואָרן ס'האָט שוין בעסער געוואָלט שווער פּראַצעווען, איידער פון הונגער אויסגיין... איז עס אָפּגעשטאַנען אויף דער היץ אַ גאַנצן טאָג, וואָרן קיינער איז מיט קיין צײַמל דערצו נישט אַרויסגעקומען, ערשט אַרום פאַרנאַכט-צו, איז עמיץ אַרויסגעגאַנגען, ווי ס'האָט אויסגעזען — דער באַלעבאָס אַליין! יעזוס איז דאָס געווען, ער, דער אַלערהייליקסטער באַלעבאָס, ער, דער הימלישער האַר, און האָט אַזוי געזאָגט:

— מען דאַרף דיך דאָ נייטיק נישט האָבן, דו פּוילאַק איינער, רוצח. אַז עס וועלן דיך בענטשן יענע, וועלכע שעלטן דיך אַצינד, וועל איך דיך דאַמאָלס הייסן אין דער שטאַל אַריינלאָזן.

— ר'האָט מיך געשלאָגן, האָב איך מיך פּאַרטיידיקט!

— פאַר שלאָגן, איז פאַר מיר דער משפּט, וואָרן אויך די גערעכטיקייט האַלט איך אין דער האַנט.

— כ'בין אַזוי הונגעריק, כ'בין אַזוי דורשטיק, כ'בין אַזוי צעווייטיקט! — האָט דאָס פערדלטשינע געקרעכצט.

— כ'האָב שוין מיינס געזאָגט, אַוועק פונדאַנען, כ'וועל נאָך

אויף דיר די וועלף הייסן אָנרייצן און דיך פאַריאָגן.

האָט זיך דאָס פערדלטשינע צוריק אומגעקערט אין ווינטערלאַנד אַריין און אַרומגעשלעפּט זיך אין הונגער און אין קעלט און אין איין גרויסער שרעק, וואָרן די וועלף האָבן עס, פּונקט ווי יעזוסעס הינט, כּסדר נאָכגעיאָגט, געסטראַשעט מיטן וואָיען, ביז עס איז אַזש אין אַ געוויסער פרילינג-נאַכט שטיין געבליבן פאַרן טויער פון זיין באַלעבאָס און אַ הירזשע געטון, כּדי מען זאָל עס צוריק אויפנעמען. דערויף איז אַרויסגעלאָפן די אַלמנה מיט די קינדער, און נישט דערקענענדיק עס, אַזוי אָפּגעצערט איז עס געווען, האָבן זיי עס גענומען קיילן מיט וואָס ס'איז זיי נאָר אונטער דער האַנט געקומען, אַוועקיאָגן און שעלטן פאַר די עוולות, וואָרן די אַלמנה איז איבערן טויט פון מאַן פאַראָרימט געוואָרן און האָט געלעבט צוזאַמען מיט די קינדער אין גרויס דחקות.

האָט עס זיך אומגעקערט צוריק אין די וועלדער אַריין, וואָרן עס האָט שוין נישט געוווּסט וואָס צו טון. זענען עס בעפאַלן חיות, ס'האָט זיך שוין גאָרנישט אַפילו אַקעגנגעשטעלט, ס'איז עס שוין אַלצאיינס געווען, אַפילו דער טויט, אָבער זיי האָבן עס נאָר אַרומגעטאַפּט, און די עלטסטע חיה האָט אַזוי געזאָגט:

— מ'וועט דיך נישט אויפעסן, וואָרן ביסט צו מאָגער, הויט און ביינער, אַ שאָד די נעגל, נאָר מ'וועט זיך דערבאַרעמען אויף דיר און מ'וועט דיר העלפן...

האָבן זיי עס אַריינגענומען צווישן זיך און אינדערפרי אַוועקגעפירט אויפן באַלעבאָס פעלד אַרויף, איינגעשפּאַנט עס אין אַקעראייזן, וואָס איז אויפן פעלד געשטאַנען. די אַלמנה האָט דאָרט צוזאַמען מיט דער קו און מיט די קינדער געאַקערט.

— מ'וועט מיט דיר אָפּאַקערן, דיך אונטערפּאַשען, וועלן מיר אַרום יעשען-צייט צוריקקומען און דיך אויסשפּאַנען! — האָבן זיי געזאָגט.

מיטן טאָג צוגלייך איז אָנגעקומען די אַלמנה און האָט עס באַלד דערקענט. כאָטש זי האָט מתחילת אַ געשריי געטון, אַז דאָס איז אַ נס, וואָס עס האָט זיך אומגעקערט און איז שוין געשטאַנע

ין אַקעראייזן איינגעשפּאַנט, אָבער אינגיכן האָבן זי די ווייטיקלעכע דערינערונגען אַזוי אַרומגענומען, אַז זי האָט ווידער אָנגעהויבן שעלטן און שלאָגן וויפיל ס'איז נאָר אַריין דערין; דערנאָך האָט זי אויך דערמיט געאַרבעט, געאַרבעט און אָפּגעשלאָגן זיך פאַר דער עוולה! אַזוי זענען פאַרבייגעגאַנגען גאַנצע יאָרן איך שווערער, געדולדיקער פּראַצע, וואָרן כאָטש דעם פערדלטשינע איז די פעל פון כאַמעט אָפּגעקראָכן, האָט עס קיין הירזשע נישט געטון, ס'האָט געוווסט, אַז עס ליידט גערעכטיק. ערשט אין אַ פאָר יאָר אַרום, ווען דער אלמנה איז בעסער געוואָרן, זי האָט גענומען אַ צווייטן מאַן צוזאַמען מיט די מאָרגעס, וואָס זענען דערלעבן אין שכנות געלעגן, איז זי בעסער געוואָרן צום פערד און געזאָגט:

— האָסט אונדז טאַקע באַעוולהט, אָבער פאַר דיינע מעשים האָט פאַן יעזוס די ברכה אַראָפּגעשיקט, ס'איז געוואַקסן, ס'האָט זיך מיר געטראָפן אַ נישקשהדיקער מאַן, פעלד האָב איך מיר צוגעקויפט, האָב איך דיר פון גאַנצן האַרץ מוחל געווען.

און באַלד אין דערזעלבער נאַכט, ווען מ'האָט אין דער כאַלופּע געפראַוועט אַ שמד-מאָלצייט, זענען געקומען דעם פאַן יעזוסעס וועלף, האָבן אַרויסגעפירט דאָס פערד פון דער שטאַל אַרויס און אַוועקגעפירט עס אין דער הימלישער פאַרצוימונג אַריין.

האָבן זיך אַלע אָן אַ שיער געוווּנדערט אויף דערדאָזיקער געטלעכער פאַראָרדנונג, אָפּשטעלנדיק זיך ברייט דערויף, ווי פאַן יעזוס באַשטראָפט אַזוי שטענדיק דאָס שלעכטע און דאָס גוטע באַלוינט ער, און פאַרגעסט גאָרנישט, אַפילו אַזאַ פערד אויך נישט.

— אפילו דאָס ווערימל, וואָס בויערט אין דער וואַנט, קען זיך אויך פאַר זיין אויך נישט פאַרבאָרגן

— אַפילו די באַהאַלטנסטע מחשבה, דער מיאוסטער פאַרלאַנג — האָט ראָכאָ צוגעוואָרפן.

דערויף האָט יאַנגע אויפגעציטערט, וואָרן אויך אַנטעק איז אַקוראַט געהאַט אַריינגעקומען, אָבער ס'האָט אים ווייניק ווער באַמערקט, כאָטש אַ שטילקייט האָט געהערשט, וואָרן אין דער צייט האָט די וואַלענטאָווע דערציילט אַזעלכע וווּנדערלעכע

מעשיות וועגן אַ פאַרכּישופטער מלכּה, אַז די שפּינדלעך האָבן אויפ־געהערט צו וואָרטשען, די הענט האָבן זיך באַ אַלע אַראָפּגעלאָזט, די אָטעמס האָבן זיך איינגעהאַלטן און זיי זענען פאַרכּישופטע געזעסן, איינהאָרכנדיק זיך מיט דער גאַנצער נשמה.

און אָט אַזוי האָט זיך דורכגערוקט דערדאָזיקער קאַלטער שבת־אָוונט.

די נשמות האָבן זיך דערהויבן, זענען ביז אונטערן הימל אַרונטער אויפגעוואַקסן און האָבן געפלאַקערט ווי קין־העלצער, אַז נאָר אַ גערויש פון זיפצן, טרוימען און באַגערן, פונקט ווי ז... בלומען־שמעטערלינגען, האָבן איבער דער שטוב געציטערט.

זיי האָבן זיך איינגעוועבט אין אַ לעבעדיקן, צעציטערטן, פון פאַרבן שימערירנדיקן געוועב פון וווּנדערלעכקייטן, אַז די אויגן האָבן זיך אײנגאַנצן פאַרמאַכט אויף דער טרויעריקער, גרויער און אָרימער וועלט!

זיי האָבן געבלאָנדזשעט איבער פינסטערע פעלדער, פון געשטאַלטן באַלויכטענע, וואָס האָבן ווי פאַקעלן מיט אַ בלוטיקער שרפה געזעצט; זיי זענען געגאַנגען איבער זילבערנע טייכן, כּוואַליעס מיט סודותפולע געזאַנגען, געהיימע אויסרופן, פּלעסקען; אין פאַרכּישופטע וועלדער, ווו עס געפינען זיך ריטער, ריזן־מענטשן, פאַרשידענע שלעסער, שרעקלעכע געשפּענסטער, מחבּלים, וואָס שפּייען מיט העלישן פייער; אויף די שייד־וועגן זענען זיי געבליבן שטיין דערשראָקענע, ווו רוחות זענען מיט אַ כיכיקען דורכגעפליגן, ווו געהאָנגענע קרעכצן מיט פאַרדומפּטע קולות, און פייגל מיט פלעדערמייז־פליגל פליען דורך; זיי האָבן אַרומגעפּאָנקעט איבער קברימלעך נאָך די שאָטנס פון די אָפּקומענדיקע זעלבסטמערדער; אין פוסטע חורבהדיקע שלעסער און אין קלויסטערן האָבן זיי אויסטערלישע קולות געהערט, זיי האָבן זיך צוגעקוקט צו די אין סופיקע קאַראַהאָדן פון דערשטויבנאַרע געשפּענסטער, אויף מלחמות זענען זיי געווען, אונטער וואַסערן, ווי שלאָפנדיקע שוואַלבן, אין גירלאַנדעס איינגעהילט, ווערן דורך דער געטלעכער מוטער יעדן פרילינג אויפגעוועקט און אויף דער וועלט אַרויסגעלאָזט.

און זיי האָבן זיך געטראָגן דורכן גן עדן און גיהנום, דורך־

אַלע שרעקלעכקייטן, דורך די פינסטערנישן פון גאָטס צאָרן און דורך די העלקייטן פון זיין הייליקן חסד, דורך אומבאַשרייבלעכע וווּנדער־לענדער און דורך פאַרשידענע צייטן, דורך אַזעלכע וועלטן, ווו עס בלאָנקען נאָר אַרום מענטשלעכע נשמות, פונקט ווי די פייגל, וואָס זענען פון דונערן און בליצן פאַרבלענדט געוואָרן, דורך אַזעלכע ערטער, ווו אַ מענטש קען נאָר על פי נס אָדער אין חלום אַריינבליקן, ער קוקט אַ פאַרבליפטער, ער וווּנדערט זיך און ווייסט אַליין נישט וואָס עס טוט זיך מיט אים, צי געפינט ער זיך נאָך גאָר צווישן די לעבעדיקע!

העי! פונקט ווי אַ ים וואָלט מיט אַ נישט דורכדרינגלעכער בוואַליע אויפגעשטאַנען, מיט אַ כוואַליע פון צויבער, פינקלענישן און הערלעכקייטן, אַזוי, אַז ס'איז פאַרשווינדן געוואָרן פון די אויגן די גאַנצע ערד, די שטוב, די שטורמדיקע נאַכט, די גאַנצע וועלט, וואָס איז פול מיט צרות און פאַרשידענע נויטן, און עוולות, און געוויינען, און בקשות, און דערוואַרטונגען — און די אויגן האָבן זיך אויפגעעפנט אין אַן אַנדערער וועלט אַריין, אין אַ נייער און אַזאַ הערלעכער, אַז קיין שום מענטשלעך מויל איז דאָס נישט אימשטאַנד איבערצוגעבן!

אַ לעגענדאַרישע וועלט האָט זיי אַרומגערינגלט, אַ לעגענדאַריש לעבן האָט זיי מיט רעגנבויגנס אַרומגענומען, לעגענדאַרישע חלומות זענען געוואָרן אַווירקלעכקייט — זיי זענען פשוט אָפּגעשטאָרבן פון אַנטציקונג, אויפשטייענדיק גלייכצייטיק תחית המתים דאָרט, אין דעם לויטערן לעבן, אין דעם גרויסן, מעכטיקן, רייכן און הייליקן, און מיט וווּנדערלעכקייטן, פונקט ווי צייטיקע תבואה מיט וויקע און מיט מאָן, דורכגעפלאָכטן. דאָרט ווו יעדער בלום רעדט, יעדעס טייכל זינגט, יעדער פויגל איז פאַרכישופט, יעדער שטיין האָט אַ נשמה, יעדער וואַלד איז פול מיט צויבער, יעדער גרודקעלע ערד איז דורכגעזאַפּט מיט אומבאַוווּסטער קראַפט — ווו אַלץ, וואָס איז גרויס, איבערמענטשלעך, אומגעזען לעבט מיט דעם הייליקן לעבן פון וווּנדער!

דאָרט אַהין האָבן זיי זיך געשפּאַרט מיט דער גאַנצער קראַפט פון בענקשאַפט, דאָרט אַהין האָבן זיי באַצויבערטע גע-

צויגן, ווו אַלץ האָט זיך צוזאַמענגעפּלאָנטערט אין איין נישט צער ייסבאַרער קייט פון חלומות און לעבן, ווונדער און פאַרלאַנגען, אין דעם כּישופדיקן קאַראַהאָד פון אויסגעחלומטער עקזיסטענץ ווהין עס האָבן זיך נאָכאַנאַנד, דורך דער גאַנצער גויט פון ערדישן דאָזיין, זייערע פאַרמאַטערטע, צעקאַלעטשעטע נשמות געריסן!

וואָס פאַר אַ ווערט האָט דען דאָרט דאָס גרויע, פאַרחושכטע לעבן, וואָס פאַר אַ ווערט האָט דען דאָרט דער פּשוטגעוויינלעכער טאָג, וואָס איז ענלעך צו אַ בליק פון אַ קראַנקן, מיט אומעטיקייטן, ווי מיט אַ נעפּל פאַרצויגן, דאָס איז מער נישט ווי חשכות, אַ טרויעריקע און שווערע נאַכט, דורך וועלכער סיידן ערשט אין דער שעה פון טויט קען מען מיט די אייגענע אויגן דערבליקן יענע ווונדערלעכקייטן.

פּונקט ווי אַ בהמה מיט דער יאַרזשמע צו דער ערד אַראָפּגעבויגן, אַזוי לעבסטו, מענטש, דו זאָרגסט, האָסט דאגות, אַבי דעם טאָג אַדורכצולעבן, און וועסט אפילו נישט קיין קלער טון וואָס עס טוט זיך אַרום, וואָס פאַר אַ קטורת־ריחות עס בלאָזן איבער דער וועלט, פון וואָס פאַר אַ הייליקע אָלטאַרן די שטימען טראָגן זיך, וואָס פאַר געהיימע ווונדער עס זענען פאַרהאַן אומעטום.

פּונקט ווי דער בלינדער שטיין אונטערן טיפן וואַסער לעבסטו, מענטש...

אין דער פינסטערניש פאַראַקערסטו, מענטש, דעם אַקער פון לעבן און פאַרזייעסט געוויין, מי און ווייטיק...

און אין דער בלאָטע נאָרעסט דו אויס דיין באַשטערנטע נשמה, מענטש, אין דער בלאָטע...

זיי האָבן ווייטער דערציילט, כּסדר, און ראָכאָ ד׳האָט גערנווילליק אונטערגעד׳האָלפן, אַליין זיך געוווּנדערט, אַליין אָפּגעזיפצט, אַליין געוויינט, פּונקט ווי די אַנדערע האָבן געוויינט...

און טיילמאָל זענען אַנטשטאַנען לאַנגע, טיפע שטילשווייגענישן, אַז מ׳האָט דאָס קלאַפּן פון די גערירטע ד׳הערצער געהערט, די פייכטע גלאַנצן פון די אויגן האָבן ווי דער טוי

געלויכטן, עס האָבן געציטערט די זיפצן פון באַוווּנדערונג און בענקשאַפט, די נשמות האָבן זיך געלייגט צו די פיס פון רבונו של עולם אין דעמדאָזיקן קלויסטער פון ווונדערלעכקייטן און געזונגען אַ מעכטיקן הימן פון דאַנקבאַרקייט. אין שטילקייט האָבן געזונגען אַלע הערצער מיט כישוף איבערפולטע, די חלומות־ציטערנדיקע, מיט דער הייליקער קאָמוניע דורגענומענע — פונקט ווי ס׳ציטערט די ערד, באָדנדיק זיך אין פרילינג־זון, פונקט ווי די וואַסערן פאַרנאַכס־צו אין אַ לויטערן טאָג אַ שטילן, אַז נאָר אַ צאַפּלען גליטשט זיך איבער זיי מיט פאַרשידענע רעגנבויגנס און קאָלירן; פונקט ווי די יינגע תבואות אין ערשטן מאַי־אָוונט, וואָס וויגן זיך נאָר אַזוי זיס, רוישן נאָכאַנאַנד און ציטערן מיט די פעדערלעך, פונקט ווי מיט אַ תפילה פון דאַנקבאַרקייט.

יאַגושיאַ ווידער האָט זיך געפילט ווי אין הימל גענומען אַזוי טיף האָט זי אַלץ געפילט, אַזוי אַלץ צום האַרץ גענומען און פאַר אַזוי אמת געהאַלטן, אַז דאָס אַלץ איז אין איר אויפגעוואַקסן און געבליבן שטיין פאַר די אויגן ווי לעבעדיק, אַזוי ווי האָט דאָס פון פאַפּיר געקענט אויסשניידן. די קינדער, וועלכע ראָכאָ האָט געלערנט, האָבן איר טאַקע צוגעלאַנגט פאַרשידענע בלעטלעך, זי האָט איינס נאָכן אַנדערן פון זיי אויסגעשניטן דאָ פאַרשידענע סטראַשידלעס, אָדער מלכים, אָדער רוחות, אָדער מחבלים, צי גאָר אַנדערע פאַרשידענע זאַכן, און זי האָט דאָס אַלץ אַזוי צוגעטראָפן, אַז איטלעכער איינער האָט פון ערשטן בליק געקענט דערקענען.

זי האָט אַזוי פיל געהאַט אויסגעשניטן, אַז מ׳האָט געקענט מיט זיי אַ גאַנצן בעליק אַרומקלעבן, און דערצו נאָך האָט זי זיי אָפּגעפאַרבט מיט רויט אין בלוי קרייד, וואָס אַנטעק האָט איר אונטערגערוקט, זי איז אַזוי פאַרנומען געווען מיטן הערן און מיט דער אַרבעט, אַז זי האָט אָן דער גאַנצער וועלט פאַרגעסן, זי האָט אַפילו נישט געקוקט אויף אים, נישט געזען, ווי ער איז עפּעס זייער אומגעדולדיק און ער גיט בגנבה עפּעס צייכנס... און קיין שום אַנדערער האָט דאָס

זיך נישט באַמערקט אין דערדאָזיקער פאַרהאַרכטקייט און אין דערדאָזיקער שטילקייט, וואָס האָט געהערשט.

מיטאַמאָל האָבן די דינגט פאַרביסן אָנגעהויבן צו בילן און צו היילן אין הויף־איינגאַנג, ביז עפּעס איינער פון די קלאָנביאַקעס איז אויפן הויף אַרויסגעלאָפן, און דערנאָך האָט ער דערציילט, אַז עפּעס אַ פויער איז פון הינטערן פענסטער אַנטלאָפן.

מ׳האָט נישט געלייגט קיין שום אַכט דערויף, נישט געוווּסט לחלוטין, אַז שפּעטער, ווען די הינט זענען אַנטשוויגן געוואָרן, האָט זיך עפּעס אַ פּנים הינטער דער שויב אַדורכגעגליטשט און איז אַזוי גיך פאַרשוווּנדן געוואָרן, אַז נאָר איינע פון די שיקסעס האָט אַ דערשראָקענע אַ געשריי געטון, און אַ פאַרוווּנדערטע די אויגן זיך אויסגעריבן.

— דאָרט גייט עמעצשטשיס הינטער די פענסטער! — האָט זי אויסגערופן.

— מ׳הערט ווי דער שניי סקושיפּעט אונטער די פיס.

— גלייך ווי ס׳וואָלט זיך ווער אויף די ווענט געדראַפּעט!

אַלע זענען איינהאָרכנדיק זיך אָפּגעשטאָרבן, און מורא האָבנדיק זיך אַ ריר צו טון פון אָרט, זענען זיי באַפאַלן געוואָרן פון אַ פלוצלינגדיקער שרעק.

— פון וואָס מ׳רוימט זיך פריַער איין אין אויער, קומט עס דערנאָך קאַפּויער! — האָט עמעץ פון די שיקסעס אַ שעפּטשע געטון.

— מ׳האָט גערעדט וועגן טייוול — קען זיין, ער האָט זיך אָנגערופן, און קוקט נאָר אויס ווּעמענען אויפצוכאַפּן!

— יעזוס מאַריאַ!

— קוקט נאָר אַרויס, חברה, ס׳איז דאָרט קיינער נישטאָ, די הינט שטיפן אַוודאי אַרום איבערן שניי.

— ס׳דען, אַז כ׳האָב אַליין געזען הינטערן פענסטער, אַ קאָפּ ווי אַ שאָף און רויטע שליפּיעס!

ס׳האָט זיך דיר נאָר געדאַכט — האָט ראָכאָ אויסגערופן, נאָר ווייל קיינער האָט נישט געוואָלט אַרויסבליקן, איז ער אַליין אַרויסגעגאַנגען אויפן הויף, כדי אַלע צו באַרויַקן.

— כ׳וועל ענק דערציילן אַ געשיכטע וועגן דער הייליקער מוטער, וועלן באַלד אַלע געשפענסטער פאַרשווונדן ווערן — האָט ער אָנגעהויבן, זעצנדיק זיך אויפן פריערדיקן אָרט. זיי האָבן זיך אַ קאַפּ באַרויִקט, אָבער פון צייט צו צייט האָט עמעץ די אויגן צום פענסטער אויפגעהויבן און מיט אַ פאַר־באָרגענער שרעק אַ ציטער געטון.

—„שוין לאַנג ווי דאָס איז געשען, לאַנג, מיט דורות צוריק, דערפון שטייט נאָר אין די אַלטע ספרים פאַרשריבן... אין אַ געוויס דאָרף הינטער קראָקע האָט געוווינט אַ פויער, קאַזשימיעזש האָט ער געהייסן און אויפן צונאָמען יאַסטזשאָנב. ער איז געווען דאָרט אַ תּושב, פון אַ שיינער משפּחה, אַן עושר, ר׳האָט גאַנצע ווּלוקעס פאַרזייעט, געהאַט זיין אייגנס אַ וואַלד, אַ כאַלופּע, ווי אַ הויף, און אַ מיל באַם טייכל. פאַן יעזוס האָט אים געבענטשט, ער האָט אין אַלעם מצליח געווען. ר׳האָט שטענדיק געהאַט פולע סטויגן, אַ גרייטן גראָשן אין קופערט, געזונטע קינדער פון אַן ערלעך ווייב; וואָרן ער איז געווען אַ גוטער מענטש, אַ קלוגער, אַ פאַרשטענדיקער, אַ ווייך האַרץ און אַ רעכטפאַרטיקער פאַר אַלע באַשעפענישן.

ער האָט אָנגעפירט מיט דער גראָמאַדע ווי אַ טאַטע, גע־זאָרגט פאַר אָרימע, אָפּגעהיטן די גערעכטיקייט, נישט באַדריקט מיט קיין שטייערן און אין יעדער זאַך זיך שטרענג ערלעך געהאַלטן, שטענדיק געווען דער ערשטער צו געבן הילף אַ נאָנטן און אים צו ראַטעווען.

ער ד׳האָט זיך טאַקע געלעבט שטיל, רויִק און גליקלעך ווי באַם טאַטן אין ווייִנגאָרטן.

ביז ס׳האָט זיך געמאַכט איינמאָל, דער מלך האָט אָנגע־הויבן צוזאַמענרופן דאָס פאָלק אויף אַ מלחמה קעגן די געצנ־דינער.

איז יאַסטזשאָנב זייער באַטריבט געוואָרן, וואָרן ס׳איז אים אַ שאָד געווען פון הויז אַוועקצוגיין און צו לאָזן זיך אויף אַזעלכע שרעקלעכע שלאַכטן.

אָבער דער קעניגלעכער דינער איז בײַ דער טיר גע־שטאַנען און צוגעטריבן.

ס'האָט זיך געוויזן אויף אַ גרויסער מלחמה, וואָרן דער טערק האָט זיך אַ לאָז אַרײַן געטון אין די פּוילישע לענדער, געבערענט דערפער, געראַבירט קלויסטערס, געשאָכטן גלח־ים, דאָס פאָלק פאַרטיליקט אָדער אין קייטן אין זייערע געצנ־דינערישע לענדער אַרײַן פאַרטריבן.

מ'האָט זיך געדאַרפן צוגרייטן און שטעלן זיך צו דער פאַרטיידיקונג!

אַן אייביקע דערלייזונג דערוואַרט דעמדאָזיקן, וועלכער לייגט פרייוויליק דעם קאָפּ פאַר זיין פאָלק און פאַר זיין הייליקן גלויבן.

האָט יאַסטזשאָמב דאַמאָלס צוזאַמענגערופן די גראָמאַדע, אויסגעקליבן די מער פעסטערע פאַראָבקעס, פערד, וועגענער און באַלד אין עפּעס אַ פרימאָרגן האָבן זיי זיך נאָך אַ הייליקער גאָטעסדינסט אין וועג אַרײַן אַוועקגעלאָזט!

דאָס גאַנצע דאָרף האָט זיי אַרויסבאַגלייט מיט אַ גע־וויין און געיאָמער ביז דער פיגור פון דער טשענסטאָכאָווער, וואָס איז געשטאַנען בײַם וועג, אויף דעם אָרט, וווּ ער צע־שיידט זיך.

ער האָט מלחמה געהאַלטן אַ יאָר, מלחמה געהאַלטן צוויי יאָר, ביז ענדלעך ס'איז יעדער שפּור וועגן אים פאַרפאַלן גע־וואָרן.

אַנדערע זענען שוין פון לאַנג געהאַט אַהיימגעקומען און יאַסטזשאָמב — אַזוי ווי מ'זעט אים נישט, אַזוי זעט מען אים נישט. האָט מען געמיינט, אַז ער איז שוין חלילה געהרגעט געוואָרן, אָדער דער טערק האָט אים געפאַנגען גענומען, וועגן וועלכן די דזשאַדעס און די וואַנדערער אַפילו האָבן נאָך, מתחילת שטילערהייט, פאַרשידנס דערציילט...

ביז ענדלעך אין סוף פון דריטן יאָר, אין אָנהייב וויאָס־נע, האָט ער זיך אומגעקערט, אָן די געזעלן, אָן די פערד און וועגענער, צופיס, אַן אויסגעמוטשעטער, אַ פאַרמאַטערטער,

בלוי מיטן שטעק אין דער האַנט, פּונקט ווי אַ דזשאָד...

האָט ער הייס מתפּלל געווען פאַר דער הייליקער מוטער, וואָס זי האָט אים נאָך צוריקגעבּרענגט אויף זיין ערד און אין איילעניש זיך אין דאָרף אַריין אַוועקגעלאָזט...

קיינער האָט אים נישט באַגריסט, קיינער האָט אים נישט דערקענט, אַז ער האָט זיך געמוזט אַזש פון די הינט אָפּיאָגן.

ער קומט צו פאַר זיין הויז, רייבּט זיך אויס די אויגן, צלמט זיך איבּער און קען בשום אופן נישט דערקענען...

יעזוס מאַריאַ! די שייערן זענען נישטאָ, קיין סעדער — נישטאָ, אַפילו די פּלויטן זענען נישטאָ, פון ליוועבּטאַרזש קיין סימן נישט... אין דער כאַלופּע זענען נאָר פאַרבּרענטע באַלקנס איבּערגעבּליבּן... די קינדער זענען נישטאָ... פּוסט... שרעקלעך... נאָר דאָס ווייבּ האָט זיך אַ קראַנקע פון עפּעס אַ הייל אַרויס־געשלעפּט אויף זיין אָנקומען, און מיט בּיטערע טרערן זיך צעוויינט!

ווי אַ דונער וואָלט אין אים אַרייַנגעשלאָגן!

אָט וואָס ס׳איז געשען: ווען ער האָט מלחמה געהאַלטן און פון גאָטס שונאים אַ תּל געמאַכט, איז אַ מגפה אויף זיין הויז געקומען און אים אַלע קינדער דערשלאָגן... אַ דונער האָט אַלץ פאַרבּרענט... די וועלף האָבּן די סטאַדעס אויסגעדישעט... שלעכטע מענטשן האָבּן אַלץ צעראַבּירט... די שכנים האָבּן די ערד צוגענומען... אַ טרוקעניש האָט די תּבואות אויסגעבּרענט... אַ האָגל האָט די רעשט אויסגעקלאַפּט, אַז ס׳איז גאָרנישט איבּער־געבּליבּן, נאָר הימל און ערד.

איז ער אויף דער שוועל ווי אַ מת געבּליבּן זיצן, און אַרום פאַרנאַכט־צו, ווען מ׳האָט צו דער־ אָוונט־תּפילה גע־קלונגען, האָט ער זיך פּלוצלינג אויפגעריסן און מיט אַ שרעק־לעכער שטימע אָנגעהויבּן צו שעלטן און צו לעסטערן!

בּחנם האָט אים דאָס ווייבּ געפּרוווט איינהאַלטן, בּחנם איז זי אים צו די פיס געפאַלן און געבּעטן — ער האָט געשאָלטן און געשאָלטן, אַז ער האָט אומזיסט פאַר גאָטס נאָ־מען זיין בּלוט פאַרגאָסן, אומזיסט קלויסטערס פאַרטיידיקט,

אומזיסט ווונדן באַקומען, הונגער געליטן, אומזיסט איז ער ערלעך און פרום געווען, אומזיסט — גאָט האָט אים סיי ווי פאַרלאָזט און אויף פאַרטיליקונג פאַרמשפּט!

ער האָט שרעקלעך געלעסטערט גאָטס נאָמען, אַז ער וועט זיך שוין סיידן נאָך דעם טייוול איבערגעבן, וואָרן נאָך ער אײנער וואָלט קיין מענטשן אין אַן עת צרה נישט פאַרלאָזט.

פאַרשטייט זיך, אַז אויף אַזאַ מין רופן האָט זיך דער שטן באַלד פאַר אים באַוויזן.

יאַסטזשאָנב האָט שוין פאַר כּעס נישט געוווּסט וואָס עס טוט זיך מיט אים און אויסגערופן:

— העלף מיר, טייוול, אויב דו קענסט, וואָרן ס'איז מיר אַ גרויסע עוולה געשען.

דער שוטה האָט זיך נישט געכאַפּט, אַז דאָס האָט אים פאַן יעזוס נאָך געוואָלט שטעלן פאַר אַ נסיון און אויספּרוּוון.

— כ'וועל דיר העלפן, נאָר וועסט אָפּגעבן די נשמה? — האָט דער שטן אַ גרילץ געטון.

— כ'וועל געבן, כאָטש אפילו שוין!

זיי האָבן געשריבן אַן אָפּמאַך, וועלכן דער פויער האָט מיטן בלוט פון מיטלסטן פינגער אונטערגעשריבן.

און באַלד פון דעם טאָג אָן האָט ער מיט אַלעם אָנגעהויבן מצליח צו זיין. אַליין האָט ער ווינציק־וואָס געאַרבעט, ער האָט נאָר אַכטונג געגעבן און באַפוילן, מיכאַלעק, ווייל אַזוי האָט זיך דער שטן געהייסן רופן, האָט פאַר אים געאַרבעט — און אַנדערע מחבלים, איבערגעטוענע פאַר פאַראַבקעס צי פאַר דייטשן, האָבן צוגעהאָלפן — אַזוי, אַז אין אַ קורצער צייט אַרום איז די באַלעבאַטישקייט געווען נאָך בעסער, גרעסער און רייכער ווי פריִער.

נאָר קינדער האָט ער נישט געהאַט קיין נייע, וואָרן ווי אַזוי האָבן זיי אָן גאָטס ברכה גאָר געקענט זיין!

יאַסטזשאָנב האָט שרעקלעך געליטן דערפון, און אין די נעכט פלעגט ער זיך טיילמאָל פאַרטראַכטן, ווי עס וועט אים אויסקומען

זיך צו ברענגען אין דעם אייביקן גיהנום, און ס'האָבן אים נישט געפרייט נישט זיינע רייכטימער, נישט גאָרנישט... ביז מיכאַלעק האָט אים אַזש געמוזט פאַר זיינע אויגן באַווייזן, ווי די אַלע רייַ־כע, אַלע פריצים, קעניגן, געלערטע, און אַפילו די גרעסטע ביס־קופּן, האָבן זיך באַם לעבן דעם טייוול פאַרקויפט, און קיינער פון זיי זאָרגט זיך נישט, טראַכט נישט, וואָס דאָרטן וועט זיין באַכן סויט, נאָר זיי לעבן־צו און האָבן הנאה פון אַלצדינג צו דער זעט!

האָט זיך יאַסטושאָנב נאָכדעם באַרויקט און נאָכמער קעגן גאָט זיין צאָרן אויסגעגאָסן, אַז ער האָט אַזש אַליין דעם צלם הינטערן וואַלד אונטערגעהאַקט, די בילדער פון שטוב אַרויסגע־וואָרפן, און צו דער טשענסטאָכאָווער פיגור זיך פאַרנומען, כדי זי צו צעשמעטערן, ווייל זי האָט אים געשטערט צום אָקערן; דאָס ווייב האָט אים מיט געבעטן און מיט חלשן קוים דערפון אָפּגע־האַלטן.

און אַזוי זענען יאָרן נאָך יאָרן, פונקט ווי דאָס שטראָמיקע וואַסער געפלאָסן, דאָס עשירות איז אָן אַ שיעור אויפגעוואַקסן, און צוזאַמען מיט דעם אויך דער אָנזען, אַז אַפילו דער קעניג אַליין פלעגט צו אים פאַרפאָרן, צו זיך אין הויף אַריין פאַרבעטן און צווישן זיינע קאַמערהערן צו באַזעצן.

האָט זיך יאַסטושאָנב דערמיט גרויס געהאַלטן, געשטאָלצירט איבער אַלע, געבערעקלט זיך מיט אָרימעלייט, אָפּגעטרייסלט זיך פון יעדער מין אָרנטלעכקייט און די גאַנצע וועלט שוין פאַר גאָרנישט געהאַלטן.

— אַ שוטה! ס'איז אים גאָרנישט איינגעפאַלן מיט וואָס עס וועט אויסקומען צו באַצאָלן דערפאַר...

ביז ענדלעך אויך ס'איז אָנגעקומען די שעה פון דין וחשבון. פאַן יעזוסן האָט שוין פאַרפעלט געדולד און רחמים פאַר דעם פאַרהאַרטעוועטן בעל עברהניק...

ס'איז אָנגעקומען דער טאָג פון משפט און שטראָף...

קודם כל האָבן זיך שווערע קרענק אויף אים אָפּגעלייגט און אויף קיין איין אויגנבליק נישט אָפּגעלאָזט.

דערנאָך איז דער לייוועטאַרזש פון אַ מגפה געפאַלן.

דערנאָך האָט אַ האָגל אַלע תבואות אויסגעשלאָגן.
דערנאָך זענען פון אים די פּאַראָבקעס אַנטלאָפן.
דערנאָך ווידער זענען געקומען אַזעלכע טרוקענישן, אַז אַלץ איז אויף אַש פאַרברענט געוואָרן, די ביימער האָבן אָפּגעדאַרט, די וואַסערן זענען אויסגעטרוקנט געוואָרן, די ערד האָט אויפגעפּלאַצט.
דערנאָך האָבן אים מענטשן לגמרי פאַרלאָזט, און דער דלות האָט זיך אויף דער שוועל באַזעצט.
און ער האָט שווער געקרענקט, דאָס לייב איז אים שטיקערווייז אָפּגעפאַלן, די ביינער זענען צעקרישלט געוואָרן.
אומזיסט האָט ער ביי מיכאַלעקן און באַ זיינע קאַמראַטן הילף געבעטן: אַפילו דער טייוול קען נישט העלפן, ווען די האַנט פון גאָטס צאָרן בלייבט אויף עמעצן הענגען!
און אויך די טייוולאָגים האָבן שוין נישט געהאַט קיין עסק מיט אים, ר׳איז שוין געווען זייער. אַז כדי ער זאָל וואָס גיכער אויסגיין, האָבן זיי אים געבלאָזן אויף די שרעקלעכע ווונדן, אַז זיי זאָלן זיך נאָך מער אייטערן.
איין גאָטס רחמים האָט אים נאָר געקענט מציל זיין!
האָט זיך געמאַכט איינמאָל אין אַ שפּעטן האַרבסט, איז אָנגעקומען אַזאַ שטורמדיקע נאַכט, אַז דער ווינט האָט דעם דאַך פון זער כאַלופּע אַראָפּגעריסן און אַלע טירן און פענסטער אַרויסגעזעצט, גלייכצייטיק זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן אַ מחנה מחבלים און גענומען טאַנצן אַרום די עקן פון דער כאַלופּע, שטופּן זיך מיט די ווידלעס אינעווייניק אַריין, וואָרן יאַסטושאָנב האָט שוין געהאַלטן באַ גסיסה...

דאָס ווייב האָט אים פאַרטיידיקט, ווי ווייט זי האָט נאָר געקאָנט, מיט די הייליקע בילדער אים פאַרשטעלט, דאָ מיט געהייליקטע קרייד די שוועלן און די פענסטער באַצייכנט, אָבער זי איז שוין מיד געוואָרן פון דער אומגעהייערער זאָרג, אַז ער זאָל אַמאָל נישט אָן ווידוי און אָן תשובה אָפּשטאַרבן; איז כאָטש ער האָט איר פאַר־חערט, אַזוי פאַרהאַרטעוועט איז ער נאָך געווען אין דער לעצטער רגע, כאָטש דער שטן האָט געשטערט, האָט זי אָפּגעטשאָטעוועט

אַ גוטע געלעגנהייט און איז צו דער פּלעבאַניע אַוועקגעלאָפן.

אָבער דער גלח האָט זיך גאָר געגרייט ערגעץ אין וועג אַרייַן, און צו קיין אפיקורס האָט ער נישט געוואָלט גיין.

— וואָס גאָט האָט פאַרלאָזט מוזן די טייוולאָנים צונעמען, כ'וועל שוין דאָרט גאָרנישט אויפטון... — און איז אַוועקגעפאָרן אין הויף אַריין קאָרטן שפּילן.

האָט זי זיך ביטער צעוויינט פון באַטריבטקייט, אַנידערגעקניט פאַר דער פיגור פון דער טשענסטאָכאָווער און מיט אַ בלוטיק שלוכצן, און מיט אַ האַרץ-קלאַפּעניש רחמים געבעטן.

האָט זיך דערבאַרעמט איבער איר די הייליקע פּאַניענקע און אזוי געזאָגט:

— וויין נישט, פרוי, דיינע תפילות זענען דערהערט געוואָרן...

און זי האָט אַראָפּגענידערט צו איר פון אָלטאַר אַזוי ווי זי איז געשטאַנען, אין דער גילדערנער קרוין, אין דעם בלויען מאַנטל, מיט שטערן באַזייעט, מיט דער בייטש קרעלן אַרום די לענדן... לייכטנדיק מיט גוטסקייט... די אַלערהייליקסטע און צום מאָרגנשטערן ענלעכע... די פרוי איז פאַר איר אויפן פנים אַנידערגעפאַלן...

האָט זי זי מיט די הייליקע הענט אויפגעהויבן, די טרערן מיט רחמנות איר אָפּגעווישט, צום האַרץ צוגעטוליעט און רויק געזאָגט:

— פיר מיך אין דער כאַלופּע אַריין, אפשר וועל איך דיר קענען מיט עפּעס העלפן, געטרייע דינערין.

זי האָט באַטראַכט דעם חולה, און דאָס דערבאַרמדיקע האַרץ איז זייער באַטריבט געוואָרן.

— אָן קיין גלח וועט מען זיך נישט קענען באַגיין, כ'בין אַ פרוי און כ'פאַרמאָג נישט דעם כוח, וואָס פאַן יעזוס האָט די גלחים געגעבען! ער איז טאַקע אַ ליידאַק, דאגהט נישט וועגן פאָלק, לגמרי אַ שלעכטער פּאַסטוך, ער וועט אָפּגעבן דין וחשבון דערפאַר, אָבער נאָר ער איינער האָט דעם כוח די זינד צו פאַרגעבן... איך וועל אַליין גיין נאָד דעמדאַזיקן קאָרטן-

שפילער אין הויף אַריין... נאַדיר דערוויילּ מיין בייטש קרעלן און באַשיץ דערמיט דעם זינדיקן, כּל זמן כ׳וועל נישט צוריק־קומען.

אָבער ווי אַזוי גייט מען דאָ?... אַזאַ פינסטערע נאַכט, אַ ווינט, אַ רעגן, אַ בלאָטע, אַ שפּאַר שטיק וועגס, און דערצו נאָך האָבן די מחבלים אומעטום געשטרויכלט.

די הימלישע האַרינטע האָט זיך אָבער פאַר גאָרנישט אָפּגע־שראָקן, פאַר גאָרנישט!... זי האָט זיך נאָר פאַרן רעגן מיט אַ פלאַכטע אַרומגעהילט און אַוועקגעגאַנגען אין דערדאָזיקער פינ־סטערניש...

זי איז צוגעקומען צום הויף אַ שרעקלעך אָפּגעמאַטערטע און דורכגעווייקטע ביזן ביין; זי האָט אָנגעקלאַפּט, בעטנדיק מיט הכנעה, אַז דער גלח זאָל וואָס גיכער אַהינגיין צום קראַנקן. אָבער דערזעענדיק, אַז דאָס איז עפּעס איז אַן אָרימע בעטלערין, און אין דרויסן איז אַן עברה אַ הונט אַרויסצוטרייבן, האָט ער געהייסן זאָגן, אַז אינדערפרי וועט ער קומען צופאָרן, אַצינד האָט ער נישט קיין צייט, און ווייטער געשפּילט, געטרונקען און מיט די פּריצים גע־פּלוידערט.

די הייליקע מוטער האָט נאָר אָפּגעזיפצט איבער זיין נישט אָרנטלעכקייט, און אַזוי געמאַכט, אַז אין דער אותו רגע האָט זיך באַוויזן אַ גאָלדענע קאַרעטע, מיט פערד נאַשפּיץ, מיט לאָקאַיען, זי האָט זיך איבערגעטון, ווי דעם סטאַראָסטעס אַ ווייב און אַריינ־געגאַנגען אין די סאַלאָנען.

פאַרשטייט זיך, אַז דער גלח איז באַלד גערן געפאָרן און נאָך צוגעאיילט זיך.

זיי זענען נאָך געקומען צו פאָרן באַצייטנס, אָבער דער מלאך המוות איז שוין געזעסן אויף דער שוועל און די מחבלים האָבן זיך מיט געוואַלט געוואָלט אַריינרייסן צום פויער, כדי אים לעבעדיקערהייט נאָך אַוועקצוכאַפּן, איידער דער גלח מיטן פאַן יעזוס קומט אָנצופאָרן; נישט מער, וואָס דאָס ווייב האָט אים באַשיצט מיט דער בייטש קרעלן, צי מיט די בילדער די טיר פאַרשטעקט, צי מיט אַ תפילה, צי מיט גאָטס נאָמען.

האָט זיך יאַסטזשאָנבּ מתוודה געווען, חרטה געהאַט אויף די זינד, גאָט איבערגעבעטן, האָט ער באַקומען די מחילה גמירא און באַלד אין דער רגע גאָט די נשמה אויסגעהויכט. די הייליקסטע אַליין האָט אים די אויגן צוגעמאַכט, געבענטשט דאָס ווייב און גיט אַ זאָג צום איבערגעשראָקענעם גלח:

— קום נאָך מיר!

ר׳האָט זיך נאָך אַלץ נישט געקענט אָנשטויסן, אָבער ר׳איז געגאַנגען. ער קוקט זיך אום פאַר דער כאַלופּע, און דאָ איז קיין קאַרעטע נישטאָ, נישט קיין לאָקאַיען, נאָר עס רעגנט, אַ בלאָטע, אַ פינסטערניש און דער מלאך המוות נאָר, וואָס ער גייט אים נאָך טריט בּאַ טריט... ער האָט זיך זייער דערשראָקן און גענומען נאָכאיילן דער פאַניענקע צו דער קאַפּליצע!

ער גיט אַ קוק, און דאָ שטייט זי שוין אין מאַנטל און אין דער קרוין, אַרומגערינגלט מיט אַ מלאכים־כאָר, זי טרעט אַרויף אויפן אַלטאַר, אויפן פריערדיקן אָרט.

האָט ער דעמאָלט דערקענט די הימלישע קעניגין, אַ פּחד האָט אים אַרומגעכאַפּט, ר׳איז געפאַלן אויף די קני, אַ פּלאַץ אַרויס געטון מיט אַ געוויין און די הענט נאָך רחמים אויסגעצויגן.

און די הייליקע פאַניענקע האָט צאָרניק אַ קוק געטון אויף אים און אויסגערופן:

— דורות־לאַנג וועסטו קניען פאַר דיינע זינד, וועסט וויינען, איידער דו וועסט באַקומען אַ תיקון...

ער איז תיכּף פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטיין און אַזוי איז ער שוין פאַרבליבן. נאַכט־בּאַנאַכט האַלט ער באָר אין איין וויינען, די הענט האַלט ער אויסגעצויגן, ער וואַרט אויף רחמים און זינט לאַנגע דורות קניט ער שוין אַזוי.

אָמן!...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

עד היום קען מען זען דידאַזיקע פיגור אין דאָמבראָווע הינטער פּושעדבּאָרזש: הינטערן קלויסטער שטייט זי לזכּרון עולם

און אַלס התראה פאַר די זינדיקער, אַז פּאַר שלעכטס וועט די שטראָף קיינעמען נישט מיידן.

אַ לאַנג און טיף שטילשווייגן איז אויף אַלע אָנגעפאַלן. יעדער איינער האָט אין זיך צעקייעט דאָס, וואָס ער האָט געהערט, און א טלעכער איז פול געווען מיט אַ הייליק שטיל־שווייגן, באַוווּנדערונג, גוטמוטיקייט און שרעק.

און וואָס איז דען דאָ צו רעדן אין אַזאַ צייט, ווען די מענטשלעכע נשמה ווערט צעשפּאַנט, פּונקט ווי אייזן אין פייער, ווערט אָנגעשוואָלן מיט געפיל און לויטערקייט, אַז קוים זאָל מען זי באַרירן, איז זי גרייט מיט אַ שטערן־רעגן זיך צו צעשפּריצן און מיט רעגנבויגן צווישן הימל און ערד זיך אויסצושפּרייטן.

האָט אַזוי געדויערט די שטילקייט, כּל זמן די לעצטע גליִענדיקע קויל האָט זיך אין זיי נישט אָנגעהויבן צו פאַרלעשן.

מ׳אַטעוש האָט דאָס פּלייטל אַרויסגעצויגן און אָנגעהויבן דערויף שטילערהייט יעמערלעכע פאַרביקע טענער אַרויסצובערענגען, גלייך ווי עמעצער וואָלט מיט טוי איבער שפּינוועבס געשפּריצט. און די סאָכאָווע האָט אויפגעזונגען „אונטער דיין שוץ", מ׳האָט איר שטילערהייט אונטערגעהאַלטן.

דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן צו מאָטלען וועגן דעם און וועגן יענעם, ווי געוויינטלעך.

דאָס יִנגוואַרג האָט אָנגעהויבן צווישן זיך אַרומצושטיפן, וואָרן טערעסקאַ די זעלנערקע האָט די פּאַראָבקעס וויציקע רעטעניִשן פאַר געבן. און ווייל עפּעס עמעצער האָט אַ וואָרף אַריין געטון, אַז באָרינע האָט זיך שוין אומגעקערט פון סאָנד און טרינקט אַצינדערט אין קרעטשמע מיט זיין קאָמפּאַניע, האָט זיך יאַגושיאַ פאַרנומען שטילערהייט און אַרויסגעגאַנגען, נישט רופנדיק אפילו יוזקען, און נאָך איר האָט זיך אויך אַנטעק בגנבה אַרויסגערוקט, ר׳האָט זי נאָך געפּאַקט אין פּעדערהויז באַ דער שוועל, פּעסט זי באַ דער האַנט אָנגענומען און זי צוגעפירט צו אַן אַנדערער טיר, אויפן הויף אַרויס, און פון דאָרטן דורכן סאַד הינטער די שייערן אַוועק.

מ׳האָט כמעט זייער אַרויסגיין נישט באַמערקט, וואָרן טע־רעסקאַ האָט אויפן הויכן קול אויסגערופן:

„אַן אַ נשמה, אָן אַ גוף, אונטערן איבערבעט וואַקסט עס אויף?״ וואָס איז עס?

— ברויט, ברויט, איטלעכער ווייסט דאָס! — האָט מען גע־רופן פון אַלע זייטן, אַרומשטעלנדיק זיך אַרום איר.

— אָדער דאָס: „ס׳יאָגן געסט זיך הין און צריק איבער־דער ליפּאָווער בריק״?...

— אַ פּושעטאַק מיט אַרבעס!

— איטלעכעס קינד ווייסט פון אַזעלכע רעטענישן.

— טאָ זאָגטס אַנדערע, קליגערע!

— „אין איין העמד אויף דער וועלט אַרויס גייט עס, און אויף דער וועלט גייט עס נאַקעט — וואָס באַטייט עס״?

זיי האָבן לאַנג נישט געקענט טרעפן, ביז מאַטעוש האָט ערשט געזאָגט, אַז דאָס איז אַ קעז, און אַליין האָט ער פאַר־געבן אַזאַ רעטעניש:

—„ליפּאָווע האָלץ און ס׳זינגט אַזוי איידל,

און אַ פערד אויף אַ שעפּס שמיצט מיטן ווידל״.

קוים וואָס זיי זענען געפאַלן אויפן שכל, אַז דאָס מיינט מען אַ פידל.

טערעסקאַ ווידער האָט פאַרגעבן נאָך אַ שווערערס:

„אָן אַ קאָפּ, אָן אַ בויך, אָן פיס און אָן הענט,

אומעטום בלאָזט עס, ווו ס׳גיט זיך נאָר אַ ווענד!״

דאָס האָט געזאָלט באַטייטן אַ ווינט; מען האָט זיך אָנגעהויבן צוליב דעם אַרומצוקריגן, אַרומצושטיפן און וואָס אַמאָל אַלץ וויציקערע רעטענישן צו פאַרגעבן, ביז די שטוב האָט זיך פון טומל און פריילעכקייט אָנגעהויבן טרייסלען.

און שפּעט אין דער נאַכט אַריין האָט מען זיך נאָך אַזוי געמיינזאַם פאַרווײַלט.

## XI

...זיי זענען אַרייַנגעפאַלן אין סאָד אַריין, איינגעבויגענער־הייט האָבן זיי זיך אַדורכגערוקט אונטער די אַראָפּהענגענדיקע צווייגן, און גיך אין איין פּחד, פּונקט ווי די איבערגעשראָקענע הירשן, זענען זיי אַרויסגעלאָפן הינטער די שייערן אַרונטער, אין די טונקעלע שנייען, אין דער אומאויסגעשטערנטער נאַכט און אין דער אומגעהייערער שטילקייט פון די פאַרפרוירענע פעלדער.

זיי זענען פאַרפאַלן געוואָרן אין דער נאַכט אַריין; דאָס דאָרף איז פאַרשוווּנדן, ס'איז פּלוצלינג אַנטשוויגן געוואָרן דאָס מענטשלעכע געטומל, אָפּגעהאַקט געוואָרן אַפילו יעדער שוואַכסטער ווידערקלאַנג פון לעבן, אַזוי, אַז זיי האָבן באַלד אין אַלעם פאַרגעסן און אַרומנעמענדיק זיך ביי די טאַליעס, פעסט צוגעדריקט איינער צום אַנדערן, זייט באַ זייט, עטוואָס איינגעבויגן, פול מיט פרייד, און גלייכצייטיק איבערגעשראָקן, שווייגנדיק און פול מיט געזאַנג, זענען זיי געלאָפן מיט אַלע כּוחות, אין דער ברייטער וועלט אַריין, מיט אַ טונקעלער בלויקייט און שטילקייט פאַרצויגן.

— יאַגוש!

— וואָס?

— ביסט דאָ?
— נאָר וואָס דען, נישט!...
אַזוי פיל האָבן זיי נאָר אויסגערעדט, ווען זיי זענען טיילמאָל געבליבן שטיין דעם אָטעם צו כאַפּן.
דאָס שרעקעדיקע האַרץ-קלאַפּעניש און דאָס מעכטיקע גע-שריי פון באַהאַלטענער פרייד האָט זיי די שטימען פאַרשטיקט; זיי האָבן זיך יעדע ווײַלע אָנגעקוקט, די אויגן האָבן זיך געגנזיי-טיק דורכגעלויכטן, פונקט ווי פלאַמעדיקע, שטומע בליצן, און די ליפּן זענען צו זיך מיט אַ דונער-קראַפט און מיט אַזאַ גליענדיק פייער צוגעפאַלן, אַז זיי האָבן זיך אומגעקאָלערט פון פאַרשיכורונג, ס'האָט אָטעם פאַרפעלט, אַ וווּנדער די הערצער האָבן נישט גע-פּלאַצט; די ערד האָט זיך זיי פון אונטער די פיס אַפּערגעגליטשט, זיי זענען פאַרזונקען ווי אין אַ פייערדיקן תהום, און אומקוקנדיק זיך מיט בלינדע אויגן פון היץ, זענען זיי שנעל פון אָרט אויפגע-שפּרונגען און ווידער געלאָפן, גישט וויסנדיק אַפילו וווהין און נאָך וואָס, אַבי ווייטער, כאָטש אין דער סאַמער טיפסטער נאַכט אַריין אַזש דאָרט אַהין, אין די צונויפגעפלאָנטערטע קאַלטענעס פון שאָטנס...
נאָך אַ שטיקל... נאָך אַ פיצל... ווייטער... טיפער... ביז אַלץ איז פון די אויגן פאַרשוווּנדן געוואָרן, אי די גאַנצע וועלט, אי אַפילו דאָס געדעכעניש וועגן איר, ביז זיי זענען אינגאַנצן אין פאַרגעסונג אַרײַנגעפאַלן, ווי אין אַ חלום, וואָס מ'קען זיך אין אים נישט דערמאַנען, נאָר די נשמה, וואָס זי פילט אים; פונקט ווי אין דעם הערלעכן חלום, וואָס מ'האָט געחלומט וואַכנדיקערהייט דאָרט, באַ קלאָגבן אין שטוב, סך הכל מיט אַ סעקונדע צוריק, אַזוי, אַז זיי האָבן זיך נאָך גע-טרונקען אין דעם לייכטנדיקן פּאַס פון די שטילע, מיסטישע מעשה-לעך, נאָך פול געווען מיט די פאַרשידענע וווּנדערלעכקייטן און געשטאַלטן; די דורכגעחלומטע לעגענדאַרישע כוחות האָבן נאָך זייערע נשמות מיט אַ הערלעכן צויבער-בליִעכץ אָפּגעשיט מיט אַ הייליקן פחד, טיפסטע דערשטוינונגען, באַגייסטערונגען און מיט נישט אײַנגעשטילטע בענקשאַפטן!

זיי זענען נאָך געווען אַזוי צוגעשמידט צו דעם פאַרכישופטן רעגנבויגן פון הערלעכקייטן און טרוימען, אַז זיי זענען געשווומען ווי אין א קאַראַהאָד פון די ווונדערלעכקייטן, וואָס זענען מיט אַ רגע צוריק אַרויסגערופן געוואָרן; דורך לעגענדאַרישע לענדער געגאַנגען, דורך די אַלע איבערמענטשלעכע סצענעס, אַלע געשעענישן, אַלע הערלעכקייטן, דורך די טיפסטע קרייזן פון דערשטוינונג און באַצויבערונג. געשטאַלטן האָבן זיך אין די שאָטנס געוויגט, איבערן הימל געבלאָנדזשעט, מיט יעדן אויגענבליק אַרויסגעוואַקסן, דורך די הערצער געפלאָסן, אַז ס'האָט זיי אַזש טיילמאָל דעם אָטעם פאַרכאַפּט, פון שרעק אָפּגעשטאָרבן; און צוגעדריקט איינער צום אַנדערן, זענען זיי פאַרשטומט געוואָרן, דערשראָקן, זיך איינגעקוקט אין דער איינסופיקער, צוזאַמענגעקנוילטער טיפעניש פון חלומות, ביז די נשמות האָבן זיי אויפגעבליט אין אַ בלום פון דערשטוינונגען, אין אַ הייליקער בלום פון גלויבן און תפילהדיקע באַגייסטערונגען, אַז זיי זענען אַראָפּגעפאַלן אויפן סאַמע דעק פון באַוווּנדערונג און פאַרגעסנהייט.

און דערנאָך, צוריקקומענדיק צום באַוווּסטזיין, האָבן זיי לאַנג מיט די דערשטוינבאַרע אויגן אין דער נאַכט געבלאָנדזשעט, נישט זייענדיק גוט איבערצייגט, צי געפינען זיי זיך נאָך צווישן די לעבעדיקע, צי זענען מיט זיי דאָס טאַקע געשען די דאָזיקע אַלע וווּנדער, צי איז דאָס אַלץ נישט אַמאָל אַ חלום, אַן אָפּנאַרעכץ!...

— האָסט נישט קיין מורא, יאַגוש, האַ?

— מיט דיר וואָלט איך אין דער גאַנצער וועלט אַריין נאָכגעגאַנגען, אַפילו שטאַרבן! — האָט זי מיט קראַמפּט אַרויסגעשעפּטשעט, טוליענדיק זיך צו אים פאַרחלשט...

— האָסט געוואַרט אויף מיר? — האָט ער נאָך אַ ווײַלע אַ פרעג געטון.

— וואָס הייסט! ווער ס'איז נאָר אין פעדערהויז אַרייַנגעקומען, האָט עס מיך אַזש אונטערגעהויבן... נאָר צוליב דעם ביז איך דאָך צו די קלאָנביס געגאַנגען... צוליב דעם... כ'האָב געמיינט, אַז כ'וועל מיך שוין נישט דערוואַרטן...

— און ווען כ'בין אַריינגעקומען, האָסטו דיך געמאַכט ווי דו וועסט מיך באַרגישט...

— נאַרעלע... נאָר וואָס דען, קוקן האָב איך געוואָלט, כדי מען זאָל זיך עפּעס אָנשטויסן! אָבער ס'האָט מיר אַזוי באַם גריבל אַ קלעם געטון, אַז ס'איז אַ נס, וואָס כ'בין פֿון בענקל נישט אַראָפּגעפֿאַלן... אַז כ'האָב אַזש געמוזט אַ ביסל וואַסער טרינקען כדי צו מיר צו קומען..

— טייערסטע מיינע!...

— ביסט געזעסן פֿון הינטן, כ'האָב געפֿילט, כ'האָב אָבער מורא געהאַט אַ קוק צו טון אויף דיר, כ'האָב מורא געהאַט אַ וואָרט צו רעדן... און דאָס האַרץ האָט זיך אין מיר אַזוי געוואָרפֿן, אַזוי געקלאַפּט, אַז מענטשן האָבן געמוזט הערן... יעזוס! אַ האָר האָט געפֿעלט אַז כ'זאָל פֿאַר תּענוג נישט אַ געשריי טון!...

— כ'האָב פֿאַרשטאַנען, אַז באַ די קלאָגביס וועל איך דיך טרעפֿן און מיר וועלן צוזאַמען אַרויסגיין...

— כ'האָב געוואָלט אַהיימלויפֿן און דו האָסט מיך באַ־צוואונגען...

— האָסט דען נישט געוואָלט, יאַגוש, האַ?...

— אַוודאי!... נישט איינמאָל האָב איך געטראַכט, אַז ס'זאָל אַזוי געשען...

— האָסט אַזוי געטראַכט! האָסט געטראַכט! — האָט ער לייד־נשאַפֿטלעך געמורמלט.

— נאָר וואָס דען, נישט, יאַנטאָש! כּסדר, כּסדר... דאָרט דורכן פּלויט איז נישט גוט...

— אמת... דאָ וועט אונדז קיינער נישט איבערשרעקן... מיר זענען איינע אַליין...

— איינע אַליין!.. אין אַזאַ פֿינסטערניש... אין... — האָט זי געשעפּטשעט, וואַרפֿנדיק זיך אים אויפֿן האַלדז און אַרומנעמענ־דיק אים מיט דער גאַנצער קראַפֿט פֿון באַרוישונג און ליבע.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אויף די פֿעלדער האָט שוין נישט געבלאָזן, נאָר טיילמאָל האָט דער ווינט אַ לייכטן צי געטון, און ווי מיט אַ ליבלעך גע

פליסטער, די צעגליטע פנימער געקילט. ס'זענען נישט געווען קיין פינקלדיקע שטערן, נישט קיין לבנה, דער הימל איז נידעריק געהאָנגען, באַדעקט מיט ברודיקע שטיקער וואָלקן, פונקט ווי אַ סטאַדע טונקל־גרויע אָקסן וואָלטן פוסטע און נאַקעטע פעלדער פאַרלייגט. די ווייטקייטן האָבן געשימערט, ווי דורך גרויע, צעצויגענע רויכן, אַזוי, אַז די גאַנצע וועלט האָט אויסגעזען, ווי אויסגעוועבט פון נעפלען, פון צעציטערטער פינסטערניש, און פון אויפגעשטורמטן תוהו ובוהו.

אַ טיף, אומרויק און קוים פילבאַר גערויש האָט געציטערט אין דער לופט, געפלאָסן ווי פון די וועלדער, וואָס זענען פאַרטרונקען געווען אין דער נאַכט, צי גאָר פון די וואָלקנס, פון די ווילדע שפאַלטן, פון וועלכע ס'זענען פון צייט צו צייט אַרויסגעפלויגן סטאַדעס ווייסע וואָלקנדלעך, וואָס זענען שנעל אַנטלאָפן, פונקט ווי די צוגן פריילינג־פייגל דורך שפּאַרבער געיאָגט.

ס'איז געווען אַ פינסטערע און ווייטיקלעך־אויפגעשטורמטע נאַכט, אַ טויבע און פול מיט אויסטערלישער באַוועגונג, פול מיט פּחד, לייכטע איפציטערונגען, אומרויקע גערוישן, צייענדיקע געשטאַלטן, און פלוצלינג קומען פאָר אַזעלכע אומדערקלערבאַרע און איבערשרעקנדיקע זאַכן; טיילמאָל האָט פלוצלינג פון דער שטאָקפינסטערניש אַ געשפּענסט־בלאַסקייט פון שנייען אַרויסגעגלאַנצט. דאָ זענען עפּעס אייזיקע, פייכטע שטראַלן, שלענגלדיק צווישן די שאָטנס געקראָכן, דאָ האָט די נאַכט ווידער ווי די אויגן־לעדלעך צוגעמאַכט, אַ נישט דורכדרינגלעכער, שוואַרצער מבול פון פינסטערניש איז אַראָפּגעפאַלן און די גאַנצע וועלט איז פאַרזונקען געוואָרן, אַזוי, אַז די אויגן, נישט קענענדיק זיך אין גאָרנישט אָנכאַפּן, זענען אָנמעכטיק אַראָפּגעזונקען אין דער סאַמער טיפעניש פון דערשטוינונג, די נשמה איז פאַרשטאַרט געוואָרן, זייענדיק צוגעלייגט מיט אַ טויטער קברים־שטילקייט. טיילמאָל זענען די שאָטנס־הילן פונאַנדערגעריסן געוואָרן, געפּלאַצט, ווי מיט אַ דונער פונאַנדערגעטרענט, און דורך די שרעקלעכע וואָלקנס־שפּאַלטן האָט מען אין די טיפענישן באַקענט זען בלויע פעלדער פון אויסגעשטערנטן, שטילן הימל.

דאָ האָבן פון די פעלדער צי פון די כאַלופּעס, פון הימל צי

פון די פאַרטרונקענע ווייטקייטן, מ'ווייסט לחלוטין נישט פון וואַ-
נען, אויפגעציטערט צעשפּריצטע, קריכנדיקע, עפּעס ווי שטימען,
עפּעס ווי בליאַסקן, עפּעס ווי פאַרפאַלענע ווידער-קולות, געשטאַלטן
פון קלאַנגען און וועזנס שוין פון לאַנג געשטאָרבענע, און בלאָנדזשענ-
דיקע איבער דער וועלט; זיי זענען געפלאָסן מיט אַ ווייטיקלעכן
קאַראַהאָד און פאַרפאַלן געוואָרן מ'ווייסט נישט וווהין, פּונקט ווי
דער אָפּגעשטאָרבענער שטערן-שיין.

אָבער זיי זענען בלינד געוואָרן אויף אַלעם, אַ שטורם האָט
אין זיי אויפגעברויזט און געוואַקסן, שטאַרקנדיק זיך מיט יעדן
אויגנבליק, זיך איבערגעגאָסן פון האַרץ צו האַרץ מיט אַ קוואַל פון
ברענענדיקע און אומבאַשרייבלעכע באַגערן, בליצנדיקע בליקן, ווײ-
טיקלעכע צאַפּלעניש, פּלוצלינגדיקע אומרוען, פלאַמעדיקע קושן,
פאַרפלאָנטערטע ווערטער, אָן אַ סדר, אָבער בליציקע, פּונקט ווי
ווילדע דונער-קלעפּ, שטערבלעכע פאַרשטומעניש, גערירטקייט, און
גלייכצייטיק מיט אַזאַ צויבער, אַז זיי האָבן זיך פּשוט געשטיקט
אין די אַרומאַרמונגען, צעקוועטשט ביז ווייטיק, זיי האָבן זיך פּשוט
מיט די נעגל געריסן, ווי ווילנדיק פון זיך די געדערים אַרויסרייסן
און אויסבאָדן זיך אין תענוגים פון יסורים, און זייערע מיט בעל-
מעס פאַרצויגענע אויגן האָבן שוין גאָרנישט געזען, אַפילו זיך
אַליין אויך נישט.

און ווערנדיק מיטגעריסן מיטן ליבעס-שטורם, בלינד אויף
אַלצדינג, משוגע, נישט געדענקנדיק אין גאָרנישט, צוזאַמענגע-
שמאָלצן מיט זיך ווי צוויי פלאַקערנדיקע פאַקעלן, האָבן זיי זיך
געטראָגן אין דער פינסטערער נאַכט אַריין, אין דער פוסטקייט און
טויבער איינזאַמקייט, כדי זיך איינער דעם אַנדערן אויף טויט אי-
בערצוגעבן, ביז אין די טיפסטע טיפענישן פון די נשמות, וואָס
זענען אויפגעפרעסן געוואָרן מיטן אייביקן הונגער פון דאָזיין...

זיי האָבן שוין נישט געקענט רעדן, נאָר אומבאַוווסטזיניקע
אויסגעשרייען האָבן זיך זיי אַרויסגעריסן פון ערגעץ אַזש פון דעם
סאַמע אינגעווייד, נאָר פאַרשטיקטע שעפּטשן, אָפּגעהאַקטע און פלאַ-
קערדיקע ווי שטיקער פייער, אומפאַרשטענדלעכע און פון באַ-
רוישונג פאַרשיכורנדיקע ווערטער, בליקן, וואָס פרעסן דורך ביזן

מאַרך פון ביין — בליקן, פון משוגעת דערשראָקענע – בליקן פון הוראַגאַנען, וואָס זיי האָבן אייגס אויף ס'אַנדערע געוואָרפן ביז ס'האָט זיי אַזש אַדורכגענומען אַזאַ מין ציטער פון באַגערן, אַז זיי האָבן זיך מיט אַ ווילדן קוויטש צוזאַמענגעדריקט און אַני־דערגעפאַלן... פולשטענדיק אין חלשות...

די וועלט האָט זיך איינגאַנצן אַ דריי געטון און פאַרזונקען מיט זיי צוזאַמען אין אַ פייערדיקן תהום אַריין...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

— דער שכל ווערט מיר פשוט אָפּגענומען!...

— שריי נישט... שטילער, יאַגוש...

— אַז כ'מוז... כ'וועל משוגע ווערן אָדער כ'ווייס נישט וואָס!

— אַ וווּנדער, דאָס האַרץ פּלאַצט מיר נישט!

— כ'ווער פאַרברענט... אום גאָטעס ווילן, לאָז אָפּ... לאָמיך דעם אָטעם כאַפּן...

— אַ יעזוס... וואָרן כ'שטאַרב אַוועק... אַ יעזוס!...

— איינציקע אין דער וועלט...

— יאַנטאָש! יאַנטאָש!...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

...פונקט ווי די זאַפטן, וואָס דערנערן זיך פאַרבאָרגענערהייט אונטער דער ערד, וועקן זיך יעדן פרילינג אויף, ווערן געשפּאַנט פון אַן אומשטערבלעכן באַגער, שפּאַרן איינס צו ס'אַנדערע פון דער גאַנצער וועלט, פון אַלע עקן ערד פליסן זיי, קרייזן דורך די הימלען, ביז זיי געפינען זיך אָפּ, ווערן אין זיך פאַרפאַלן און הייבן אָן אין אַ הייליקן סוד צו שפּראָצן, כדי דערנאָך פאַר די דערשטוינטע אויגן פאַרוואַנדלט צו ווערן: אין אַ פרילינג, אָדער אין אַ בלום, אין אַ מענטשלעכע נשמה, אָדער אין אַ גערויש פון גרינע ביימלעך...

אַזוי האָבן זיי אויך איינס צו ס'אַנדערע דורך לאַנגע בענק־שאַפטן געגאַרט, דורך טעג פון פיין, דורך גרויע, לאַנגע, פוסטע טעג, ביז וואַנען זיי האָבן זיך אָפּגעפונען און מיט איין און דעם זעלבן, מעכטיקן געשריי פון באַגערן זענען זיי זיך געפאַלן אין די אָרעמס, אַזוי מעכטיק זיך צוזאַמענדריקנדיק, פונקט ווי די סאָס־

בעס, ווען אַ שטורמווינט רייסט זיי אַרויס, און צעשמעטערטע וואַרפט ער זיי איינס אויף ס׳אַנדערע, אַז זיי נעמען זיך פאַרצווייפלט אַרום, מיט דער גאַנצער קראַפט און מיט אַ שטערבלעכער אָנ־שטרענגונג וויגן זיי זיך, וואַקלען זיך, ביז זיי פאַלן נישט צוזאַ־מען אין ווילדן טויט אַנידער...

און די נאַכט האָט זיי איינגעהילט און פאַרוועבט, כדי ס׳זאָל געשען דאָס, וואָס מוז געשען...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

קוראָפּאַטווע האָבן אָנגעהויבן זיך איבערצושרייען ערגעץ אין דער פינסטערניש, און אַזוי נאָענט, אַז מ׳האָט געהערט דאָס פליִען פון אַ גאַנצער סטאַדע; ס׳האָט זיך צעטראָגן אַ שנעל גע־רויש, פונקט ווי פון פליגל צום פליִען אויפגעהויבן און אַ קלאַפּן איבערן שניי, דאָ האָבן איינצלנע, באַזונדערע שטימען די שטיל־קייט איבערגעריסן, און פון עפּעס אַ דאָרף, ווייזט אויס, נישט פון קיין ווייטן, האָבן זיך אָפּגעריסן פאַרשטיקטע אָבער שטאַר־קע קרייען פון העגער.

— ס׳איז שוין שפּעט... — האָט זי מיט שרעק אַ שעפּטשע געטון.

— ס׳איז נאָך ווייט צו האַלבע נאַכט, זיי קרייען אויף אַן ענדערונג.

— דער פראָסט וועט לאָזן.

— יאָ, דער שניי איז ווייך געוואָרן.

האָזן האָבן ערגעץ נאָענט, ווי הינטער דעם קושאַק, אונ־טער וועלכן זיי זענען געזעסן, אָנגעהויבן צו בעקן, אַרומיאָגן זיך, אַרומבייסן זיך, ווי אויף עפּעס אַ חתונקע. אַ גאַנצע מחנה איז לעבן זיי אַדורכגעלאָפן, אַז זיי זענען אַזש פון שרעק אָפּ־געשפּרונגען.

— זיי פאָרען זיך די יוכעס און זענען אַזוי בלינד גע־וואָרן, אַז זיי האָבן שוין פאַר מענטשן נישט קיין מורא. ס׳גייט צו וויאָסנע.

— כ׳האָב געמיינט אַז עפּעס אַ ווילדע חיה...

— זיי נאָר שטיל, זעץ דיך אַראָפּ! — האָט ער מיט אַ דער־שראָקן קול אַ שעפּטשע געטון.

זיי האָבן זיך צוגעדריקט צום קזשאַק און שטיל געשוויגן. פון דער ווייסלעכער פינסטערניש, צוליב דער שניי־בלאַסקייט, האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסזען עפּעס לאַנגע און קריכנדיקע שאָטנס... זיי האָבן זיך לאַנגזאַם גערוקט... בגנבה, דאָ זענען זיי אינגאַנצן פאַרשווונדן געוואָרן, ווי זיי וואָלטן אין דער ערד אַריין פאַרזונקען, אַזוי, אַז נאָר אויגן האָבן זיך געלויכטן, פּונקט ווי די לייכט־ווערימלעך אין אַ געדיכטן וואַלד; דאָס איז גאָר נאָענט געווען פון זיי. די שאָטנס האָבן זיך שנעל דורכגעשלעפּט און זענען אינגאַנצן פאַרשווונדן געוואָרן אין דער פינסטערניש, ביז ס׳האָט זיך פּלוצלינג דערהערט אַ קורצער, ווייטיקלעכער, שטערבלעכער האָזן־בעטש, דערנאָך אַ שאַרף געטופּעריי, אַ כאָרכ־לען, אַ מוראדיקער רעש, אַ כרופּען פון צעמאָלענע ביינדלעך, אַ שרעקלעך וואָרטשען, און ווידער האָט אַ טיף, אומרויִק שטיל־שווייגן געהערשט אַרום.

— וועלף האָבן אַ העזל צעריסן.

— אַ חידוש זיי האָבן אונדז נישט דערשנאַפּט!

— מיר זיצן אויסגעדרייט פון ווינט, האָבן זיי אונדז נישט דערשמעקט.

— כ׳האָב מורא... לאָמיר שוין גיין... אַ קעלט נעמט מיך אַדורך... — זי האָט זיך אַ טרייסל געטון.

ער האָט זי מיט זיך אַרומגעהילט און זי דערוואַרעמט מיט אַזעלכע קושן, אַז זיי האָבן באַלד ביידע אין דער גאַנצער וועלט פאַרגעסן. זיי האָבן זיך פעסט אַרומגענומען אין דער טאַליע און מיט עפּעס אַ וועגל, וואָס איז זיי אונטער די פיס אונטערגעקומען, זיך אַוועקגעלאָזט. זיי זענען געגאַנגען, שווער זיך וויגנדיק, מיט דער זעלבער באַוועגונג פון ביימער, וואָס זענען מיט אַן איבעפלוס פון בליעכץ באַדעקט און וויגן זיך שטיל אין דעם בינען־געזום...

זיי האָבן געשוויגן, נאָר אַ געדויש פון קושן, זיפצן, ליידנ־שאַפטלעכע אויסגעשרייען, אַ טויב וואָרטשען פון פאַרשיכורונג, אַ ביידיק הארצקלאַפּעניש האָט זיי, פּונקט ווי מיט אַ צעציטערטער

היך פון פרילינג-פעלדער, באַדעקט; זיי האָבן אויסגעזען פונקט ווי די צעבליטע פעלדער אין פרילינג, וועלכע זענען פאַרטרונקען געווען אין לויטערן געזוים פון פרייד; וואָרן פונקט אַזוי האָבן זיך זיי די אויגן צעבליט, פונקט אַזוי האָבן זיי געאָטעמט מיט דעם הייסן הויך פון די צעגליטע פעלדער אין דער זוניקער שרפה, מיט דעם צאַפּלען פון די שפּראָצנדיקע גראָזן, מיט דעם געציטער און גלאַנץ פון קוואַלן, מיט דעם פאַרשטיקטן געשריי פון פייגל; אין אייבקלאַנג מיט דער ערד האָבן די הערצער פולסירט; די בליקן זענען געפאַלן, פונקט ווי דאָס שווערע, פרוכטבאַרע עפּל-בליעכץ. די שטילע, זעלטענע, ערנסטע, שעפּטשען האָבן אַרויסגעשפּראָצט פון דער סאַמער טיפעניש פון דער נשמה, פונקט ווי די גלאַנציקע ביימער-צווייגלעך אין אַ מאַי-פרימאָרגן; די אָטעמס זענען ענלעך געווען צו אַ ווינטל-בלאָז, וואָס גלעט די יונגע גרעזלעך, און די בשמות — צו אַ פרילינגדיקן, צעזוניקטן טאָג, צו די תבואות, וואָס וואַקסן גלייך אַרויף, פול מיט לערכן-געטשוויטשער, גלאַנצן, געוויש, בלישטשענדיקער גרינקייט און מעכטיקער פרייד פון דאָזיין...

דאָ זענען זיי פלוצלינג אַנטשוויגן געוואָרן און זיך אָפּגעשטעלט, פאַרזונקענדיק אין אַ פינסטערניש, ווי זיי וואָלטן אויף אַ ווײַלע ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן, פונקט ווי אַ וואָלקן ווען ער פאַרדעקט די זון און די וועלט ווערט אַנטשוויגן, פאַרטונקלט און ווערט אויף אַן אויגנבליק אין אומעט און אין שרעק פאַרפאַלן...

אָבער באַלד האָבן זיי זיך אויפגעכאַפּט פון זייער פאַרשטומטקייט, אַ פרייד האָט פון זיי ווי אַ פלאַם אַרויסגעזעצט, פריילעכע טענער האָבן אין דער נשמה אויפגעזובען, און זיי באַפליגלט מיט דער קראַפט פון אַזאַ גליק און אַזוי געריסן אין די הימל-הויכקייטן, אַז זיי האָבן, נישט ווינסדיק פאַר ווען און פאַר וואָס, אַרויסגעזעצט מיט אַ ליידנשאַפטלעך, אומבאַוווּסטזיניק געזאַנג...

זיי האָבן זיך געוויגט צום טאַקט פון די טענער, וואָס האָבן אויסגעזען ווי צושלאָגן מיט רעגנבויגן-פליגל, און מיט אַ שטערנדיקן צעגליטן אויסגוס פון קלאַנגען איבער דער פוסטער און אָפּגעשטאָרבענער נאַכט זיך צעשיט.

זיי האָבן שוין פון גאָרנישט געוווּסט, זיי זענען גע-גאַנגע צוגעדריקט אייגער צום אַנדערן, צוזאַמענגעגאָסן מיט זיך און אין גאָרנישט געדענקט, פאַרשיכורט נאָר מיט דער אייגער איבערמענטשלעכער קראַפט פון געפיל, וואָס האָט זיי אין די איבערוועלטן געטראָגן און געריסן זיך מיט אַן אָן סדרדיק פאַרפלאָנטערט ליד, כמעט אָן ווערטער.

...אַ ווילד און אויפגעברויזט ליד איז מיט אַ שטראָמענדיקן קוואַל פון די איבערגעפילטע הערצער געפלאָסן און אין דער ברייטער וועלט אַריין מיט אַ נצחון-געשריי פון ליבע געשלאָגן...

...און פונקט ווי אַ פייערדיקער קזשאַק האָט עס געפלאַ-קערט אין כאַאָס פון פינסטערניש און אין תוהו ובוהו פון דער נאַכט...

...דאָס איז מאָמענטנווייז געווען פונקט ווי אַ שווערער, צעשמעטערנדער געריזל פון וואַסערן, וואָס רייסן אויף די אייַ-זיקע קייטן...

...מיט אַ קוים דערהערבאַר, קלאַנגפול און זיס גערויש האָט עס געקלונגען, פונקט ווי אַ כוואַליע פון תבואות, וואָס וויגן זיך אויף דער זון...

...עס האָבן געפלאַצט די גאָלדענע קייטן אונטער דער שווע-רער משא, זיך צעשיט אויפן ווינט, און פאַרזשאַווערטע, האָבן זיי זיך שווער איבער די בייטן געשלעפט, אַזוי, אַז זיי זענען נאָר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אָנמעכטיקן שלוכצן, אין אַ יתומדיקן רוף, אין אַ שטימע פון פאַרלוירנקייט און שרעק...

...און אין אַ טויטער שטילקייט זענען זיי אָפּגעשטאָרבן.

אָבער נאָך אַ ווײַלע האָבן זיי זיך ווי איבערגעשראָקענע פייגל אויפגעריסן צו דער זון מיט אַ שגעונדיקן פלי, די הערצער זענען אָנגעפילט געוואָרן מיט אַ קראַפט פון שוווּנג און פון וועלן זיך פאַרלירן אין אַלעם, אַז זיי האָבן אַרויסגע-זעצט מיט הימן פון פאַרבלענדטן ענטוזיאַזם, מיט אַ תפילהדיק געזאַנג פאַר דער גאַנצער ערד, מיט אַן אומשטערבלעכן אויס-געשריי פון דאָ זיין...

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

— יאַגוש! — האָט ער מיט אַ דערשטוינטער שטימע אַרויסגעשעפּטשעט, ווי פּלוצלינג באַמערקנדיק זי לעבן זיך.

— טאַטש יעך בין, דאָך דאָס! — דהאָט זי אַזוי ווי פאַרווינט און שטיל אָפּגעענטפערט.

זיי האָבן זיך געפונען אויף דעם ווענגל, וואָס לויפט לענגויס דעם דאָרף, הינטער די סטאָדעלעס, אָבער שוין אויף באַרינעס זייט.

מיטאַמאָל האָט יאַגנאַ אָנגעהויבן צו וויינען.

— וואָס איז דיר דאָס?

— צי ווייס איך דען?... ס'האָט מיך עפּעס אַזוי אַ שטיק געטון, אַז ס'גיסן זיך מיר אַליין די טרערן.

ר'איז זייער באַטריבט געוואָרן, זיי האָבן זיך אַנידערגעזעצט הינטער עפּעס אַ סטאָדעלע אויף די אַרויסשטאַרנדיקע ווינקל-קלעצלעך; ער האָט זי פעסט צוגעדריקט און מיט די אָרעמס אַרומגענומען, אַז ווי אַ קינד האָט זי זיך אים צו דער ברוסט צוגעקלעבט: זי האָט אַריינגעקוקט ערגעץ אין זיך, און די טרערן האָבן איר אַראָפּגעקאַפּעט פון די אויגן, פּונקט ווי דער טוי פון די בלומען; ער האָט איר מיט דער האַנט אָפּגעווישט, דאָ מיטן אַרבל, אָבער זיי זענען כסדר גערונען...

— האָסט מורא?...

— פאַר וואָס זאָל איך מורא האָבן! נאָר עפּעס אַזאַ שטילקייט וואַקסט אין מיר, גלייך ווי דער טויט וואָלט לעבן מיר געשטאַנען, און עפּעסטיסש טראָגט מיך אַזוי אונטער און ס'הייבט מיך, אַז כ'וואָלט מיך אין דעמדאָזיקן הימל אָנגעהאָנגען און מיט דידאָזיקע וואָלקנס וואָלט איך מיך אין דער וועלט אַריין אַוועקגעטראָגן.

ער האָט נישט געענטפערט, זיי זענען ביידע איינגעשוויגן; ס'איז אין זיי פּלוצלינג פינסטער געוואָרן, עפּעס אַ שאָטן איז אויף דער נשמה געפאַלן און באַטריבט די העלע טיפענישן און האָט דורכגעדרונגען מיט אַן אויסטערליש ווייטיקלעכער בענקשאַפט, אַזוי, אַז זיי האָבן נאָך מער זיך געריסן איינער צום אַנדערן, נאָך מער געזוכט אַ באַהעלטעניש אין זיך, נאָך מער זיך געוואָלט אַריבער

באַקומען דורך זיך און עפּעס אַ באַגערטער וועלט...

אַ ווינט האָט אַ בלאָז געטון, דיביימער האָבן זיך מיט שרעק אָנגעהויבן וויגן, באַשיטנדיק זיי מיט נאַסן שניי; די צונויפגעקנוילטע שווערע וואָלקנס האָבן זיך פּלוצלינג אָנגעהויבן צו צעפאַלן און צו אַנטלויפן אין פאַרשידענע זייטן אַריין, און אַ שטילער, צאַפּלדיקער קרעכץ האָט איבער די שנייען אַ ווייע געטון.

— מ׳דאַרף אַהיימלויפען, ס׳איז שוין שפּעט — האָט זי אַ שעפּטש געטון, זיך אונטערהייבנדיק עטוואָס.

— האָב נישט קיין מורא, שלאָפן שלאָפט מען נאָך נישטמ׳הערט שטימען אויפן וועג, מ׳צעגייט זיך אַוודאי פון די קלאַנביס.

— כ׳האָב די צעבערס באַם מעלקן איבערגעלאָזט, די קי׳ וועלן זיך נאָך די פיס צעברעכן.

זיי זענען שטיל געבליבן, וואָרן עפּעס שטימען האָבן זיך אין דער נאָענט דערהערט און זענען דורכגעגאַנגען; אָבער ערגעץ אין דער זייט, אַזוי ווי אויפן זעלבן וועגל, האָט דער שניי אַ סקושיפּ געטון, און עפּעס אַ הויכער שאָטן האָט אַזוי דייטלעך אַ שימער געטון, אַז זיי זענען אויף די פוס אויפגעשפּרונגען.

— עמעצשטשיס איז דאָרט דאָ... ר׳האָט זיך נאָר הינטערן פּלויט באַהאַלטן.

— ס׳האָט זיך דיר בעדאַכט... טיילמאָל נאָך אַ וואָלקן גייען אַזעלכע שאָטנס נאָך.

זיי האָבן זיך לאַנג איינגעהאָרכט, איינקוקנדיק זיך אין דער פינסטערניש.

— לאָמיר צוגיין צום סטויג, דאָרט וועט זיין שטילער — האָט ער הייס אַ שעפּטשע געטון.

זיי האָבן זיך יעדע ווילע מיט שרעק אומגעקוקט, בלייבנדיק שטיין מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם און זיך איינגעהאָרכט אָבער ס׳איז שטיל געווען אַרום און טויט; זענען זיי דעריבער איינגעבויגענערהייט, פאָרזיכטיק צוגעגאַנגען צום סטויג און זיך אַריינגערוקט אין דער טיפער עפענונג, וואָס האָט זיך האַרט באַ דער ערד געשוואַרצט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

ס'איז ווידער אויף דער וועלט פינסטער געוואָרן, די וואָלקנס האָבן זיך צוזאַמענגעקנוילט אין אַ נישט דורכדרינגלעכער געדיכטעניש, די בלאַסע שײַנען זענען פאַרלוירן געוואָרן; די נאַכט האָט ווי די אויגנלעדלעך צוגעמאַכט און אין אַ טיפן שלאָף פאַרזונקען; דער ווינט איז ווי אָן אַ סמן נאָך זיך פאַרשוווּנדן געוואָרן, נאָך אַ טיפערע און נאָך מער באַאומרויִקנדע שטילקייט האָט אַ הויך געטון, אַז מען האָט געהערט דאָס ציטערן פון די צווײַגן, וואָס זענען אונטערן שניי געהאָנגען און אַ ווײַט, ווײַט רוישן פון וואַסער, וואָס האָט זיך אויף די רעדער פון דער מיל אַראָפּגעגאָסן, נאָך אַ לאַנגער ווײַלע האָט דער שניי ווײַטער אַ סקזשיפּ געטון אויפן וועגל: מ'האָט שוין גוט געהערט די שטילע, פאָרזיכטיקע, ממש וועלפּישע טריט... עפּעס אַ שאָטן האָט זיך אָפּגעריסן פון די ווענט און איינגעהויקערטערהייט זיך איבער די שנייען גערוקט, ער איז וואָס אַמאָל נענטער אויסגעוואַקסן, וואָס אַ ווײַלע זיך פאַרהאַלטן און ווײַטער געגאַנגען... ער האָט זיך אַראָפּגעדרייט הינטער דעם סטויג פון פעלד־צו, איז כמעט צוגעקראָכן ביז דער עפענונג און לאַנג זיך איינגעהאָרכט...

דערנאָך האָט ער זיך איבערגערוקט ביזן פּלויט און הינטער די ביימער פאַרשוווּנדן געוואָרן.

ס'איז נישט אויסגעגאַנגען קיין רגע, ווי ער האָט זיך ווידער באַוויזן, שלעפּנדיק נאָך זיך אַ גרויסן בינט שטרוי, ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַן אויגנבליק, זיך איינגעהאָרכט, אַ שפּרונג צו געטון צום סטויג און פאַרשטעקט מיטן בינט דאָס לאָך... ס'האָט אַ בלינצל געטון אַ שוועבעלע, און אַ פײַער האָט זיך אין איין אויגנבליק איבערן שטרוי צעפלאַקערט, ס'האָט אָנגעהויבן קנאַקן און מיט טויזנטער צונגען האָט עס אויפגעפלאַמט און אין אַ רגע אַרום אַרויסגעזעצט מיט אַ בלוטיקער פלאַכטע, אַרומנעמענדיק די גאַנצע וואַנט פון סטויג...

און באַרינע האָט אַן איינגעבויגענער, שרעקלעך ווי אַ מת, געשטאַטעוועט מיט אַ ווילדע אין דער האַנט...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

זיי האָבן זיך באַלד געכאַפּט וואָס דאָ טוט זיך: בלוטיקע בליאַסקן האָבן זיך אָנגעהויבן אַדורכרייסן אינדערמיט אַריין און אַ בייסנדיקער רויך האָט אָנגעפילט דאָס לאָך. זיי האָבן זיך מיט אַ געשריי אויפגעריסן, שלאָגנדיק זיך אָן די ווענט, נישט ווויסנדיק ווי ס׳איז דער אַרויסגאַנג; זיי זענען משוגע געוואָרן פון שרעק און האָבן קוים געאָטעמט, נאָר אַנטעק האָט ווי דורך עפּעס אַ נס אָנגעטראָפן אויף דער צודעק, און מיטן גאַנצן כוח אַ שפּאַר אַרויף געטון און צוזאַמען מיט איר אַרויסגעפאַלן אויף דער ערד. אָבער איידער ער האָט זיך נאָך אויפגעריסן האָט זיך דער אַלטער אויף אים אַ וואָרף געטון און אים דורכגעשטאָכן מיט דער ווידלע ביז דער ערד; ער האָט נישט גוט געטראָפן, וואָרן אַנטעק האָט זיך אויפגעריסן און איידער דער אַלטער האָט נאָכאַמאָל באַנייט דעם אָנפאַל, האָט ער אים אַ זעץ געטון מיט דער פויסט אין דער ברוסט אַריין און זיך אַוועקגעלאָזט ווו די אויגן האָבן געטראָגן!

האָט זיך דער אַלטער דאַן אַ וואָרף געטון צום סטויג, אָבער אויך יאַגנע איז שוין נישט געווען, זי האָט אים נאָר אַ שימער געטון פאַר די אויגן און איז פאַרפאַלן געוואָרן אין דער נאַכט אַריין, האָט ער אָנגעהויבן דאַן צו ריטשען מיט אַ ווילדער, איינגאַנצן אומבאַוווסטזיניקער שטימע:

— ס׳ברענט! ס׳ברענט! — און ר׳איז געלאָפן מיט דער ווידלע אַרום סטויג, אַז ר׳האָט ווי אַ טייוול אויסגעזען אין דעם בלוטיקן שיין, וואָרן דאָס פייער האָט שוין געהאַט דעם גאַנצן סטויג אַרומגעכאַפּט און מיט אַ גערויש האָט עס קנאַקנדיק און סיטשענדיק, אַ שלאָג געטון אינדערהייך מיט אַן אומגעהייערן זייל פון פלאַמען און רויך.

מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן צוזאַמענלויפן, געשרייען האָבן זיך איבערן דאָרף געטראָגן, עמעץ האָט אין גלאָק אַ קלאַפּ געטון, אַ בהלה האָט די הערצער אַ ריס געטון, און דער פלאַם אין געוואַקסן און די שרפה האָט מיט אַ פייערדיקער פלאַכטע אויף אַלע זייטן געבלאָזן, און אויף אַלע געביידען, אויפן גאַנצן דאָרף מיט אַ רעגן פון פונקען געשפּריצט.

וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין ליפּצע נאָך יענער היסטאָרישער נאַכט, וואָלט אַפילו דעם גרעסטן קאָפּ=מענטש ניט לייכט געוועזן צו געדענקען און דערציילן. עס האָט געקאָכט אין דאָרף ווי אין אַ מוראַשקעס=געווימל, ווען מען גיט דאָרט מיט אַ שטעקן אַ גראַבל.

ס'האָט נאָר=וואָס אָנגעהויבן צו טאָגן, מענטשן האָבן זיך נאָך די אויגן פון דער נאַכט=פינסטערניש געריבן, האָט שוין יעדער געאיילט אויפן אָרט פון דער שרפה, אַזוי, אַז ניט איינער האָט נאָך דעם פאַטשערזש אויפן וועג אָפּגעזאָגט, און שנעל געלאָפן, ווי אויף עפּעס אַ יאַריד.

דער טאָג האָט זיך געשטעלט אַ שווערער און פאַרנעפּלטער און כאָטש ס'איז שוין צייט געוועזן ס'זאָל ווערן העלער, איז נאָך דאָ טונקעל געוועזן, ווי אין פאַרטאָג, וואָרן אַ שניי האָט אָנגעהויבן שיטן מיט נאַסע פלאַכטעס און האָט די וועלט פאַרשטעלט מיט אַ פלאַטערדיק, גלאָזיק און פייכט לײלעך. אָבער קיינער האָט ניט געלייגט קיין אַכט אויפן מיאוסן וועטער. מען איז זיך פון אַלע זייטן צוזאַמענגעקומען און גאַנצ

שטיין אָפּגעשטאַנען אויפן שׂרפה־פּלאַץ, דורכשמועסנדיק זיך אין דער שטיל וועגן דער נעכטיקער מעשׂה, און אויפשטעלנדיק די אויערן, כּדי עטוואָס נייס אויפצוכאַפּן.

עס איז געוואָרן נישט קיין קלענער טומל, ווייל דער עולם איז וואָס אַמאָל גרעסער געוואָרן, אַזוי, אַז עס זענען שוין גאַנצע מחנות געשטאַנען פאַרן הויף. ס'איז פול געווען אויך אין פּאָדוואַרזש, און שוין גאָר אַן ענגשאַפט האָט זיך אָנגעדיכטעוועט לעבן סטויג, אַז דער שניי האָט זיך געריטלט פון ווייבערישן אָנטון.

דער סטויג איז געווען אינגאַנצן פאַרברענט און צעוואָרפן אַז נאָר צוויי סלופּעס האָבן נאָך דער שׂרפה אַרויסגעשטאַרט, אַרומגעברענט ווי די גלאָווניעס. אויף די כּליוועס ווידער און אויף דער שאָפּע זענען די דעכער ביזן סאַמע זראָמב געווען אַראָפּגעריסן און צעוואַרפן, אַזוי, אַז דאָס גאַנצע וועגל און דאָס פעלד איז אויף אַ שפּאַר שטיקל שטח ארום געווען פאַרוואָרפן מיט אָפּגעברענטע שטיקער שטרוי־דאַך, צעבראָכענע לייסטן, איבערגעברענטע שטרוי, פאַרקוילט האָלץ און פאַרשידענע אָפּגעברענטע זאַכן.

דער שניי איז אָן אויפהער געפאַלן און ביסלעכווייז באַדעקט אַלץ מיט אַ גלאָזיקער דעק. ערטערווייז האָט ער זיך געשמעלצט פון די באַהאַלטענע גליענדיקע קוילן, און טיילמאָל האָבן פון די צעוואָרפענע קופּעס היי אַרויסגעשטראָמט זיילן שווארצער רויך און אַ בלאַסער, קנאַקעדיקער פלאַם האָט אַ זעץ אַרויס געטון, אַז באַלד האָבן זיך אויף אים די פויערן געוואָרפן מיט די באַסאַקעס, איינגעדישעט מיט די טרעפּעס, געהאַקט מיט די שטעקנס און מיט שניי פאַרשיט.

מ'וואָלט טאַקע געווען צעשלעפּט אַזאַ צעטליעטע קופּע ווען ס'וואָלט נישט עמעץ, אויב נישט קלאַנבס אַ שגצל, געווען אַרויסגעשאַרט מיטן באַסאַק עפּעס אַ פאַרברענטע שמאַטע און זי הויך אויפגעהויבן.

— יאַגושיעס פאַרטוך! — האָט די קאָזלאָווע גיפטיק אַ קוויטש געטון, וואַרן מ'האָט שוין גאַנץ גוט געוווּסט, וואָס דאָ איז געשען.

— גיטס-נאָר ייִנגלעך, אַ קראַץ, אפשר וועט עך נאָך דאָרט געפינען עפעס אַ פּאָר הויזן !...

— ס'דען ! ר'האָט זיי גאַנצערהייט אַרויסגענומען, אַ כּיבע ר'האָט זיי אויפן וועג פאַרלוירן.

— די שיקסעס האָבן שוין געזוכט, ס'האָט זיי ווער געזאָגט דערפון.

— כּדי זיי האַנקען אַוועקצוטראָגן — האָבן זיי אַזוי אײַנגעטענהט, אַרויסזעצנדיק מיט אַ געלעכטער.

— שטילערטס, פּיסקאַטשעס, קוקטס זיי אָן ! אויף צו זאַ־באַווע האָבן זיי זיך צוזאַמענגענומען און ווילן דאָ די עיין שטשירען אויף אַ פרעמד אומגליק ! — האָט דער צעבייזערטער סאָלטיס אַ געשריי געטון. — אַהיים באַבעס ! וואָס שטייט עך דאָ ? צ'האָט שוין גענוג אָנגעמאָלן מיט די צונגען — און ר'האָט זיך אַ וואָרף געטון זיי צו צעיאָגן.

— אַ זאַשע ענק צו אונדז ! היטס ענק אָפּ ענקערס, אַז עך זענט דערויף געשטעלט געוואָרן ! — האָט די קאָזלאָווע אַ געשריי געטון אַזוי שטאַרק, אַז דער סאָלטיס האָט נאָר אויף איר אַ קוק געטון, אויסגעשפּיגן און אַרײַנגעגאַנגען אין הויף אַרײַן, און קיינער האָט זיך אַפילו פון אָרט נישט גערירט. די באַבעס ווידער האָבן אָנגעהויבן מיט די טרעפּעס צו זיך צוצושאַרן דאָס פאַרטוך, באַטראַכטן עס, און עפּעס שטיל און מיט צאָרן אײַנגעטענהט.

— אַזעלכע דאַרף מען ווי אַ מכשפה מיט אַ פּאָמיעטלע פון דאָרף אַרויסצוטראַנספּאָרטירן ! — האָט די קאָבוסאָווע אויפן קול אויסגעשריגן.

— אַוודאי ! איבער איר איז דאָס אַלץ ! איבער איר !

— האָט די שיקאָרעכע צוגעבאָמקעט.

— אָבער עך זעט ? פאַן יעזוס האָט אָפּגעהיטן, אַז דאָס גאַנצע דאָרף זאָל נישט מיטן רויך אַוועק ! — האָט די סאָכאָווע אַ מורמל געטון.

— טאַקע אַזוי, אַ נס, אַן אמתער נס!

— ס׳איז קיין ווינט אויך נישט געווען און מ׳האָט אין דער צייט דערזען.

— און עמעצער האָט אין גלאָק אַ זעץ געטון, וואָרן ס׳דאַרף איז נאָר־וואָס געהאַט איינגעשלאָפן.

— מ׳זאָגט אַפּנים, אַז די בערנטרייבערס זענען פון דער קרעטשמע געגאַנגען און זיי האָבן דאָס די ערשטע דערזען.

— מענטשן מיינע! אָבער באָרינע אַליין האָט דאָך זיי איבער סטויג געכאַפּט און זיי נאָר־וואָס געהאַט צעטריבן, און דאָ האָט באַלד דאָס פייער אַ זעץ אַרויס געטון. כ׳האָב מיר נאָך נעכטן באַ די קלאָנבּיס געטראַכט, אַז ס׳וועט עפּעס זיין, ווי נאָר זיי האָבן זיך ביידע צוזאַמען אַרויסגעטראָגן.

— אַפּנים, ער האָט זיי שוין לאַנג נאָכגעטשאַטעוועט.

— ווי דען! מיין יינגל האָט דאַציילט, אַז נעכטן האָט ער זיך די גאַנצע צייט געדרייט אויפן וועג פאַר קלאנבּס כאַלופּע און זיי געהאַלטן אויפן אויג — האָט די קאָבוסאָווע אונטער דער נאָז געמורמלט.

— זעט מען דאָך טאַקע, אַז אַנטעק האָט דאָס פאַר כעס אונטערגעצונדן.

— ר׳האָט זיך דען נישט כסדר געגראָזשעט?

— ס׳גאַנצע דאָרף האָט דאָך דערפון געוווּסט.

— ס׳האָט זיך געמוזט מיט דעם ענדיקן, ס׳האָט זיך געמוזט! — האָט די קאָזלאָווע אירס צוגעגעבן.

און אין דער צווייטער גרופּע פון די עלטערע באַלעבאָסטעס האָט מען זיך אויך פאַרשידנס געסודעט, נאָר בלויז אַביסל שטילער און ערנסטער.

— דער אַלטער האָט, אַפּנים, יאַגנען אַזוי צעמזיקט, אַז זי ליגט קראַנק באַ דער מוטער... צ׳ווייסט דאָס?...

— ווי דען! באַלד פאַרטאָג, זאָגט מען, האָט ער זי אַרויסגעטריבן, דאָס קופערטל מיט אַלע שמאַטעס איר נאָכגעשיט — האָט די באַלצערקאָווע, וואָס האָט ביז איצט געשוויגן, צוגעוואָרפן.

— רעדטס נישט גלאַט אין דער וועלט אַריין, כ׳בין

ערשט נאָר־וואָס געווען אין דער כאַלופּע, דאָס קופּערטל שטייט אויף זיין אָרט — האָט די פלאָשקאָווע דערקלערט.

— אָבער שוין אויף דער חתונה האָב איך פאַרויסגעזאָגט, אַז ס׳וועט זיך אַזוי ענדיקן — האָט זי העכער אָנגעהויבן.

— וואָס טוט זיך דאָס, יעזוס מיינער! וואָס טוט זיך דאָס! — האָט די סאָכאָווע אַרויסגעקרעכצט, כאַפּנדיק זיך פאַרן קאָפּ.

— נו וואָס, מ׳וועט אים איינזעצן אין קרימינאַל אַריין, און מיט דעם וועט זיך ענדיקן.

— ר׳האָט זיך דאָס ערלעך פאַרדינט: ס׳גאַנצע דאָרף האָט געקענט מיטן פייער אַוועק!

— כ׳בין שוין געווען אין בעסטן שלאָף, און דאָ גיט לוקאַ, וואָס איז מיט די בערנטרייבערס אַרומגעלאָפן, אַ פּויק אַריין אין פענסטער און שרייט: „ס׳ברענט!” יעזוס מאַריאַ! אין די פענסטער איז רויט, גלייך ווי עמעצער וואָלט מיט גלי־ענדיקע קוילן די שויבן באַשיט, כ׳בין פון שרעק איינגאַנצן פון די כוחות אַנטפאַלן... און דאָ קלינגט דער גלאָק... מענטשן שרייען... — האָט די פלאָשקאָיווע דערציילט.

— אַזוי ווי מ׳האָט נאָר אַ זאָג געטון, אַז באָריגע ברענט, האָט עס מיר באַלד אין מוח אַ זעץ געטון, אַז דאָס איז אַנטעקס אַרבעט — האָט איר עמעץ איבערגעריסן.

— שווייגטס, עץ רעדט, גלייך צ׳וואָלט מיט די אויגן געזען.

— זען האָב איך נישט געזען, אָבער אַלע זאָגן אַזוי...

— נאָך אין פּאָסט האָט יאַגוסטינקע וועגן דעם אַלע מאָל אַ וואָרט אַריינגעוואָרפן.

— אָן שום ספק, מען וועט אים געמען אין קייטן און איינזעצן אין קרימינאַל אַריין.

— וואָס וועט מען אים טון? ס׳האָט עמעץ געזען? ס׳איז דאָ דערויף עדות, וואָס? — האָט די באַלצערקאָווע באַמערקט, וואָרן ז׳איז געווען אַ וואַזשנע סאָנדאָוויצע און האָט זיך געקענט אויף די געזעצן.

— דער אַלטער האָט אים דען נישט געכאַפּט?...

— ר'האָט אים געכאַפּט, אָבער באַ עפּעס אַנדערש, און אַפילו ווען ר'וואָלט געזען אונטערצינדן, קען ער נישט עדות זאָגן, וואָרן ר'איז אַ פאָטער און זיי האָבן צווישן זיך געלעבט צעקריגט.

— דאָס איז דעם סאָנדס עסק. אָבער ווער איז שולדיק קעגן גאָט און לייט, אויב נישט די דאָזיקע צויג, יאַגנע? האָ! — האָט די באַלצעראָווע ווידער אויפגעהויבן איר שטרענגע שטימע.

— אמת! אוודאי! אַזאַ נבלה, אַזאַ זינד — האָבן זיי שטילער געמורמלט, זיך צונויפגעשלאָגן אין אַ קופּע און אָנגעהויבן איינע נאָך דער אַנדערער אירע זינד צו דערמאָנען.

— זיי האָבן גערעדט וואָס אַ מאָל העכער, און האָבן וואָס אַמאָל פאַרביסענער געזידלט יאַגנען. זיי האָבן אַצינד אויסגערעכנט, אַלץ וואָס ס'איז נאָר געווען און וואָס ס'איז נישט געווען, וואָס איינע האָט נאָר ווען עס איז געהערט אָדער אַליין אויף איר אויסגעטראַכט; אַלע זייערע אַמאָליקע קרענקונגען האָבן אין די נשמות אויפגעציטערט, האָבן ווי אַ האָגל פון שטיינער אויף איר זיך געשיט. פאַרשידענע צונעמען, אויסגעטראַכטע מעשיות, דראָונגען, בייזע און פיינדלעכע ווערטער, אָן אויפגעקאָכטער כעס, אַז ווען זי וואָלט זיך אין דער רגע באַוויזן, וואָלטן זיי זיך אָן שום ספק אויף איר מיט די פויסטן געוואָרפן.

די פויערן ווידער אין אַ צווייטער קופּע האָבן איינגעטענהט רויקער, אָבער זענען נישט ווינציקער פאַרביסן אויף אַנטעקן אָנגעפאַלן; אַ צאָרן האָט פאַמעלעך אַלע הערצער אַרומגעכאַפּט, אַ טיפע, שרעקלעכע אויפרעגונג האָט מיטן עולם געוויגט, געבליצט אין די אויגן מיט דונערן. אַז נישט איין פויסט האָט זיך דראָענדיק אויפגעהויבן, גרייט אַראָפּצופאַלן, נישט איין הארט וואָרט ווי אַ שטיין האָט אַ וואָרטשע געטון, אַז אַפילו מאַטעוש, וועלכער האָט לכתחילה פאַרטיידיקט, האָט אויך שוין אויפגעהערט, נאָר צום סוף בלויז אויסגערופן:

— דער שכל האָט אים געמוזט אָפּגענומען ווערן, אַז ר׳האָט זיך אונטערגעשטעלט אויף אַזאַ זאַך!

אָט דאָ איז דער קאָוואַל אַן אויפגערעגטער אַ שפּרונג צו געטון און אָנגעהויבן אויפּווייזן די באַלעבאַטים, אַז אַנטעק האָט שוין לאַנג געדראָט מיט אונטערצינדן, אַז דער אַלטער האָט שוין לאַנג געוווּסט דערפון און פלעגט גאַנצע נעכט היטן.

און איך וואָלט געשווירן, אַז ער האָט דאָס געטון, איבעריקנס, זענען דאָך דאָ עדות, זיי וועלן עדות זאָגן און עס מוז זיין אַ שטראָף פאַר אַזעלכע! ס׳מוז! ער האָט זיך דען נישט כסדר צוזאַמענגערעדט מיט די פאַראָבקעס, ר׳האָט דען נישט געבונטעוועט קעגן די עלטערע, ר׳האָט דען נישט אָנגערעדט צו אַלדאָס בייז! כ׳ווייס אַפילו מיט וועמען, כ׳ווייס, כ׳קוק אַפילו אויף זיי, זיי הערן מיך אַצינד און זיי האָבן נאָך די העזה צו פאַר טיידיקן אַזעלכן! — האָט ער דראָענדיק געשריגן. — אַ מגפה־קומט אויפן גאַנצן דאָרף פון אַזעלכן, אַ מגפה, אין קרימינאַל אַריין אים, קיין סיביר, מיט שטעקנס אים ווי אַ משוגענעם הונט דער־ממיתן, וואָר׳ן נישט גענוג ס׳איז אַ גאָטס לעסטערונג, מ׳זאָל מיט אַן אייגענער שטיפמאַמען... און דאָ גייט ער נאָך אונטערצינדן! אַ נס נאָר, וואָס דאָס גאַנצע דאָרף איז נישט אַוועק! — האָט ער ליידנשאַפטלעך געשריגן. ווייזט אויס, ער האָט געהאַט עפּעס אַן אויסרעכנונג דערביי.

דאָס האָט באַמערקט ראָכאָ, וועלכער איז געשטאַנען מיט קלאָנבן אָן אַ זייט און האָט אויסגערופן:

— עך טרעט אַרויס אַזוי שאַרף קעגן אים, כאָטש נעכטן האָט עך נאָך מיט אים אין קרעטשמע געטרונקן.

— אַ שונא איז מיר יעדער איינציקער, וועלכער האָט דאָס גאַנצע דאָרף פאַר דזשאַדעס געקענט אויסשטעלן!

— אָבער דער דזשעדזשיק איז נישט ענקערס קיין שונא! — האָט קלאָנב ערנסט צוגעוואָרפן.

ער האָט זיי פאַרשריגן, אויך אַנדערע האָבן געליאַרמט, און דער קאָוואַל האָט זיך אַריינגעלאָזט צווישן עולם, אונטער־געהעצט, צו נקמה גערופן, נישט געשטויגענע זאַכן אויף אים

אויסגעטראַכט, ביז דער המון איז פֿײַן גרונט אויפֿגערודערט ג,
וואָרן און האָט אויפֿגעבערדיזט, זיי האָבן הויך אָנגעהויבן צו פֿאָדערן
מ׳זאָל ברענגען דעם אונטערצינדער, שליסן אים אין קייטן און צו
דער רעגירונג אים אַוועקפֿירן, און אַנדערע, היציקערע, האָבן זיך
שוין באָך שטעקנס אומגעקוקט און געוואָלט לויפֿן אים אַרויסשלעפּן
פֿון דער כאַלופּע און אַזוי אָנקיילן, אַז ער זאָל אויפֿן גאַנצן לעבן
האָבן צו געדענקען!... צום מייסטנס האָבן דאָס עקשנותדיק געפֿאָדערט
יענע, וואָס אַנטעק האָט זיי נישט איינמאָל די זשעבערס מיטן
שטעקן אָנגעבראָכן...

ס׳האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ ליאַרם, געשרייען, קללות דראָ-
ונגען און אַזאַ טומל, אַז דער עולם האָט זיך צוזאַמענגע-
קווילט און זיך געוואָרפֿן, פּונקט ווי אַ געדיכטער וואַלד פֿון
שטורמווינט געשמיסן, און האָט זיך אָנגעהויבן וואַקלען, זיך
שלאָגן, פּונקט ווי אַ פֿאַרפֿלייצונג אָן די פּלויטן, שפּאַרן זיך צו די
טויערן און אויפֿן וועג אויסגיסן. אומזיסט איז דער וואָיט צוגע-
שפּרונגען באַרויִקן, אומזיסט האָט דער סאָלטיס און די עלטע-
רע מענטשן זיי אויסגערעדט און געגעבן צו פֿאַרשטיין, זייערע
שטימען זענען פֿאַרלוירן געגאַנגען אין דעם גיהנומדיקן טומל
און זענען אַליין מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטראָם און געמוזט
גיין צוזאַמען מיט די איבעריקע. קיינער האָט נישט געהאָרכט,
נישט קיין אַכט געלייגט אויף זייערע רייד, יעדער האָט זיך
געריסן, געוואָרפֿן, געשריגן, וויפֿיל ער האָט נאָר געהאַט כּוח,
גלייך אַ ווילד משוגעת וואָלט זיי אַלע מיט אַ וויכער פֿון נקמה
אַוועקגעטראָגן...

מיטאַמאָל האָט זיך די קאָזלאָווע גענומען אַרורכרייסן
פֿאָרויס מיט געוואַלטיקע קולות:

— ביידע זענען שולדיק, ביידע זאָל מען אַהערברענ-
גען צו שלעפּן און באַשטראָפֿן זיי אויפֿן שרפֿה-פּלאַץ...

די באַבעס און צומייסטן די קאָמאָרניצעס און ס׳גאַנצע
ביסל אָרימקייט האָבן איר געגעבן און מיט אַן אוממענטש-
לעך געשריי, צעפּאַטלטע, אינגאַנצן אָן באַוווסטזיין האָבן זיי
זיך געריסן לעבן איר פֿאָרויס דורך דער צעווילדעוועטער גע-

דיכטעניש ווי אַ רוישיקער שטראָם. ס'האָט זיך אויפגעהויבן אַ גע-
טומל און אַ געפּישטש אין דעם שמאָלן הויף-דורכגאַנג, וואָרן
אַלע האָבן זיך אויף איינמאָל געשטופּט, אַלע האָבן געשריגן,
אַלע האָבן געשאָקלט מיט די פויסטן, מיט כוח זיך אַדורכגע-
פּאַקט, די אויגן האָבן אכזריותדיק געגלאַנצט און אַ פאַרפלאָנ-
טערטער, ווילדער געטומל האָט געשלאָגן פון זיי, פּונקט ווי
דאָס ריזלען פון אויפגעשטורמטע וואַסערן, ווי די שטימע פון
דעם אַלגעמיינעם צאָרן, וואָס האָט אַלע הערצער מיט אַ פלאַם
אַרומגענומען, זיי האָבן זיך וואָס אַמאָל שטאַרקער און שנעלער
געפּאַקט, נאָר די, וואָס זענען געגאַנגען פון פאָרנט, האָבן מיט-
אַמאָל אָנגעהויבן צו רופן:

— דער גלח גייט מיטן פּאַן יעזוס! דער גלח!

דער המון האָט זיך אַ ריס-געטון ווי אויף דער קייט,
זיך אַ וויג געטון און געלאָזט זיך אויפן וועג אַרויס.
ער איז שטיין געבליבן, צעפאַלן געוואָרן אויף פּיצלעך, זיך
איינגעשטילט, ביז ר'איז פּלוצלינג אינגאַנצן אַנטשוויגן גע-
וואָרן, אויף די קני געפאַלן און די אַנטבלויזטע קעפּ
איינגעבויגן...

וואָרן דער גלח איז טאַקע אָנגעקומען פון קלויסטער
מיט פּאַן יעזוסן; יאַמבראָזשי איז געגאַנגען פאָרויס מיט אַן
אָנגעצונדענער לאַמטער און צוגעקלונגען...

ר'איז שנעל פאַרבייגעגאַנגען, און ווען ר'האָט זיך שוין
אַרויסגעזען נאָר ווי דורך אַ פאַרפרוירענער שויב אין דעם דאָ-
זיקן געדיכטן, שנייִקן נעפּל — האָבן זיי זיך אָנגעהויבן אויפ-
צושטעלן פון דעם קניִען.

— צו די פיליפּקען גייט ער, זי איז אַפּנים אַזוי דער-
פרוירן געוואָרן נעכטן אין וואַלד, אַז פון פאַרטאָג אָן זשיפּעט
זי קוים, מיזאָגט, אַז זי וועט ביז נאַכט נישט אויסהאַלטן.

— מ'האָט אים אַרויסגערופן אויך צו באַרטעקן פון
טאַרטאַק...

— ער איז דען קראַנק געוואָרן?

— ווי הייסט, צ'ווייסט נישט? אַ בוים האָט אים אַזוי

צוגעקוועטשט, אַז ס'וועט פּעוונע פון דעם פייער שוין קיין לייט גישט זיין... — האָט מען שטיל געדעדט, נאָכקוקנדיק דעם גלח.
עטלעכע באַלעבאָסטעס האָבן זיך געלאָזט נאָך אים, כּדי צו אַסיסטירן אים, און אַ גאַנצע מחנה שקצימלעך איז נאָכגע-לאָפן, אַדורכהאַקנדיק דעם סטאַוו צו דער מיל-צו; די רעשט זוידער איז געבליבן שטיין הילפלאָז ווי אַ סטאַדע שעפּסן, ווען דער הונט יאָגט זיי פּלוצלינג אָן, דער כּעס איז ער-געץ פאַרפאַלן געוואָרן, דער קרעפּטיקער אויסברוך איז צע-שפּריצט געוואָרן, דער טומל איז אַנטשוויגן געוואָרן, און זיי האָבן זיך איבערגעקוקט ווי פון אַ טיפן שלאָף דער-וואַכט, איבערגעטרעטן פון איין פוס אויפן אַנדערן, געקראַצט זיך די קעפּ, און עפּעס געמורמלט. ווייל נישט איינעם איז אַ חרפה געווען, ד'האָט ער נאָר אויסגעשפּיגן, אַראָפּגערוקט דאָס היטל און בגנבה זיך אַרויסגעריקט פון דער חברה, וועלכע האָט זיך צופּיסלעך ווי דאָס וואַסער איבערן וועג צעגאָסן און פאַרשווונדן געוואָרן, אַריינגיסנדיק זיך אין די הויף-איינגענג און אין די כאַלופּעס. איין קאָזלאָווע נאָר האָט טראָץ דעם אַלעם הויך געגאַבלט און געדראָעט אַנטעקן מיט יאַגנען, אָבער זעענדיק, אַז אַלע האָבן זי אויסגעלאַכט, האָט זי גוט אָנגע-שאָלטן, כּדי דער כּעס זאָל איר איבערגיין, צעקריגט זיך מיט ראָכאָן, וועלכער האָט איר אַ פּאָר אמתע ווערטער געזאָגט און איז אַוועק אויפן הויף. צום סוף זענען ווייניק-וואָס מענטשן איבערגעבליבן, בלויז די, וואָס האָבן געוואַכט אויפן אָרט פון דער שרפה און אָפּגעהיטן אַז דאָס פייער זאָל זיך נישט באַנייען.
אויך דער קאָוואַל איז אין פּאָדוואַרזש איבערגעבליבן, אָבער ער איז געווען אין כּעס, וואָס עס האָט זיך אַזוי אויסגעלאָזט, ער האָט געשוויגן, אומרויק זיך אַרומגעדרייט, אַריינגעקוקט אין יעדן ווינקל און אַלע מאָל אָפּגעיאָגט פון זיך לאַפּאַן, וועלכער האָט כּסדר אויף אים געבילן און אָנגעפאַלן...
באָרינע ווידער האָט זיך קיין איין מאָל נישט געוויזן איבער דער דאָזיקער צייט. מ'האָט געזאָגט, אַז ער האָט זיך איינגעגראָבן אין איבערבעט און שלאָפט; איין יוזקאַ נאָר האָט מיט געשוואָלענע

אויגן פון ווייַנען אַלע מאָל אַ קוק אַרויס געטאָן פאַר דער כאַלופּע אויף דעם המון און זי האָט זיך צוריק באַהאַלטן, אַזוי, אַז די יאַגוסטינקע אַליין האָט זיך געפּאָרעט אַרום באַלעבאַטישקייט. אָבער די אַלטע איז אויך הייַנט געווען ווי אַ בייסנדיקע בין און ס׳איז נישט מעגלעך געווען צו־צוטרעטן צו איר, ווי נאָך קיינמאָל נישט. מ׳האָט מורא געהאַט זי עפּעס צו פרעגן, ווייל זי האָט דיר אַן ענטפער אָפּ געגעבן, גלייך ווי דו וואָלסט פּאַקזשיוועס אַ לעק געטאָן.

אין סאַמע מיטאָג ווידער איז געקומען צו פאָרן דער שרייַבער מיט די סטראַזשניקעס און אָנגעהויבן צו פאַרשרייַבן די שׂרפה און צו פאָרשן די סיבה פון דעם פייער. פאַרשטייט זיך, אַז אויך די רעשט פון עולם איז זיך אויף אַלע זייטן צעפלויגן, מ׳זאָל זיי אַמאָל פאַר קיין עדות נישט צוציען.

די וועגן זענען פלוצלינג כמעט אינגאַנצן פּוסט געוואָרן, אמת איז אויך, אַזדער שנײ האָט געשיט אָן אַן אויפהער, און אַפילו נאָך אַ נאַסערער, וואָרן נאָך איידער ער האָט די ערד אָנגערירט, איז ער שוין צעגאַנגען און מיט אַ שיטערן בלאָטיקן שנײ אַלץ באַדעקט. פאַר דאָס האָט אין די כאַלופּעס געראָיעט ווי אין אַ בינשטאָק, וואָרן אין ליפּצע האָט זיך געמאַכט אין דאָזיקן טאָג אַ מין אומגעריכטער יום־טוב, ווייניק ווער ס׳האָט געאַרבעט און געדענקט וועגן עפּעס אַזוי, אַז דאָרט און דאָ האָבן די בהמות געריטשעט באַ די ליידיקע זשלויבן, און מ׳האָט זיך נאָר געהאַלטן אין איין באָראַט אומעטום, אָפּט האָט זיך עמעצער אַריבערגעכאַפּט פון איין כאַלופּע אין דער צווייטער, די באַבעס זענען מיט די צונגן געלאָפן, נייעסן האָבן זיך געטראָגן, ווי די קראָען הין און צוריק, פון קוימען צו קוימען, און אין די פענסטער און פאַר די טירן, צי אין די הויף־איינגענג האָבן נייגעריקע פּנימער געהאַלטן אין איין אַרויסקוקן, וואַרטנדיק, צי וועלן טאַקע די סטראַזשניקעס אַנטעקן אַוועקפירן!

די נייגעריקייט און די אומגעדולדיקייט איז געוואַקסן פון שעה צו שעה, און מ׳האָט נאָכנישט געוווּסט קיין זיכערס, וואָרן וואָס אַ ווײַלע, איז עמעץ אַ פּאַל אַרײַן געטאָן אַ דעריאַכמעטער און געזאָגט, אַז זיי זענען שוין געגאַנגען צו אַנטעקן, אַנדערע

האָבן געשוווירן, אַז ער האָט די סטראַזשניקעס אָנגעקיילט, זיך אויסגעריסן פון די קייטן און איז אַוועק אין דער וועלט אַריין, און אַנדערע ווידער האָבן עפּעס אַנדערש דערציילט.

נאָר דאָס איינע איז נאָר געווען אמת, אַז וויטעק איז געלאָפן אין קרעטשמע אַריין נאָך בראָנפן און אַז פון באַרי-נעס קוימען האָט זיך נישקשהדיק גערויכט, מ'האָט זיך דערפון אָנגעשטויסן, אַז מען גרייט צו עפּעס אַ געקעכץ פאַר די סטראַזשניקעס.

און שוין אַרום סאַמע פאַרנאַכט-צו איז פאַרבייגעפאָרן דעם וואָיטס בריקע מיטן שרייבער און מיט די סטראַזשניקעס, אָבער אָן אַנטעקן!

אַ פאַרוווּנדערונג און אַן אַנטוישונג האָט דאָס דאָרף אַרומ-גענומען, וואָרן אַלע זענען דאָך דיר געווען זיכער, אַז מ'וועט אים אַ געשלאָסענעם אין קייטן אַוועקפירן אין קרימינאַל אַריין. בחנם האָבן זיי זיך די קעפּ געבראָכן און איבערגעטראַכט, וואָס דער אַלטער האָט אויפגעגעבן אין פּראָטאָקאָל, ס'האָבן נאָר געוווּסט דערפון דער וואָיט מיטן סאָלטיס, אָבער זיי האָבן גאָרנישט גע-וואָלט זאָגן, דעריבער איז די נייגעריקייט געוואַקסן אָן אַ שיעור און עס האָבן זיך געשפּינען אַלע מאָל אַנדערע אומגלויבלעכע סברות...

די נאַכט איז ביסלעכווייז געוואָרן פינסטער און זייער שטיל. דער שניי האָט געהאַט אויפגעהערט צו שיטן און ס'האָט אַ נעם געטון ווי אויף אַ פרעסטל; וואָרן כאָטש טונקל-גרויע וואָלקנס האָבן זיך איבערן הימל געצויגן, אָבער ווו-נישט-ווו, אין די הויכע בלייזן, האָט אַ בלישטש געטון אַ צעפינקלטער שטערן און אַ שאַרף ווינטל האָט אַ ביסל צוזאַמענגעדריקט דעם ווייך געוואָרענעם שניי, אַז ער האָט געכרופּעט אונטער די פיס. אין די כאַלופּעס האָבן פייערלעך אויפגעבלישטשעט און די מענטשן האָבן זיך צו-זאַמענגעפרעסט אין די ענגע שטובן פאַר די קוימענס, זיך באַ-רויקט נאָך דער אויפרעגונג פון אַ גאַנצן טאָג, נישט אויפהערנ-דיק פונדעסטוועגן צו שפּינען פאַרשידענע סברות און השערות!

וואָרן קיין מאַטעריאַל האָט נישט געפעלט; ווייל אויב מ'האָט אַנטעקן נישט פאַרנומען, הייסט עס דאָך, אַז נישט ער האָט

אונטערגעצונדן, אַלזאָ ווער? — דאָס האָט דאָך נישט געטון יאַגע; קיינער וואָלט דערין נישט געגלייבט, נישט דער אַלטער אַזאַ געדאַנק איז גאָר קיינעם אַפילו אויפן רעיון נישט געקומען!

האָבן זיי געבלאָנדזשעט דעריבער ווי אין דער פינסטערניש, נישט קענענדיק בשום אופן געפונען קיין באַשייד אין דעם דאָזיקן פיינלעכן רעטעניש... אין אַלע כאַלופעס האָט מען גערעדט דערפון און קיינער האָט זיך נישט געקענט דעם אמת דערוויסן. אַזוי פיל איז נאָר פון דעמדאָזיקן אַריינטראַכטן אַרויסגעקומען, אַז דער כעס צו אַנטעקן איז אַריבערגעגאַנגען, אַפילו זיינע שונאים זענען אַנטשוויגן געוואָרן, און די גוטע פריינט, ווי אַ מאַטעוש, האָבן אים ווידער אָנגעהויבן צו פאַרטיידיקן. דערפאַר אָבער האָט זיך אויפגעוועקט אַ שרעקלעך ווידערגעפיל צו יאַגנען און ס'איז אַזש דערגאַנגען ביז עקל פאַר דער שרעקלעכער, שטערבלעכער זינד. די ווייבער האָבן זי ערשט אַ נעם געטון אויף די צונגען און זי אַזוי אַרומגעשלעפט צווישן זיך, ווי איבער די שטעכעדיקסטע דערנער, נישט איבערלאָזנדיק אַפילו אויף איר קיין פיצל גאַנץ לייב. דערביי האָט אויך די דאָמיניקאָוואַ נישט ווייניק אַריינגעכאַפט, זי האָט באַקומען אירס... און נאָך מער האָבן זיי זיך אויף איר געוואָרפן פאַר כעס, ווייל קיינער האָט נישט געוווּסט וואָס מיט יאַגנען טוט זיך, וואָרן די אַלטע האָט אַלע נייגעריקע פון דער שוועל, ווי די פאַסקודנע הונט אָפּגעיאָגט.

נאָר איין זאַך, וואָס אַלע האָבן איינשטימיק און אַלציינס געפילט, איז געווען אַ טיף מיטגעפיל צו האַנקען, אויף וועלכער זיי האָבן באמת רחמנות געהאַט און זי האַרציק באַדויערט, און די קלאָנבאָווע מיט שיקאָרען זענען אַפילו באַלד אין אָוונט אַהינגעגאַנגען צו איר מיט אַ גוט וואָרט, מיטנעמענדיק עפּעס וואָס אין אַ פּעקעלע.

אָט אַזוי איז אַדורכגעגאַנגען יענער טאָג, וואָס מען וועט אים לאַנג געדענקען. צומאָרגנס אָבער האָט זיך אַלץ אומגעקערט צום אַלטן, די נייגעריקייט איז איינגעלאָשן געוואָרן, דער כעס האָט זיך אָפּגעקילט, די אויפרעגונג האָט זיך איינגעשטילט און אָפּגעפאַלן, יעדער איז צוריק אַריין אין זיין געשעפט, אַראָפּגעבויגן דעם

קאָפּ אונטערן יאָך און געטראָגן דעם גורל, ווי גאָט האָט געבאָטן — אָן אַ געמורמל און מיט געדולד.

פאַרשטייט זיך, אַז מ׳האָט גערעדט דאָ און דאָרט וועגן דידאָזיקע געשעענישן, אָבער וואָס אַמאָל זעלטענער און ווינציקער, וואָרן יעדן איינציקן זענען נענטער און בילעכער זיינע אייגענע זאָרגן און דאגות, וואָס יעדער טאָג באַזונדער ברענגט מיט זיך.

ס׳האָט זיך געשטעלט דער מערץ און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן צייטן איינגאַנצן נישט צום אויסהאַלטן. די טעג זענען געווען פינסטערע, טרויעריקע און אַזוי אַדורכגענומען מיט דעם געמיינעם וועטער, מיט די רעגנס, מיט די נאַסע שנייען, אַז ס׳איז שווער געווען דעם קאָפּ פּאַר דער כאַלופּע אַרויסצושטעקן. די זון איז אַזוי ווי ערגעץ־ווו פאַרפאַלן געוואָרן אין דעם דאָזיקן נידעריקן, גרינלעכן מבול פון וואָלקנס און זי האָט אַפילו אויף קיין איין אויגנבליק נישט קיין שיין געגעבן. די שנייען זענען ביסלעכווייז צעגאַנגען, אָדער אונטערגענעצטע, אויפגעטייעטע האָבן זיי זיך געגרינט פון דעם רעגן, פונקט ווי מיט שימל באַוואַקסן. דאָס וואַסער איז געשטאַנען אין די אַקער־גראָבנס און פאַרטרונקען די פלאַכע ערטער און וועגלעך. אין די נעכט פלעגט נעמען אַ פרעסטל, אָבער ס׳איז שווער געווען זיך צו דערהאַלטן אויף די מיט אייז באַדעקטע וועגן און דורכגאַנגען.

אין אַזאַ היינטישער צייט האָט מען אויך גיכער פאַרגעסן אָן דער שרפה, דערצו נאָך האָבן זיך סיי באַרינע, סיי אַנטעק, סיי יאַגנע נישט געוויזן זיך פאַר די אויגן. זענען זיי דעריבער פאַרגעסן געוואָרן ווי דער שטיין אויף דעם אָפּגרונט, וואָס נאָר דאָס וואַסער בערגלט זיך טיילמאָל איבער אים, קנייטשט זיך, ברעכט זיך, רעדלט זיך, גיט אַ מורמל און פליסט ווייטער רויִק.

אַזוי זענען פאַרביי עטלעכע טעג אַזש ביז צום לעצטן, ערב־פאַסט־דינסטיק.

און ווייל די לעצטע טעג זענען געווען ווי אַ האַלבער יום

טוב, האָט זיך דעריבער שוין באַלד פון באַגינען געמאַכט נישט קיין קליינע באַוועגונג אין די כאַלופּעס, וואָרן מ׳האָט אַביסל אויפגערוימט די שטובן, און פון יעדן הויז כּמעט איז עמעץ געפאָרן אין שטעטל אַריין וועגן פאַרשידענע זאַכן, צום מייסטנס נאָך פלייש אָדער כאַטשביק נאָך אַ שטיקל קעלבאַס אָדער שינקע׳ נאָר דאָס ביסל אָרימעלייט נעבעך האָט זיך געמוזט באַגנוגענען מיט אַ הערינג, וואָס מ׳האָט גענומען ביים ייד אויף באָרג און מיט אַ ביסל קאַרטאָפליעס מיט זאַלץ.

באַ די רייכע האָט מען שוין פון סאַמע מיטאָג אָן גע־פּרעגלט פּאָנטשקעס, און נישט קוקנדיק אויף דעם פוילן וועטער׳ האָבן זיך איבערן גאַנצן דאָרף געטראָגן די ריחות פון איבער־געברענטן שמאַלץ, פון געפּרעגלטע פליישן און אַנדערע ריחות׳ וואָס האָבן נאָך מער די שלינגע גערייצט.

די בערנטרייבערס האָבן זיך ווידער אַרומגעשלעפּט פון כאַלופּע צו כאַלופּע מיט זייער אויסטערלישע זאַכן און ס׳האָבן כּסדר און אַלע מאָל פון אָן אַנדערע זייט אַרויסגעזעצט די טומלדיקע קולות פון די שקצימלעך.

אין אָוונט ווידער, נאָך דער וועטשערע האָט מען געמאַכט אַ מוזיקע אין דער קרעטשמע, אויף וועלכער, ווער ס׳האָט נאָר געלעבט און מיט אַ פוס גערירט, האָט זיך אַהינגעאיילט, נישט קוקנדיק אויפן רעגן מיטן שניי, וואָס האָט באַלד פון בין השמשות אָן אָנגעהויבן צו פאַלן.

מען האָט זיך געוויילט מיטן גאַנצן האַרץ, וויפיל עס איז מעגלעך דאָס לעצטע מאָל פאַרן גרויסן פאָסט. מאַטעוש האָט געשפּילט אויף דער פידל, אונטערגעהאַלטן אויפן פלייטל האָט אים פּיעטרעק, באָרינעס פּאַראָבעק, און צוגעפּויקט האָט יאַשעק פּושעוואָטני.

מען האָט געהוליעט מיט חשק, ווי זעלטן ווען אַמאָל און ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, ביז וואַנען דער גלאָק אויפן קלויסטער האָט נישט קיין קלונג געטון אויף אַ סימן, אַז ס׳איז שוין האַלבע נאַכט און ס׳האָט געענדיקט זיך דער ערב פּאָסט; באַלד זענען אַנטשוויגן געוואָרן די מוזיק-קולות, מען האָט אויפגעהערט צו טאַנצן, מען

האָט אין איילעניש אויסגעטרונקען די רעשט פון די פלעשער און די גלעזלעך און דער עולם איז זיך שטיל פונאַנדערגעגאַנגען, אַז ס'איז נאָר איבערגעבליבן יאַמבראָזשי אַ נישקשהדיק אָנגעשיכורטער, חאָרן ער האָט אויף זיין שטייגער אָנגעהויבן צו זינגען פאַר דער קאַטשמע.

נאָר אין דער דאָמיניקאָוועס כאַלופע האָט געבלישטשעט אַ פייערל ביז שפּעט אין דער נאַכט. מ'האָט געשמועסט אַזש ביז צום צווייטן העגער-קרייען, וואָרן ס'זענען געזעסן דאָרט דער וואָיט מיטן סאָלטיס און געמאַכט שלום צווישן יאַגנען מיט באָרינען...

דאָס דאָרף איז שוין לאַנג געשלאָפן, אַ שטילקייט האָט די וועלט אַרומגענומען, וואָרן דער רעגן האָט אַרום האַלבע נאַכט אויפגעהערט, און זיי זענען אַלץ געזעסן און איינגעטעגהט...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

נאָר אין אַנטעקס הויז האָט נישט געהערשט קיין שטילקייט, נישט קיין רויִקער שלאָף, נישט קיין פרייִלעכער לעצטער פלייש-טאָג.

וואָס דאָרט האָט זיך אָפּגעטון אין האַנקעס נשמה דורך די דאָזיקע לאַנגע טעג און נעכט, פון דער מינוט אָן, ווען ער האָט זי אין דער צייט פון דער שרפה פאַר דער כאַלופע געטראָפן און מיט געוואַלט זי געצוווּנגען זיך אומצוקערן, איז ווייסט נאָר אַכיבע איין גאָט אין הימל, אָבער דאָס וועלן קיין שום מענטשלעכע ליפּן נישט דערמאַנען.

און נאָך מער, אַז נאָך אין דער זעלבער נאַכט איז זי אַלץ געוואָר געוואָרן פון ווּפראָנקען.

איז אין איר די נשמה אָפּגעשטאָרבן פון פּיין און זי איז געלעגן ווי אַ נאַקעטער מת, וואָס איז שרעקלעך מיט זיין טויט. דורך די ערשטע צוויי טאָג האָט זי זיך נישט אָוועקגערירט פון דעם שפּין-וואַלעק; שפּינען האָט זי נישט געשפּינט, און זי האָט נאָר גלאָט אַזוי נישט ווילגדיק באַוועגט מיט די הענט, פונקט ווי אַ מענטש, וואָס ליגט אין זיין שטערבלעכן הינערפּלעט פּאַרקויקט מיט דעם ליידיקן, פרעסנדיקן בליק אין זיך אַריין, אין דער ווילדער אָנגעווייטיקטער טרויעריקייט, אין דעם ווייטיקדיקן כאַאָס פון ברענענדיקע טרערן, עוולות און אומגערעכטיקייטן. זי איז

ניסט געשלאָפן איבער דער דאָזיקער צייט, ניסט געגעסן, ניסט געוווסט רעכט וואָס עס טוט זיך מיט איר; זי האָט אַפילו אָן די קינדערס וויינען ניסט בעדענקט, ניסט אָן זיך, ביז ווראָנקאַ האָט זיך אויף איר דערבאַרעמט און זיך פאַרנומען מיט די קינדער און מיטן אַלטן, וועלכער איז צו אַלע צרות נאָך קראַנק געוואָרן נאָך דעם גיין אין וואַלד אַריין און איז געלעגן אויפן פיעקעלעק, קרעכצנדיק אין דער שטיל.

אַנטעק איז אויך — גלייך ער וואָלט אין שטוב ניסט געווען. מיטן טאָג צוגלייך איז ער אַרויסגעגאַנגען און אין דער שפּעטער באַכט זיך צוריקגעקערט, ניסט לייגנדיק קיין אַכט ניסט אויף איר ניסט אויף די קינדער. זי האָט ניסט געקענט באַ זיך פועלן זי זאָל כאָטש מיט אים איין וואָרט אויסרעדן, זי האָט זיך ניסט גע קענט קיין עצה געבן, אַזוי איז איר די נשמה פאַרהאַרטעוועט גע וואָרן פון ווייטיק און פאַרשטאַרט ווי אַ שטיין.

ערשט אויפן דריטן טאָג, האָט זי זיך ווי איבערגעוועקט; זי האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ שרעקלעכן שלאָף, אָבער אַזאַ פאַרענדערטע, גלייך אינגאַנצן אַן אַנדערע וואָלט זיך אויפגעהויבן פון דערדאָזיקער טויטקייט. דאָס פּנים איז באַ איר געווען גראָ, אינגאַנצן ווי פון אַש־קאָליר, מיט קנייטשן דורכגעאַקערט. זי אַ עלטער געוואָרן אויף אַ כך יאָרן, און איז אַזוי אָפּגעקילט געוואָרן, גלייך ווי עמעץ וואָלט זי פון האַלדז אויסגעשניצט; נאָר די אויגן האָבן איר שאַרף און טרוקן געגליט, און דאָס קול האָט זיך איר שטאַרק פאַרהאַקט, דערבייַ איז זי אינגאַנצן פון לייב אָפּגעפאַלן, אַז די מלבושים זענען אויף איר ווי אויף אַ דרענגל געהאָנגען.

זי איז צוריק אויפגעשטאַנען צום לעבן, אויך אינעווייניק איז זי געוואָרן איבערגעאַנדערט, וואָרן כאָטש די אַמאָליקע נשמה אירע איז געווען ווי אויסגעטליִעט אויף אַש, האָט זי אין האַרץ דערפילט עפּעס אַן אויסטערלישן, נאָך ביז אַהער ניסט איבערגעלעבטן כוח, אַן עקשנותדיקע קראַפט פון לעבן און קאַמף, אַ פעסטע זיכערקייט אין זיך, אַז זי וועט בייקומען און וועט איבער אַלע נעמען די אויבערהאַנט.

זי איז באַלד צוגעפאַלן צו די קינדער, וועלכע האָבן

יעמערלעך געוויינט, האָט זיי אַרומגענומען און ס'איז אַ וואונדער וואָס זי האָט זיי נישט דערשטיקט מיט די קושן. און צוזאַמען מיט זיי האָט זי אַרויסגעזעצט מיט אַ לאַנגן זיסן געוויין, נאָכן דעם איז איר ערשט לייכטער געוואָרן און זי איז איינגאַנצן צו זיך געקומען.

זי האָט שנעל אויפגערוימט די שטוב און איז אַריינגעגאַנגען צו ווערקאָנקען דאַנקען איר פאַרן גוטן האַרץ און איבערבעטן זי פאַר די צמאָליקע זינד. ס'איז גיך שלום געוואָרן, די שוועסטער האָט זיך גאָרנישט געוווּנדערט דערויף, נאָר דאָס האָט זי זיך בשום אופן נישט געקענט אויסטייטשן, וואָס האַנקע האָט זיך גאָרנישט באַקלאָגט אויף אַנטעקן, נישט געזידלט אים, נישט געקלאָגט זיך אויף איר גורל; ניין, גלייך ווי די דאָזיקע זאַכן וואָלטן שוין לאַנג געהאַט אָפּגעשטאָרבן און אַריינגעפאַלן אין פאַרגעסנהייט, נאָר, וואָס צום סוף האָט זי שאַרף אַ זאָג געטון

איך פיל מיך אַצינד, פונקט ווי אַן אלמנה, מוז איך פאַרשטייט זיך, אַצינד שוין אַליין דאגהן וועגן די קינדער און רעגן אַלעם.

און איינגיכן, נאָך אין זעלבן טאָג, אַרום פאַרנאַכט-צו, איז זי געגאַנגען אין דאָרף אַריין צו די קלאָנביס און צו אַנדערע באַקאַנטע, כדי זיך צו דערוויסן, וואָס עס הערט זיך דאָרט באַ די באָרינעס... וואָרן זי האָט גוט געדענקט זיינע אַרויסגעזאָגטע רייד דאָמאָלס באַם צעשיידן זיך.

אָבער זי איז נישט באַלד געגאַנגען צו אים, זי האָט נאָך צוגעוואַרט עטלעכע טעג, זיך שלאָגנדיק מיט דער דעה, צי זי זאָל זיך אים ווייזן פאַר די אויגן אַזוי גיך נאָך דעם אַלעם.

ערשט דעם צווייטן מיטוואָך, אין אַש-מיטוואָך*), נישט צו גרייטנדיק אַפילו קיין אָנבייסן, האָט זי זיך גוט אַרומגעהילט,

*) דער מיטוואָך אין דער ערשטער פאָסט=וואָך.

די קינדער אַוועקגעגעבן אונטער וועראָנקעס אויפזיכט און גענוי־
מען זיך צום אַרויסגיין.

— וווהין פאַרנעמסטו דיך עס אַזוי פרי? — האָט אַנטעק
אַ פרעג געטון.

— אין קלויסטער אַריין, ס'איז היינט דער אַש־מיטוואָך —
האָט זי אָן חשק און אויסמיידנדיק אָפּגעענטפערט.

— מאַכסט נישט קיין אָנבייסן?

— גיי דיר אין קרעטשמע אַריין, דער ייִד וועט דיר נאָך
באָרגן — האָט זיך איר נישט ווילנדיק אַרויסגעריסן.

ר'איז אויפגעשטאַנען, ווי ס'וואָלט אים עמעצער מיט אַ
שטעקן אַריינגעציילט, אָבער נישט לייגנדיק קיין אַכט דערויף,
איז זי אַרויסגעגאַנגען.

זי האָט שוין נישט קיין מורא געהאַט אַצינד פאַר זיינע
געשרייען און פאַר זיין כעס, ווי אַ פרעמדער און ווי זייער אַ
ווייטער האָט ער איר אויסגעזעען, אַז זי האָט זיך איצט אַליין
דאָס געוווּנדערט, און כאָטש טיילמאָל האָט בײַ איר עפּעס
אויפגעציטערט, ווי אַ לעצט פלעמל פון דער אַמאָליקער ליבע,
ווי אַ גליִענדיקע קויל וואָס איז פאַרדישעט געוואָרן פון צרות
און צעטרעטן געוואָרן, האָט זי דאָס געלאָשן אין זיך מיטן
באַוווּסטזיין, מיט דער קראַפט פון די דעריִנערונגען פון די
דאָזיקע קיינמאָל נישט איבערגעוויטיקטע עוולות.

אַקוראַט זענען טאַקע מענטשן געגאַנגען אין קלויסטער
אַריין, ווי זי האָט זיך אויפן טאָפּאָלן־וועג אַראָפּגעדרייט.

דער טאָג האָט זיך געשטעלט אַן אויסטערליש ליכטיקער און
אַן אויסגעלייטערטער, די זון האָט געשיינט פון סאַמע אויפגאַנג
אָן; דאָס נאַכטיקע, פעסטע פרעסטל האָט נאָך נישט געהאַט גע־
לאָזט אין דעם פייכטן וועטער; פון די שטרוי־דעכער האָבן שניי־
ווייז געקאַפּעט בלישטשענדיקע פאַטשערקעס, און די געפרוירענע
וואַסערן איבער די וועגן און ראָוועס האָבן געגלאַנצט ווי די
שפּיגלען. די באַפּראַסטיקטע ביימער האָבן זיך צעפינקלט אין דער
זון, האָבן געפלאַקערט און ווי מיט אַ זילבערן געוועב אויף דער
ערד געפלויגן; דער רייגער, בלויער הימל, פול מיט קלײנע מילך־

וואָלקנדלעך, האָט זיך אויף דער זון געשפּילט ווי אַ צעבליט ליאַ־נען־פעלד, ווען אַ סטאַדע שעפּסן לאָזן זיך דערין אַריין און פאַר־זונקען אַזוי, אַז מען זעט זיי קוים די רוקנס אַרויס. ס'האָט אַ צי־געטון אַ ריינע, פּראָסטיקע לופט און אַזאַ פרישע, אַז דער מענטש האָט זי מיט תענוג איינגעטעמט. די גאַנצע וועלט האָט אויפ־געלעבט, ס'האָבן געגלאַנצט די קאַלוזשעס און מיט גאָלדענע שטראַלן האָבן געשעמערירט די צעגלאָזטע שנייען; אויף די וועגן האָבן זיך די קינדער געהאַלטן אין איין גליטשן און פריידיק גע־שריגן, ווו־נישט־ווו האָט זיך אַן אַלטער אויגטער אַ וואַגט אויף דער זון אַרויסגעשטעלט; אַפילו די הינט האָבן געבילן מיט פרייד, צעיאָגנדיק אַ טשאַטע קראָען, וואָס האָבן זיך אַרומגעשלעפּט זוכן עסן — אַ וואונדערלעכער מבול פון שטראַלן האָט די גאַנצע וועלט פאַרגאָסן מיט אַ לויטערער ליכטיקייט און כמעט מיט אַ פרילינג־דיקער וואַרעמקייט.

אין קלויסטער אָבער האָט אויף האַנקען אַ הויך געטון מיט אַן אַדורכנעמענדיקער קעלט און מיט אַ טיפער, תפילהדיקער שטילקייט, מען האָט שוין אָפּגעריכט פאַרן גרויסן אָלטאַר דאָס שטילע גאָטעס דינסט, דער עולם האָט אין פרומער קאָנצענטרירט־קייט און תפילהדיקער שטימונג געדיכט פאַרלייגט דעם גאַנצן אינעווייניק פון קלויסטער, וואָס איז געווען באַגאָסן מיט שטראָמען ליכט און עס זענען נאָך אַלץ אָנגעקומען פאַרשפּעטיקטע.

אָבער האַנקע האָט זיך נישט געשטופּט צו די מענטשן. זי איז אַוועקגעגאַנגען אויף אַ זייטיק אָרט אין קלויסטער אינגאַנצן אַ ליידיקס און אַזאַ פינסטערס, אַז נאָר ווו־נישט־ווו האָבן זיך געגעלט גאָלדענע פלעקן פון אייזיקע, שמאָלע פאַסן ליכט. זי האָט געוואָלט איבערבלייבן איינע אַליין מיט איר אייגענער נשמה און מיט גאָט. זי האָט אַנידערגעקניט פאַרן הימלישן אָלטאַר, אַ קוש געטון די ערד, צעשפּרייט די הענט, און אַן איינגעקוקטע אין דעם זיסן פּנים פון דער דערבאַרמדיקער מוטער, איז זי פאַרזונקען אין אַ געבעט.

דאָ האָט זי ערשט אויסגעגאָסן איר ביטער האַרץ. צו די הייליקע פיסלעך פון דער טרייסטערין האָט זי איר בלוטיק־

פֿאַרוווּנדעטע נשמה מיט דער טיפֿסטער הכנעה און גרענעצ־לאָזן בטחון אַוועקגעלייגט און זיך האַרציק מתוודה געווען. פֿאַר דער מוטער און האַרינטע פֿון דער גאַנצער וועלט האָט זי חרטה געהאַט אויף אַלע זינד, וואָרן זי איז אַוודאי זינדיק געווען, אויב דער פֿאַן יעזוס האָט זי אַזוי באַשטראָפֿט, יאָ זינדיק!

„און זי איז דאָך געווען אַ נישט פֿאַרגינערין פֿאַר אַנדע־רע, און זיך גרויס געהאַלטן איבער אַנדערע און אַ מחלוקת־ניצע, און אַן אומריינע; און זי האָט אויך ליב געהאַט גוט אָפּצועסן, און צו פֿוילן זיך; און זי האָט אויך דאָס גאָט דינען פֿאַרנאַכלעסיקט — זי איז געווען זינדיק" — האָט זי אין זיך געשריגן מיט אַ צעגליטער, מיט אַ בלוט־פֿאַר־גאָסענער ווייטיק פֿון חרטה, אַז ס'איז אַ וווּנדער, וואָס דאָס האַרץ האָט איר נישט געפּלאַצט. און זי האָט געבעטן וועגן רחמים, פֿאַר אַנטעקס שווערע זינד און שולד, זי האָט געבעטלט רחמנות און זיך געוואָרפֿן מיט האַרציקער בקשה, פּונקט ווי דאָס פֿייגעלע, וואָס אַנטלויפֿט פֿאַרן טויט און קלאַפּט מיט די פֿלי־געלעך אין די שויבן, וואַרפֿט זיך, פּישטשעט אַזוי יעמערלעך, מ'זאָל עס ראַטעווען...

זי איז אויפֿגעטרייסלט געוואָרן פֿון געוויין און צעגליט געוואָרן פֿון די בקשות און תחנונים, פֿון דער נשמה איז ווי פֿון אַן אָפֿענער ווּנד געפֿלאָסן אַ קוואַל פֿון תפֿילות און גע־וויין, וואָס האָבן זיך ווי בלוטיקע פּערל איבער דער קאַלטער פּאָדלאָגע צעשפּרייט.

די גאָטעסדינסט האָט זיך געענדיקט און דער גאַנצער עולם איז מיט חרטה און אויך מיט געוויין צוגעטרעטן צום אָלטאַר, מיט הכנעה די קעפּ איינגעבויגן אונטערן אַש, מיט וועלכן דער גלח האָט מיט אַ הויכער תשובה־תפֿילה באַשיט די אַנידערגעקניטע.

האַנקע איז, נישט וואַרטנדיק אויפֿן סוף פֿון דער דאָזי־קער אַש־פֿייערלעכקייט, אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן, פֿילנדיק זיך אַ סך מער בײַ די כּוחות און אינגאַנצן אָנגעטרויט אויף גאָטס הילף.

מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ האָט זי אָפּגעענטפערט אויף די באַגריסונגען פון די מענטשן און אומדערשראָקן גע־גאַנגען צווישן די נייגעריקע בליקן, און דרייסט כאַטש מיט אַ ציטער אין האַרץ האָט זי זיך אָפּגעדרייט צו באָרינעס פּאָדוואָר.

גאָט מיינער, אַזאַ לאַנגע צייט האָט זי דאָ מיט קיין פוס נישט געטרעטן, און ווי אַ הונט האָט זי נאָר שטענדיק פונדערווייטנס און מיט ווייטיק אַרומגעקרייזלט; זי האָט טאַקע ערשט מיט אַזאַ ליבלעכן בליק אַרומגענומען דאָס הויז מיט די געביייען, די פלעטער און יעדעס ביימעלע, וואָס האָט אין פאַר־פרוירענעם טוי געגלאַנצט און וואָס זי האָט אַזוי גוט געדענקט, גלייך עס וואָלט פון איר האַרץ אַרויסגעוואַקסן, ווי ס׳וואָלט פון איר בלוט געווען.

די נשמה האָט זיך אין איר צעשמייכלט פון שמחה, אַז זי איז גרייט געווען די דאָזיקע הייליקע ערד אויסצוקושן, און ווי זי איז נאָר אויפן גאַנעק אַרויפגעטרעטן, האָט זיך לאַפּאַ צו איר מיט אַזאַ פרייליך געיאָמערײ אַ וואָרף געטון, אַז יוזקאַ האָט אַזש אַ קוק אַרויס געטון אין פעדערהויז אַריין, און איז געבליבן שטיין אַ דערשטוינטע, נישט גלייבנדיק אירע אייגענע אויגן.

— האַנקאַ! אום גאָטעס ווילן! האַנקאַ!

— יעך בין דיר דאָס, יעך, דעקענסט מיך נישט, צי וואָס? דער טאַטע איז אינדערהיים?

— טאַטש, זיי זענען דאָך אין דער כאַלופּע, זיי זענען דאָ... אין צ׳זענט טאַקע געקומען... האַנקאַ!... — און דאָס מיידל האָט זיך צעוויינט, קושנדיק איר די הענט ווי אַן אייגענער מאַמען.

דערהערנדיק דאָס קול, איז דער אַלטער אַליין אַרויס־געגאַנגען אַקעגן און זי אין שטוב אַריינגעפירט; זי איז אים מיט אַ געוויין צו די פיס געפאַלן, געררירט פון דעם, וואָס זי האָט אים דערזען און פון די דערינערונגען וואָס האָבן פון יעדער ווינקל פון דערדאָזיקער ליבער כאַלופּע געשלאָגן. זי האָט זיך אינגיכן באַרויִקט, וואָרן דער אַלטער האָט זי אָנגע־

ליבן אויסצופרעגן וועגן די קינדער און מיט מיטגעפיל האָט ער זי און איר אייסגעצערטקייט באַדויערט. זי האָט אַלעס דערציילט, גאָרנישט פאַרהוילנדיק פון אים. זי איז נאָר דערשראָקן געווען פון דער שבֿוי, וואָס איז אין אים פאַרגעקומען, וואָרן ער איז זייער געעלטערט געוואָרן, אויסגעטרוקנט געוואָרן ווי אַ שפּאָן און זיך שטאַרק איינגעבויגן. בלויז דאָס פּנים איז אים פאַרבליבן דאָס אַמאָליקע, נאָר נאָך מער פאַרביסן און שטרענג.

זיי האָבן לאַנג גערעדט צווישן זיך, נישט דערמאַנענדיק אַפילו קיין איין מאָל נישט אַנטעקן, נישט יאַגנען, זיי האָבן זיך ביידע געהיטן אָנצורירן דידאָזיקע אָנגעשוואָלענע ווייטיקן, און ווען האַנקע האָט זיך אין אַ שעה אַרום גענומען צום אַרויסגיין, האָט דער אַלטער געהייסן יוזקען איינפּאַקן אין טאָרבעלעך וויפיל ס׳קען נאָר אַריין, און וויטעק האָט עס אַזש געמוזט אויפן שליטעלע פירן, וואָרן זי וואָלט עס אַליין נישט געקענט דערשלעפּן. און באַם אַוועקגיין האָט ער איר נאָך געגעבן אַ פּאָר גילדן אויף זאַלץ און געזאָגט:

— קום-זשע צו גיין אָפטער, כאָטש אַלע טאָג, מ׳ווייסט נישט וואָס עס קאָן מיט מיר געשען, גיב-זשע אַכטונג אויפן הויז, יוזקאַ איז דיר נישט דאַגעגן.

און מיט דעם איז זי אַוועקגעגאַנגען, פאַרטראַכטנדיק זיך אויפן וועג איבערן טאַטענס רייד, אַז זי האָט אַפילו ווייניק אַכט געלייגט אויף וויטעקס מעשיות, וואָס ער האָט איר איינגערוימט, אַז דער וואָיט מיטן סאָלטיס קומען כּלומרשט אַלע נאַכט צו גיין און יאָגן צו דעם אַלטן צו אַ שלום מיט יאַגנען, אַז דער באַלעבאָס איז אַפילו צום דאָבראָדזשעי געגאַנגען צוזאַמען מיט דער דאָמיניקאָווען, וועלכע האָט נעכטן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין זיך געראָטן מיטן אַלטן; און ר׳האָט געהאַקט אַלץ, וואָס ר׳האָט נאָר געוווּסט, כּדי זיך צו איר צו צולעקן.

זי האָט נאָך אַנטעקן געטראָפן אין דער כאַלופּע. ער האָט זיך פאַראַכטן אַ שטיוול באַם פענסטער און אַפילו אויף איר קיין

קוק נישט געטון, נאָר ערשט דערזעענדיק וויטעקן מיט די פּעק־
לעך, האָט ער זיך מיט כּעס אָפּגערופן:

— ביסט געווען, זע איך, בעטלען...

— אַז כ׳בין דערצו געקומען, אַז כ׳זאָל ווערן אַ בעטלערין,
מוז איך לעבן פון מענטשנס רחמנות.

— נאָר ווען וויטעק איז אַרויסגעגאַנגען, האָט ער אַרויסגע־
זעצט מיט כּעס.

— כ׳האָב דיר אָנגעזאָגט, הינטישע יוכע, אַז זאָלסט צום
טאַטן נישט גיין!

— ער האָט מיך אַליין גערופן צו זיך, בין איך געגאַנגען;
ער האָט מיר אַליין אַלץ געגעבן, האָב איך גענומען, פון הונגער
שטאַרבן וועל איך נישט און אויך די קינדער וועל איך נישט
לאָזן, אַז דיר מאַכט דאָס נישט אויס!

— טראָג עס שוין אָפּ, כ׳דאַרף פון אים גאָרנישט! האָט ער
אַ געשריי געטון.

— אָבער יעך מיט די קינדער דאַרפן מיר.

— כ׳זאָג דיר, טראָג אָפּ, אַדער כ׳וועל אים אַליין אָפּטראָג
און עס אים אין גאָרגל אַריינפּאַקן, זאָל ער זיך דערשטיק
מיט זיין גוטסקייט, דו הערסט, וואָרן כ׳שיט אַלץ אַרויס פאַר דער
טיר!

— פּרוּוו נאָר, ריר נאָר כאָטשביק אָן, וועסטו דאָ באַלד
זען! — האָט זי אַ וואָרטשע געטון, כאַפּנדיק זיך צו דער מאַגלאָוויניצע
גרייט צו פאַרטיידיקן ביזן לעצטן; זי איז אַזוי גרויזאַם און צע־
יאַכמעט געווען, אַז ער איז אָפּגעטרעטן אַ צעמישטער פון דעם
אומגעריכטן ווידערשטאַנד.

— ר׳האָט דיך וואָלוול געקויפט, מיט אַ רעפּטל ברויט, ווי
דעם הונט דאָרט — האָט ער דערשלאָגן אַ מרוק געטון.

— האָסט אונדז און דיך אַליין נאָך פאַר וועלוועלער פאַר־
קויפט, וואָרן פאַר יאַגנעס ספּודניצע! — האָט זי אומבאַרעכנט
אויסגעשריגן, אַז ר׳האָט זיך, ווי מיט אַ מעסער געטראָפן, צונויפ־
געקאָרטשעט. אָבער האַנקאַ איז איצט אַזוי ווי מיט אַ מאָל משוגע
געוואָרן; ס׳האָבן זי פאַרגאָסן די דערינערונגען פון אַלע זיינע עוולות

און זי האָט אַרויסגעזעצט מיט אַ פּלוצלינגן, איבערגעפּולטן קוואַל פון פאָרוואורפן און כּסדר פאַרבאָרגענע ווייטיקן; זי האָט אים שוין גאָרנישט געשאָנקען, זי האָט אים נישט פאַרגעסן קיין איין עברהלע־קיין איין האָר שלעכטס, נאָר האָט אין אים אַרייננעלייגט, נישט ווויסנדיק וואָס ס'טוט זיך מיט איר, ווי מיט צעפּעס, וואָס ווען זי וואָלט געקענט — וואָלט זי אים אין דערדאָזיקער מינוט צום טויט געוועזן דערהרגעט.

ער האָט זיך דערשראָקן פאַר איר ווילדקייט, ס'האָט אים עפּעס אַ צוויק געטון אין דער ברוסט, ר'האָט זיך אַראָפּגעבויגן און נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. דער כּעס איז אים אָפּגעפאַלן אין אַ ביטערע, ברענענדיקע בושה האָט אים אַזוי די נשמה פאַרגאָסן, אַז ער האָט אַ כאַפּ געטון דאָס היטל און אַנטלאָפן פון דער באַלופע.

ער האָט אַ לאַנגע צייט זיך נישט געקענט דערקלערן, וואָס עס איז מיט איר געשען, נאָר ווי אַ פאַרטריבענער הונט האָט ער געיאָגט פאָרויס, נישט וויסנדיק לחלוטין וואָס עס טוט זיך מיט אים, — ווי, איבעריקנס, יעדן טאָג...

פון יענער שרעקלעכער רגע אָן צייט דער שרפה, האָט זיך אין אים אויסגעאַרבעט עפּעס שרעקלעכס, גלייך ווי ער וואָלט אינגאַנצן פון זינען אַראָפּ. צו דער אַרבעט איז ער נישט געגאַנגען, כאָטשיק דער מילנער האָט נאָך אים עטלעכע מאָל געשיקט. נאָר ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט איבערן דאָרף, אין דער קרעטשמע כּסדר געזעסן און געטרונקען, שפּילנדיק וואָס אַמאָל אַלץ בלוטיקערע בקמה־פּלענער און נישט זעענדיק שוין קיין שום אַנדערן אויסוועג אַ חוץ דעמדאָזיקן — אַז עס איז אים שוין אַפילו נישט אָנגעגאַנגען דער חשד, אַז ר'האָט דעם פאָטער אונטערגעצונדן.

— לאָז מיר נאָר דאָס עמעצער אין די אויגן אַריין זאָגן, לאָז זיך נאָר עמעצער דערוועגן! — האָט ער מאַטעוּשן געזאָגט; און געזאָגט האָט ער דאָס אין דער קרעטשמע אויפן קול, כּדי מענטשן זאָלן הערן.

ער האָט דעם ייד פאַרקויפט די לעצטע יאַלעווקע און ז'

באַרטרונקען מיט זײַנע הברהלייט, וואָרן ער האָט זיך אָנגעהויבן חברן מיט די ערגסטע פון דאָרף, ס'זענען צוגעשטאַנען צו אים אַזעלכע, ווי באַרטעק קאָזשיאָל, פיליפּ, וואָס ווױנט הינטערן וואַסער־פּראָנעק דער מילנער־יונג און די ערגסטע פון גולבאַסעס הפקרים־זעלכע זענען שטענדיק געווען די ערשטע צו יעדער אויסבעלאַסנקייט און האָבן זיך שטענדיק איבערן דאָרף אַרומגעשלעפּט ווי די וועלף, אָפּקוקנדיק, וואָס ס'וואָלט זיך געלאָזט עפּעס אַ כאַפּ טון און דעם ייִד אויף בראָנפן אַוועקצוטראָגן, אָבער אים איז אַלציינס געווען ווער זיי זענען, אַבי נאָר מען זאָל זיך אַרום אים קאָמפּאַנירן, וואָרן זיי האָבן אים געחנפעט, ווי די הונטלעך געקוקט אים אין די אויגן אַריין, און כאָטשביק ער האָט זיי טיילמאָל אַפילו אָנגעקיילט, אָבער ער פלעגט אָפט האַלבע קוואַרטירלעך שטעלן און זיי פאַר מענטשן געשיצט.

זיי האָבן טאַקע אַזעלכע געבראַוועריען בשותפות אָנגעמאַכט אין דאָרף — זענען אַנגעפאַלן און געשלאָגן, אַז יעדן טאָג זענען אויף זיי געגאַנגען אָנקלאַגעס צום וואָיט און אַפילו אויך צום דאָבראָדזשעי.

מאַטעוש האָט אים געוואָרנט, אָבער אומזיסט, בחנם האָט אים אויך קלאָנב אויס ריין גוטפריינטשאַפט באַשווירן, אַז ער זאָל ווערן געזעצטער און זיך נישט לאָזן אויפן פאַרדאָרבענעם וועג, אומזיסט האָט ער אים געגעבן צו פאַרשטיין — אַנטעק האָט אַפילו נישט געהאָרכט, נישט געלאָזט צו זיך אַפילו רעדן. ער איז וואָס אַמאָל ווילדער געוואָרן, נאָך מער געטרונקען און דעם גאַנצן דאָרף שוין געדראָט.

און ער האָט זיך אַזוי אַראָפּגעלאָזט אויף דעם פאַרדאָרבענעם וועג, ווי פון אַ משופּעדיקן באַרג אַראָפּ, נישט קוקנדיק אויף גאָרנישט, נישט אויף קיינעם. און דאָס דאָרף האָט נישט אויסגעהערט צו האַלטן אַן אויג אויף אים, וואָרן כאָטש וועגן דעמדאָזיקן אונטערצינדן האָבן פאַרשידענע פאַרש־דנס גערעדט, אָבער זעענדיק, וואָס ער פאַראַרבעט, האָט מען זיך אויף אים וואָס אַמאָל מער אויפגערעגט, און אַז דערצו האָט נאָך דער קאָוואַל שטילערהייט אונטערגעהעצט, האָבן זיך פּאַמעלעך פון

אים אָפּגעקערט אַפילו די אַלטע גוטע פריינט. זיי האָבן אים אויסגעמיטן פונדערווייטנס. די ערשטע קעגן אים אָפן אַרויס־געטרעטן. נאָר אים האָט עס נישט געאַרט, וואָרן ער איז פאַר־בלענדט געווען פון דעם נקמה־געפיל און נאָר מיט דעם איינציקן האָט ער געאָטעמט, צעבלאָזנדיק עס אין זיך פונקט ווי גליִע־דיקע קוילן, כדי עס זאָל מיט אַ פלאַם אַרויסזעצן.

און דערצו נאָך, ווי אַלעמען אויף צו להכעיס, האָט ער מיט יאַגנען נישט אויפגעהערט, צי די ליבע האָט אים דאָרט צו איר בעצויגן, צי עפּעס אַנדערש, גאָט ווייסט אים, — נאָר אין דער דאָמיניקאָוועס שייער זענען זיי זיך צוזאַמענגעקומען, פאַרשטייט זיך, אַז בסוד פון דער מוטער, בלויז שימעק האָט זיי גערן צו־געהאָלפן, זייענדיק זיכער אויף אַנטעקס הילף באַם חתונה האָבן מיט נאַסטקען.

יאַגוש איז צו אים אָן חשק אַרויסגעגאַנגען, שטענדיק אונ־טער דער מורא, גלייך ווי די ליבע וואָלט איר ביזן גרונט פאַר־שטאַרט געוואָרן נאָכן מאַנס ראַפּניק, פון וועלכן זי האָט נאָך געהאַט ווייטיקדיקע צייכנס, אָבער גלייכצייטיק האָט זי אויך מורא געהאַט פאַר אַנטעקן, וואָרן ער האָט איר שטרענג פאָרויסגעזאָגט, אַז אויב זי וועט נישט אַרויסגיין צו אים אויף יעדן רוף, וועט ער אין מיטן העלן טאָג, פאַר אַלעמען אין די אויגן, קומען אין דער כאַלופּע אַריין און זי אָנקיילן נאָך בעסער פון באָרינען.

ב'אַוודאי, צו דעם, וואָס איז אין עמעצנס זינדיקן שולדיק, איילט מען זיך נישט אַזוי אומגעדולדיק, אָבער ווייל ר'האָט זי אונטער פאַרשידענע דראָונגען געצוווּנגען, איז זי צו אים יאָ גערן נישט גערן אַרויסגעגאַנגען.

אָבער דאָך האָט דאָס לאַנג נישט געדויערט, וואָרן עפּעס באַלד אין דעם אַש־דאָנערשטיק, איז שימעק געקומען צו לויפן אין קרעטשמע אַריין, אים אַוועקגעצויגן אין אַ ווינקל און גע־זאָגט, אַז ערשט נאָר־וואָס האָט מען יאַגנען איבערגעבעטן מיטן אַלטן און זי האָט זיך שוין איבערגעטראָגן צו אים.

גלייך מ'וואָלט אים מיט אַ קלאָניצע איבערן מוח דער־לאַנגט, אַזוי האָט אים די דאָזיקע נייעס דערטשמיעליעט, וואָרן

ער האָט זיך נאָך נעכטן אין בין-השמשות געזען מיט איר, און זי האָט אים וועגן דעם קיין וואָרט נישט דערמאָנט.

— זי האָט באַהאַלטן פאַר מיר! — האָט ער אַ טראַכט געטון, גלייך ווי עמעצער וואָלט אים גליִענדיק פייער אין האַרץ אַריינגעשיט, אַז ער האָט זיך קוים אויפן אָוונט דערוואַרט און איז אַוועקגעלאָפן.

ער האָט זיך לאַנג אַרומגעדרייט אַרום פּאָטערס כאַלופּע, זיך איינגעקוקט און אָפּגעוואַרט באַ דעם פּלויט, זי האָט זיך נישט געוויזן אַפילו, ער איז אַזוי אויפגערייצט געוואָרן דערפון און אַזוי ווילד, אַז ר'האָט אויסגעריסן עפּעס אַ דרענגל און איז אַריינגעגאַנגען אין הויף אַריין, גרייט אויף אַלעם, ער איז דעציִדירט געווען כאָטשביק אין דער כאַלופּע אַריינצוגיין — ער איז שוין געווען אויפן גאַנעק און שוין אַפילו באַ דער קליאַמקע געהאַט אָנגענומען, נאָר אין דער לעצטער סעקונדע האָט אים עפּעס אַ וואָרף אָפּ געטון פון דער טיר, די דערינערונג אָן פּאָטערס פּנים איז אים פאַר די אויגן שטיין געבליבן מיט אַזאַ קראַפט, אַז ער האָט זיך אַ דערשראָקענער צוריקגערוקט; ער האָט אַ ציטער געטון איינגאַנצן פון פּחד, האָט זיך נישט געקענט באַהערשן, נאָר שטיל, שרעקעוודיק, בגנבה צוריק זיך אָפּגעטראָגן.

ר'האָט נישט געקענט דערנאָך פאַרשטיין, פאַרוואָס ער האָט זיך אַזוי דערשראָקן. וואָס עס איז מיט אים געשען, אַקוראַט ווי דעמאָלט באַם סטאַוו.

אָבער אויך אין די שפּעטערדיקע טעג האָט ער זיך נישט געקענט מיט איר זען, כאָטש ער איז גאַנצע נעכט אָפּגעשטאַנען באַ דעם פּלויט און זיך געצאַיעט ווי אַ וואָלף.

ער האָט זי אַפילו זונטיק נישט געטראָפן, כאָטש ער האָט אַ לאַנגע צייט באַם קלויסטער אָפּגעטשאַטעוועט.

האָט ער באַשלאָסן דעריבער צו גיין צו דער אָוונט-תפילה, זיכער באַ זיך, אַז ער וועט זי דאָרטן טרעפן און שוין געפינען עפּעס אַ מיטל צו רעדן מיט איר.

ער האָט זיך עטוואָס פאַרשפּעטיקט, וואָרן די אָוונט-תפילה

האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן, דאָס קלויסטער איז געווען פול און אַזוי טונקל, אַז נאָר אונטער דעם סופּיט-געוועלב האָבן זיך נאָך געגרויט די רעשטלעך פונם טאָג; אונטן אָבער, אין דער פינסטערניש, וואָס איז ווי-נישט-ווי באַלויכטן געווען מיטן פלאַם פון די וואַקס-ליכט, האָט געווימלט דער עולם און גע-רוישט ווי אַ טייך, צוּיענדיק זיך צום גרויסן אָלטאַר, וואָס איז געדיכט באַלויכטן געווען. ער האָט זיך דורכגעשטופּט אַזוי ביז צו די קראַטעס און זיך לייכט אַרומגעקוקט, אָבער יאַגנען האָט ער נישט דערזען און נישט קיינעם פון טאַטען; דערפאַר אָבער האָט ער אָפּט אויפגעכאַפּט נייגעריקע בליקן איינגעזויגענע אין זיך און געפילט, אַז ער ציט אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט, וואָרן דאָ האָט דער, דאָ האָט יענער דעם שכן זיינעם עפּעס איינ-גערוימט, אָנווייזנדיק אויף אים בגנבה.

מען האָט שוין געזונגען די ביטערע קלאָג-לידער, וואָרן דאָס איז געווען די ערשטע וואָך פון פאַסט. דער גלח, אָנגעטון אין אַ קיטל, איז געזעסן אין אַ זייט פון אָלטאַר מיט אַ ביכל אין דער האַנט און פון צייט צו צייט אויף אים שטרענג אַ קוק געטון.

דער אָרגל האָט דורכנעמענדיק געברומט און דער גאַנצער עולם האָט ווי מיט איין קויל געזונגען, וויילענווייז אָבער האָבן זיך די שטימען איבערגעריסן, דער אָרגל איז אַנטשוויגן געוואָרן און פון כאָר, ווי ערגעץ פון אונטערן הימל אַפער, האָט זיך דעטראָגן די וויינענדיקע, אָפּגעהאַקטע שטימע פון אָרגאַניסטער, וועלכער האָט געלייענט די באַטראַכטונגען וועגן פּאַן יעזוסעס פּיין.

אַנטעק אָבער האָט גאָרנישט געהערט; ער האָט ביסלעכ-ווייס פאַרגעסן נאָך וואָס ער איז געקומען און ווו ער געפינט זיך, די געזאַנגען האָבן אים דורכגענומען דורך און דורך און האָבן אים איינגעוועבט אין אַ פּישטשענדיקן, וויגנדיקן ניגון, אַז ער אין אויסטערליש אָפּגעשוואַכט געוואָרן, אַ שלעפעריקייט האָט אים אַרומגענומען און אַ טיפע שטילקייט, אַז ער איז ווי איינגעזונ-קען אין ווי געפלויגן ערגעץ-ווו, אין עפּעס אַ ליכטיקייט אַריין. און ווען ער איז צו זיך געקומען און די אויגן אויפגעעפנט, האָט ער זיך בעטראָפן מיטן גלחס בליקן, וועלכער האָט כסדר אויף אים

געקוקט, וואָרן ער איז געווען העפּער פון אַלע, און שוין סונדער־ווייסנס האָט מען אים אַרויסגעזען, דער גלח האָט אים אַזוי דורכגעבויערט, אַז ער האָט אַזש אַוועקגעבויגן דעם שווערן קאָפּ, און ווידער וועגן אַלעם פאַרגעסן. פּלוצלינג האָט ער אויפ־געוואַכט;

„Wisi na krzyżu Pan Stwórca nieba,
Płakać za grzechy człowiecze trzeba".

דאָס גאַנצע קלויסטער האָט אַ ברום געטון, אַזוי ווי פון עפּעס איין אומדאַגרייפבאַרן האַלדז אַרויס, ס'האָט זיך אַרויס־געריסן דאָס געשריי און אַ זעץ געטון מיט אַזאַ דורגעווייינטן קרעכץ, אַז די מויערן האָבן זיך אַזש אַ טרייסל געטון, דער עולם האָט זיך פון דעם קניִען אויפגעריסן, צוזאַמענגעקנוילט זיך און אַ דונער געטון אויף איין מאָל מיט אַלע שטימען, מיט דער פולער נשמה געזונגען און מיט דעם פולן געוויין פון תשובה טון.

זיי האָבן אָפּגעזונגען און לאַנג נאָך האָבן זיך איבערן קלויסטער געטראָגן די קרעכצנדיקע, שמערצלעכע ווידער־קולות און דאָס שטילע גערויש פון די שלוכצן, זיפצן און הייסע תפילות.

די גאָטעסדינסט האָט זיך נאָך געצויגן לאַנג געצויגן, אָבער ער איז שוין געווען בײַם פולן באַוווסטזיין. דער שלאָף איז פון אים אָפּגעטרעטן, נאָר עפּעס אַ שווערער, אומבאַזיגבאַרער טרויער איז אים צו דער נשמה צוגעטרעטן און האָט זי אַזוי צעגומען, אַז ווען ער וואָלט זיך נישט געשעמט, וואָלט ער נישט געקענט אין זיך אײַנהאַלטן די טרערן, וואָס זענען אים אין די אויגן אַריין אָנגעקומען; ער האָט שוין געוואָלט אַרויס־גיין, נישט וואַרטנדיק אויפן סוף, ווי מיטאַמאָל איז דער אָרגל אַנטשוויגן געוואָרן, דער גלח האָט זיך אַנידערגעשטעלט פאַרן אָלטאַר און אָנגעהויבן האַלטן אַ דרשה.

די מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן צו שטופּן פאָרויס, אַז מ'האָט שוין נישט געקענט קיין טראַכט טון וועגן אַרויסגיין, אַ צוגעשפּאַרטער צו דער קראַטע האָט ער זיך נישט געקענט אַפילו קיין ריר טון; אַ שטילשווייגן האָט דאָס קלויסטער אַרומ־

געגומען, אַז מ׳האָט יעדעס וואָרט פון גלח שאַרף געהערט. ער האָט דערציילט וועגן יעזוסעס פּיין. און ווען ער האָט פאַרענ־דיקט, האָט ער אָנגעהויבן מעורר צו זיין די זינדיקע, שטרענג מיט די הענט געשאָקלט און וואָס אַמאָל אַ קוק געטון אויף אַנטעקן, וועלכער איז פּונקט אַקעגן אים געשטאַנען, נאָר אַ ביסעלע אין דער זייט און ער האָט נישט געקענט אָפּרייסן די אויגן, ווי אַ צוגעשמידטער און פאַרכּישופטער פון גלחס ברע־נענדיקע בליקן...

אין דער צוזאַמענגעפּרעסטער און איינגעהאָרכטער גע־דיכטעניש האָבן זיך שוין דערהערט אָפּגעריסענע געוויינען, ווי־גישט.ווי האָבן זיך שוין איינצלנע זיפצן דערטראָגן, דאָ האָט זיך מיטן וואָרט יעזוס דערהערט אַ געקרעכצעריי, און דער גלח האָט גערעדט וואָס אַמאָל שטאַרקער, און מוראדיקער, אַלעמען אין די אויגן האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער איז אויס־געוואַקסן, ריזיקער געוואָרן, מיט די אויגן בליצן געוואָרפן, ער האָט די הענט אויפגעהויבן און די ווערטער זענען פּונקט ווי די שטיינער אויף די קעפּ געפאַלן און ווי צעגליט אייזן די הערצער געבריט. וואָרן ר׳האָט אָנגעהויבן צו שליידערן און פאַרצוואַרפן די אַלע עבירות און דאָס אַראָפּטרעטן פון גוטן וועג, וואָס זיי האָבן זיך דערלויבט; און דאָס פאַרהאַרטעוועט־קייט אין די זינד; דאָס נישט געדענקען אָן גאָטס געבאָטן און די שטענדיקע מחלוקתן, געשלעגערייען, שיכּרות, — און ר׳האָט אַזוי הייס גערעדט, אַז די נשמות האָבן אויפגעציטערט אין דעם פלאַגן זיך פאַר זייערע זינד, אַלע הערצער האָבן זיך מיט געיאָמער צעווײנט, און פּונקט ווי אַ טוי־רעגן האָבן שטיל גערוישט די געוויינען און די תשובה־זיפצן. און דער גלח האָט מיטאַמאָל זיך אַ בויג געטון צו אַנטעקן און מיט אַ מעכ־טיק קול האָט ער אָנגעהויבן אויסצורופן וועגן די שלעכטע זין, וואָס זענען אין די עלטערן אַריין נישט געראָטן, וועגן די פאַרפירערס און די בעל־עבירהניקעס, וועלכע דאָס אייביקע גיהנום און די מענטשלעכע שטראָף וועט נישט מיידן.

דער גאַנצער עולם האָט דאָס אויסגעהערט, שטיל ווערנדיק

ראַפּטום, איינהאַלטנדיק אין זיך דעם אָטעם; אַלע אויגן זענען פּונקט ווי אַ דונערנדיקער האָגל אויף אַנטעקן געפאַלן, וואָרן זיי האָבן פאַרשטאַנען, וועמען דער גלח וואַרפט דאָס פאָר, און ער איז געשטאַנען אויסגעגלייכט, גלייך ווי די וואַנט און קוים געאָטעמט וואָרן די ווערטער האָבן זיך געשיט אויף אים מיט אַזאַ קנאַל, גלייך ווי דאָס גאַנצע קלויסטער וואָלט איינגעפאַלן. ער האָט זיך גאָר אומגעקוקט, ווי זוכנדיק הילף, אָבער ס'איז געוואָרן גערוים, אַרום אים. ער האָט דערזען דערשראָקענע און מוראדיקע פּנימער וועלכע האָבן זיך נישט ווילנדיק פון אים אָפּגערוקט ווי פון אַ פאַרפעסטעטן. דער גלח האָט שוין געשריגן מיטן גאַנצן קול און האָט אים פאַרשאָלטן און גערופן אים ער זאָל תשובה טון, און דערנאָך האָט ער זיך צום גאַנצן עולם געווענדט, האָט אויסגעצויגן די הענט און גערופן, אַז זיי זאָלן זיך היטן פאַר אַזאַ מין רוצח, זיי זאָלן זיך באַהאַלטן פאַר אַזעלכן, אַזעלכן זאָל מען ווייזן דעם וועג און נישט געבן קיין פייער, נישט קיין וואַסער און נישט קיין עסן, מ'זאָל אים אַפילו פון אונטערן דאַך פאַרטרייבן ווי אַ פאַרשיווע הונט, וואָרן ער שטעקט אָן און באַשמוצט אַלץ, און אויב ער וועט נישט בעסער ווערן, דאָס שלעכטע נישט פאַריכטן, ער וועט נישט תשובה טון — זאָל מען אים ווי די פאַקזשיוועס אויסרייסן און צום אומקום אַרויסוואַרפן.

אַנטעק האָט זיך פלוצלינג אויסגעדרייט און פאַמעלעך זיך געלאָזט גיין צום אַרויסגאַנג, מענטשן האָבן זיך אים פון וועג אָפּגערוקט, אַז ער איז ווי דורך אַ פלוצלינגע געמאַכטע גאַס אַדורכגעגאַנגען, און דעם גלחס שטימע איז אים נאָכגעלאָפן און אים ביז לעבעדיקן בלוט אַריין געשמיסן.

עפּעס אַ פאַרצווייפלט געשריי האָט אים קלויסטער אויפגעריסן, אָבער ער האָט נישט געהערט, נאָר ר'איז געגאַנגען גלייך פאַר זיך, גיך, כדי ער זאָל נישט פאַלן קיין טויטער פון דער פּיין, כדי צו אַנטלויפן פון די דראָזיקע ברענענדיקע אויגן, פון דער דראָזיקער שרעקלעכער שטימע.

ער איז אַרויס אויפן וועג און נישט וויסנדיק ווו אַפילו, איז ער אָוועקגעלאָפן צום טאָפּאָלן-וועג. צו די וועלדער-צו, ער האָט

זיך מאָמענטנווייז אָפּגעשטעלט אַ דערשראָקענער און האָט געהערט די שטימע, וואָס האָט אים כּסדר ווי אַ גלאָק אין אויער געקלונגען און אַזוי שווער געברומט, אַז ס'איז אַ וווּנדער דער קאָפּ האָט אים נישט געפּלאַצט.

ס'איז געווען אַ פינסטערע נאַכט און אַ ווינט האָט געבלאָזן, די טאָפּאָלן האָבן זיך מיט אַ גערויש איינגעבויגן, אַז טייל מאָל האָט אים אַ צווייג אַ שמיץ געטון איבערן פּנים, דאָ איז ווידער שטיל געוואָרן און אַ דראָבנע לעסטיק, מערק-רעגנדל האָט אים אין פּנים געשמיסן. אָבער אַנטעק האָט אויף גאָרנישט קיין אַכט געלייגט, ער איז געלאָפן ווי אַ משוגענער, אַ דערשיטערטער און פול מיט אַן אומבאַשרייבלעכן פּחד.

— אַז ס'קען שוין גאָר ערגער נישט זיין! — האָט ער ענדלעך זיך אָפּשטעלנדיק אַ שעפּטש געטון. — ער האָט געקרעכציק גערעדט! גערעכטיק!

— יעזוס מיינער, יעזוס! — האָט ער אַ ריטש געטון אָנ־כאַפּנדיק זיך באַם קאָפּ, וואָרן אין דער מינוט האָט ער ווי אַדורכ־געקוקט און פאַרשטאַנען זיין שולד און זיינע זינד, אַז פּשוט אַן אוממענטשלעכע חרפּה האָט אים באַ דער נשמה אָנגעכאַפּט און זי אויף שטיקער צעריסן.

אונטער אַ בוים עפּעס איז ער לאַנג געזעסן, איינגעקוקט אין דער נאַכט אַריין, און זיך איינגעהאָרכט אין דער שטילער, מוראדיקער און עפּעס שרעקלעכער ביימער־מוזיק.

— איבער אים איז דאָס אַלץ, איבער אים! — האָט ער אָנגעהויבן צו שרייען און ס'האָט אים אַרומגענומען ווי אַ משוגעת פון צאָרן און האַס, ס'האָבן זיך באַ אים אויפגעוועקט אַלע אמאָ־ליקע ווייטיקן, און אַלע ווילדע נקמה־פּלענער האָבן זיך אין אים צוזאַמענגעקנוילט און דורכגעצויגן, ווי די וואָלקנס, וואָס טרייבן איבערן הימל.

— כ'וועל נישט שענקען! כ'וועל נישט שענקען! — האָט אין אים געברויזט די צאַמאָליקע פאַרביסנקייט, אַז ער האָט האַס־טיק זיך אַ לאָז געטון צוריק אין דאָרף אַריין.

דאָס קלויסטער איז שוין געווען פאַרמאַכט, אין די כאַלו־

פעס האָט זיך געלויכטן, און אויף די וועגן דאָ און דאָרט האָט ער געטראָפן שטיין מענטשן קופּקעסווייז, וואָס האָבן איינגעטענהט עפּעס, נישט קוקנדיק אויפן רעגן און אויף דער קעלט.

ער איז אַוועקגעגאַנגען אין קרעטשמע אַריין, ער האָט דערזען דורכן פענסטער, אַז ס׳זענען דאָרט דאָ אַ שפּאָר ביסל מענטשן, אָבער ער האָט זיך נישט קיין וואַקל געטון און איז רעשיק אַרייַנגעגאַנגען, און ווי קיינמאָל גאָרנישט, איז ער צוגעטרעטן צו דער גרעסטער קופּע און זיך געוואָלט באַגריסן מיט זיינע באַקאַנטע; עמעץ האָט אים דאָרט די האַנט דערלאַנגט, אָבער די איבעריקע האָבן זיך אויף אַלע זייטן פלינק אָפּגערוקט און אין איילעניש אָנגעהויבן צורויסצוגיין.

איידער ער האָט זיך אומגעקוקט, איז ער כמעט אַליין געבליבן אין דער קרעטשמע; עפּעס אַ דזשאַד איז געזעסן באַם קוימען און דער ייִד הינטערן שענקפּאַס.

ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט ער אַלע צעטריבן, נאָר ער האָט דאָס אויך אַראָפּגעשלונגען און געהייסן זיך געבן בראָנפן. אָבער ער האָט אַ שטעל אַנידער געטון דאָס נישט דערטרונקענע גלעזל און איז אין איילעניש אַרויסגעגאַנגען.

ער איז בלאָנדזשענדיק אַרומגעקראָכן אַרום סטאַוו און מיט אויפמערקזאַמקייט זיך צוגעקוקט צו די פאַסן ליכט, וואָס האָבן ווו-נישט-ווו פון די פענסטער אויפן ווייך געוואָרענעם שניי זיך אַרויסגעגאָסן און האָבן אין אייז-באַדעקטן וואַסער געגלאַנצט.

ער איז ווידער אין זיך ווייך געוואָרן און אַן אומבאַשרייבלעכע שווערקייט האָט זיך אים אויפן האַרץ געלייגט; ער האָט זיך דערפילט אַזוי איינזאַם, אַזוי עלנט און אומגליקלעך, ער האָט געפילט אַזאַ באַדערפעניש זיך דאָס האַרץ אויסצורעדן און צווישן מענטשן אַרייַנצוקומען, צו זיצן כאָטשביק לעבן עפּעס אַ פייער, אַז ער איז אין דער ערשטער כאַלופּע פון עק דאָרף אַרייַנגעגאַנגען, צו די פלאָשקעס.

אַלע זענען געווען, נאָר אויף זייז אַרייַנקומען האָבן זיך אַלע-

דערשראָקן אויפגעריסן, אַפילו סטאַכאָ האָט נישט געוווּסט וואָס צו רעדן.

— גלייך כ׳וואָלט עמעצן געשאָכטן, אַזוי קוקט עץ! — האָט ער שטיל אויסגערופן און איז אַוועקגעגאַנגען צו אַנדערע צו די באַלצערעקס, אָבער אויך זיי האָבן אים אַזוי אײַזקאַלט אויפגענומען, זיי האָבן עפּעס אַ ברוּם געטון, און קיינער האָט אים אַפילו נישט געבעטן זיצן.

ער האָט נאָך אַרייַנגעבליקט דאָ און דאָרט, אומעטום איז געווען דאָס אייגענע.

ער האָט דעריבער געמאַכט דעם לעצטן פּרוּוו, כּדי נישט צו פאַרשאַפן זיך קיין שום ווייטיק און באַליידיקונג און איז געגאַנגען צו מאַטעושן; ער איז נישט געווען אינדערהיים, נאָר די אַלטע גאַלאָנבאָווע האָט אויף אים גלייך פון אָרט אויפגעעפנט אַ פּיסק, אים אָנגעזידלט און ווי אַ הונט פון דער כאַלופּע פאַרטריבן.

ער האָט אַפילו קיין וואָרט נישט געענטפערט, נישט אָנגעצונדן זיך מיט קיין כּעס, וואָרן ס׳איז פון אים אָפּגעטרעטן יעדער מין צאָרן און פאַרשטאַנד, נישט געוווּסט וואָס עס טוט זיך מיט אים. ער האָט זיך פאַמעלעך אַוועקגעשלעפּט אין דער נאַכט אַריין, ער האָט אַרומגעקרייזלט דעם סטאַוו, דאָ האָט ער זיך ווו-נישט-ווו אָפּגעשטעלט און געקוקט אויפן דאָרף, וואָס איז פאַרטרונקען געווען אין דער פינסטערניש. און וואָס האָט זיך נאָר געצייכנט לויט די פייערלעך פון די פענסטער. ער האָט געקוקט פאַרוווּנדערט, גלייך ער וואָלט עס ערשט צום ערשטן מאָל געזען, עס האָט אים אַרומגערינגלט אַרום און אַרום מיט די צו דער ערד צוגעדריקטע כאַלופּעס, עס האָט אים פון אַלע זייטן פאַרצוימט, ווי ער וואָלט זיך נישט געקענט רירן און זיך אַרויסרייסן פון די אַלע פּלעטער און סעדער און פייערלעך.ער האָט זיך נישט געקענט אַפילו מיישב זיין ער האָט נאָר געפילט, אַז עפּעס אַ קראַפט נישט צום בייקומען נעמט אים אָן באַם האַלדז און דריקט אים צו דער ערד צו, בייגט אים אָן ווי צו דער יאַרזשמע און נעמט אים אַדורך מיט עפּעס אַן אוממפאַרשטענדלעכן פּחד.

מיט אַ טיפער מורא האָט ער געקוקט אויף די צעבלישטשעטע פענסטער, וואָרן ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז מען קוקט אים נאָך און מיט אַן אומענדלעכער קייט גייט מען אויף אים, מען דריקט אים צו און מען בינדט אים אין קייטן, אַז ער האָט זיך שוין נישט געקענט רירן, נישט שרייען, נישט אַנטלויפן; ער האָט זיך דעריבער צוגעשפּאַרט צו עפּעס אַ בוים, און שוין אינגאַנצן אַ דערשלאָגענער, האָט ער געהערט, ווי פון די הייזער, פון אַלע שאָטנס, פון די פעלדער, פון אונטערן סאַמע הימל, פאַלן אויף אים אַראָפּ גרויזאַמע ווערטער פון פּאַרטיליקונג און דאָס גאַנצע פאָלק גייט אויף אים.

— גערעכטיק! גערעכטיק! — האָט ער געמורמלט מיט דער טיפסטער הכנעה מיט דער איבערפולטקייט פון דעם צעבראָכענעם האַרץ, אַדורכגענומען פון אַ שטערבלעכער אימה און מיט דער קראַפט פון דעמדאָזיקן מעכטיקן דאָרף.

די פייערלעך האָבן זיך ביסלעכווייז געלאָשן איינס נאָכן אַנדערן, דאָס דאָרף איז איינגעשלאָפן; אַ רעגן האָט נאָר געטריפט און געקלאַפּט אין די איינגעבויגענעביימער, צייטנווייז האָט אַ הונט ערגעץ אַ ביל געטון און אַ שטוינענדיקע שטילקייט האָט די וועלט אַרומגענומען, ווען אַנטעק איז צוריק צו זיך געקומען און אויפגעשפּרונגען.

— ער האָט גערעכטיק גערעדט... ער האָט זיין אמת אַרויסגעזאָגט... אָבער יעך וועל מיינס נישט שענקען... כ'זאָל וויסן אויסצוגיין, וועל איך דער הינטישער יוכע נישט שענקען!...

ער האָט ווילד אויסגעשריגן, דראָענדיק מיט די פויסטן דעם גאַנצן דאָרף און דער גאַנצער וועלט!...

ער האָט אַראָפּגערוקט דאָס היטל און איז אַוועקגעגאַנגען אין קרעטשמע אַריין.

## XIII

ס'האָט זיך געוויזן אויף וויאָסנע; מיט אַן אומאונטערגעבראָכענעם סדר האָבן זיך שוין געצויגן די צעזויערטע מערקטעג, אַז ס'האָט זיך איינגעשטעלט אַן אמתדיקע, צעווייקטע, קאַלטע, און פאַרנעפּלטע צייט; טאָג־באַ־טאָג איז געפאַלן אַ רעגן מיט אַ שניי צוזאַמען, יעדן טאָג זענען געגאַנגען אַזעלכע שנייענדיקע און רעגנדיקע וועטערן, אַז ס'איז נישט קיין מעגלעכקייט געווען אין דרויסן אַרויסצושמעקן; יעדן טאָג האָט אַ ברודיקע, צעשויבערטע פינסטערניש איבער די פעלדער געבלאָנדזשעט און האָט אַזוי יעדער פּיצל ליכטיקייט צוגעשטיקט, אַז ס'איז פון פאַרטאָג אָן ביז נאַכט אַ טריבער, שווערער בין השמשות איבער דער ערד געהאָנגען, און טיילמאָל, ווען די זון האָט פון דעם טונקל־גרויען מבול אַרויסגעבליקט, איז עס נאָר קוים אויף אַ רגע געווען, און איידער די נשמה האָט זיך מיט דער העלקייט דערפרייט און די ביינער האָבן די וואַרעמקייט דערפילט — האָבן זיך שוין פרישע פינסטערנישן איבער דער וועלט פאַרשפרייט, פרישע ווינטן האָבן אָנגעהויבן צו

בלאָזן, נייע גאָס־רעגנס און פּאָסקודנע רעגנוועטערן האָבן אָנגעהויבן צו גיין, אַז נישט איין טאָג האָט אויסגעזען ווי אַן איינגעשמירט הינטל, וואָס שפּריצט מיט בלאָטע און עס סקאָמליעט פון קעלט.

דעם עולם האָט דאָס גענודזשעט, אַז ס'איז גאָר נישט צום באַשרייבן, יעדער איינציקער האָט זיך גאָר געשטאַרקט און געטרייסט דערמיט; אַז נאָך אַ וואָך אָדער נאָך צוויי וואָכן דאַרף מען אויסהאַלטן און די וויאָסנע וועט איינגאַנצן מנצח זיין און פאַר אַלץ אָפּצאָלן. אָבער דערווייל האָט כסדר געגאָסן נישט צום אויסהאַלטן, ס'איז אַדורכגערונען דורך די דעכער, ס'האָט אויך דורך די ווענט און די פענסטער אַריינגעבלאָזן, ס'האָט זיך געגאָסן פון אַלע זייטן, אַז מען האָט זיך שוין נישט געקענט קיין עצה געבן מיטן וואַסער, וואָרן ס'איז געפלאָסן פון די פעלדער, ס'איז פול געווען דערמיט אין די ראָוועס, און די וועגן האָבן געגלאַנצט פונקט ווי רוישיקע שטראָמען. עס האָט פאַרפלייצט די הויף־איינגענג און געבליבן שטיין אין זומפּיקע סאַזשעלקעס אין די הייף, דער שניי איז מיט יעדן טאָג אַלץ מער צעגאַנגען און עס האָבן געגאָסן כסדרדיקע רעגנס, ערטערווייז האָט זיך געמאַכט אַזאַ בלאָטע, אַז מען האָט געמוזט פאַר די כאַלופּעס, אָדער פאַר די דורכגענג מיט אַ בריק פון שטרוי אויסלייגן.

די נעכט זענען אויך שווער געווען צום איבערטראָגן; ווינטיקע, דורגערעגנטע און איינגאַנצן דורכגענומענע מיט פינסטערניש, האָבן זיי טיילמאָל אויסגעזען, אַז ווי אויף אייביק שוין איז יעדער פּיצל ליכטיקייט אויסגעלאָשן געוואָרן, אַפילו אין אָוונט האָט מען זעלטן אין וועלכער כאַלופּע פייער אָנגעצונדען, מען איז געגאַנגען שלאָפן אין בין השמשות, אַזוי האָט די צייט געשלאַנגווייליקט. בלויז דאָרט, ווו ס'האָבן זיך צוזאַמענגענומען די שפּינערינס, האָבן די שייבלעך געלויכטן און אין דער שטיל האָבן געברומט די געזונגענע „ביטערע ליידן" און אַנדערע טרויעריקע לידער וועגן גאָטס פּיין און זיי האָט אונטערגעהאַלטן דער ווינט, די רעגנס און דאָס גערויש פון די ביימלעך, וואָס האָבן זיך אָן די פלעטער אָנגעקלאַפּט.

איז אויך קיין וווּנדער נישט, וואָס ליפּצע איז ווי פאַר־
פאַלן געוואָרן אין די דאָזיקע פאַרפלייצונגען, וואָרן מ׳האָט קוים
עקענט דערקענען די כאַלופּעס פון די דורכגעווייקטע פעלדער
און פון דער צערעגנטער לופט אַרויס; מ׳האָט זיי קוים געקענט
דערזען אין די דאָזיקע טונקל־גרויע נעפּלען. זיי זענען געווען
צוגעפּלאַטשט צו דער ערד, נאַסע, שוואַרצע און ביזן גרונט
אָפּגעמאָרטע. אַצינד ערשט די פעלדער, די סעדער, די וועגן,
און דער הימל — ווי איין בלויער מבול האָבן זיי אויסגעזען,
אַז מען האָט לחלוטין גאָר נישט געוווּסט ווו ער הייבט זיך אָן
און ווו ער לאָזט זיך אויס.

דערביי איז נאָך געווען אַ בייסיקע קעלט, וואָס האָט
ביזן ביין אַדורכגענומען, האָט מען זעלטן ווען עמעצן אויף די
אויגן געזען. דער רעגן האָט נאָר געקלאַפּט, די ווינטן האָבן
געשטורעמט, די ביימלעך האָבן זיך געטרייסלט און אַ טרויער
האָט אויף דער גאַנצער וועלט געוויינט. אַ פּוסטקייט איז גע־
ווען אַרום און אַ שטילקייט, ווי דאָס גאַנצע דאָרף וואָלט אויס־
געשטאָרבן. נאָר פון צייט צו צייט האָט זיך דערהערט עפּעס
אַ לעבעדיק קול פון אַ בהמהלע, וואָס האָט אַ ריטש געטון באַם
ליידיקן זשלויב, אָדער די הינער האָבן אַ קוואָקע געטון אָדער
ס׳האָבן זיך צעשריגן די גאָנערס בשעת מען האָט זיי אַוועק־
גענומען פון די גענדז, וועלכע זענען געזעסן אויף די אייער.

די טעג זענען געוואָרן וואָס אַ מאָל לענגער: די מענטשן
האָבן זיך נאָך מער געלאַנגווייליקט, וואָרן קיינער האָט נישט
געהאַט קיין שום אַרבעט; בלויז אייניקע האָבן געאַרבעט אויפן
טאַרטאַק, אייניקע האָבן אָפּגעפירט פון וואַלד האָלץ צום מיל־
נער, און די איבעריקע האָבן זיך אַרומגעשלעפּט איבער די
כאַלופּעס, גאַנצע טעג באַ די שכנים אויסגעזעסן, אַבי דער
טאָג זאָל זיך ווי ס׳איז אַדורכשלעפּן. — און אַז ס׳האָט זיך
געטראָפן דאָרט איינער אַן אַרבעטזאַמער, האָט ער זיך גענומען
פאַריכטן די אַקעראייזנס, צוגרייטן אויף וויאָסנע די בראָנעס,
אָדער עפּעס אַן אַנדערע באַלעבאַטישע כלי, וואָס זאָל טויגן
צו דער פעלד אַרבעט. אָבער דאָס אַלץ איז צוגעגאַנגען שווער,

ווייל יעדן איינציקן האָבן גלייך געפּייניקט די גאָס־רעגנס און פֿאַרשידענע דאגות האָבן די הערצער אַדורכגענומען; וואָרן די ווינטער־תבֿואות האָבן שרעקלעך געליטן פֿון די דאָזיקע שנייעדיקע וועטערן; און ערטערווייז, אויף די נידעריקערע פֿעלדער, האָט מען שוין געזען, אַז זיי זענען ביזן גרונט אויסגעפֿרוירן; נישט איינעם האָט זיך די פּאַשע שוין אויסגעלאָזט און אַ הונגער האָט זיך אין די שטעלער אַריינגעכאַפּט, באַ אַ צווייטן האָבן זיך די קאַרטאָפֿליעס געוויזן דורכגעפֿרוירענע, אָדער ס'האָבן זיך קרענק אין די כאַלופּעס אַריינגעכאַפּט, און באַ דעם גרעסטן טייל האָט זיך שוין דאָס לעצטע ביסל תּבֿואה אויסגעלאָזט.

און נישט אין איין כאַלופּע האָט מען נאָר איינמאָל אין טאָג געקעכטס געקאָכט און אויף שמילץ האָט מען נישט מער, ווי זאַלץ באַנוצט — אַזוי אַז גאָר אָפֿט איז אויסגעקומען צום מילנער צו גיין, כּדי צו נעמען וועלכעס קערצל תּבֿואה און נאָכדעם מיט בלוטיקן שווייס עס אָפּצואַרבעטן; וואָרן דער מילנער איז געווען אַ שרעקלעכער הויט־שינדער און קיינער האָט קיין גרייטן גראָשן נישט געהאַט, און וואָס אין שטעטל אַריין צו פֿירן איז אויך נישט געווען. אַנדערע האָבן געמוזט גיין צום ייִד אין דער קרעטשמע אַריין און אים בעטן, אַז ער זאָל זיי נאָר דאָס לעק זאַלץ, וועלכע קוואָרט קאַשע, אָדער דאָס לעבל ברויט אויף באָרג געבן!

פֿאַרשטייט זיך, דאָס העמד האָט נישט צו רעגירן, ווען דער בויך הייבט אָן פֿירן.

און מענטשן, וואָס דאַרפֿן צו האָבן, איז געווען אַ סך, קיין פֿאַרדינסטן איז נישט געווען באַ קיינעם, ווייל די באַלעבאַטים אַליין האָבן נישט געהאַט וואָס צו טון. דער פֿריץ ווידער האָט זיך אַלץ געהאַלטן באַ ס'זייניקע — נישט צו געבן קיין שום ליפּצער אין וואַלד צו פֿאַרדינען. און נישט געוואָלט דערפֿון אָפּטרעטן טראָץ אַלע בקשות פֿון דער גאַנצער גראָמאַדע. איז דעריבער די נויט באַ די קאָמאָרניקעס און באַ די אָרימערע באַלעבאַטים געוואָרן אַזעלכע, אַז נישט אייגער איז געווען צופֿרידן און גאָט געדאַנקט, אויב ער האָט געהאַט כאָטש קאַר=

טאָפּליעס מיט זאַלץ און די ביטערע טרערן אויף אַ צושמעלץ.

פאַרשטייט זיך, אַז אַ דאַנק די דאָזיקע אומשטענדן האָבן זיך אין דאָרף געמאַכט כסדרדיקע פאַרביטערונגען, רייסעניש, מחלוקתן, און געשלעגן; וואָרן דער עולם האָט געליטן, איז אַרומגעגאַנגען באַטריבט, נישט זיכער מיטן מאָרגן, פאַרסמט פון צרות, האָט ער נאָר געזוכט אַ געלעגנהייט אויסצולאָזן אויף אַנדערע אַלץ, וואָס ס'האָט אים איניווייניק געפרעסן; — און די כאַלופּעס האָבן זיך דעריבער אַזש געטרייסלט פון פליאָטקעס, להכעיסן און שטעך־ווערטלעך.

און ווי אויף אַ טייוולאָניש צולאָג, האָבן זיך גאָך פאַרשידענע קרענק אויפן דאָרף אָנגעלייגט, ווי ס'איז, איבעריקנס, געוויינטלעך דער שטייגער פאַר וויאָסנע. אין דער אומגעזונטער צייט, ווען שטיקנדיקע גאַזן שלאָגן פון דער אויפטייענדיקער ערד אַרויס; זענען טאַקע קודם כל אַ פּאַל אַראָפּ געטון די ווינט־פּאָקן, פּונקט ווי אַ שפּאַרבער אויף געבדזלעך, און געדיי שעט די קינדערלעך, צונעמענדיק פון צייט צו צייט אויך אַן עלטערן; און אַפילו דעם וואָיטס צווייי, די יינגסטע, האָבן די אַראָפּגעבערענגטע דאָקטוירים נישט אָפּגעראַטעוועט און מ'האָט זיי אַרויסגעפירט אויפן צמענטאַרזש. דערנאָך ווידער פּיבער און היץ, שפּעטער האָבן זיך אַנדערע שלאַפקייטן צו די עלטערע צוגעטשעפּעט, אַזוי, אַז, אין יעדן הויז האָט עמעץ געקרעכצט, אין פעלד אַריין געשמעקט און גאָטס רחמים אויסגעקוקט. — די דאָמיניקאָנווע האָט אַזש נישט געקענט באַווייזן אַלעמען צו היילן, און ווייל דערביי האָבן זיך אויך די קי אָנגעהויבן צו קעלבן און טייל פּויערטעס זענען אויך געלעגן געוואָרן, איז דאָס גערודער אין דאָרף געוואָרן וואָס אַ מאָל גרעסער און די מהומה איז נאָך מער אויסגעוואַקסן.

צוליב אָט אַזעלכע עסקים האָט זיך דער עולם אויפגע־בּרויזטאון וואָס אַמאָל אומגעדולדיקער די וויאָסנע אויסגעקוקט, וואָרן אַלעמען האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זאָלן נאָר די שנייען אָפּפליסן, די ערד וועט אויפטייען און זיך איבערטרוקענען, די זון וועט צוואַרמען, כדי מען זאָל קענען מיטן אַקעראייזן

אויפֿן פעלד אַרויסגיין, וואָלט צו דער נויט און די דאגות אַ
סוף גענומען.
אָבער יעדן איינציקן האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די וויאָס-
גע רוקט זיך היי־יאָר פּאַמעלעכער צו ווי אין אַנדערע יאָרן,
וואָרן ס׳האָט כּסדר געגאָסן און די ערד האָט פּאַמעלעכער גע-
לאָזט און די וואַסערן זענען פּוילער אָפּגעפלאָסן, און גאָר צום
ערגסטן איז, וואָס בײַ די קי האָבן נאָך די האָר נישט אָנגע-
הויבן אויסצוקריכן און זענען נאָך פעסט געזעסן, און דאָס האָט
באַטייט, אַז דער ווינטער וועט לענגער אָנהאַלטן.
און דעריבער האָט נאָר געדאַרפט אַ קום אָן טון עפּעס
אַ טרוקענער טאָג און די זון זאָל אַ שיין אויף טון, ווי ס׳האָט
באַלד אָנגעהויבן ווימלען פאַר די כאַלופּעס, מענטשן מיט אַרויפ-
געריסענע קעפּ האָבן מיט בענקשאַפט דעם הימל באַטראַכט,
אויסמיאַרקירנדיק, צי איז דאָס נישט אַמאָל אַן ענדערונג אויף
אַ לענגערער צייט; אַלטע לייט ווידער זענען הינטער די ווענט
אַרויסגעקראָכן די פּאַרשטאַרטע ביינער צו דערוואַרעמען, און
וויפיל קינדער ס׳איז נאָר געווען, זענען אַלע מיט אַ געטומל
אַרומגעשפּרונגען איבער די וועגן, פּונקט ווי די זשרעבאָקעס,
וואָס מ׳לאָזט זיי אויפֿן ערשטן גראָז אַרויס.
און וויפיל שמחה איז געווען אין אַזאַ טאָג, וויפיל פרייד,
געלעכטערן!
די גאַנצע וועלט איז אַרומגענומען געוואָרן מיט די פלאַמען
פון דער זון, אַלע וואַסערן האָבן זיך מיט דער ליכטיקייט גע-
וואַרעמט, די ראָוועס האָבן אויסגעזען, גלייך ווי ס׳וואָלט זיי
ווער מיט צעשמאָלצענער זון ביז איבער די ברעגס אָנגעפילט,
די וועגן ווידער האָבן אויסגעזען ווי פון צעשמאָלצן גאָלד גע-
מאַכט, דאָס אייז אויפֿן סטאַוו האָט, פון די רעגנס אָפּגעוואַשן,
ווי אַ צינערנע שיסל שוואַרצלעך געגלאַנצט, אַפילו דיביימער
האָבן פון דעם נישט אָפּגעטרוקנטן טוי געפינקלט, און די
פעלדער פון די שטראָמען צעגראָבן, זענען נאָך געלעגן שטום,
שוואַרץ, טויט און ווי אָטעמענדיק שוין מיט וואַרעמקייט
און אָנגעפילט מיט פרילינג און פול מיט צעפינקלטקייט
און מיט ריזלדיקע שטימען פון וואַסערן. און דאָ און

דאָרט האָבן שנייען נאָך נישט צעשמאָלצענע געבלענדט מיט זייער שאַרפער ווייסקייט, פונקט ווי די לייוונט צום בלייכן אויסגעשפרייט. דער הימל האָט זיך צעבלויט, ס'האָבן זיך אָפגעהילט די ווייטקייטן, וואָס זענען געווען עטוואָס פאַרנעפלט, ווי מיט שפיוועבס פאַרצויגן, אַזוי, אַז דאָס אויג האָט זיך געטראָגן דורך און דורך, און ס'איז געלאָפן העט אויף די פעלדער מיטן אויג נישט אַרומצונעמען, אויף די שוואַרצע ליניעס פון דערפער, אויף ראַנדן פון וועלדער, אין דער ווייטער וועלט אַריין, וואָס האָט געאָטעמט מיט פרייד, און אין דער לופט האָט זיך געטראָגן אַזאַ ליבער, פריילינגדיקער הויך, אַז פון די מענטשלעכע הערצער האָט זיך אַזש אַרויסגעריסן אַ פריידנסגעשריי. די נשמות האָבן זיך געריסן, ס'האָט אין דער וועלט אַריין געטראָגן, אַז יעדער איינציקער וואָלט אין דער זון אַריין געפלויגן, פונקט ווי די פייגל, וואָס זענען אָנגעקומען פון ערגעץ, פון מזרח און זיך געבאָדן אין דער ריינער לופט, יעדער איז גערן שעהן לאַנג אָפגעשטאַנען פאַרן הויז און גערן אַפילו מיט די שונאים איינגעטענהט.

דעמאָלט זענען די מחלוקתן אַנטשוויגן געוואָרן, די צאַנקערייען האָבן זיך ווי איינגעלאָשן, אַ גוטסקייט האָט די הערצער דורכגענומען און פריילעכע אויסגעשרייען האָבן זיך איבערן דאָרף געטראָגן, די הייזער מיט פרייד אָנגעפילט און מיט טשוויטשערנדיקע שטימען אין דער וואַרעמער לופט געציטערט.

די כאַלופעס זענען אויפגעפראַלט געוואָרן, מ'האָט אויפגעריסן די פענסטער, כדי מען זאָל אין די שטובן אַ ביסעלע לופט אַריינלאָזן, די ווייבער זענען מיט די שפינדלעך אויף די פריזבעס אַרויסגעקראָכן, אַפילו די קינדערלעך האָט מען אין די וועגעלעך אויף דער זון אַרויסגעטראָגן, און פון די אָפענע שטעלער האָבן זיך פון צייט צו צייט דערטראָגן בענקנדיקע מרוטשן פון די בהמלעך, די פערד האָבן געהירזשעט, רייסנדיק זיך פון די צוימען אויף דער וועלט אַרויס, די גענדז זענען פון די אייער אַראָפ אַנטלאָפן און זיך מיט די גאָנערס איבער די סעדער צונויפגעשריגן, די הענער האָבן אויף די

פּלעטער געקרייעט, און די הינט האָבן ווי די משוגעים אויף די וועגן געבילן, אַרומיאָגנדיק זיך צוזאַמען מיט די קינדער איבער דער בלאָטע.

דער עולם האָט זיך אין די הייף־איינגענג אַרויסגעשטעלט, און צומרוזשנדיק די אויגן פון דעם בלאַזשגען, האָט ער מיט פרייד געקוקט אויפן דאָרף, וואָס האָט זיך געטרונקען אין דער זון, אַז די שויבן האָבן אין די פייערן געשפּילט, די פויערטעס האָבן שכינות־מעסיק איינגעטענהט דורך די סעדער, אַזוי, אַז די קולות האָבן זיך איבערן גאַנצן דאָרף געטראָגן, זיי האָבן זיך איבערגעגעבן, אַז עמעצשטשיס זאָל שוין האָבן די לערכע געהערט, און אַז מ׳האָט אויך פּלישקעלעך אויפן טאָפּאָלן־וועג געזען; דאָ האָט ווידער עמעץ אויפן הימל, הויך אונטער די וואָלקנס אַ שניר פון ווילדע גענדז דערזען, ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט, איז אַ האַלב דאָרף אויפן וועג אַרויסגעלאָפן קוקן, און אַן אַנדערער האָט דערנאָך פונאַנדערדערציילט, אַז ס׳זאָלן האָבן באָטשאַנעס שוין אַראָפּגעפאַלן אויף די נאַסע לאָנקעס הינטער דער מיל. ס׳האָט קיינער נישט געגלייבט דערויף, וואָרן ס׳איז ערשט קוים האַלב מערץ געווען! און עמעצער, אויב נישט קלאָנבס שגצל, האָט די ערשטע פיאָלקע געברענגט צו טראָגן און אַרומגעלאָפן דערמיט איבער אַלע כאַלופּעס, אַז מ׳האָט דאָס בלאַסע בלימעלע מיט אַ טיפער באַוווונדערונג באַקוקט, ווי די גרעסטע הייליקייט און מען האָט זיך אָן אַ שיעור געוווּנדערט!

אָט אַזוי האָט די פּאַרפירערישע וואַרעמקייט אָנגעמאַכט, אַז מענטשן האָט זיך שוין אויסגעדאַכט, אַז די וויאָסנע זאָל זיך שוין האָבן אָנגעהויבן, אַז מ׳זאָל שוין איינגיכן מיט די אַקעראייזנס זיך אין פעלד אַריין אַרויסרירן, האָט מען זיך דעריבער מיט אַ גרעסערער אומרויִקייט צוגעקוקט צום הימל, וואָס האָט זיך גאָר פּלוצלינג אָנגעהויבן צו פאַרוואָלקענען, און מיט אַ טיפער אומעטקייט. זיך איינהילן. די זון האָט זיך באַהאַלטן און אַ קאַלטער ווינט האָט אַ בלאָז געטון, די שטראַלן זענען פאַרלאָשן געוואָרן, די וועלט האָט זיך פאַרפינסטערט און אַ דראָבנע

רעגנדל האָט אָנגעהויבן צו טריפן !... און צו=אָוונט=צו האָט אַ
נאַסער שניי אָנגעהויבן אַזוי צו שיטן, אַז אפשר אין אַ צוויי=
ריגעס, האָט ער ווידער דאָס גאַנצע דאָרף און די פעלדער
איינגעווייסט...

אַלץ האָט זיך אומגעקערט צום אַלטן אַזוי גיך, אַז אין
די בייזע טעג פון רעגנס, שניידנדיקע ווינטן און בלאָטיקע
זומפן, האָט זיך נישט איינעם אויסגעדאַכט, אַז יענע פּאָר זו=
ניקע שעהן זענען נאָר געווען אַ חלום, וואָס מען האָט געזען
אין שלאָף.

אָט אין אַזעלכע אָנגעלעגנהייטן, פריידן, טרויער און בענק=
שאַפטן, איז דעם עולם די צייט אַדורך, איז שוין טאַקע קיין
וווּנדער נישט, אַז אַנטעקס מעשים, באָרינעס אַרט לעבן, צי
דאָרט אַנדערע מיני געשיכטעס, אָדער ווענמענס טויט, צי עפּעס
אַנדערש, זענען פּונקט ווי די שטיינער אויף דער דנאָ פון
געדעכעניש אַראָפּגעפאַלן, וואָרן יעדערער האָט זיך געהאַט גע=
נוג דאָס זייניקע — אַז ער האָט זיך קוים אַן עצה געגעבן.

און די טעג זענען אומאויפהאַלטבאַר דורכגעגאַנגען, זיי
זענען אָנגעוואַקסן פּונקט ווי די וואַסערן, וואָס שווימען פון די
גרויסע ימים, אַז מען קען נישט, נישט קיין אָנהייב, נישט קיין
סוף זיך אויסמיאַרקירן, זיי זענען געגאַנגען און געגאַנגען, אַז
איידער דער מענטש האָט די אויגן אויפגעעפנט, איידער ר'האָט
זיך אומגעקוקט, איידער וואָס=ווען ר'האָט עפּעס פאַרשטאַנען,
און שוין איז אַ פרישע פינסטערניש, ס'איז ווידער שוין נאַכט,
אַ פריש טאָגן און אַ נייער טאָג און פרישע דאגות, און אַזוי
דרייט זיך דאָס רעדל, אַבי נאָר גאָטס ווילן זאָל באַפרידיקט
ווערן!

עפּעס וועלכן ס'איז טאָג, אויב נישט אין סאַמער מיט
פּאָסט. איז די צייט געוואָרן נאָך ערגער, ווי נאָך קיינמאָל נישט
אַזוי ; וואָרן כאָטש ס'האָט נאָר געטריפט אַ דראָבנע רעגנדל,
אָבער די מענטשן האָבן זיך געפילט אַזוי שלעכט, ווי נאָך
קיינמאָל נישט ביז אַהער, זיי זענען אַרומגעקראָכן איבערן
דאָרף ווי די געבונדענע, קוקנדיק מיט ווייטיק אויף דער וועלט,

וואָס איז אַזוי געדיכט מיט וואָלקענעס פאַרשטעלט געוועז, אַז זיי האָבן זיך כמעט מיט די אָנגעשוואָלענע בייכער אָן די ביימער געריבן. ס'איז געווען טרויעריק, נאַס, און קאַלט און אַזוי חושכדיק אויף דער וועלט, אַז ס'האָט זיך נאָר ווייגען געוואָלט פון אומבאַזיגבאַרער בענקשאַפט, קיינער האָט זיך שוין היינט נישט געקריגט און זיך נישט איבערגעווערטלט, יעדערן איז אַלציינס געווען, וואָרן יעדער איינציקער האָט נאָר אַ שטיל ווינקל אויסגעקוקט, כדי זיך אַנידערצולייגן און וועגן גאָרנישט צו געדענקען.

דער טאָג איז אַזוי טריב געווען, ווי דער בליק פון אַ קראַנקן, וואָס קוים ער קען די אויגן עפענען, כדי עטוואָס אונטערצושיידן און פאַלט ווידער אַריין אין אַ קרענקלעכער פינסטערניש; וואָרן באַלד ווי מ'האָט אויף מיטאָג געקלונגען, איז פלוצלינג פינסטער געוואָרן, אַ טויבער ווינט איז אַנטשטאַנען, און צוזאַמען מיט אַ רעגן געקלאַפּט אין די שוואַרץ געוואָרענע כאַלופּעס.

אויף די וועגן איז געווען פּוסט און שטיל פון מענטשן, נאָר דער ווינט האָט מיט אַ געוויש איבער דער בלאָטע געבלאָזן, דאָ האָט דער רעגן געפּאַטשט, גלייך ווי עמעצער וואָלט מיט גרויסע קערנער אויף די צעטרייסלטע ביימלעך אָדער שוואַרץ געוואָרענע ווענט געשיט, דאָ ווידער האָט זיך גאָר דער סטאַוו מיט די פלאַצנדיקע שטיקער אייז געאַמפּערט, וואָרן פון צייט צו צייט האָט זיך אַ קנאַק און אַ רעש צעטראָגן און דאָס וואַסער האָט מיט אַ געשריי זיך אויף די ברעגעס אַרויסגעגאָסן.

אָט אין אַזאַ מין טאָג, עפּעס אַרום אָוונט־צו האָט זיך אַ צעטראָג געטון איבערן דאָרף די נייס, אַז דער פּריץ האַקט דעם פּויערישן וואַלד.

פון אָנפאַנגס האָט קיינער נישט געוואָלט גלייבן דערין, וואָרן ווי באַלד ער האָט ביז אַהער נישט געהאַקט, איז ווי־זשע וואָלט ער אַצינד, אין האַלב מערץ, ווען די ערד גייט־אויף און די ביימער הייבן די זאַפטן אָן צו ציִען, געגאַנגען האַקן?

ס'איז טאַקיש געגאַנגען די אַרבעט אין וואַלד, אָבער יעדער האָט געוווסט, אַז דאָס אַרבעט מען באַב טשעשען די ביימער.

וואָס דער דזשעדזשיץ איז געווען, איז ער געווען, אָבער פאַר קיין נאַר האָט אים קיינער נישט געהאַלטן.

וואָרן נאָר אַ נאַר וואָלט אין מערץ בודעלעץ אַראָפגעלאָזט...

און מען ווייסט אַפילו נישט ווער ס'האָט אויסגעפּויקט דידאָזיקע נייס, אָבער טראָץ דעם, האָט זיך אין דאָרף אויפגעקאָכט ווי אין אַ קעסל, אַזוי, אַז די טירן האָבן זיך נאָר געפּראַלט און אַ בלאָטע האָט זיך אונטער די טרעפּעס געמאַכט, אַזוי איז מען מיט דער דאָזיקער נייס איבערן דאָרף געלאָפן, אָפּגעשטעלט זיך מיט איר אויף די וועגן, מ'איז זיך צוזאַמענגעקומען אין דער קרעטשמע אַריין די מעשה איבערצושמועסן און דעם ייד איבערצופרעגן. אָבער דער געלער, יוכע, האָט געלייקנט און געשווירן זיך, אַז ער ווייסט פון גאָרנישט, איז האָט זיך שוין ווו-נישט-ווו אַ געשריי אויפגעהויבן, און אַ שאַרף וואָרט איז געפאַלן און אַ געקלאַגערייפון די באַבעס האָט זיך צעטראָגן, די אויפרעגונג איז אומגעהייער געוואַקסן, אַ באַאומרויקונג, און אַ כעס מיט שרעק צוזאַמען האָט דעם גאַנצן עולם באַהערשט.

דער אַלטער קלאָנב האָט ערשט פאַראָרדנט, אַז מען זאָל זיך ערקינדיקן צי די דאָזיקע נייס איז אמת, און נישט קוקנדיק אויפן גאָס-רעגן, האָט ער אַ שיק אַרויס געטון רייטנדיק זייגע צוויי שקצים אין וואַלד אַריין אויף אויסצושפּירן!

אַ לאַנגע צייט האָט מען זיי נישט צוריקגעזען. ס'איז נישט געווען די כאַלופּע, אַז ס'זאָל פון איר עמעצשטשיס נישט אויסקוקן צום וואַלד אויף די וועגלעך, דורך וועלכע זיי זענען אַוועקגעריטן, אָבער ס'איז שוין גוט פינסטער געוואָרן, און זיי האָבן זיך נאָך נישט געהאַט אומגעקערט. אויפן גאַנצן דאָרף איז אָנגעפאַלן אַן אויפגעברויזטע שטילקייט, וואָס איז מיט קראַפט אין זיך דערשטיקט געוואָרן; ס'איז געווען זייער אַ שרעקלעכע שטילקייט, וואָרן אַ כעס, פונקט ווי אַ בייסנדיקער רויך האָט זיי די נשמות איינגעהילט, און כאָטש ס'האָט באַך קיינער נישט אַזוי אינגאַנצן

געבליבט, אָבער אַלע זענען געווען זיכער, אַז דידאָזיקע בייזע בשורה וועט זיך באַשטעטיקן. דעריבער האָט יעדער, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ מויל, געשאָלטן, געזעצט מיט דער טיר און אויפן וועג אַרויסגעגאַנגען אויסקוקן, צי זיי קערן זיך נישט אום...

די קאָזלאָוואַ ווידער האָט אונטערגעהעצט דעם עולם וויפיל זי האָט נאָר געקענט, זי איז אַרומגעלאָפן מיטן פּיסק און יעדן, ווער עס האָט נאָר געוואָלט אַן אויער צולייגן, האָט זי באַשטעטיקט, שווערנדיק זיך בײַ אַלע הייליקייטן, אַז זי זאָל זיך האָבן מכּלומרשט מיט אירע אייגענע אויגן ערקינדיקט, אַז מ׳האָט שוין אַ גוטע האַלבע וולוק פּויערישן וואַלד אויסגעהאַקט; זי האָט זיך דערבײַ פאַרופן אויף יאַגוסטינקען, מיט וועלכער זי האָט זיך געהאַט פעסט צונויפגעקאָמפּאַנירט אין דער לעצטער צייט; פאַרשטייט זיך, אַז די אַלטע האָט אַלץ פּאָטאַקעוועט, זייענדיק אָן אַ שיעור צופרידן פון דערדאָזיקער מהומה, און אָנזאַמלענדיק דערבײַ פאַרשידענע נײַעסן אין די כאַלופּעס, איז זי מיט זיי אַוועקגעגאַנגען צו די באָרינעס.

מ׳האָט גראָד נאָר-וואָס געהאַט דאָרט אָנגעצונדן דאָס לעמפּל אין דער פאַראָבקעס-שטוב, יוזקאַ מיט וויטעקן האָבן געשיילט קאַרטאָפליעס, יאַגוש האָט זיך געפּאָרעט בײַ דעם וועטשערע-אָפּקאָכן, און דער אַלטער איז אַ ביסל שפּעטער אַרײַנגעקומען. יאַגוסטינקע האָט אים אָנגעהויבן אַלץ פּינקטלעך צו דערציילן נאָך מיט אַ גוטן צולאָג.

ער האָט גאָרנישט געענטפערט דערויף און צו יאַגנען האָט ער אויסגערופן:

— נעם די לאָפּאַטע און גיב אַ לויף העלפן פּיעטרעקן, מ׳דאַרף דאָס וואַסער פון סאָד אָפּלאַזן, וואָרן ס׳קען אַרײַן אין די קאַרטאָפל-גריבער... נו, ריר-זשע דיך אַביסל צו גיכער, אַז כ׳זאָג! — האָט ער אַ געשריי געטון.

יאַגנע האָט עפּעסטשיס אַ מורמל געטון אַ קעגן, אָבער ער האָט אויף איר אַזאַ שרעקלעך מויל אויפגעעפנט, אַז זי איז שנעל אַוועקגעלאָפן, ער אַליין ווידער איז אויך אַוועקגעגאַנגען אין פּאַדוואָריש אַרײַן אַכטונג צו טון, אַזוי, אַז פון צײַט צו צײַט האָט זיך געלאָזט הערן זײַן צאָרנדיקע שטימע אין דער פערד-שטאַל, דאָ אין

דער בהמות־שטאַל, דאָ בײַ די קאַרטאָפֿל־גריבער, אַז ס'האָט אַזש אין דער כאַלופּע אָפּגעהילכט...

— ר'איז כסדר אַזאַ איבערדריסליכער? — האָט די אַלטע אַ פֿרעג געטון, נעמענדיק זיך צום פֿייער אויפֿבלאָזן.

— יאָ, כסדר — האָט יוזקאַ אָפּגעענטפֿערט, אײַנהאָרכנדיק זיך מיט שרעק.

און ס'איז טאַקע אַזוי געווען. וואָרן אָט פֿונעם טאָג אָן, וואָס ער איז שלום געוואָרן מיטן ווײַב, אויף וועלכן ער איז אַזוי גיך אײַנגעגאַנגען, אַז מען האָט זיך אַזש געוווּנדערט, האָט ער זיך געענדערט ניט צום דערקענען. ער איז שטענדיק געווען אַ האַרטער מענטש און נישט לײַכט יענעם אָפּגעטרעטן, נאָר אַצינד איז ער שוין גאָר אין אַ שטיין פֿאַרוואַנדלט געוואָרן. ער האָט יאַגנען אין הויז אַרײַנגענומען, איר גאָרנישט פֿאָרגעוואָרפֿן, אָבער ער האָט זי געהאַלטן אײַנגאַנצען ווי אַ פּשוטע שיקסע, פֿאַר אַזעלכע האָט ער זי' אויך באַטראַכט און איר אַזאַ כבוד אָפּגעגעבן. ס'האָט נישט געהאָלפֿן איר צולעקן זיך, נישט איר שײנקייט, נישט אַפֿילו איר צאָרן, נישט די געמאַכטע ברוגזלעך און דאָס כעסנען זיך, מיט וועלכע די ווײַבער זענען געוויינטלעך די מענער מנצח. ער האָט לחלוטין קיין אַכט נישט געלייגט דערויף, גלײַך ווי זי וואָלט פֿאַר אים געווען אַ פֿרעמדע און נישט קיין חופּה־ווײַב, אַז ער האָט שוין נישט געוואָלט אַפֿילו וויסן, וואָס זי פֿאַראַרבעט, כאָטשיק ער האָט זיכער גאַנץ גוט געוווּסט פֿון איר צוזאַמענקומען זיך מיט אַנטעקן.

ער האָט זי אַפֿילו נישט געהיטן און גלײַך ער וואָלט לגמרי נישט געשטאַנען נאָך איר. עפּעס אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָכן שלום ווערן איז ער געפֿאָרן אין שטאָט אַרײַן און ערשט אויפֿן צווייטן טאָג זיך אומגעקערט, אין דאָרף האָט מען זיך געסודעט, אַז ער האָט באַם ראַיענט עפּעס אָפּגעשריבן, און אַנדערע האָבן נאָך אין דער שטיל געמורמלט, אַז ער האָט אַוודאי יאַגנעס אָפּשרײַבעכץ צוריקגעצויגן. פֿאַרשטייט זיך, אַז קיינער האָט דעם אמת נישט געוווּסט אַ חוץ האַנקען, וועלכע איז אין אַזאַ לאַסקע באַם פֿאָטער איצט געווען, אַז ער האָט זיך אין אַלעם פֿאַר איר פֿאַרטרויט און זיך נעעצהט מיט איר, אָבער זי האָט אַפֿילו די פֿאַרע פֿון מויל

גאָר קיינעם נישט אַרויסגעלאָזט. יעדן טאָג האָט זי אַריינגע־כאַפּט אַ בליק צום אַלטן, און די קינדער זענען שוין כמעט פון דער כאַלופּע נישט אַרויסגעגאַנגען, אַז טיילמאָל זענען זיי אַפילו צוזאַמען מיטן זיידן געשלאָפן, אַזוי האָט ער זיי ליב געהאַט.

באַריבע ווידער איז ווי געזונטער געוואָרן פון יענער צייט אָן. ער איז געגאַנגען ווי אַמאָל גלייך און האָט שטייף אויף דער וועלט געקוקט, נאָר ער איז אין זיך אַזוי שלעכט געוואָרן, אַז איבער אַ ליאַדע וואָס האָט ער מיט אַ כעס אַרויס־געזעצט און איז געוואָרן אַ שווערער מענטש פאַר אַלעמען, פשוט נישט צום אויסהאַלטן. אויף וואָס ער האָט זיין האַנט אַרויפגעלייגט האָט עס זיך געמוזט צו דער ערד בייגן און אַזוי זאָל עס זיין, ווי ער האָט געוואָלט, אַז נישט איז — אַרויסגעוואָרפן מיטן פעקל.

אמת, אַז קיין עוולות האָט ער קיינעם נישט געטון, אָבער אויך קיין גוטס האָט ער געזעלשאַפטלעך נישט פאַרזייעט, ניין, די שכנים האָבן דאָס גוט געפילט. די ממשלה האָט ער איבערגע־נומען אין זיין האַנט אַריין און אויף קיין רגע נישט אַרויסגעלאָזט, די קאַמערן האָט ער אויפמערקזאַם אָפּגעהיטן און די קעשענע נאָך מער, וואָרן ער האָט אַלץ אַליין אַרויסגעגעבן און שטרענג אַכטונג געטון, אַז מ׳זאָל דאָס גוטס נישט מאַרנעווען, צו אַלע אין הויז איז ער געווען האַרט, אָבער באַזונדערס שוין צו יאַגושיען, וואָרן ער האָט קיינמאָל קיין גוט וואָרט איר נישט געגעבן און נאָר זי אונטערגעיאָגט צו דער אַרבעט ווי אַ פוילעוואַטע פערד און איר אויף קיין האָר נישט נאָכגעלאָזט, אַז ס׳איז נישט פאַרביי דער טאָג אָן רייסערייען, און זייער אָפּט איז דער רימען געגאַנגען אין דער אַרבעט, אָדער נאָך עפּעס אַ האַרטערע זאַך, וואָרן אויך אין יאַגנען איז עפּעס אַריין אַ נישט גוטס און זי האָט כסדר אַקעגנגעשטצט.

וואָרן נאָכגעבן, דאָס האָט זי געמוזט, ער האָט זי געצוווּנ־גען דערצו, וואָס־זשע האָט זי געזאָלט טון, דעם מאַנס ברויט — איז דעם מאַנס ווילן, אָבער אויף איין שלעכט וואָרט האָט זי גע־

האָט אירע צען, אויף יעדן געשריי ווידער, האָט זי אויפגעהויבן אַזאַ געוואַלט, אַזאַ גיהנום אים אָנגעמאַכט, אַז ס'האָט זיך איבערן גאַנצן דאָרף צעטראָגן. דאָס גיהנום האָט טאַקע כסדר געקאָכט אין דער כאַלופּע, גלייך ווי ס'וואָלט זיי ביידע דאָס געפעלן געוואָרן, אַמפּערנדיק זיך מיט דער גאַנצער קראַפט אַזוי לאַנג, ביז ווער ס'וועט וועמען בייקומען. און קיינער האָט נישט געוואָלט דער ערשטער אָפּטרעטן.

בחנם האָט די דאָמיניקאָוואַ געוואָלט פאַרגלעטן און זיך אַריינלייגן אין שלום צווישן זיי, זי האָט זיך נישט געקענט קיין עצה געבן, ווי אַזוי בייצוקומען זייער עקשנות, נישט די פיין, נישט די עוולות, וואָס איז זיי אין די הערצער אָנגעוואַקסן.

באַרינעס ליבשאַפט איז אַוועק, פונקט ווי די פאַריאָרנדיקע וויאָסנע, וועגן וועלכער קיינער געדענקט נישט, און ס'איז נאָר איבערגעבליבן אַ לעבעדיקער זכרון פון איר טריילאָזיקייט און אַ בלוטיקע חרפה און אַ גרויזאַמער, נישט מוחלדיקער צאָרן. באַ יאַגנען האָט זיך אויך דאָס געמיט באַדייטנד פאַרענדערט, ס'איז איר שלעכט געווען, שווער און אַזוי פאַרדראָסיק, אַז נישט צום אַרויסזאָגן; וועגן איר שולד האָט זי זיך נאָך נישט אָנגעשטויסן, אָבער די שטראָף האָט זי געפילט ווייטיקלעכער, ווי אַנדערע ווייבער, וואָרן זי האָט טאַקע אַ מער פילנדיק האַרץ געהאַט, זי איז פיעשטשענדיקער דערצויגן געוואָרן און זי איז אין זיך אַליין געווען אַ סך אַן איידעלערע פון אַנדערע.

זי האָט זיך דאָס טאַקע געפייניקט, יעזוס מיינער, געפייניקט!

אמת טאַקע, אַז זי האָט דעם אַלטן געטון אַלץ אויף צו להכעיס, זי האָט נישט אָפּגעטרעטן ביז זי האָט שוין געמוזט, זי האָט זיך געשוצט ווי ווייט זי האָט געקענט, אָבער דער יאָך האָט איר פונדעסטוועגן אַזוי שטאַרק און וואָס אַ מאָל שווערער און ווייטיקלעכער דעם קאַרק אַראָפּגעבויגן, און קיין הילף איז פון ערגעץ נישט געווען. וויפיל מאָל האָט זי זיך שוין געוואָלט צו דער מוטער צוריק אומקערן — די אַלטע איז נישט איינגעגאַנגען דערויף, דראָענדיק זי נאָך, אַז זי וועט זי מיט כוח צום מאַן אויף אַ שטריקל אָפּשין...

וואָס־זשע האָט זי געוואָלט טון מיט זיך? וואָס? אַז זי האָט זיך נישט געקענט באַשליסן אַזוי צו לעבן ווי די אַנדערע ווייבער, וואָס האָבן זיך אי קיין פּאַראָבקעס נישט געזשאַלעוועט, אי קיין אַנדערע פאַרגעניגנס און האָבן גערן אַריבערגעטראָגן דאָס גיהנום אינדערהיים. יעדן טאָג שלאָגן זיי זיך מיט די מענער און יעדן טאָג לייגן זיי זיך איבערגעבעטענע צוזאַמען שלאָפן.

ניין, זי האָט נישט געקענט דאָס, דאָס לעבן איז איר וואָס אַמאָל מער נמאס געוואָרן און עפּעס אַן אומבאַשרייבלעכע בענקשאַפט איז זיך איר אין דער נשמה צעוואַקסן, און צי האָט זי דען געוווסט נאָך וואָס?

פאַר שלעכטס האָט זי געצאָלט מיט שלעכטס, אמת. אָבער אין זיך איז זי כסדר געווען אין איין שרעק, אָן אַ שיעור באַוואולהט און אַזוי צעווייטיקט, אַז נישט איינמאָל האָט זי גאַנצע נעכט לאַנגע דורכגעוויינט, אַזש דאָס קישן איז נאַס געוואָרן, און נישט איינמאָל זענען איר די טעג פון דעם אַרומרייסן זיך און די מחלוקתן אַזוי דערעסן געוואָרן, אַז זי איז גרייט געווען צו אַנטלויפן כאָטשביק אין דער גאַנצער וועלט אַריין.

אָבער ווו וועט זי גיין, וווהין?

אַרום איר איז געשטאַנען אַן אָפענע וועלט, אָבער אַזאַ שרעקלעכע, אַזאַ נישט דורכדרינגלעכע, אַזאַ פרעמדע און טויבע, אַז זי איז אַזש פון מורא אָפּגעשטאָרבן! פּונקט ווי דאָס פייגעלע, ווען די שקצימלעך כאַפּן עס און זעצן אונטערן טעפּל אַרונטער.

איז טאַקע קיין וווּנדער נישט, וואָס צוליב דעם אַלעם האָט זי זיך צוגעשאַרט צו אַנטעקן, כאָטש זי האָט אים מער ליב געהאַט אויס מורא און פאַרצווייפלונג; וואָרן דעמאָלט נאָך יענער שרעקלעכער נאַכט, נאָכן אַנטלויפן צו דער מוטער, האָט עפּעס געפּלאַצט אין איר און אָפּגעשטאָרבן, אַז זי האָט זיך שוין נישט אַרויסגעריסן צו אים מיט דער גאַנצער נשמה ווי פריִער, זי איז שוין נישט געלאָפן אויף יעדן רוף זיינעם מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ און מיט אַ פרייד, נאָר

זי איז געגאַנגען, ווי מ׳וואָלט זי געצווּנגען דערצו, און איבער דעם, ווייל אין שטוב איז געווען שלעכט און איבלדיק, און כדי צו טון להכעיס דעם אַלטן, און אויך איבער דעם, ווייל ס׳האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז ס׳וועט זיך צוריק אומקערן די אַמאָליקע גרויסע ליבע. אָבער אויף דער טיפער דנאָ פון איר האַרץ איז זיך ווי אַ גיפט צעוואַקסן אַ בייסיקער פאַרדראָס אויף אים, אַז דאָס אַלץ, וואָס עס געשעט איר, די אַלע באַטריבענישן, די אַלע אייפערזוכטן דאָסדאָזיקע גאַנצע שווערע לעבן, איז איבער אים; און נאָך איינער, דער ווייטיקלעכסטער, שטילסטער און קיינמאָל נישט אַרויסגעזאָגטער פאַרדראָס, אַז ער איז נישט דערדאָזיקער, וועלכן זי האָט טיף אין זיך ליב באַקומען — אַ ווילדער, בייסנדיקער פאַרדראָס פון אייפערזוכט און פון אַנטוישונג. ער האָט זיך דאָך איר פריִער אויסגעוויזן עפּעס פאַר אַן אַנדערן, פאַר אַזעלכן, וועלכער האָט מיט זיין ליבע אין הימל אַריין פאַרטראָגן. מיט גוטסקייט האָט ער זי באַצווּנגען און ער איז איר געווען דער ליבסטער ווי אַלץ אין דער וועלט, און אַזוי אַנדערש פון אַלע אַנדערע, אַז ער איז להלוטין גאָרנישט ענלעך געווען אין קיין שום זאַך צו קיינעמען. און אַצינד האָט ער איר אויסגעזען דער אייגענער ווי אַלע אַנדערע פויערן, אַפילו נאָך ערגער, וואָרן זי האָט פאַר אים מער מורא געהאַט, ווי פאַר באָרינען, ער האָט זי געשראָקן מיט זיין מרה־שחורה און מיט זיינע ליידן, און זי דערשטויגט מיט זיין עקשנות. זי האָט פאַר אים מורא געהאַט; ער האָט זיך איר אויסגעוויזן ווילד און שרעקלעך, ווי אַ וואַלד־גזלן; ווי דען, דער גלח אַליין האָט דאָס דאָך אים אין קלויסטער פאַרגעוואָרפן, דאָס גאַנצע דאָרף האָט זיך פון אים אָפּגערוקט, מענטשן האָבן אויף אים מיט די פינגער געטייטלט, ווי אויף דעם ערגסטן; ס׳האָט פון אים געשלאָגן עפּעס אַ פחד פון אַ שטערבלעכער זינד, אַז נישט איינמאָל איז זי, דערהערנדיק זיין שטימע, פון שרעק שיעור נישט אָפּגעשטאָרבן, וואָרן ס׳האָט זיך גאָר אויסגעוויזן, אַז אַ טייוול שטעקט אין אים און אַ גאַנץ גיהנום איז אַרום אים; דעמאָלט איז איר געוואָרן אַזוי

טרעקלעך אויף דער נשמה, פונקט ווי דעמאָלט, ווען דער יאָבראָדזשעי וועקט דעם עולם אויף און שרעקט זיי מיט יסורים!

און ס'איז איר אַפילו אויפן געדאַנק נישט געקומען, אַז זי איז אויך עפּעס שולדיק אין דידאָזיקע זינד זיינע; ווי דאָרט, אויב זי האָט יאָ טיילמאָל געטראַכט, איז נאָר וועגן זיין פאַרענדערונג. זי האָט נישט געקענט באַווייזן דאָס אויף קלאָר אויסצורעכענען, אָבער דאָס האָט זי שטאַרק געפילט, אַז זי האָט וואָס אַמאָל מער דאָס האַרץ צו אים אָנגעוווירן, אַז זי איז אים נישט איינמאָל שטייף געוואָרן אין די אָרעמס, ווי זי וואָלט פלוצלינג פון אַ דונער געטראָפן געוואָרן, זי האָט זיך געלאָזט פון אים נעמען, וואָרן ווי קען מען זיך דאָס אַנטקעגנשטעלן אַזאַ מחבל... און דערביי איז זי דאָך געווען יונג מיט הייס בלוט, שטאַרק, און ער האָט זי שיעור אין די אָרעמס נישט דערשטיקט, דעריבער, איז נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעם, וואָס זי האָט געטראַכט, האָט זי זיך אים דעסגלייכן מעכטיק אָפּגעגעבן, מיט דעם דראַנג פון דער ערד, וואָס איז אייביק דורשטיק צו וואַרעמע רעגנס און צו זון; נאָר דאָס איינע, וואָס קיין איין מאָל איז איר נשמה אים צו די פיס שוין מער נישט געפאַלן פון צוריקגעהאַלטענער פרייד, קיין איין מאָל האָט זי שוין נישט באַרוישט דאָס געפיל פון אַזאַ גליק, וואָס פירט דורך ליבע אַזש ביז צו דער שוועל פון טויט, נישט קיין איינמאָל מער איז זי שוין ביזן גרונט פון פאַרגעסנקייט אַריינגעפאַלן, ביין; זי האָט דעמאָלט געטראַכט וועגן הויז, וועגן די פאַרשידענע אַרבעטן, און אויך וועגן דעם, וואָס דעם אַלטן עפּעס בייס להכעיס אָפּצוטון, און טיילמאָל — אַז ער זאָל זי ווי צום גיכסטן אָפּלאָזן און זיך גיין זיין וועג.

גראָד טאַקע אַצינד איז איר דאָס אַלץ דורכן קאָפּ אַדורכגעגאַנגען; זי האָט אָפּגעלאָזט דאָס וואַסער פון די קאַרטאָפל-גריבער אויפן הויף אַרויף. געאַרבעט אָן חשק, נאָר אויפן באַפעל, אויפמערקזאַם זיך איינהערנדיק אין אַלטנס שטימע אין אָפּזוכנדיק אים מיט די אויגן אין הויף. פיעטרעק האָט פאַרביסן געאַרבעט, אַז די גרוי-

דעס ערד און די אַרויסגעוואָרפענע בלאָטע האָבן נאָר געוואָרטשעט, און זי האָט נאָר אויך אויף אַזוי פיל געטון, אַז מען זאָל נאָר הערן, אַז זי אַרבעט, און אַזוי ווי נאָר דער אַלטער איז אַהיימגעגאַנגען, האָט זי דאָס פאַרטוך איבערן קאָפּ אַריבערגעצויגן און פאָרזיכטיק זיך אַריבערגעכאַפּט דורכן פלויט, הינטער פלאָשקעס סטאָדעלע.

אַנטעק איז שוין דאָרט געווען.

— כ׳וואַרט דאָך שוין אויף דיר אפשר פון אַ שעה — האָט ער מיט אַ פאָרוואורף אַ מורמל געטון.

— האָסט געקענט נישט וואַרטן, אַז ס׳איז דיר ערגעץ אַנדערש בייטיק געווען — האָט זי אָן חשק אַ בורטשע געטון, אומקוקנדיק זיך אַרום. ס׳איז געווען אַ גאַנץ ליכטיקע נאַכט, דער רעגן האָט געהאַט אויפגעהערט, נאָר אַ קאַלטער, טרוקענער ווינט האָט פון די וועלדער געצויגן און מיט אַ געריוש אין די סעדער געשלאָגן.

ער האָט זי פעסט צו זיך צוגעדריקט און זי אָנגעהויבן איבערן פנים צו קושן.

— מ׳פילט פון דיר בראָנפן, ווי פון אַ קופּע! — האָט זי אַ מורמל געטון, אָפּנייגנדיק זיך מיט עקל.

— וואָרן כ׳האָב געטרונקען, ס׳שטינקט דיר שוין מיין מויל.

— ס׳דען, דעם בראָנפן האָב איך נאָר געמיינט! — האָט זי ווייכער און שטילער אַ זאָג געטון.

— כ׳בין נעכטן אויכעט געווען, פאַרוואָס ביסטו נישט אַרויסגעקומען?

— ס׳איז געווען אַזאַ קעלט און ס׳פעלט דאָך מיר נישט קיין אַרבעט אויכעט.

— אמת, און דעם אַלטן דאַרפסטו דאָך אויך צו פּיעשטשען און מיטן איבערבעט צו צודעקן — האָט ער אַ שיפּע געטון.

— אַוודאי אַזוי, ער איז דען נישט מיין מאַן! — האָט זי האַרט און מיט אומגעדולד אַ וואָרף געטון.

— יאַגנאַ, רייץ מיך נישט!

— אַז ס׳געפעלט דיר נישט – קום נישט, וויינען נאָך דיר וועל איך נישט.

— ס'איז דיר שוין איבערדריסיק צו מיר אַרויסצוקומען, שוין איבערדריסיק...

— נאָר ווי דען, שטענדיק איז ער נאָר אויף מיר הורו-בורו, ווי אויף דעם פערד דאָרטן...

— וועסט מיר מוחל זיין דאָס, יאַגוש, טאַטש כ'האָב מיינס אַזוי פיל אויסצושטיין, אַז ס'איז קיין וואונדער נישט, אַז דעם מענטש כאַפּט זיך אַמאָל אַ האַרט וואָרט אַרויס, ס'איז דאָך נישט פון כעס, ניין — האָט ער הכנעהדיק געמורמלט, און אַרומנעמענ־דיק זי, האָט ער זי צום האַרץ צוגעדריקט, אָבער זי איז געווען שטייף, אָנגעברוגזט און אויב זי האָט אָפּגעגעבן אַ קוש איז עס געווען ווי געצוווּנגען, און אויב זי האָט אָפּגעענטפערט מיט עפּעס אַ וואָרט, איז נאָר גלאַט אַזוי, אַבי עפּעס צו רעדן, און זי האָט זיך כסדר אומגעקוקט, ווענדיק זיך שוין אומקערן.

ער האָט דאָס גאַנץ גוט געפילט. יאָ, ער האָט עס געפילט. און גלייך מ'וואָלט אים פּאָקזשיווע אונטערן בוזעם אַרונטערגעלייגט, אַזוי האָט דאָס אים געברענט, — ביז ער האָט עס אַזש מיט אַ פחדנותדיקן פאָרוואורף אַרויסגעמורמלט:

— פריער איז דיר נישט געווען אַזוי געאייליק.

— כ'האָב מורא, אַלע זענען אין דער כאַלופּע, מ'קען מיך נאָך זוכן...

— ס'דען, פריִער האָסטו אַפילו אויף אַ גאַנצע נאַכט אויך נישט קיין מורא געהאַט, האָסט דיך ביזן גרונט איבערגעאַנדערשט...

— פלוידער נישט, וואָס האָב איך מיך געזאָלט דאָרטן איבעראַנדערשן...

זיי זענען אַנטשוויגן געוואָרן, פּעסט זיך אַרומנעמענדיק טיילמאָל האָבן זיי. זיך הייסער צוזאַמענגעדריקט, פאַרייניקט מיט אַ פלוצלינגן באַגערן זיך, זוכנדיק זיך גיריק די מיילער, אָוועקגעריסן פון אַ געמייזאַמער כוואַליע פון דערינערונגען, מיט אַ געפיל פון פאַרשולדיקטקייט פון איינעם קעגן אַנדערן, מיט פאַרדראָס אויף זיך, מיט רחמנות, מיט אַ טיפן פאַרלאַנג פאַרזונקן צו ווערן אין זיך, אָבער זיי האָבן זיך נישט געקענט קיין עצה געבן, וואָרן די נשמות זענען פון זיך ווייט פונאַנ־

דערגעלאָפּן, זיי האָבן נישט געפונען די צערטלענדיקע און זאַפּטיקע ווערטער, וואָרן אין די הערצער האָבן געזאָטן ביטערע קרענקונגען, אַזעלכע פילבאַרע, אַז נישט ווילנדיק, האָבן זיך באַ זיי די אָרעמס צעפלאָכטן, זענען קעלטער געוואָרן צו זיך און געבליבן שטיין ווי די קאַלטע סלופּעס, אַז נאָר די הערצער האָבן זיי צאַפּלענדיק געקלאַפּט און אויף די ליפּן האָבן זיך געפּלאָנטערט ווערטער פון צערטלעכקייט און טרייסט, וואָס זיי האָבן געוואָלט איינער דער אַנדערן זאָגן, און זיי האָבן נישט געקענט.

— האָסט מיך ליב, יאַגוש? — האָט ער שטיל געשעפּטשעט.

— צי איין מאָל האָב איך דיר שוין דאָס געזאָגט, צי קום איך דען נישט צו דיר אַרויס ווען דו ווילסט נאָר... — האָט זי אויסמיידנדיק אָפּגעענטפערט, צורוקנדיק זיך צו אים מיט אַ זייט, וואָרן אַ ווייטיק האָט איר די נשמה אַ דריק געטון און די אויגן מיט טרערן אָנגעפילט, אַז ס'האָט זיך איר געוואָלט וויינען פאַר אים און איבערבעטן, אַז זי איז שוין נישט אומשטאַנד אים ליב צו האָבן. אָבער ער האָט זיך באַלד דאָס אָנגעשטויסן, וואָרן די שטימע איז אים ווי אייז אויפן האַרץ געפאַלן, אַז ער האָט זיך אַזש איינגעאַנצן אַ טרייסל געטון פון ווייטיק, און אַ כעס פול מיט פאָרווורפן און נישט איינגעהאַלטענע קרענקונגען האָבן אים דאָס האַרץ פאַרגאָסן.

— זאָגסט ליגנט ווי אַ דהונט; אַלע האָבן זיך פון מיר אָפּגערוקט, איילסטו דיך אויך אַוועק צו די אַנדערע. האָסט מיך ליב, פאַרשטייט זיך, ווי דעם משוגענעם הונט, וועלכער קאָן אַ ביס טון און פון וועלכן אָפּצויאָגן זיך איז שווער! ס'דען! כ'האָב דיך אַדורכגעבליקט דורך און דורך, יעך קען דיך גוט און כ'וויס, אַז אויב מ'וואָלט מיך געוואָלט אויפהענגען, וואָלסטו די ערשטע קיין שטריק נישט געזשאַלעוועט, אויב מיך מיט שטיינער צו דערהרגענען, וואָלסטו די ערשטע אויף מיר געוואָרפן — האָט ער גיך גערעדט.

— יאַנטאָש! — האָט זי אַ דערשראָקענע אַרויסגעקרעכצט.

— שטיל, ביז יעך חעל מיר מיינס אָפּרעדן — האָט ער

צאָרנדיק אַ געשריי געטון, אויפהייבנדיק די פויסטן. — דעם אמת וועל איך זאָגן, און אַז ס׳איז שוין יאָ געקומען דערצו, איז מיר שוין אַלצייננס, אַלצייננס!

— כ׳דאַרף לויפן, אָט רופט מען מיך! — האָט זי אַרויסגעקרעכצט, וועלנדיק אַ דערשראָקענע אַנטלויפן. אָבער ער האָט זי אָנגעכאַפּט באַ דער האַנט, אַז זי האָט אַפילו קיין ציטער נישט געקענט טון און מיט אַ הייזעריק, בייז קול, פול מיט שנאה האָט ער גערעדט:

— און דאָס וועל איך דיר נאָך זאָגן, וואָרן מיט דיין גאַרישן קאָפּ מיאַרקירסטו דיר דאָס נישט, אַז אויב כ׳בין דערגאַנגען צו אַזאַ הינטיש לעבן, איז עס טאַקע צוליב דיר, צוליב דעם, ווייל כ׳האָב דיך ליב געהאַט, פאַרשטייסט, צוליב דעם! פאַרוואָס האָט מיר דער גלח פאָרגעהאַלטן און מיך פון קלויסטער ווי אַ רוצח אַרויסגעטריבן — צוליב דיר! פאַרוואָס האָט מיך ס׳גאַנצע דאָרף ווי אַ קרעציקן אָפּגעטרעטן — איבער דיר! כ׳האָב אַלץ דורכגעליטן, איבערגעטראָגן, און כ׳האָב אַפילו אויך דאָס פאַרשוויגן, ווען דער אַלטער האָט דיר מיין גרונט, מיין אייגענעם גרונט אַזוי פיל פאַרשריבן... און דיך לאַנגווייליקט שוין מיט מיר, דרייסט דיך אויס פונקט ווי אַ שלייען, ציגיינערסט, אַנטלויפסט, האָסט מורא פאַר מיר און קוקסט אויף מיר, ווי אַלע, ווי אויף עפּעס אַ מערדער און דעם ערגסטן דאָרט!

— אַן אַנדערן דאַרפסטו שוין, אַן אַנדערן, וואָלסט צופרידן געווען, אַז די פּאַראָבקעס זאָלן זיך נאָך דיר יאָגן, ווי די הינט אין וויאָסנע-צייט, דו!... — האָט ער ווי אַן קאָפּ געשריגן און די אַלע עוולות, דער כעס, מיט וואָס ער האָט זיך פון לאַנג אָן געשפּייזט, מיט וועלכע ער האָט געלעבט, האָט ער אויף איר קאָפּ אַרויפגעלייגט. זי האָט ער אין אַלעם באַשולדיקט, זי האָט ער געשאָלטן דערפאַר, וואָס ער האָט דורכגעליטן, ביז ענדלעך ס׳האָט אים שוין אָטעם פאַרפעלט און אַזאַ צאָרן האָט אים אָנגעכאַפּט, אַז ער האָט זיך אַ וואָרף געטון צו איר מיט די פויסטן, אָבער ער האָט זיך באַהערשט

אין דער לעצטער מינוט, ער האָט זי נאָר אַ שטופּ געטון אויף דער וואַנט אַרויף און איז אַליין אַוועקגעגאַנגען.

— יעזוס מיינער, יאַנטאָש! — האָט זי מיט מאַכט אַ געשריי געטון, פאַרשטייענדיק פּלוצלינג, וואָס דאָ איז געשען, אָבער ער האָט זיך נישט אומגעקערט. זי האָט זיך מיט פאַרצווייפלונג באָך אים אַ וואָרף געטון, דעם וועג אים פאַרלאָפן און זיך אים אויפן האַלדז אָנגעקלאַמערט, האָט ער זי ווי אַ פּיאַווקע פון זיך אָפּגעריסן, אויף דער ערד אַ וואָרף געטון און אָן איין וואָרט אַוועקגעלאָפן. זי איז אַנידערגעפאַלן מיט אַ שרעקלעך געוויין, גלייך ווי די גאַנצע וועלט וואָלט זיך אויף איר איינגעלייגט.

ערשט אין אַן עטלעכע גוטע מינוט אַרום איז זי עטוואָס צו זיך געקומען, נישט קענענדיק נאָך אַלץ ריכטיק פאַרשטיין. דאָס האָט זי גאָר שרעקלעך געפילט, אַז ס׳איז איר געשען אַזאַ עוולה, אַז ס׳איז איר געשען אַזאַ שרעקלעכע אומגערעכטיקייט, אַז דאָס האַרץ האָט איר שיעור נישט פון ווייטיק געפּלאַצט. זי האָט געשטיקט אין זיך און ס׳האָט זיך איר געגלוסט צו שרייען מיט אַלע כּוחות אויף דער דאָזיקער גאַנצער וועלט — אַז זי איז נעבעך אומשולדיק, אומשולדיק!

זי האָט אים נאָכגערופן, כאָטש זיינע טריט זענען שוין פאַרשטילט געוואָרן, זי האָט גערופן אין דער ווייטער נאַכט אַריין — אומזיסט.

אַ טיפע, שווערע חרטה און אַזאַ האַרציקע פּיין, און אַזאַ טויבער, דריקנדער, שרעקלעכע פּחד, אַז ס׳קען זיין, ער וועט זיך שוין מער נישט אומקערן, און די דאָזיקע אַלטע ליבע, וואָס איז פּלוצלינג תּחית המתים אויפגעשטאַנען, האָבן זיך אויף איר אַרויפגעלייגט מיט אַ שווערער, האַרטער משא פון באַאומרויִקנדיקן טרויער, אַז נישט קוקנדיק שוין אויף גאָרנישט, האָט זי גייענדיק אין כאַלופּע אַריין זיך הויך אויפן קול צערייטשעט...

אויפן גאַנעק האָט זי זיך אָנגעשטויסן אויף קלאָנביאַקן.

וועלכער האָט נאָר דעם קאָפּ אין דער שטוב אַריינגעשטעקט און אַ געשריי געטון:

— דעם פויערישן וואַלד האַקט מען! — און איז ווייטער אַוועקגעלאָפן.

מיטן אויגנבליק האָט זיך די דאָזיקע נייס איבערן דאָרף צעטראָגן, זי האָט אַ זעץ אַרויס געטון ווי אַ שרפה, אַרומנעמענדיק אַלע הערצער מיט אַ באַטריבטקייט און מיט אַ שרעקלעכן צאָרן, אַז די טירן האָבן זיך שוין נישט פאַרמאַכט, אַזוי איז מען מיט דער נייס איבער די כאַלופּעס געלאָפן.

פאַרשטייט זיך, דאָס איז געווען אַ גרויס געשעעניש פאַר אַלע און אַזוי שרעקלעך, אַז דאָס גאַנצע דאָרף איז פּלוצלינג פאַרשטילט געוואָרן, גלייך ווי אַ דונער וואָלט אַריינגעזעצט. זיי זענען אַרומגעגאַנגען איבערגעשראָקן, אויף די פינגער, זיי האָבן גערעדט צווישן זיך שעפּטשנדיק, אָפּוועגנדיק יעדער וואָרט, אַרומקוקנדיק זיך מיט אימה און לויערנדיק זיך איינגעהאָרכט. קיינער האָט נישט געשריגן, קיינער האָט נישט געקלאָגט און קיינער האָט מיט דער האַנט נישט געדראָעט, וואָרן יעדער איינציקער האָט געפילט אין דערדאָזיקער מינוט אַז דאָס איז נישט קיין שפּאַס, נאָר ס'איז אַזאַ ענין, אין וועלכן קיין באַבישע פּיסקעס וועלן דאָ גאָרנישט העלפן, נאָר אַ קלוג דורכטראַכטן זיך און אַ געמיינזאַמער באַשלוס.

ס'איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט, אָבער דער שלאָף איז פון יעדן אָפּגעטרעטן, נישט איינער איז פון דער וועטשערע אַנטלאָפן, מען האָט פאַרגעסן אין די אָוונט-אַרבעטן, מען האָט לגמרי אָן זיך פאַרגעסן און נאָר מ'האָט זיך געדרייט אויף די וועגן, און די הויף-איינגענג געשטאַנען, דאָ באַם סטאַוו און שטילינקע, שרעקעוודיקע, פאַרבאָרגענע סודות האָבן אין דער פינסטערניש פונקט ווי אַ בינען-געזשומערײַ געציטערט.

די צייט איז אויך געווען אַ שטילערע, דער רעגן האָט אויפגעהערט, ס'איז אַפילו לויטערער געוואָרן, איבערן הימל זענען די וואָלקנס סטאַדעסווייז געשוווּמען, און אונטן, נידעריק האָט אַ פראָסטיקער ווינט דורכגעצויגן, אַז די ערד האָט זיך אין גרודעס אָנגעהויבן צוזאַמענצודריקן און די דורכגענעצטע, שוואַרצע ביימער

זענען ווייס-פּראָסטיק צוגעבלאַסט געוואָרן, די שטימען ווידער, כאָטש פאַרשטיקטע, האָבן זיך שאַרפער פונאַנדערגעטראָגן.

מיטאַמאָל האָט זיך אַ צעטראָג געטון, אַז אַ טייל באַלעבאַטים האָבן זיך צוזאַמענגענומען און לאָזן זיך צום וואָיט.

און ס'איז טאַקע אַדורכגעגאַנגען ווינטשאָרעק מיטן לאָמע־גזשעלאַ; ס'איז אַדורכגעגאַנגען צאַבאַן מיכאַל מיט פראַנעק ביליצען האַנקעס פּאָטערס אַ פעטערן-זון; ס'איז אַדורכגעגאַנגען סאָכאַ; ס'איז אַדורכגעגאַנגען וואַלעק מיטן קרומען מויל, וואַכניק יוזעף, שיקאָרא קאַזשימיערזש, און אַפילו דער אַלטער פלאָשקאַ — נאָר באָרינען האָט קיינער נישט באַמערקט, אָבער מ'האָט געזאָגט, אַז ער איז אויך געגאַנגען...

דער וואָיט איז נישט געווען אינדערהיים, וואָרן באַלד נאָכן מיטאָג איז ער אַוועקגעפאָרן אין קאַנצעלאַריע אַריין, זענען שוין אַלע צוזאַמען, מיט דער גאַנצער חברה, געגאַנגען צו קלאָנבן. ס'האָבן זיך געפּאַקט נאָך זיי אַ שפּאָר ביסל מענטשן, אי באַבעס, אי קינדער, אָבער מ'האָט פאַרמאַכט די טיר, נישט אַריינלאָזנדיק שוין קיינעם אינעווייניק אַריין. וואָיטעק קלאָנביאַקן ווידער האָט מען געהאַט אָנגעזאָגט, ער זאָל אַכטונג געבן אויף די וועגן און לעבן דער קרעטשמע, צי ס'וועט זיך נישט אַמאָל ווייזן ערגעץ אַ סטראַזשניק...

פאַרן הויז ווידער, אין הויף-איינגאַנג און אַפילו אויפן וועג האָט זיך צוזאַמענגענומען וואָס אַמאָל אַ גרעסערער עולם, יעדער איז נייגעריק געווען, וואָס די עלטסטע וועלן דאָרט אָפּקלערן, און זיי האָבן לאַנג זיך באַקלערט, נאָר קיינער האָט נישט געוווּסט וואָס און ווי אַזוי? וואָרן דורך די פענסטער האָט מען נאָר געזען זייערע גרויסע קעפּ אין אַ האַלבן קרייז איינגעבויגן צום קוימען, אויף וועלכן עס האָט זיך געברענט אַ פייער, און פון דער זייט איז געשטאַנען קלאָנב, ער האָט עפּעס גערעדט פאַר זיי, נידעריק זיך איינגעבויגן און פון צייט צו צייט מיט דער פויסט אויפן טיש געקלאַפּט.

די אומגעדולדיקייט אָבער איז בײַ די וואַרטנדיקע געוואַקסן פון מינוט צו מינוט, ביז ענדלעך קאָבוס, דאָ די קאָזלאָווא דאָ, אויך אַ טייל פון די פאַראַבקעס האָבן אָנגעהויבן צו מורמלען און

אויפֿן קול זיך צו בונטעווען קעגן די, וואָס האָבן זיך באַראָטן, אַז זיי וועלן גאָרנישט קיין גוטס אויסקלערן פֿאַרן פֿאָלק, וואָרן זיי גייט נאָר אין זיך אַליין, אַז זיי זענען מכּלומרשט גרייט זיך מיטן הויף צו פֿאַרגלייכן און די איבעריקע צום אונטערגאַנג איבערלאָזן...

קאָבוס האָט זיך שוין געהאַט אַזוי צעבייזערט צוזאַמען מיט די קאָמאָרניקעס און מיט דער רעשט אָרימוואַרג, אַז ער האָט שוין אָפֿן אָנגערעדט נישט צו קוקן אויף די יועצים, נאָר וועגן זיך אַליין אַ קלער צו טון, אַליין זייער זאַך צו באַטראַכטן, עפּעס צו באַשליסן און טאַקע גיך, כּל זמן ס'איז נאָך צייט, כּל זמן יענע וועלן זיי נישט פֿאַרקויפֿן...

דערויף האָט זיך גראָד באַוויזן מאַטעוש און ער האָט אָנגעהויבן צונויפֿצורופֿן אַלע אין קרעטשמע אַריין, כּדי דאָרט פֿריי זיך צו באַראָטן, און נישט ווי די הינט דאָרט הינטער אַ פֿרעמדן פּלויט צו בילן...

דאָס האָט געטראָפֿן אין האַרץ אַריין פֿון גאַנצן עולם, וואָרן זיי האָבן מיט דער גאַנצער מחנה זיך אין קרעטשמע אַריין אַוועקגעלאָזט.

דער ייִד האָט שוין געלאָשן די לאָמפּן, אָבער ער האָט געמוזט עפֿענען און מיט שרעק געקוקט אויף דעם געדראַנג, וואָס דאָ פּאַקט זיך אַריין. זיי זענען שטילשווייגנדיק אַריינגעגאַנגען, רויִק פֿאַרנעמענדיק אַלע בענק, טישן און ווינקלען. קיינער האָט נישט געטרונקען, נאָר געדיכט זיך צונויפֿגעפּאַקט, שטיל זיך איבערשמועסנדיק און אויסוואַרטנדיק, ווער און מיט וואָס עס וועט דער ערשטער אַרויסטרעטן...

קיין גיכע צום אַרויסטרעטן די ערשטע, האָט נישט געפֿעלט, נאָר יעדערער האָט זיך נאָך געגרייט צום אַרויסטריט און האָט זיך אויף די אַנדערע אומגעקוקט, ביז ערשט אַנטעק האָט זיך אַ ריס אַרויס געטון, אַ שפּרונג געטון אין דער מיט אַריין און שאַרף, מיטאַמאָל אָנגעהויבן כּל דאָס בייז אויפֿן הויף אויסצורעדן...

אָבער כאָטש ער האָט אַלעמען גלייך צום האַרץ צוגעטראָפֿן, דאָך האָט אים ווייניק-ווער פּאָטאַקעוועט, יעדער האָט זיך געהאַלטן פֿון אים אָן אַ זייט, געקוקט אויף אים קרום, נישט גערן, מ'האָט

יך אַפילו צו אים מיט די פּלייצעס אויסגעדרייט, ווייל ס'האָט נאָך יעדערער צו פריש געדענקט דעם גלחס מוסר און זיינע זיג-דיקע מעשים. ער האָט אָבער נישט געקוקט דערויף; ער איז באַלד אַרויס פון די כּלים, גלייך ווי אַ ווילדע, קאַמפּסלוסטיקע שיכּרות וואָלט אים אַרומגענומען, און ער האָט מיטן גאַנצן כּוח צום סוף געשריגן:

— לאָזטס ענק נישט, פּויערן, טרעטס נישט אָפּ, צ'זאָלט נישט שענקען די עוולה! היינט האָט מען ענק צוגענומען דעם וואַלד, און אַז עץ וועט ענק נישט באַשיצן, זענען זיי מאָרגן גרייט די לאַפּעס אויסצוציִען צו ענקער ערד, צו די כאַלופּעס, צום פּאַר-מעגן! ווער וועט זיי נישט לאָזן! ווער וועט זיך זיי אַקעגנ-שטעלן!...

דעם עולם האָט עס פּלוצלינג אַ ריר געטון, א טויב גע-ברום האָט זיך איבער דער שטוב געטראָגן, דער המון האָט זיך געוואַלטיק אַ וויג געטון, ס'האָבן זיך ווילד צעגלאַנצט די אויגן, הונדערט פויסטן מיטאַמאָל האָבן זיך איבער די קעפּ אויפגעריסן און הונדערט בריסטן מיט אַמאָל האָבן ווי דונערן אַ ריטש געטון...

— מיר וועלן נישט לאָזן! מיר וועלן נישט לאָזן! — האָבן זיי געדונערט, אַזש די קרעטשמע האָט זיך פון דערדאָזיקער מאַכט אַ טרייסל געטון.

אויף דערויף טאַקע האָבן געוואַרט די אַנפּירערס. וואָרן באַלד האָט זיך מאַטעוש, קאָבוס, די קאָזלאָוואַ און דערנאָך אויך אַנדערע אַ וואָרף געטון אין דער מיט אַריין און גענומען שרייען, גענומען אויסרעדן כּל דאָס בייז, און העצן... אַז אינגיכן האָבן די געוואַלטן, דראָונגען, קללות, טופּערייען, דאָס קלאַפּן מיט די פויסטן אין די טישן און דער דונערדיקער, שרעקלעכער געבריל פון דעם דערצערנטן עולם די גאַנצע קרעטשמע פאַרגאָסן.

יעדער האָט געשריגן זיינס, יעדער האָט זיך געכעסנט, יע-דער האָט עפּעס אַנדערש געעצהט; און מען האָט זיך געשטופּט צווישן זיך אַזוי אָן שכל, פונקט ווי די צונויפגעדריקטע הינטעלעך אין פּעדערהויז. ווען ס'איז נישטאָ קיינער, ווער ס'זאָל זיי אין דרויסן אַרויסלאָזן און זיי אויף די שונאים אַ לאָז טון... און ס'איז

געוואָרן אַלץ גרעסער דער טומל, די געשרייען און אַמפּערנישן, וואָרן דער עולם איז דערבייזערט געוואָרן און פון דער עוולה זיך געקאָכט אינעווייניק און זיך נישט געקענט אויף איינס באַשליסן; וואָרן ס'איז נישט געווען איינער אַזעלכער, וואָס זאָל מיט זיין קראַפט אַלע איבערשפּאַרן און צו דער נקמה אָוועקפירן...

זיי האָבן זיך צונויפגעשפּאַרט אין קופּעס, און אין יעדערער איז געווען עפּעס אַ פּיסקאַטש, וועלכער האָט צום העכסטן געקווי־טשעט און געהיצט זיך, און צווישן דער געדיכטעניש האָבן זיך פלינק געפּאָרעט די אָנפירערס, וואַרפנדיק ווו מ'האָט געדאָרפט עפּעס אַ שאַרף וואָרט, אַזוי, אַז צום סוף האָט שוין איינער דעם אַנדערן נישט געהערט, וואָרן אַלע האָבן איבּיינעם געשריגן.

— אַ האַלבן וואַלד האָט מען שוין אומגעלייגט, און אַזעלכע דעמבעס, אַז קיין פינף פויערן וועלן איינעם נישט אַרומנעמען.

— קלאָנביאַק האָט געזען, קלאָנביאַק!

— זיי וועלן אויסהאַקן אויך די רעשט, זיי וועלן אויסהאַקן, זיי וועלן ענק נישט בעטן צ'זאָלט זיי פּאָזוואָליען! — האָט ד' קאָזלאָווא געליאַרעמט, דורכשטופּנדיק זיך צום שענקפּאַס.

— זיי האָבן שטענדיק דאָס פאָלק באַעוולהט, וויפיל זיי האָבן נאָר געקאָנט.

— אַז צ'זענט אַזעלכע נאַרישע באַראַנעס, טאָ לאָזן זיי ענק טרייבן ווו זיי ווילן...

— נישט לאָזן זיך, נישט לאָזן! מיט דער גראָמאַדע גיין, צעטרייבן, דעם וואַלד אָפּנעמען!

— צו דערדורסן די באָדריקערס!

— צו דערדורסן! — האָבן זיי אַלע איבּיינעם געוואַלטעוועט און ווידער האָבן זיך די פויסטן צאָרנדיק אויפגעהויבן, אַן אומגעהייער געשריי האָט אַרויסגעזעצט און דער גאַנצער המון האָט אויפגעקאָכט מיט שנאה און מיט נקמה, און ווען ס'איז שטיל געוואָרן, האָט מאַטעוש אויסגעשריגן לעבן שענקפּאַס צו זיין הברה:

— ענג איז דאָ אַלעמען, פונקט ווי אין אַ נעץ, וואָרן אומעטום זענען דאָ הייף, פון אַלע זייטן דריקן זיי צו ווי די

ווענט דאָס דאָרף און די נשמה, ווילסטו די קי פּאַשען היבטערן
דאָרף — ווערסטו דיך באַלד אָנשטויסן אויף הויפיש אייגנטום ;
וועסט דאָס פערד אַרויסלאָזן — האָסטו נאָך דער מיעדזע הויפיש
אייגנטום ; מ'קען מיט קיין שטיין נישט קיין שליידער טון,
וואָרן ער וועט דיר אין הויפישן אַריינפאַלן... און באַלד
וועלן זיי דיר פאַרנעמען, באַלד סאָנדעס, באַלד שטראָפן!
— אמת! אמת! איז פאַרהאַן אַ גוטע לאָנקע, צוויי מאָל שניט-
גיט זי — איז עס טאַקע דעם הויפס, דאָס בעסטע פעלד — איז
עס הויפיש, דער וואַלד — אַלצדינג הויפיש — האָבן זיי פאַר-
טאַקעוועט.
— און דו, פּאָלק, אויף די זאַמדן זיץ, מיט מיסט באַ-
הייץ דיר און וואַרט אויף דעם פּאַנס רחמנות!
— אָפּנעמען די וועלדער, אָפּנעמען די ערד! נישט אַוועק-
געבן אונדזערס!
לאַנג האָבן זיי אַזוי געשריגן, וואַרפנדיק זיך אויף אַלע זייטן,
היצנדיק זיך און שאַרף דראָענדיק, און ווייל זיי האָבן זיך
אויפן הויכן קול באַראָטן און נישט מיט ווייניק ברען, איז
נישט איינער האָט געדאָרפן אַ ביסל בראָנפן אויסטרונקען, כדי
זיך צו שטאַרקן, אַנדערע האָבן ווידער ביער געטרונקען, כדי
זיך אָפּצוקילן, און דריטע האָבן זיך דערמאַנט אָן די נישט
דערעסענע וועטשערעס, און זיי האָבן אָנגעהויבן שרייען אויפן
ייִד נאָך ברויט און הערינג..
נאָר ווען זיי האָבן זיך געהאַט אַביסל אונטערגעלעבט די
הערצער און צוגעטרונקען, זענען זיי שטאַרק אָפּגעקילט געוואָרן
פון דער פאַרביסנקייט און האָבן זיך אָנגעהויבן צו ביסלעכווייז
פונאַנדערצוגיין אָן אַ שום באַשלוס.
מאַטעוש אָבער צוזאַמען מיט קאָבוסן און מיט אַנ-
טעקן, וועלכער האָט זיך שוין די גאַנצע צייט אָן אַ זייט גע-
האַלטן און עפּעס זיינס געקאַלקולירט, זענען אַוועקגעגאַנגען צו
קלאָנבן, און טרעפנדיק נאָך דאָרטן די גאָספּאָדאַזשעס, האָבן
זיי געמיינזאַם מיט זיי באַשלאָסן עפּעס צו טון מאָרגן און זענען
זיך שטיל איבער די כאַלופּעס צעגאַנגען.

ס'איז שוין געווען גאָר שפּעטע נאַכט, די פייערלעך און די שטובן זענען געווען אויסגעלאָשן, אַ שטילקייט איז אויפן דאָרף געפאַלן, אַז נאָר פון צייט צו צייט האָט אַ הונט אַ ביל געטון, אָדער דער ווינט האָט אַ רויש געגעבן, אַזוי, אַז די דורכגעפרווירענע ביימלעך האָבן זיך אָנגעקלאַפּט אין דער פינסטערניש איינס אָן אַנדערן ווי די שונאים, און דערנאָך האָבן זיי לאַנג און אימהדיק געפּליסטערט. אַ פיין פרעסטל האָט גענומען, די פלעטער האָבן זיך פון פּראָסטיקן טוי אָפּגעווייסט, אָבער עפּעס באַלד אַרום האַלבע נאַכט-צו, האָבן זיך די שטערן פאַרבאָרגן; ס'איז פינסטער געוואָרן און ס'האָט זיך געמאַכט אויף דער וועלט עפּעס אַזוי טרויעריק, שרעקלעך... דער גאַנצער עולם איז געלעגן פאַרזונקען אין שלאָף, אָבער דער שלאָף איז געווען אַ שווערער און אַ פיבערדיקער, וואָרן פון צייט צו צייט האָט זיך אַ שטיל קינדער-געוויין אויפגעריסן, דאָ האָט זיך עמעץ אויפגעכאַפּט אינגאַנצן אין שווייס באַגאָסן און מיט אַזאַ אויסטערלישער שרעק, אַז ער האָט געמוזט מיט אַ תפילה דאָס האַרץ שטאַרקן; ערגעץ אַנדערש האָבן עפּעס דונערנדיקע קנאַלן נישט געלאָזט שלאָפן, אַז מ'האָט זיך אויפגעכאַפּט און אַראָפּגעלאָפן קוקן, צי דאָס זענען נישט קיין גנבים; נישט איינער האָט פון שלאָף געשריגן, דערציילנדיק דערנאָך, אַז ס'האָט אים עפּעס אין שלאָף געשטיקט; דאָ ווידער האָבן זיך הינט ערגעץ אַזוי יעמערלעך צעבילן, אַז די די הערצער זענען פון פּחד, שרעקנדיקע געפילן און אימה אַזש אַנטפאַלן...

די נאַכט האָט זיך לאַנג און שווער געשלעפּט, פאַרוועבנדיק די נשמה מיט פּחד, אומרו און מיט שרעקלעכע חלומות פול מיט טרויס-בילדער און פיבערדיקע זעונגען.

און אַזוי ווי ס'האָט נאָר אָנגעהויבן גרויען, און ס'איז נאָר עטוואָס טאָג געוואָרן און ווער-נישט-ס'איז האָט די אויגן געעפנט און דעם שווערן, נאָך שלעפעריקן קאָפּ אויפגעהויבן, איז אַנטעקאווצקעלאָפן צום גלאָקנטורם און אָנגעהויבן קלינגען אין גלאָק ווי אויף אַ שרפה...

בחנם האָט אים יאַמבראָזשי צוזאַמען מיטן אָרגאַניסטער

נישט געלאָזט, ער האָט זיי געשאָלטן, זיי געוואָלט אפילו שלאָגן און מיטן גאַנצן כּוח זיינס געטון.

דער גלאָק האָט פּאַמעלעך געקלונגען, אומאויפהערלעך און אַזוי מרה-שחורהדיק, אַז אַ פּחד איז אַזש אויף די הערצער גע-פאַלן, אַז מענטשן זענען איבערגעשראָקענע, אויפגעציטערטע, האַלב באַקעטע אַרויסגעלאָפן זיך פרעגן וואָס עס איז געשען, און זענען שוין אַזוי שטיין געבליבן פאַר די כאַלופּעס, ווי פאַרשטיינערטע אַזוי איינגעהאָרכט; וואָרן דער גלאָק האָט כסדר געקלונגען און געדונערט מיט אַ מרה-שחורהדיקער, הויכער שטימע אין דער פּאַרטאָגדיקער גרויקייט, אַז די ערד האָט אַזש געציטערט, אַז די איבערגעשראָקענע פייגל זענען זיך אין די וועלדער אַריין צע-פלויגן, און דער עולם האָט זיך אַן איבערגעשראָקענער געצלמט און פאַרשטאַרט געוואָרן אין זיך; וואָרן אויך מאַטעוש און קאָבוס און אַנדערע זענען שוין אַרומגעלאָפן איבערן דאָרף, קלאַפּנדיק מיט די שטעקנס אין די פלעטער און געשריגן:

— אויפן וואַלד! אויפן וואַלד! ווער ס'לעבט נאָר זאָל אַרויס-גיין! צו דער קרעטשמע! אויפן וואַלד!...

האָט מען הענט און פיס ברעכנדיק, זיך שנעל אָנגעטון, אַז נישט איינער האָט זיך נאָך אין וועג צוגעקנעפּלט און דעם פּאַ-טשערזש פאַרענדיקט און גיך געלאָפן צו דער קרעטשמע, ווו קלאָנגב און נאָך עטלעכע באַלעבאַטים זענען שוין געשטאַנען...

די וועגן, די הויף-איינגענג, די פּאָדוואַרזשעס האָבן באַלד אָנגעהויבן ווימלען פון מענטשן, אַלע כאַלופּעס האָבן מיטאַמאָל אויפגעקאָכט, די קינדער האָבן אויפגעהויבן נישט קיין קליינעם געוואַלט, די ווייבער האָבן זיך איבער די סעדער צונויפגעשריגן, ס'האָט זיך אויפגעהויבן אַזאַ ליאַרם, אַזאַ געלויף, גלייך ווי אַ שרפה וואָלט אין דאָרף אויסגעבראָכן...

— אויפן וואַלד! ווער ס'האָט נאָר מיט עפּעס, אַ קאָסע איז מיט אַ קאָסע, צעפּעס, קלאָניצעס העק, און גענומען זאָל ווערן!

— אויפן וואַלד! — מיט דעמדאָזיקן געשריי האָט זיך די לופט געטרייסלט און דאָס גאַנצע דאָרף האָט געדונערט.

ס'איז שוין געוואָרן גרויסער טאָג; ער איז געווען אַ שטי-

לער, אַ העלער, פֿאַרנעפּלט נאָך און פּראָסטיק, די ביימער זענען געשטאַנען אין פּראָסטיקן טוי אַרומגעוועבט, פּונקט ווי מיט שפּינוועבס, די וועגן האָבן געקנאַקט אונטער די פֿיס מיט די שוואַכע אייזיקע גרודעס, די וואַסערן זענען געפֿרוירן געוואָרן, אַז אומעטום זענען געווען געפֿרוירענע קאַלוזשעס אַזוי ווי מיט צעפּלאַצט גלאָז, און די נאָז-לעכער האָט געדרייט אַ שאַרפֿע, פֿרישע און אַזאַ ריינע לופֿט, אַז די געשרייען און די געוואַלטן האָבן זיך איבערן גאַנצן דרויסן געטראָגן.

אָבער ביסלעכווייז איז איינגעשטילט געוואָרן, וואָרן אַ פֿאַרביסנקייט האָט די הערצער דורכגענומען און עפּעס אַ גרויזאַמע, זיכערע, פֿאַרעקשנטע קראַפֿט האָט די נשמות פֿאַרשטיינערט און האָט זי איינגעהילט אין אַזאַ שטרענגן ערנסט, אַז זיי האָבן אומבאַוווּסטזיניק געשוויגן, פֿאַרזונקען ווערנדיק אין זיך אַליין.

דער המון איז וואָס אַמאָל גרעסער געוואָרן, זיי האָבן שוין דעם גאַנצן פּלאַץ פֿאַר דער קרעטשמע געהאַט פֿאַרנומען אַזש ביזן וועג, שטייענדיק געדיכט, אָרעם באַ אָרעם און ס'זענען נאָך פֿאַרשפּעטיקטע צוגעקומען.

מען האָט זיך שטילשווייגנדיק באַגריסט, יעדערער האָט זיך אַנידערגעשטעלט ווו ס'איז אויסגעקומען, אומגעקוקט זיך אַרום און געוואַרט געדולדיק אויף די עלטערע, וועלכע זענען געגאַנגען נאָך באַרינען.

נו, וואָרן ער איז געווען דער ערשטער אין דאָרף, איז אים געקומען צו פֿירן דעם עולם, אָן אים וואָלט זיך קיין שום באַלעבאָס נישט גערירט.

זענען זיי געשטאַנען דעריבער געדולדיק און שטיל, ווי אַ צוזאַמענגעשלאָגענער וואַלד אין געדיכטעניש, איינגעהאָרכט אין די שטימען, וואָס עס טראָגן זיך פֿון אים און אין דעם ריזלען פֿון די קוואַלן, וואָס פֿליסן ערגעץ צווישן די וואָרצלען... טיילמאָל איז נאָר עפּעס אַ וואָרט דאָרט דורכגעלאָפֿן, טיילמאָל האָט זיך עמעצנס אַ פֿויסט אינדערהייך אויפֿגעריסן, דאָ האָבן זיך עמעצנס אויגן שאַרפֿער צעגליט, דאָ האָבן זיך די פּוטער־

נע היטלען שטאַרקער אַ וויג געטון, דאָ האָט זיך עמעצנס פּנים מער צערויטלט און זענען ווידער שטיין געבליבן אומ־באַוועגלעך, אַז זיי האָבן אויסגעזען, ווי די סנאָפּעס געדיכט איינער לעבן אַנדערן אויסגעשטעלט.

דער קאָוואַל איז געקומען צו לויפן, דורכגעשטופּט זיך דורך דער ענגשאַפט און אָנגעהויבן דעם עולם אָפּצורעדן, צו שרעקן, אַז פאַר דעם, וואָס זיי רעכענען צו טון, וועט דאָס גאַנצע דאָרף אַוועקגיין אין קייטן און ס׳וועט דערפון אַ תל ווערן, און נאָך אים האָט דער מילנער דאָס אייגענע איבער־געחזרט, אָבער קיינער האָט נישט קיין אַכט געלייגט אויף זיי און נישט געהאָרכט – וואָרן מ׳האָט גאַנץ גוט געוווסט, אַז ביידע דינען דעם הויף און זיי האָבן זייערס אַ אינטערעס דאָ צו שטערן.

און ראָכאָ איז געקומען און מיט טרערן אין די אויגן האָט ער דאָס זעלבע געגעבן צו פאַרשטיין — ס׳האָט אָבער נישט געהאָלפן.

ביז ענדלעך אויך דער גלח איז געקומען צו לויפן און אָנגעהויבן זיינס צו פּריידיקן — זיי האָבן זיך נישט געהאָרכט, ווי זענען געשטאַנען אומגערירט, קיינער האָט אַפילו דאָס היטל נישט אַראָפּגענומען, קיינער האָט אים אין דער האַנט אַריין קיין קוש נישט געטון און עמעץ האָט אַפילו הויך אויסגעשריגן:

— מ׳צאָלט אים, פּריידיקט ער!

— מיט דעם פּריידיקן וועט ער די עוולה נישט פאַרדעקן — האָט עמעץ מיט שפּאָט צוגעוואָרפן.

און זיי האָבן געקוקט אַזוי פינסטער און פאַרביסן, אַז דער גלח האָט זיך אַזש צעוויינט, נישט אויפהערנדיק זיי בא אַלע הייליקייטן צו באַשווערן, אַז זיי זאָלן זיך באַרעכענען און זיך צעגיין אַהיים, אָבער ער האָט נישט געענדיקט, וואָרן באָרינע איז אָנגעקומען און דער גאַנצער עולם האָט זיך צו אים אויסגעדרייט.

מאַטשעי איז בלייך געווען ווי די וואַנט, און שטרענג, אַז אַ פּראָסט האָט אַזש פון אים געזעצט, אָבער די אויגן האָבן

אים געגליט ווי באַ אַ וואָלף, ער איז געגאַנגען אויסגעגלייכט, פֿאַרוואָלקנט און מיט אַ מינע פֿון זיכערקייט. די באַקאַנטע האָט ער באַגריסט מיט אַ ווונק און מיט די אויגן איבער די מענטשן געפֿירט, מ'האָט זיך פֿונאַנדערגערוקט פֿאַר אים, מאַכנדיק אַ פֿרייען דורכגאַנג, און ער איז אַרויפֿגעטרעטן אויף די בעלקעס, וואָס זענען פֿאַר דער קרעטשמע געלעגן, אָבער נאָך איידער ער האָט אָנגעהויבן צו רעדן, האָט מען אָנגעהויבן צווישן דעם המון צו שרייען:

— פֿירטס אונדז, מאַטשעי, פֿירטס אונדז!

— אויפֿן וואַלד! אויפֿן וואַלד! — האָבן זיך אַנדערע געריסן.

ערשט דאַמאָלס, ווען ס'איז שטיל געוואָרן, האָט ער זיך איינגעבויגן, אויסגעצויגן די הענט און מיט אַ הויך קול אָנגעהויבן צו רופֿן:

— קריסטלעך פֿאָלק, ערלעכע פּאָליאַקן, באַלעבאַטים און קאָמאָרניקעס! ס'איז אונדז אַלעמען געשען אַן עוולה, אַ גלייכע עוולה, וועלכע איז נישט צום פֿאַרליידן און נישט צום שענקען! דער הויף שניידט אונדזער וואַלד, דער הויף האָט קיינעמען פֿון אונדזערע קיין אַרבעט נישט געגעבן, דער הויף פֿאַלט בסדר אויף אונדז אָן און פֿירט אונדז צום אונטערגאַנג! און צי איז דען מעגלעך צו בעדענקען די אַלע עוולות, די משכּנות, די היזקות, און די אַלע פּיין, דאָס גאַנצע פֿאָלק ליידט! מיר האָבן איינגעגעבן אין סאָנד אַריין — אָבער ווער וועט אים עפּעס טון! מיר זענען געפֿאָרן מיט אַן אָנקלאַגע — אומזיסט. אָבער דאָס מעסטל האָט זיך איבערפֿולט, ער האַקט אונדזער וואַלד! צי וועלן מיר פֿאַזוואָליען דערויף, האַ?

— ניין, ניין! נישט לאָזן! נישט לאָזן! צעטרייבן, דערדורסן, נישט לאָזן!

— האָבן זיי געשריגן און די גרויע, פֿאַרוואָלקנטע, באַטריבטע פּנימער האָבן זיך צעבליצט ווי דונערן, הונדערט פֿויסטן האָבן אַ שימער געטון אין דער לופֿט און הונדערט העלדזער האָבן אַ ריטשע געטון און אַ צאָרן האָט מיט די הערצער אויפֿגעטרייסלט.

— אונדזערע רעכט און קיינער אָנערקענט זיי אונדז נישט,

אונדזער וואַלד און ער האַקט אים! איז וואָס-זשע זאָלן מיר, יתומים, טון, אַז קיינער אין דער וועלט שטעלט זיך נישט איין פאַר אונדז און אַלע באַצוולהן, וואָס-זשע?... טייער פאַלק, קריסטלעכע מענטשן, פּאָליאַקן, דאָס זאָג איך ענק, אַז ס'איז שוין נישטאָ קיין שום אַנדערע עצה, נאָר מיר מוזן אַליין באַשיצן אונדזער האָב און גוטס, מיט דער גאַנצער גראָמאַדע צו גיין און האַקן דעם וואַלד נישט צו לאָזן! אַלע לאָמיר גיין, ווער עס לעבט נאָר, ווער ס'רירט נאָר מיט אַ פוס, ס'גאַנצע דאָרף, אַלע ווי איינער. האָטס נישט קיין מורא, מענטשן, פאַר גאָרנישט, האָטס נישט קיין מורא, ס'איז אונדזער רעכט, דעריבער איז עס אויך אונדזער ווילן און אונדזער גערעכטיקייט, און קיין גאַנץ דאָרף באַשטראָפן וועט מען נישט באַשטראָפן... מיט מיר, מענטשן, נעמטס ענק ראַש צוזאַמען, מיט מיר. אויפן וואַלד! האָט ער פעסט אַ ריטשע געטון.

— אויפן וואַלד! — האָבן אַלע מיטאַמאָל הויך אָפּגעענטפערט, ס'האָט זיך געמאַכט אַ גערודער, דער המון האָט זיך אַ וויג געטון, פונאַנדערגעפלאַצט, און מיט אַ געשריי איז יעדער איינציקער גיך אַהיימגעלאָפן זיך צו צוגרייטן, אַזוי, אַז ס'איז געוואָרן אַ פּיבערהאַפט געפּאָרעריי, מ'האָט זיך איבערגעטון, געשפּאַנט, אַרויסגעשלעפּט די שליטנס, אַ געהירזשעריי פון די פערד אַ געקוויטשעריי פון די קינדער, קללות, ווייבערישע געיאָמערן' האָבן זיך געטראָגן, אַז דאָס דאָרף האָט זיך נאָר געטרייסלט פון די צוגרייטונגען, און אפשר אין צוויי מינוט אַרום האָבן זיי, שוין צוגעבריטע, זיך געצויגן אויפן טאָפּאָלן-וועג, ווו ס'האָט געוואַרט אין אַ שליטן באַרינגע צוזאַמען מיט פלאַשקען, קלאָנבן און אַלע גרעסטע באַלעבאַטים.

זיי האָבן זיך אויסגעשטעלט אין רייען, ווי אייבעם אין אויסגעקומען. פויערן, פּאַראָבקעס, ווייבער, אַפילו קינדער זענען מיטגעגאַנגען; ווער ס'איז געווען מיט אַ שליטן, ווער רייטנדיק, ווער מיט אַ וואָגן, אויך די איבעריקע, כמעט דאָס גאַנצע דאָרף האָבן זיך געלאָזט צופוס און זיך צוזאַמענגעדרייקט אין אַ געדיכטעניש, ווי אין אַ לאַנגער בייט, וואָס רוישט מיט תבואה, דורכגעוואַקסן מיט אַ רויטקייט פון דעם ווייבערישן אָנטון, איבער וועלכער עס

האָבן זיך נאָר געטרייסלט פעסטע דרענגער, פאַרזשאַווערטע ווידלעס, צעפּעס, און דאָ און דאָרט, האָט ווי אַ בליץ אַ שימער געטון אַ קאָסע, גלייך ווי דער עולם וואָלט צו דער פעלד־אַרבעט געצויגן; נאָר ס׳זענען נישט געווען קיין געלעכטערן, וויצן און פרייִלעכקייט, זיי זענען אַלע געשטאַנען אין שטילקייט, באַרוישט, שטרענגע, גרייט אויף אַלעם, און ווען ס׳איז אָנגעקומען די צייט, האָט זיך באָרינע אויפגעשטעלט אין שליטן, דעם עולם מיט די אויגן אַרומגענומען און אַ געשריי געטון, איבערגעצלמדיק זיך:

— אין נאָמען פון פאָטער און זון און הייליקן גייסט! אָמן, אין וועג אַריין!

— אמן! אמן! — האָבן זיי נאָכגעזאָגט, און ווייל דאָס קלויסטער־גלעקל האָט זיך גראָד אַ צעקלינגג געטון, ווייזט אויס׳ דער גלח איז אַרויס מיט אַ גאָטעסדינסט, האָט מען זיך איבערגעצלמט, אַראָפּגענומען די היטלען, געקלאַפּט זיך אין האַרץ אַריין, און ווער נישט ס׳איז האָט שמערצלעך אָפּגעזיפצט. און אייניק האָט זיך אַ ריר געטון, שטאַרק און אין שטילשווייגן, כמעט דאָס גאַנצע דאָרף, נאָר דער קאָוואַל האָט זיך פאַרבאָרגן ערגעץ אין אַ הויף־איינגאַנג, אַריבערגעכאַפּט זיך אין דער כאַלופּע אַריין, אַרויפגעשפרונגען אויף אַ פערד און זיך אַ לאָז געטון מיט זייטיקע וועגן צום הויף־צו. אַנטעק ווידער, וועלכער האָט זיך פון פאָטערס באַווייזן אָן געהאַט באַהאַלטן אין דער קרעטשמע, האָט באַלד, ווי זיי האָבן אַוועקגערירט, גענומען באַם ייִד אַ ביקס, באַהאַלטן זי אונטערן פעלץ און זיך אַ לאָז אַוועק געטון אין וואַלד אַריין, דורכהאַקנדיק די פעלדער... נישט אומקוקנדיק זיך אַפילו אויף דער גראָמאַדע...

און דער עולם האָט פלינק געשפּרייזט נאָך באָרינען, וועלכער איז געפאָרן פאָרויס.

האַרט נאָך אים האָבן געצויגן די פלאָשקעס פון אַלע דריי כאַלופּעס, מיט סטאַכן אין דער שפּיץ. דאָס איז נישט געווען אַזאַ געוויקסיקע חברה, נאָר פּיסקאַטע, קולותדיקע און זיי האָבן שטאַרק געהאַלטן פון זיך.

און נאָך זיי די סאָכעס, וועלכע דער סאָלטיס האָט געפירט.

אוּן די דריטע זענען געווען די וואַכניקעס, דראַבנע פּויערן, טרוקענע, אָבער פאַרביסענע ווי די אָסעס.

אוּן די פערטע זענען געגאַנגען די גאַלאַנבעס, מיט וועלכע מאַטושע האָט אָנגעפירט; זיי זענען נישט געווען קיין סך, נאָר זיי זענען באַשטאַנען פאַר אַ האַלב דאָרף, וואָרן בלויז עקשנים און שלעגערס און צעוואַקסענע ווי די דעמבעס זענען זיי געווען.

אוּן די פינפטע — די שיקאָרעס — מרוקעס, געזעצטע ווי די ביימער־שטאַמען, מיט פעסטע מוסקולן.

אוּן דערנאָך די קלאָנביאַקעס און אַנדער ייִנגוואַרג, אויסגעוואַקסענע, פעסטע, קאָכעדיקע און גיריקע אויף געשלעגן, מיט זיי האָט אָנגעפירט גזשעלאַ, דעם וואָיטס ברודער.

אוּן צום סוף זענען געגאַנגען די ביליצעס, קאָבוסעס, פּריטשקעס, גולבאַסעס, פּאַטשעשעס, באַלצערעקס און ווער געדענקט זיי דאָרט אַלע.

זיי זענען געגאַנגען פעסט, אַז די ערד האָט זיך אַזש געטרייסלט, אָנגעכמורעטע, האַרטע, און גרויזאַמע, פּונקט ווי אַ האָגל־וואָלקן, וואָס גיט נאָר אַ גלאַנץ, נעמט זיך אָן מיט דונערן, בלייבט שטיל און אַ ליאַדע מינוט וועט ער געבן אַ פאַל אַראָפּ און די גאַנצע וועלט צעטראַטעווען.

אוּן נאָך זיי האָבן זיך געטראָגן געוויינען, געוואַלטן און געקלאָגערייען פון די איבערגעבליבענע.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

די וועלט האָט נאָך אויסגעזען ווי אָפּגעשטאָרבן פון דער באַכטיקער קעלט, פול מיט שלעפעריקער פאַרטויבטקייט און געדיכט, מיט אַ רויען און גלאָזיקן נעפל.

אַ שטילקייט האָט געהערשט אין וואַלד, אַ שאַרפע קעלט האָט דורכגעצויגן און אַ שוואַכער שטראַל פונם מאָרגן־רויט האָט די שפּיצן־ביימער באַרייטלט און ווו־נישט־ווו אויף דעם בלאַסן שניי זיך צעשיט.

נאָר אין די וועלפן־גריבער האָבן געדונערט די קנאַלן פון די פאַלנדיקע ביימער איינער נאָכן אַנדערן, אַ קלאַפּן פון העק און אַ דורכבויערנדיקער, גרילצנדיקער סקריטש פון זעגן.

מ'האָט געלייגט דעם וואַלד !...

אפשר מער ווי פערציק פויערן האָבן געאַרבעט פון סאַמע פאַרטאָג אָן, פונקט ווי אַ סטאַדע דזשענטשאַלן*) זענען זיי אויפֿ־וואַלד אָנגעפאַלן, צו דיביימער זיך צוגעקלעבט און אַזוי עקשנות־דיק און פאַרביסן געהעמערט, אַז די ביימער זענען געפאַלן איינער נאָכן אַנדערן. די פאַרעמבע איז געוואַקסן, די אונטערגעהאַקטע ריזן זענען געלעגן אויסגעלייגט איינער לעבן אַנדערן ווי אַ צע־טראַטעוועט שטיק פעלד, נאָר ווו־נישט־ווו האָבן שלאַנקע יונגע פלאַנצן, פונקט ווי דאָס האַרטע שטעכעכץ, אַרויסגעשטאַרט, שווער זיך איינבייגנדיק, פונקט ווי די מאַמעס, וואָס וויינען יעמערלעך איבער זייערע טויטע קינדער; ווו־נישט־ווו האָבן די נישט אונטערגע־האַקטע קזשאַקעס טרויעריק געפּליסטערט, דאָ האָט עפּעס אַ ביימעלע — אַן עלענדס, וואָס די האַק האָט עס נישט געכאַפּט, אימהדיק געציי־טערט — און אומעטום זענען אויף די פלאַכטעס צעטרעטענעם שניי, פונקט ווי אויפן טויטן בעט, געלעגן דערשלאָגענע ביימער, קופעס צווייגן, טויטע ביימער־שפּיצן און ריזיקע קלעצער ענלעך צו אָפּגעריסענע און צעפּערטלטע מתים, און ריטשקעלעך געל זע־געכץ האָבן זיך צעטריפט אין דעם שניי, פונקט ווי דאָס קלאָגנדי־קע בלוט פון וואַלד.

און אַרום איז איבער דער פאַרעמבע, גלייך ווי איבער אַן אָפן קבר, געשטאַנען דער וואַלד אין אַ צוזאַמענגעשלאָגענער, דער־הויבענער און נישט דורכדרינגלעכער ענגשאַפט, פונקט ווי די גוטע פריינט, קרובים און באַקאַנטע, וואָס האָבן זיך אין אַן איינגעבויגענער געדיכטעניש אַנידערגעשטעלט און אין אימהדיקן שטילשווייגן, מיט פאַרשטיקטן געשריי פון פאַרצווייפלונג, האָרכן זיי זיך איין אין די געפאַלענע צום טויט און קוקן פאַרשטאַרטע אויף דעם אומבאַ־רחמנותדיקן שניט.

וואָרן די העקערס זענען אומאויפהערלעך געגאַנגען פאָרויס און זיך צעשפּרייט אין אַ ברייטער שורה און געלאַסן, אין שטיל־שווייגן האָבן זיי זיך אַריינגעשפּאַרט אין וואַלד, וואָס האָט

*) אַ מין פויגל.

אויסגעזען נישט צום בייקומען; ער האָט מיט אַ פינסטערער, הויכער וואַנט פון צוזאַמענגעדריקטע שטאַמען פאַרשטעלט זיי דעם וועג און מיט זיין אומגעהייערקייט האָט ער זיי אַזוי אַלץ פאַרדעקט, אַז זיי זענען פולשטענדיק פאַרפאַלן געוואָרן אין דעם שאָטן פון די גראָבע צווייגן. נאָר די העק האָבן געבלאַנקט אין דער פינסטערניש, און אומדערמידלעך געהאַקט, דער סווישטש פון די זעגן האָט אויף קיין רגע נישט אויפגעהערט, און וואָס אַ ווײַלע האָט זיך עפּעס אַ בוים אַ וואַקל געטון, און פּלוצלינג, פונקט ווי אַ פויגל, וואָס איז פאַרעטעריש געכאַפּט געוואָרן אין דער נעץ אַריין, האָט ער זיך אַ ריס אָפּ געטון פון זיינע נאָענטע, געקלאַפּט מיט די צווייגן און מיט אַ שטערבלעך קרעכצן איז ער אויף דער ערד אַנידערגעפאַלן — און נאָך אים אַ צווייטער, אַ דריטער, אַ צענטער...

ס'זענען געפאַלן אומגעהייערע סאָסנעס שוין פאַרגרינטע פון אַלטקייט, ס'זענען געפאַלן טענענביימער, פונקט ווי אין רעדליגע קאַפּאָטעס אָנגעטון; ס'זענען געפאַלן צעשפרייטע פיכטנביימער, ס'זענען געפאַלן אויך טונקל-גרויע דעמבעס, מיט בערד פון גרויען מאָך באַוואַקסן — פונקט ווי די זקנים, וועלכע קיין דונערן זענען זיי נישט בייגעקומען און הונדערטער יאָרן זענען זיי נישט צעקרישלט געוואָרן, און די העק האָבן זיי אויף טויט פאַרטיליקט. און נאָך אַנדערע געמיינערע ביימער, ווער קען דאָס אַרויסזאָגן וויפיל און וואָסערע עס זענען אַלץ געפאַלן!

דער וואַלד איז אָפּגעשטאָרבן מיט אַ קרעכץ; די ביימער זענען געפאַלן שווער, פונקט ווי די פויערן אין דער שלאַכט צוזאַמענגעדריקט און געשפּאַרט איינער איבערן אַנדערן, נישט אָפּטרעטנדיקע, פעסטע; אָבער זיי ווערן געשלאָגן מיט אַן אומבאַזיגבאַרער קראַפט, אַז זיי באַווייזן נישט אַפילו יעזוס אויסצושרייען און צוזאַמען אין איין שורה גיבן זיי זיך אַ בויג און פאַלן אַוועק טויט.

אַ קרעכץ האָט זיך נאָך איבערן וואַלד צעטראָגן, די ערד האָט כסדר געציטערט פון די אומגעלייגטע ביימער, די העק האָבן אָן אויפהער געאַרבעט, דאָס געגרילץ פון די זעגן, דאָס געסוויש-

געשריי פון די צווייגן האָט נישט אויפגעהערט, גלייך ווי אַ לעצטער זיפץ וואָלט די לופט דורכגעריסן.

און אַזוי האָבן זיך געצויגן שעהן נאָך שעהן, און וואָס אַמאָל האָבן נייע שורות אונטערגעהאַקטע ביימער די פאַרעמבע פאַרלייגט און די אַרבעט האָט נישט אויפגעהערט.

די סראָקעס האָבן געשריגן, שטייענדיק אויף די יונגע פלאַנצן, דאָ האָט טיילמאָל אַ טשאַטע קראָען מיט אַ געקראַקעריי איבער דעם פעלד פון טויט דורכגעצויגן; דאָ האָט זיך עפּעס אַ חיה פון דער געדיכטעניש אַרויסגערוקט, געבליבן שטיין באַם ראַנד און לאַנג געפּירט מיט די גלעזערנע אויגן איבער די קודלאַטע רויכן פון די פייערן, וואָס זענען אויף די ביימער געפאַלן, און באַם אָנבליק פון מענטשן איז זי מיט אַ געבעטש אַנטלאָפן געוואָרן.

און די פייערן האָבן עקשנותדיק געהאַקט, איינעסנדיק זיך מיט די אויגן אינם וואַלד, פּונקט ווי די וועלף, ווען זיי פאַלן־צו צו אַ סטאַדע, וועלכע שלאָגט זיך אין אַ קופּע צוזאַמען, און שטערבלעך פאַרשטאַרט, בעטשענדיק, וואַרט זי ביז וואַנען דאָס לעצטע שעפּעלע וועט אונטער די ציין נישט פאַרציקט ווערן.

ערשט נאָכן אָנבייסן, ווען די זון האָט זיך אויף אַזוי פיל געהאַט אויפגעהויבן, אַז דער פּראָסטיקער טוי האָט אָנגעהויבן אַראָפּצוטריפן און גאָלדענע שפּינעצן פון ליכט זענען צווישן וואַלד געקראָכן, האָט עמעץ אַ ווייט געוויש דערהערט.

— עפּעס מענטשן גייען מיט אַ גאַנצער גראָמאַדע — האָט עמעץ אויסגערופן, צוליינגדיק דאָס אויער צו אַ בוים.

און דאָס געוויש איז געוואָרן וואָס אַ מאָל נענטער און דייטלעכער, אַז אינגיכן האָבן זיך צעטראָגן איינצלנע אויסגעשרייען און אַ טויב געטופּעריי פון אַ סך פיס, און ס׳איז נישט אויסגעגאַנגען קיין רגע, ווי אויפן וועגל, וואָס ציט זיך פון דאָרף, האָט אַ שימער געטון אַ שליטן, וואָס איז באַלד אַ פאַל אַרויס געטון, אויף דער פאָרעמבע. אויף אים איז געשטאַנען באָריגע, און נאָך אים האָט רייטנדיק, מיט וועגענער און צופּיס אַ שיט אַרויס זיך געטון אַ געדיכטער המון פון פויערטעס, פויערן און שקצים,

און דאָס אַלץ האָט אויפגעהויבן אַ שרעקלעך געשריי, זיך ז
לאָז געטון צו די העקערס.

בּאָרינע איז אַראָפּגעשפּרונגען פון שליטן און זיך אַ לאָז געטון פּאָרויס; נאָך אים איז ווער פון הינטן, ווער פון פאָרנט, אים נאָכגעלאָפן; ווער ס'איז געווען מיט אַ שטעקן, ווער ס'האָט, דראָענדיק, מיט אַ ווידלע געטרייסלט, ווער ס'האָט אַ פּאָר צעפּעס אין דער גאָרשטש פעסט געהאַלטן, אַ צווייטער האָט מיט אַ קאָסע געשימערט, אוי אַן אַנדערער ווידער מיט אַ פשוטער צווייג, און די ווייבער פּראָסט פשוט מיט די נעגל און מיט אַ געוואַלט, און אַלע האָבן זיך אַ וואָרף געטון אויף די איבער־געשראָקענע העקערס.

— נישט האַקן! אַוועק פון וואַלד! ס'איז אונדזער וואַלד, מיר פּאַזוואָליען נישט! — האָבן זיי אַלע איניינעם געוואַלטעוועט, אַז קיינער האָט זיי נישט געקענט פאַרשטיין וואָס זיי האָבן געוואָלט. ערשט בּאָרינע האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן די איבער־געשראָקענע און אַ ריטש געטון, אַז ס'האָט זיך אויפן גאַנצן וואַלד צעטראָגן:

— מענטשן פון מאָדליץ! מענטשן פון זשעפּקע און פון יואַנען נאָך עץ זענט דאָרט, הערטס!

ס'איז אַ קאַפּ שטילער געוואָרן, און ער האָט ווידער אָנגעהויבן:

— נעמטס צוזאַמען וואָס ס'איז ענקער און גייטס ענק געזונטערהייט, מיר לאָזן נישט האַקן, און ווער ס'וועט זיך נישט וועלן האָרכן, וועט ער מיטן גאַנצן עולם דאָ האָבן צו טון...

זיי האָבן זיך נישט אַקעגנגעשטעלט, וואָרן די שטרענגע פּנימער, שטעקנס, ווידלעס, צעפּעס און אַזאַ אויפגעצאָרנטער עולם, וואָס איז גרייט זיך צו שלאָגן, האָט זיי מיט אַ פּחד אַדורכגענומען. האָבן זיי זיך אָנגעהויבן צונויפרעדן, צונויפצו־שרייען, די העק הינטערן פּאַס פאַרלייגן, די זעגן צונויפצוקלייבן און זיך צוזאַמענגענומען אין אַ קופּע מיט אַ צאָרנדיק מרוקן, און צום מיינסטנס די זשעפּקער, וואָרן דאָס איז דיר געווען שלאַכ־טעס און פון דורות־לאַנג מיט די ליפּצער אין שכנותדיקע

מחלוקתן געשטאַנען, איז האָבן זיי אויפן קול געשאָלטן, געקנאַקט מיט די העק, געדראָעט, אָבער ווילנדיק נישט ווילנדיק, האָבן זיי אָפּגעטרעטן פאַר דער קראַפט, און דער עולם ווידער האָט מוראדיק געשריגן, זיך געשפּאַרט אויף זיי און פון וואַלד אַרויסגעשטופּט.

אַנדערע זענען זיך צעלאָפן איבערן וואַלד צו פאַרלעשן די פייערן און צו צעוואַרפן די איינגעלייגטע סאָנגעס. די באַבעס, מיט דער קאָזלאָווע בראש, האָבן, דערזענדיק די צונויפגעשלאָגענע בודעס פון ברעטער אין עק פון דער פּאָרעמבע, האָבן זיי זיך אַ לאָז געטון אַהין און גענומען פונאַנדערייסן און צו צעשלעפן איבערן וואַלד, אַז ס'זאָל אַפילו קיין סימן נישט בלייבן.

באָרינע ווידער, ווי נאָר די העקערס זענען אַזוי לייכט אָפּגעטרעטן, האָט ער אָנגעהויבן צונויפצורופן די באַלעבאַטים און אָנגערעדט, אַז זיי זאָלן אַצינד מיט דער גאַנצער גראַמאַדע גיין אין הויף אַריין און מתרה זיין דעם דזשעדזשיץ, אַז ער זאָל זיך נישט דערוועגן אָנצורירן דעם וואַלד, כל זמן די סאָנדעס וועלן נישט אָפּגעבן דאָס, וואָס איז פּויעריש. אָבער נאָך איידער זיי האָבן זיך צונויפגערעדט, נאָך איידער זיי האָבן זיך געכאַפּט וואָס זיי האָבן צו טון, אַז ס'זאָל זיין ווי צום בעסטן, האָבן די באַבעס אויפגעהויבן אַ געוואַלט און האָבן אָנגעהויבן אין אומאָרדנונג צו אַנטלויפן פון די בודעס, וואָרן בּאַ אַ צען פערד, וואָס זענען פון וואַלד אַרויסגעפאַלן, זענען זיי אויף די קעפּ אָנגעריטן...

דער הויף, זייענדיק פריער געוואָרנט, איז די העקערס אָ‏ײַעקומען צוהילף.

בראש פון די פּאַראָבקעס איז געריטן דער זשאָנדצע, זיי זענען ראַש אַרייַנגעפאַלן אין דער פּאָרעמבע און באַלד אויפן אָרט, צופאַלנדיק צו די ווייבער, האָבן זיי אָנגעהויבן זיי צו שמירן מיט די בייטשן, און דער זשאָנדצע, אַ פויער ווי אַ בופלאָקס, האָט דער ערשטער אָנגעהויבן צו שלאָגן און געשריגן:

— גנבים, לויזערס! מיט די בייטשן זיי! בינדן זיי, אין קרימינאַל אַריין!

— אין אַ קופּע, אין אַ קופּע, צו מיר, נישט לאָזן זיך! — האָט באַרינגע געוואַלטעוועט, וואָרן דער עולם איז אַ דערשראָקענער זיך שוין געהאַט צעלאָפן, אָבער אויף דעם געשריי זענען זיי אויפן אָרט געבליבן, נישט קוקנדיק אויף די בייטשן, וואָס האָבן נישט איינעם איבערן קאָפּ געפייערט. און גיך, פאַרשטעלנדיק מיט די הענט די קעפּ, זענען זיי געלאָפן צום אַלטן.

— מיט די שטעקנס זיי, די הינטישע זרעס! מיט די צעפּעס אין די פערד! — האָט אַ צעיושעטער געשריגן דער אַלטער, און אַ כאַפּ טוענדיק עפּעס אַ דראָנג, האָט ער זיך דער ערשטער אַ וואָרף געטון אויף די דהויפישע און געקיילט ווו ר׳האָט נאָר געטראָפן. נאָך אים ווידער, האָבן זיך די פויערן, ווי דער וואַלד מיט אַ שטורם פון צאָרן דורכגענומען, צוזאַמענגעשלאָסן אָרעם צו אָרעם, צעפּעס באַ צעפּעס, ווידלעס באַ ווידלעס און מיט אַן אומגעהייער גרויס געשריי זיך אַ וואָרף געטון אויף די הויפישע, מיט וואָס ווער ס׳האָט נאָר געקענט, אַז ס׳האָט אַזש געפּויקט. גלייך ווי ס׳וואָלט עמעצער מיט אַ שטעקן אַרבעס אויף אַ פּאָדלאָגע אויסגעקלאַפּט.

ס׳האָבן זיך אויפגעהויבן אוממענטשלעכע געוואַלטן, קללות, קוויטשן פון פערד מיט איבערגעבראָכענע פיס, קרעכצן פון פאַרוואונדעטע, טעמפּע און געדיכטע קלעפּ פון דרענגער, אַ שנאָרכנדיק בייסן זיך און ווילדע געשרייען פון אַ שלאַכטפעלד,

די הויפישע האָבן זיך העלדיש פאַרטיידיקט. זיי האָבן געזידלט און געשלאָגן נישט ערגער פון די פויערן, אָבער צום סוף האָבן זיי אָנגעהויבן צעמישט ווערן און אָפּטרעטן, וואָרן די פערד, באַקומנדיק געשמירט מיט די צעפּעס, האָבן זיך אַ שטעל געטון אויף די הינטערטע פיס און מיט אַ ווילד געהירזשעריי זיך אויסגעדרייט און אַוועקגעטראָגן. ביז דער זשאַנדאַרע האָט דערזען, וואָס עס טוט זיך, האָט ער אַ זעץ געטון זיין בולאַן מיט די שפּאָרן, זיך דורכגעריסן דורכן המון און אַ שפרונג צו געטון צו באַרינגען. אָבער ער איז ווי פאַרשלונגען

געוואָרן, וואָרן די צעפּעס האָבן מיטאַמאָל אַ וואָרטשע געטון, און עטלעכע צענדלינג שלעגערס זענען אויף אים אַרויפגעפאַלן און עטלעכע צענדלינג הענט האָבן אים פון אַלע זייטן אַרומגעכאַפּט און אַראָפּגעריסן פון פערד, אַז ער איז פּונקט ווי אַ קושאַק מיטן חזיר=פּיסק אַרויף אַ פּלי געטון און אַ פאַל געגעבן אין שניי אַריין. באָרינע האָט אים קוים אָפּגעראַטעוועט און אַ באַוווסטלאָזן אַוועקגעשלעפּט אויף אַן אומגעפערלעך אָרט.

דאַמאָלס האָט זיך אַלץ פלוצלינג צונויפגעוויקלט, ווי טיילמאָל אַ שטורמווינט גיט אומגעריכט אַ זעץ אַריין אין די כטויגן, מאַכט אַ מיש=מאַש, אַז עס ווערט נאָר איין קנויל, ניט צום דערקענען, טאָרגלט זיך איבערן פעלד און ווערט צעווייעט איבער די בייטן; אַ מוראַדיק געשריי, און אַ מהומה, און אַזאַ ווירוואַר האָט זיך אויפגעהויבן, אַז מ'האָט שוין גאָרנישט געזען, אַ חוץ די צונויפגעפּלאָנטערטע קופּעס, וואָס האָבן זיך אויף די שנייען געטאָרגלט, אַ חוץ די פויסטן, וואָס האָבן מיט ווילדקייט געוואַליעט. און טיילמאָל האָט זיך עמעץ אַרויסגעריסן פון דער קופּע און ווי אַ משוגענער אַנטלאָפן, אָבער באַלד זיך צוריק אומגעקערט און מיט אַ פריש געשריי, מיט אַ פרישער ווילדקייט זיך אַ וואָרף געטון שלאָגן...

מ'האָט זיך געקיילט אייַנציקווייז און קופּעסווייז, מ'האָט זיך אַרומגעפירט בײַ די העלדזער, בײַ די קעפּ, געקוועטשט מיט די קניען, אָפּגעריסן זיך ביזן רויען פלייש, און זיך נאָך ניט געקענט דורכרייסן, וואָרן די הויפישע זענען אַראָפּגעשפּרונגען פון די פערד, ניט אָפּטרעטנדיק אַפילו אויף קיין טריט, נאָך מער — ס'איז זיי כּסדר צוגעקומען הילף, וואָרן די העקערס זענען אַריבער אויף זייער זייט און האָבן פעסט אונטערגעהאָלפן, די ערשטע האָבן זיך די זשעפּקער אין אַ גאַנצער מחנה און שווייגנדיק, ווי די בייזע הינט אַ וואָרף געטון העלפן. אָנגעפירט מיט זיי אַלע האָט דער גאַיאָווע, וועלכער האָט זיך אין דער לעצטער מינוט באַוויזן, און ווייל ער איז טאַקע געווען אַ פויער ווי אַ ביק, אַ גבור, אין דער גאַנצער געגנט באַוווסט, דערבײַ אַן אײַנרייסער, דערצו געהאָט זיך זייגע חשבונות מיט די ליפּצאַקעס, האָט ער זיך דער

ערשטער אַ וואָרף געטון, איינער אַליין אויף אַ גאַנצער קופּע, געשפּאָלטן די קעפּ מיט דער קאָלבע פון דער ביקס, צעטריבן און אַזוי געקיילט, אַז גאָט זאָל אָפּהיטן.

האָט זיך אַ נעם געטון אויף אים סטאַכאָ פלאָשקאַ, אים איינצוהאַלטן, ווייל דער עולם האָט שוין אָנגעהויבן פאַר אים אַנטלויפן, האָט ער אים אַ כאַפּ אָן געטון באַם קאַרג, אַ דריי געטון מיט אים איבער זיך און אַ וואָרף געגעבן צו דער ערד, ווי אַן אויסגעדראָשן בינטל, אַז סטאַכאָ איז אַזש אין חלשות אַנידערגעפאַלן. איז צוגעשפּרונגען צו אים איינער פון די וואַכניקעס און אים אַ זעץ געטון מיט די צעפּעס אין אָרעם אַריין, אָבער ער האָט צוריק געקריגן אַ כאַפּ מיט דער פויסט צווישן די אויגן, אַז ער האָט נאָר די אָרעמס פונאַנדערגעשפּרייט און מיטן וואָרט: יעזוס, צו דער ערד אַ פאַל געטון.

צום סוף האָט שוין אויך מאַטעוש נישט אויסגעהאַלטן און זיך אַ וואָרף געטון צו אים, אָבער כאָטש ער איז געווען אַ פויער, וואָס האָט מיט זיין כוח נאָר מיט איין אַנטעקן זיך געקענט אויסגלייכן, האָט ער קיין פאָר מינוט נישט אויסגעהאַלטן. דער גאַיאָווע איז אויך אים בייגעקומען, אָנגעקיילט אים, אין שניי אויסגעטאָרגלט און געצוווּנגען צו אַנטלויפן, דערנאָך האָט ער זיך אַ לאָז געטון צו באָרינען, וועלכער האָט אין אַ גאַנצער קופּע באַ די קעפּ מיט די זשעפּטשאַקעס זיך אַרומגעפירט, אָבער נאָך איידער ער איז צו אים צוגעקומען, זענען אים שוין מיט אַ געוואַלט באַפאַלן די באַבעס, אָנגעכאַפּט אים מיט די בעגל, איינגעדרייט זיך אים אין די קודלעס, זיך איינגעפלאָכטן אין אים, און אַראָפּבייגנדיק אים צו דער ערד, האָבן זיי זיך מיט אים אַרומגעפירט — פונקט ווי די הויף-הינט, ווען זיי באַפאַלן אַ פאַסטוך-הונט, כאַפּן אים זיי מיט די ציין באַ די פעל אָן און וואַרפן זיך מיט אים אויף אַלע זייטן.

דערווייל האָט אויך דער עולם די איבערהאַנט באַקומען. זיי האָבן זיך צונויפגעפלאָנטערט, זיך אויסגעמישט ווי די בלעטער, איינער דעם צווייטן באַם האַלדז אָנגעכאַפּט, געשטיקט זיך און געקאָלערט זיך מיט אים איבערן שניי, און די באַבעס זענען צוגעפאַלן פון דער זייט און געריסן באַ די קודלעס.

ס׳איז געוואָרן אַזאַ געוואַלט, אַזאַ מהומה, אַזאַ געקאָך, אַז ס׳זייגיקע האָט זיך שוין איינער דעם אַנדערן קוים דערקענט. אָבער זיי זענען ענדלעך בייגעקומען די הויפּישע. אַ פּאָר זענען שוין געלעגן צעבלוטיקט און טייל זענען פּאַרמאַטערטע, אָפּגעשוואַכטע, אַראָפּגעבויגענערהייט, אין וואַלד אַריין אַנטלאָפן. די העקערס האָבן זיך שוין פּאַרטיידיקט קוים מיט די לעצטע כּוחות, זיי האָבן שוין אויף טייל ערטער אַפילו רחמנות געבעטן, אָבער ווייל דער עולם איז אויף זיי בייז געווען נאָכמער, ווי אויף די הויפּישע, האָט ער זיך צעפלאַקערט ווי אַ פייערשוואָם אויפן ווינט, קיין געבעט נישט געהערט און אויף גאָרנישט געקוקט — נאָר געקיילט מיט דער גאַנצער ווילדקייט.

זיי האָבן אַוועקגעוואָרפן די שטעקנס, די צעפּעס, די ווידלעס, האָבן זיך גענומען אויף כּוח, אַ פויער מיט אַ פויער, אַ פויסט אויף אַ פויסט, כּוח קעגן כּוח. מען האָט זיך אַזוי געדריקט, געשטיקט, אָפּגעריסן זיך אויף דער ערד, אַז די געוואַלטן זענען שוין אַנטשוויגן געוואָרן, נאָר אַ שווער כראַפּען, קללות, און אַ פליקן זיך האָט מען געהערט.

עס האָט זיך געמאַכט אַזאַ יום הדין, אַז ס׳איז קיין אופן נישט דאָס איבערצודערציילן!

די מענטשן זענען כּמעט פון זינען אַראָפּ, דאָס עקשנות האָט זיי געוואָרפן, און אַ צאָרן האָט זיי אויפגעבראַכט. צום מיינסטנס קאָפּוס מיט דער קאָזלאָווען. זיי האָבן אויסגעזעצן ווי די משוגעים, אַז ס׳איז אַזש אַ פּחד געווען אויף זיי צו קוקן, אַזוי זענען זיי געווען פּאַרבלוטיקט, צעמזיקט, און נישט קוקנדיק דערויף, האָבן זיי זיך אויף גאַנצע קופּעס געוואָרפן.

אָט אַזוי האָבן זיך נאָך די ליפּטשאַקעס אַקעגנגעשטעלט, און אַלעמאָל מיט אַ גרעסער געשריי, אַז זיי האָבן שוין אָנגעהויבן נאָכיאָגן די אַנטלויפנדיקע און שלאָגן איינער אויף צען. דער גאַיאָווע האָט זיך ענדלעך אָפּגעיאָגט פון די באַבעס, אָבער אומרויק און דעריבער נאָך מער ווילד, האָט ער אָנגעהויבן צונויפנעמענרופן זיינע לייט, און דערזעענדיק באָרינען, איז ער אַ שפּרונג אַרויף געטון אויף אים. זיי האָבן זיך אַ כאַפּ אַרום געגעבן אין דער

העלפט, פאַרפלאָכטן זיך מיט די אָרעמס, פונקט ווי די בערן און געגומען זיך אַמפּערן, און שטופּן זיך און שלאָגן זיך אָן די ביימער, וואָרן זיי האָבן זיך שוין געהאַט אַריינגעפירט אין וואַלד אַריין.

דערויף איז גראָד אָנגעלאָפן אַנטעק. ער האָט זיך זייער פאַרשפּעטיקט, דעריבער איז ער שטיין געבליבן אין עק וואַלד, כדי צו כאַפּן אַ ביסל דעם אָטעם, און דאָ האָט ער דערזען וואָס עס געשעט מיטן פאָטער.

ער האָט אַ פיר אַרום געטון מיט די רויב־פויגלשע אויגן — ס'האָט אים קיינער נישט באַמערקט. אַלע זענען פאַרטון געווען אין אַזאַ געשלעג, אין אַזאַ צעמישונג, אַז ער האָט קיין איין פּנים נישט געקענט אונטערשיידן, האָט ער זיך דעריבער צוריקגערוקט, בגנבה זיך אַריבערגעקריגן צו באָרינען און געבליבן שטיין מיט אַ פּאָר טריט הינטער אַ בוים.

דער גאַיאָווע איז געווען שטאַרקער. ס'איז אים אַפילו צוגעגאַנגען שווער, וואָרן ער איז שוין געווען שרעקלעך פאַרמאַטערט, אויך האָט דער אַלטער זיך פעסט געהאַלטן. דאָ זענען זיי אַ פאַל געטון צו דער ערד, אויסטאָרגלענדיק זיך ווי צוויי הינט און קלאַפּנדיק זיך אָן דער ערד. אָבער דער אַלטער איז אַלץ אָפטער געלעגן פון אונטן, דאָס היטל איז אים אַראָפּגעפאַלן, און דער גרויער קאָפּ איז אים כסדר אונטערגעשפּרונגען איבער די ביימער־וואָרצלען.

אַנטעק האָט זיך נאָכאַמאָל אַ קוק אום געטון, אַפּערגעצויגן די פלינטע פון אונטערן פעלץ, אויף איין קני זיך אַנידערגעזעצט, און אינסטינקטיוו איבערצלמנדיק זיך, געצילט אין פאָטערס קאָפּ... אָבער איידער ער האָט דאָס צינגל נאָכגעלאָזט, זענען ביידע אויף די פיס אויפגעשטאַנען, אַנטעק האָט זיך אויך אונטערגעהויבן און די ביקס צום אויג צוגעלייגט — ער האָט נישט געשאָסן, אַ פלוצלינגע, מוראדיקע שרעק, האָט אים דאָס האַרץ אַזוי פאַרדריקט, אַז ער האָט קוים געקענט אָטעמען, די הענט האָבן זיך אים געוואָרפן ווי אין פיבער, ער האָט אינגאַנצן געציטערט, ס'איז אים פינסטער געוואָרן אין די אויגן

און ס׳האָט זיך אים אַזוי פאַרדרייט דעם קאָפּ, אַז ער איז אַ לאַנגע ווײַלע געשטאַנען, נישט וויסנדיק לחלוטין, וואָס עס טוט זיך מיט אים. מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ קורצער, מוראַדיקער אויסגעשריי.

— ראַטעווועטס, מענטשן!... ראַטעווועטס...

דער גאַיאָווע האָט טאַקע אין זעלבן אויגנבליק באַרינען אַ קנאַק געגעבן מיט דער קאָלבע איבערן קאָפּ, אַז דאָס בלוט האָט זיך אַזש אַ גאָס געטון, און דער אַלטער האָט נאָר אַ געשריי געטון, אויפגעהויבן די הענט אין דער הייך און ווי אַ קלאָץ אויף דער ערד אַנידערגעפאַלן...

אַנטעק איז צו זיך געקומען, אַוועקגעוואָרפן די ביקס און צוגעלאָפן צום פאָטער; דער אַלטער האָט נאָר געכראָפּעט, דאָס בלוט האָט אים דאָס פּנים פאַרגאָסן, דער קאָפּ איז אים געווען כמעט אויף דער העלפט געשפּאָלטן. ער האָט נאָך געלעבט, אָבער די אויגן זענען אים שוין געהאַט מיט אַ נעפּל פאַרלאָפן און ער האָט מיט די פיס געקאָפּעט...

— טאַטע! יעזוס מײַנער! — האָט ער אַ ריטש געטון מיט אַ מוראַדיק קול, אים אַ כאַפּ געטון אויף די הענט, צו דער ברוסט צוגעדריקט און שרעקלעך אָנגעהויבן שרײַען:

— טאַטע! ז׳האָבן אים דערהרגעט! דערהרגעט! — האָט ער געוויִעט ווי אַ צויג, ווען מ׳דערטרינקט איר די קינדער.

ביז עטלעכע מענטשן, וואָס האָבן זיך געפונען צום נאָענטסטן, האָבן דערהערט און זענען געקומען צו לויפן אויף הילף; מ׳האָט דעם צעהרגעטן אַרויפגעלייגט אויף צווייגן און אָנגעהויבן מיט שניי דעם קאָפּ צו באַלייגן און ראַטעווען מיט אַלע כּוחות. אַנטעק ווידער האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף דער ערד, געריסן זיך בײַ די האָר און ווי אומבאַוווסטזיניק געשריגן:

— זיי האָבן אים דערהרגעט! דערהרגעט!

מ׳האָט געמיינט ער איז פלוצלינג פון זינען אַראָפּ.

מיטאַמאָל איז ער שטיל געוואָרן, זיך פלוצלינג אָן אַלעם דערמאַנט און זיך אַ וואָרף געטון צום גאַיאָווע מיט אַ מוראַדיק געשריי און מיט אַזאַ ווילדקייט אין די אויגן, אַז דער גאַיאָווע

האָט זיך דערשראָקן און אָנגעהויבן אַנטלויפן, אָבער פּילנדיק, אַז יענער דעריאָגט אים, האָט ער זיך ראַפּטום אַ דריי אויס געטאָן צוריק, און אויסגעשאָסן אים כּמעט גלייך אין דער ברוסט אַריין, נאָר עפּעס על פּי נס נישט געטראָפן, בלויז אים דאָס פּנים אָפּגעסמאַליעט און אַנטעק האָט זיך אויף אים ווי אַ בליץ אַ וואָרף געטון.

ער האָט זיך אומזיסט פאַרטיידיקט, אומזיסט זיך געוואָלט אַרויסקריגן. ער איז אַריין אין פאַרצווייפלונג און אין שרעקלעכער אימה רחמנות געבעטן — אומזיסט! אַנטעק האָט אים אַ כאַפּ געטון אין די נעגל אַריין, ווי אַ ווילדער וואָלף, באַם האַלדז אים אַ שטיק געצעבען, אַז די ביינדלעך האָבן אַזש אָנגעהויבן קנאַקן, אים איבערהייך אויפגעהויבן און געקלאַפּט מיט אים אָן אַ בוים אַזוי לאַנג, ביז ער האָט דעם לעצטן אָטעם אויסגעהויכט.

און דערנאָך, ווי ער וואָלט אין אַ משוגעת אַריינגעפאַלן, אַז ער האָט שוין נישט געוווּסט וואָס ער טוט, האָט ער זיך אַ וואָרף אַריין געגעבן אין געשלעג, און ווו ער האָט זיך באַוויזן, זענען הערצער פאַרשטאַרט געוואָרן, מענטשן זענען אין פּחד אַנטלאָפן, וואָרן ער איז געווען שרעקלעך, פאַרשמירט מיטן טאַטנס און מיט זיין אייגן בלוט, אָן אַ היטל, מיט צעזויפגעקלעבטע האָר, בלוי ווי אַ מת, עפּעס אַזוי מוראדיק און אַזוי איבערמענטשלעך שטאַרק, אַז ער האָט איינער אַליין פאַרמאַטערט און צעהרגעט די איבעריקע, וואָס האָבן נאָך געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, אַז מען האָט אים אַזש געמוזט באַרויקן און אָפּרייסן, וואָרן ער וואָלט אויף טויט דערהרגעט...

די ווייבער האָבן פאַרבונדן די שווער-פאַרוווּנדעטע און זיי איבערגעטראָגן אויפן שליטן אַרויף. און קיין פאַרוווּנדעט [illegible] האָט נישט געפעלט. איינער פון די קלאָנביאַקעס האָט געהאַט אַ צעבראָכענע האַנט, יענדזשיך פאַטשעש אַן איבערגעבראָכענעם פוס, אַז ער האָט נישט געקענט קיין טריט שטעלן און שרעקלעכע קולות געמאַכט. ווען מ'האָט אים איבערגעטראָגן. קאָבוס ווידער איז אַזוי צעמזיקט געוואָרן, אַז ער האָט זיך נישט געקענט רירן, מאַטעוש האָט געבראָכן מיט בלוט און זיך געקלאָגט אויפן רוקן, און אַנדערע האָבן אויך נישט ערגער אַריינגעכאַפּט, אַז ס'איז כּמעט נישט געווען קיין איינער

אַפילו, וואָס זאָל האָבן אַרויסגעגאַנגען גאַנץ. נאָר ווייל זיי האָבן געהאַט געזיגט, האָבן זיי, נישט קוקנדיק אויף דער ווייטיק אַפילו, פריילעך און הויך אויפן קול געשריגן — און האָבן זיך געקליבן אַהיים.

באָרינען האָט מען אַרויפגעלייגט אויפן שליטן און געפירט אים פּאַמעלעך, מורא האָבנדיק, ער זאָל אויפן וועג נישט אָפּשטאַרבן. ער איז געווען פאַרחלשט און דאָס בלוט איז כּסדר פון אונטער די מלבושים אָפּערגערינען, פאַרגיסנדיק אים די אויגן און דאָס גאַנצע פּנים, ער איז געווער בלאַס, ווי אַ שטיק לייוונט און אינגאַנצן ענלעך צו אַ מת...

אַנטעק איז געגאַנגען לעבן שליטן פאַרקוקט מיט אַ דערשראָקענעם בליק אין פאָטער, האָט אים אונטערגעהאַלטן דעם קאָפּ אויף גריביקן וועג און כּסדר שטיל געבאַלעגאָטשעט, בעטנדיק יעמערלעך:

— טאַטע! אום גאָטעס ווילן, טאַטע!...

די מענטשן זענען געגאַנגען צעשיט, קופּעסווייז, און איינציקווייז, ווי איינעם ס'איז באַקוועמער געווען, און מיטן ראַנד פון וואַלד, יואָרן אין דער מיט פון וועג איז געגאַנגען דער שליטן מיט די פאַרוואונדעטע. ווער ס'האָט געיאָכצט און געקרעכצט, און די איבעריקע האָבן הויך געלאַכט, אויסשרייענדיק פריילעך און דוישיק. מען האָט זיך אָנגעהויבן דערציילן פאַרשידנס, און רומען זיך מיט דער איבערמאַכט, און חוזק מאַכן פון די באַזיגטע. דאָ און דאָרט האָבן זיך שוין אויך בעזאַנגען אָנגעהויבן הערן. איינער האָט אַ געשריי אַרויס געטון, אַז ס'האָט זיך איבערן גאַנצן וואַלד צעטראָגן. אַלע זענען פאַרשיכּורט געווען פון נצחון. נישט איינער האָט, אָנשלאָגנדיק זיך אָן אַ בוים, זיך איבער דער ערד אַ קאָלער געטון, איבער עפּעס אַ ליאַדע וואָרצל זיך געשטרויכלט!...

זעלטן ווער ס'האָט געפילט די קלעפּ און די פאַרמאַטערטקייט, וואָרן אַלע הערצער האָט אַן אומבאַשרייבלעכע פרייד פון נצחון צענומען, אַלע זענען פול געווען מיט פריילעכקייט און מיט אַזאַ קראַפט, אַז וואָלט זיך זיי עמעצער

אַקעגנגעשטעלט, וואָלטן זיי אים אויף שטויב צעריבן, און אי-
בער דער גאַנצער וועלט צעווייעט.

זיי זענען געגאַנגען פעסט, טומלענדיק אויפן הויכן קול,
רעשיק, פירנדיק מיט די גליִענדיקע אויגן איבערן איינגענומע-
נעם וואַלד, וועלכער האָט זיך איבער די קעפּ געוואַקלט, טרוי-
מעריש גערוישט און געשיט אויף זיי מיט טויִקע פראָסט-שטיק-
לעך, ווי ער וואָלט זיי מיט טרערן באַשפּריצט.

מיטאַמאָל האָט באָרינגע די אויגן אויפגעעפנט און לאַנג
געקוקט אויף אַנטעקן, ווי נישט גלייבנדיק זיך, ביז אַ טיפע,
שטילע פרייד האָט אים דאָס פּנים צעשטראַלט. ער האָט עט-
לעכע מאָל מיט די ליפּן באַוועגט און מיט די לעצטע כּוחות
קוים אַרויסגעשעפּטשעט:

— דו ביסט עס, זון מיינער?... דו ביסט עס!..

און ער איז ווידער געפאַלן אין חלשות.

סוף פון דער צווייטער טייל